„וואו ביסטו אהינגעקומען, אימרע?" לייענט מיין טאָכטער א טיטל אין א צענטראַלער צייטונג און ס'דאכט זיך איר אז כ'בין נישט אויפמערקזאם, שרייט זי מיר אין אויער: הער זיך איין, אן אינטערעסאנטע ידיעה! סאָפיא דינגאַ פון סלאטינא שרייבט... ווער איז זי אָט די סאָפיא דינגא? וואָס גייט דיך דאָס אָן? וואָס פאר אן אונטערשייד איז ווער סאָפיא דינגא איז? הער דיך בעסער איין אין וואָס סע האנדלט זיך. סאָפיא בעט די צייטונג זאָל איר ארויסהעלפן געפינען איר מאן, אימרע. ער האָט פארלאָזט די היים צוריק מיט ניין יאָר און פארלוירן געגאנגען ווי אין וואסער אריין. אין דער צייט איז דאָס טעכטערל אויסגעוואקסן, איז שוין אין 5טן קלאס, און וואָלט זיך זייער געוואָלט באקענען מיטן טאטן. אפשר וועלן די פּאָר שורות העלפן צו דער משפּחה דערגענצונג.

זעסטו, דו האָסט אונדז נישט פאַרלאָזן. פארקערט. דו ביסט געזעסן איבער אונדז ווי א קוואָטשקע אויף די אייער. דו ביסט מיט זיך צופרידן. וואָס זשע איז דערפון ארויסגעקומען? מיט וואָס האָסטו אונדז באגליקט, רעדט ווייטער מיין טאָכטער בלעטערנדיק די צייטונג. אָט נאָך א שענערע ידיעה! עס איז לויט „וועטשערני לענינגראד". נאָך לענגערע פאָרשונגען האָבן סאָוועטישע פּסיכאָלאָגן פעסטגעשטעלט אז די זיבעציק מיטגלידער פון דער מירני עקספּעדיציע אויפן אנטארקטיק זענען אן „אָפּטימאַל מאָדעל פון א געשלאָסענעם געזעלשאפטלעכן קיבוץ". די נידעריקע טעמפּעראטורן, די שטארקע ווינטן און די אייביקע נאכט זענען גורם אן „עמאָציאָנעלע סטאבילקייט", אָן דערשיטערונגען, אָן פארשיידנארטיקע שטימונגען... היוצא מזה, זאָגט מיין טאָכטער, פארשווייגט די וועטשטערני. אייגנטלעך ווייסן מיר אליין: געבענטשט זאָלן זיין די בעסטע פּלעצער פאר עמאָציאָנעלער סטאבילקייט.

די צאפּלדיקע פרישע נייעסן, דאכט מיר, געפעלן דיר נישט, לאכט זי אָן סארקאזם. דארפסט עלטערע. פאר דיינע צו פארשיידנארטיקע שטימונגען דארפסטו א גאנץ יאָרהונדערט, צי גאָר נאָך מער. אפשר אָנהייבנדיק מיט מעשה בראשית?

*

לעצטנס גיי איך אָפט אויפן בית עולם א שמועס טאָן מיטן טאטן. מיט אים איז דער שמועס לייכטער ווי מיט מיין טאָכטער. צו מאָל דאכט זיך מיר אז ער ווארט אויף אונדזער באגעגעניש. ארום דעם בית עולם איז א הויכע מויער. פאָרנ־דיק אין טראמוויי, לענגאויס דער מויער האָב איך דעם איינדרוק אז דער טאטע מאכט מיט דער האנט, ווי איינער רעדט: אָט, דאָ בין איך. בעתן לעבן האָט ער קיין מאָל מיר נישט געמאכט מיט דער האנט, אפילו נישט דעמלט ווען כ'האָב פארלאָזט די היים, געפאָרן זוכן א רו פאר מיר, צי אפשר גאָר פאר זיי פאר מיינע עלטערן. אין אלגעמיין איז זיין משא־ומתן מיט די קינדער געווען א שווייגנדי־קער. אפשר האָט ער אויך דעמלט גערעדט, נאָר מיר האָבן נישט געהערט, קיין צייט נישט געהאט פאר זיינע רייד. וואָס קאָן מען שוין הערן פון א טאטן אחוץ תכלית, און אז מע פרעגט וואָס איז אזוינס תכלית קוקט ער ווי אויף א פרא אדם.

אויפן בית עולם גיי איך געוויינטלעך נאָך דעם וואָס כ'פיר א לענגערן שמו־עס מיט מיין טאָכטער, נאָך דעם וואָס זי טייטשט מיר אוים מיין לעבן, איר זיי־דנס לעבן און אנדערע לעבנס, נאָך דעם וואָס זי פרואווט מיך איבערצייגן אין דעם, אז קיין איבערצייגונגען זענען נישטאָ. דערציילן, דערציילט זי כמעט איינ־טאָניק ווי א שפינדל. זיצט מיטן קאָפּ אָנגעשפארט אויף די קניעס שפינט איר געשיכטע, דערציילט וועגן דיר גלייך זי וואָלט לייענען פון א בוך. פון קבר הער איך אן אדרבה. דאָס הייסט אז ער וויל הערן, סע וויל זיך אים וויסן וואָס דער־ציילט אזוינס זיין אייניקל וועגן אים. דערצייל איך אים. אפשר דערפאר ווייל כ'בין זיכער אז וועגן מיר וועט נישט האָבן ווער סע זאָל דערציילן.

*

אין אָנהויב, שפינט זי מיט אן אין חלום פארלוירענעם שמייכל, האָט עס זיך גערופן דאָס ניינצנטע. געהויפנט האָט עס זיך יאָר נאָך יאָר, פאמעלעך, באַ־לעבאטיש־קריסטלעך. צו מאָל האָט עס שפאצירט איבער גאָר דער וועלט וואויל־יינגעריש צעכראסטעט. געפלאנצט נאָכלעסיק דאָ און עלעקטריש לעמפל, דאָרט טעלעגראפן־סלופעס, געזייט פלי־מאשינען, געצויגן רעלסן איבער וועלכע סע יאָגן עד היום לאָקאָמאָטיוון, געשיקט איבער ימען קראפט־שיפן, כמעט אין סאמע מיט פון עלטער אָנגעצונדן רעוואָלט־פלאמען אין די מאָראוויא־בערג און אין דער אונגערישער פוסטע, אָנגעוואָרפן א טויט־שרעק אויף איינגעפונדעוועטע הייזער מיט הימלשטורעמדיקע קאָמונארן. ווען ס'האָט זיך געכאפט אז ביים האָ־ריזאָנט באווייזט זיך א נייעס האָט עס זיך מער נישט גערופן דאָס פון אלע ביז

דעמלט פאַרגעשריטענסטע יאָרהונדערט, נאָר פּשוט, כמעט באַשיידן, „פּען ד׳-סיעקל״, אָדער „בעל עפּאָק״. פאַר דער גסיסה האָט עס געשאָנקען די בריטישע אינדזלען א מלחמה אין אפריקע, דעם סענא-שפּיגל אן אויסנאם ספּעקטאַקל אין גראַנד-האָטעל געווידמעט דער קיניגן פון שטעל און פּרינצעסין פון זשעסט, דער יידישקע סאַראַ בערנאַר, א ספּעקטאַקל אין וועלכן זינגער און פּאָעטן, לאַמ-פּאַדאַרן און סמאָקינגען האָבן אויסגעזען עכט, פּונקט ווי די שרפות, שייטער-הויפנס און תליות, געשענדעטע פרויען און פאַרגעוואַלדיקטע בתולות, אויפגעריי-סענע קישן און אַרויסגעלאָזטע קישקעס מיט וועלכע עס האָט געבענטשט די יידן פון יענע געגנטן וואו די וואַסערן ווערן ברייטער פאַרן באַהעפטן זיך מיטן שוואַרצן ים. אויסגעגאַנגען איז עס אין קימפּעט, געבוירנדיק דאָס נייע וואָס רופט זיך אָן א פאַרוואָס דאָס צוואַנציקסטע.

מיט אָט דעם נייגעבוירענעם האָט זיך דיין טאַטע פּנחס באַגעגנט אויף א בערגל, נישט ווייט פון טייך דניעסטער, איידער ער האָט געפרעגט וואו איז דער וועג צו די גאָלדענע בערג. דאָס זעלבע יאָרהונדערט, נאָר שוין א פאַרעלטערטס, א נוטה לגסיסה, ליגט ביי מיר אויפן שויס און כ׳הייב נישט אָן צו וויסן וואָס דערמיט צו טאָן. אַלט בין איך נישט אכט, נישט אכצן, נאָר שוין גאַנצע אכט-אונצוואַנציק יאָר. א מיידעלע פון אכט יאָר איז שוין א מיידעלע. דער בליק, די האָר, אפילו דער גאַנג איז שוין א מיידלישער. נישט ווייל ס׳ווייסט עפּעס. וויסן ווייסט עס כמעט גאָרנישט. אפשר שטויסט עס זיך אָן. אן אכט יעריק יינ-געלע איז נאָך אין גאַנצן גאָרנישט, גלאַט א רעש. אָבער א מיידעלע איז עפּעס אַנדערש. אויך כמעט גאָרנישט, נאָר אַנדערש. דער אַנדערש באַשטייט מסתם אין „כמעט״. ביי אכצן איז עס שוין א פרוי. נישט ווי ביי אכטאונצוואַנציק, אָבער שוין א פרוי פאַר וועלכער די צייט פון סודות איז א כמעט פאַרענדיקטע. ביי אכטאונצוואַנציק מיט א יאָרהונדערט וואָס איז נוטה לגסיסה אויפן שויס... זאָל גאָט אָפּהיטן.

זיץ איך אין אכטאונצוואַנציק-יעריקע צווישן הימל און ערד. נויטיק זיך אין אן אָנשפּאַר, וואַקסט אויס דער זיידע. נישט דער טאַטע. דער טאַטע דרייט זיך הין און הער ווי א הונט אַרום דעם אייגענעם עק, ער האָט קיין רו נישט. אפּ-שר איז דאָס די סיבה פון זיידנס באַוויזן זיך. א מידער פון יאָרן, איין אויג פאַר-מאַכט, פון צווייטן פליסט שלעכטע גלייכגילטיקייט, א ביטערער הבל-הבלים-ים מיט חוזק פלעקן. אין מיינע מומעס און פעטערס דערציילונגען איז דער זיידע דער חשוב, דער לאָמור, דער אזוי צו זאָגן. די באָבע איז נישט מער ווי א באַגלייטערן, כמעט א שאָטן. ביי פרעמדע איז עס נישט אזוי. ביי פרעמדע איז דער זיידע א חכם, א שטעכווערטל, אן אויפטוער אין מדרש. די באָבע ווידער א גוטע, א

נאסטפריינטלעכע, א קלוגע, א צנועה, א שטילע, אלץ אזעלכע מעלות מיט וועלכע מע בלייבט א שאָטן. אצינד ווען כ'גייטיק זיך אין אן אָנשפּאַר, וואַקסט אוים דער זיידע פּנחס. אפשר ווייל דער טאַטע שווייגט. ער דרייט זיך א שווייגנדיקער פון איין וואַנט צו דער צווייטער. ווייסט ער וואָס מיך מוטשעט? ווייסט ער אז איך זיץ דאָ מיט א יאָרהונדערט אויפן שוים און ווייס נישט וואָס דערמיט אָנצוהייבן?

כ'ווייס, זאָגט דעם טאַטנס בליק זיך לייכט פאַרהיקענדיק, אוודאי ווייס איך. נאָר וואָס טויג רעדן?

# 1

נישט ווּיסנדיק ווער ווּעמען סע גייט אַנטקעגן — ער, דער זיידע פּנחס, דעם נייעם יאָרהונדערט, צי גאָר דאָס נייע יאָרהונדערט אים, דעם אויף טויט דערשראָקענעם — האָבן זיי זיך ביידע צוגעזעצט א רגע אָפּרוען אויף דער מיט בערגל, דאָרט וואו סטעזשקעלעך לויפן זיך צוזאַמען, סודען אן אויגנבליק, און צעצווייגן זיך באַרג אַרויף איעדעס מיט אן אייגענער שליחות. דעמלט האָט זיך פאַר אים אַנטפּלעקט א נייע וועלט. דער טייך, דער טאָל און ווייט, ווייט ביז צום האָריזאָנט א סטאַדע בלאָנדזשענדיקע שטעטלעך און דערפער האָבן זיך געשפּי־גלט אין זיין שוואַרצאַפּל און ער האָט אָנגעהויבן צווייפלען אין זייער אָפּשטאַם פון ששת ימי בראשית. צו מאָל, ווען ס'איז אים אויסגעקומען זיך צו געפינען ביים ברעג טייך האָט אים געוואונדערט דאָס אומבאַמערקבאַרע פליסן פון וואַסער, דאָס שטילע באַוועגן זיך פון ברייטן טייך, אזוי שטיל אז עס האָט זיך געדאַכט אז דאָס וואַסער רינט נישט אין קיין שום ריכטונג, אז עס איז גאָר א באַוועגונג פון אונטערשטע און אויבערשטע שטראָמען וואָס לייטערן זיך אָן אויפהער, און אז דער טייך ציט זיך נישט מער ווי פון וואו מ'זעט ביז וואו מ'זעט, אז אזוי האָט אים גאָט נאָכלעסיק א וואָרף געטאָן בעת דער וועלט־באַשאַפונג און אזא איז ער געבליבן ליגן. (אזעלכע געדאַנקען וואָלט אן אַנדערער אויף זיין אָרט געוועזן פאַרצייכנט, אזוי ווי עס האָט אמאָל געטאָן צעזאַר אויפן דונאַי ברעג, האָט ער דאָס אָבער נישט געטאָן און אזוי אַרום באַרויבט דעם דניעסטער פון א קלאַסישער פאַראייביקונג). אצינד, דערזעענדיק ווי ווייט דער טייך ציט זיך אין דער לענג, ווי ער שלענגלט זיך צווישן ליימיקע ברעגעס, האָט ער אָנגעהויבן צווייפלען אויך אין זיין ששת־ימי־בראשיתדיקייט. ס'האָט אויסגעזעען גלייך די באַשאַפונג וואָלט נישט זיין קיין איין־מאָל־פאַר־אַלעמאָליקע. אין טאָל, אויף

יענער זייט טייך האָט זיך א טייל פון שטעטל — צוויי ווי פּיצל קינדער אין קאָקלעש פארכלינעטע געסלעך, צוויי רייעס הויקער שטיבלעך אָנגעשפּאַרטע איינס אין צווייטן — געקאָרטשעט אין נויט וויטיקן. אין טייל וואָס אויף דער זייט טייך האָבן זיך, צווישן מיט ווייץ און פּאָפּעשויעס געזייטע פעלדער, געשפּרייט אויף גרויסע שטחים צעוואָרפענע גערומע הייזער אין רחבותדיקע הייף מיט אלטע גערטנער.

דער זיידע פּנחס — צו יענער צייט נאָך א זייער יינגער, קינדער, אייניקלעך און אוראייניקלעך האָט ער נאָך געטראָגן אומבאוואוסט אין זיך — האָט געהאט דאָס געפיל אז מ'וויל אים אנטפּלעקן דעם סוד פאר וואָס יענע זייט רופט זיך די פּוילישע און די זייט די וואָלעכישע איז ער נישט אימשטאנד געווען תופס צו זיין די זעאונג. די געדאנקען האָבן זיך א וואקל געטאָן און ער האָט אָנגעהויבן זוכן דאָס פּלאַץ וואו ס'ליגט דאָס שטיבל וואָס ער האָט פארלאָזט מיט א פּאָר שעה פריער. ער האָט געזען אז עפּעס פּויזעט אויפן גאנעקל און זיך דערמאָנט אז ער איז אוועק אָן א זיי געזונט, זיך געלאָזט אין וועג אריין אָן זיך צו געזעגענען. אויסדרייענדיק דעם בליק צו דער סטעזשקעלעך-צעצווייגונג איז אים קלאָר געוואָרן אז דרכים זענען פאראן א סך, אז מע וועט מוזן אויסקלייבן. ביים געדאנק צו בחירה האָט דאָס הארץ א קלעם געטאָן פון בענקעניש נאָך דעם פארלאָזטן און אָפּגענעמען די כוחות פאר ווייטער גיין.

ביים האָריזאָנט פינקלען ווייסע הייזקעס. ווייזט אוים פּיצינעווקע. מעגלעך דאָרט זאָל אצינד אקערן דער פעטער פראָים. ער האָט אמאָל פארבראכט ביי אונדז א שבת. געווען דעמלט א צייט פון פּחד, א צייט פון פּליטים. יידן פון וועלכע עס האָט געווייעט מיט תוכחה. טויטע פּנימער האָבן געפּרעפּלט וועגן געשענדעטע פרויען, געקוילעטע זקנים, געפּלינדערטע גאסן, געבראָטענע קינדער און די געשיכטע פון געשעענעם האָט אין זיך געטראָגן נביאות פון נאָך, און נאָך, און נאָך. איבער דער זון האָט א צי געטאָן א וואָלקנדל, דער טאָל איז געוואָרן דורכזיכטיקער, שפּיגלדיק, מסוגל צו ווייזן די ווירקלעכקייט אין אירע אמתע פארבן.

צעווילדעוועטע פערד, רייטער מיט רויטע פעלערינען, שווארצע סאשקעס, יאָגן א מחנה מענטשן איבערן סטעפּ. די מחנה לאָזט זיך אין זיין ריכטונג, קומט נענטער און נענטער, אָט און זי וועט אים צעטרעטן ווי א מוראשקע. ער וואָלט זיך געדארפט א הויב טאָן, איר פארלויפן דעם וועג, קלעטערן אויף א בוים, זיך פארגראָבן אין דער ערד, זיצט ער א פארכישופטער קאָן זיך פון פּלאַץ נישט רירן. דערשראָקענע פּנימער, פארבלוטיקטע בערד און פּאות, געלאטעטע קאפּאָטעס, שפּאָגל נייע זשיפּיצעס, צעפּאטלטע האָר, נאקעטע פארוועלקטע בריסטן, אויפגעריסענע מיילער לויפן פארביי מיט א שטומען געוואלד,

מײדן אים אויס װי א פֿאַרשאָלטענעם. א טויבער געריויש פֿון פֿערד־קאָפּעטעס יאָגט די ערה ביז זי פֿאַרסערװעט, אלץ באַװעגט זיך אין אן אָנגעהויערן קרײַז און װײַט ארום הײבן זיך דראָענדיק װאַסער־בערג. זײ קומען לאַנגזאַם, שעפּטשען פֿאַרביסן: סוס ורכבו רמה בים*). פֿון לויטערן הימל זיפּט א געזאַנג: קפאו תהומות**). ריזן־כװאַליעס װאַרפֿן זיך אויף דעם צעװילדעװעטן געטומל. די רײַטער שפּרינגען קינציק איבער זײ, פֿאַרשװאונדן אויף דער אַנדערער זײַט מיט הילכיק געלעכטער. די װאַסער־װענט פֿאַלן צוזאַמען איבער דער גרויער מחנה, בלײַבט זי א פֿאַרגליװערטע, אן אײביקער באַװײַז פֿון געשעענעם. אין טיפֿעניש פֿון טאָל שפּרײטן זיך מיט בײמער־װאָרצלען צוזאַמענגעװאַקסענע אברים פֿון פֿאַרשניטענע זײדעס און פֿעטערס, מיט תבואה װאָרצלען פֿאַרװעבטע קינדער גופֿימלעך, שװאַרץ גראָזן געשפּין געװעבט מיט פֿון פֿאַרגעװאַלדיקטע כלה־מײדלעכס לאַנגע צעפּ.

א שװידער װעקט פֿון האַלב־חלשות, די געװיקסן אין טאָל טוען זיך א װיג, א כװאַליע איבער װעלכער עס שװעבט א פּליט מיט א תמימותדיקער פֿראַגע אויף געשװאָלענע ליפּן: נישט שוין זשע האָבן דאָ פֿאַרגאָסן מער ײדיש בלוט דיזעלבע װעלכע האָבן פֿאַרגאָסן זײער אײגנס װײניקער אין אלע זײערע מלחמות? די פֿראַגע װאַרפֿט אָן א בלויע שרעק, אויף קײן ענטפֿער װאַרט זי נישט, זי טוט נישט מער װי פֿאַרצײכענען אז תליות און שײטערהויפֿנס באַװײַזן זיך פֿאַר דעם גרויש.

דער געדאַנק קערט זיך אום צום פֿעטער פֿראָים, צו דעם בערדיקן פּויער װאָס איז דעמלט געקומען ברענגען מיט זײַן שװערקײט א ביסעלע רו. א צעכראָסטעטער, שװער באַשטיװולטער, געזונטהעגטיקער איז דער פֿעטער פֿראָים. אן אָפּגעברענטע הויט, א מילדער בליק אין רירעװודיקע אויגן, זיכערקײט שפּאַרט פֿון איב, גבורה. רעדט ער הערט מען אים אין דריטן הויף, א קול װי דער צוריקשלאָג פֿון א דונער, װי משה רבינו׳ס אויפֿן באַרג סיני. אָנגעבראַכט מיט זיך אן אָפּטימיסטישן נו, נו; זיך געדרײט ארום דעם טאַטנס תורה א זײטיקער, אָפּגעדרימלט שבת נאָך דער סעודה זיך צוהערנדיק צו פּרקי אבות, נאָך הבדלה האָט ער א רוף געטאָן פּנחסן אויפֿן הויף, פֿון ערגעץ געבראַכט א טאַטשקע. זעץ דיך, האָט דער פֿעטער פֿראָים געזאָגט מיט א מאָדנע װײך קול, זעץ דיך, נישטאָ װאָס מורא צו האָבן... שײן, זײער באַטעמט האָסטו געטײַטשט דעם פּרק, פּיניעלע, װיל איך דיך א „קאַטאַיע" טאָן, לאָמיך זײַן דאָס פֿערדל... מײַן חלק...

---

*) פֿערד מיט רײַטער האָט ער געװאָרפֿן אין ים.

**) די אָפּגרונטן זענען פֿאַרפֿרוירן געװאָרן.

עולם הבא, האָט ער נישט געזאָגט. ס'האָט זיך אים, ווייזט אויס, אויסגע־וויזן צו פיל.

אפשר אקערט ער אצינד די ערד, קערט איבער שווארץ־רויטלעכע „בראָז־דעס" *) שטעלט נישט קיין שאלות, ווייל נישט דערגייען דעם סוד פון רויט־לעכקייט. די ערד איז פעט, דאָס גערעטעניש וועט זיין א געראָטנס, איז געלויבט השם יתברך. דערפאר זינגט ער איין פסוק פון טל און איינעם פון גשם: טל בו יתברך מזון... זכור שנים עשר שבטים... **) נשפך דמם עליך כמים... ***). ער זינגט מיט א פאריסענעם קאָפּ צום הימל, פארשטייט ווייניק פון די פסוקים, טראכט נישט צו דעם וואָס עס איז אונטער דער ערד וועלכע ער שפּאלט דרו־קנדיק מיטן גאנצן כח דעם אקער־אייזן, טרייבט אונטער די פערד צופרידן מיט דעם וואָס אויף גאָטס וועלט איז שלום ושלוה. זיך געוועז געדארפט אָפּגעזע־געגען, טראכט פנחס, איז אָבער פּיצינ־יוועקע ווייט פון אונדז. האָט מען באפּוי־לן דעם פעטער פראָים אז אזוי און אזוי און ער אויף צוריק: אויב אזוי, זאָל זיין אזוי. זיך געמוזט באגגיגן נאָר דערמיט. פון דאנען זעט עס נישט אויס אזוי ווייט. אויב עס איז באמת פּיצינ־יוועקע און עס איז גאָר אזוי נאָ־ענט האָט מען זיך טאקע געדארפט צוכאפּן זאָגן: בלייב געזונט פעטער פראָים. פארפאלן. פּיניע שיקט א ליבעם בליק אין דער ריכטונג פון פּיצינ־יוועקע. מיט פארזשמורעטע אויגן קוקט ער זיך טיפער איין צו די ווייסע הייזקעס וואָס בייס האָריזאָנט. קעז־ווייסע פלעקן איבער גרין־געלע פעלדער.

ביים פעטער פראָים געפינט זיך שטענדיק קעז און פּוטער, ביי אונדז אזוי גוט ווי קיין מאָל נישט איז דער טאטע אוועק אין דער וועלט...

דאָ מאכט מיין טאָכטער א פאראנגטעז. דאָס מיין איך דעם זיידן נח, מיין עלטער זיידן, דיין טאטנס טאטן הייסט עס. וויים איך נישט צי איז עס נישט א ווינק דערויף וואָס איך ווייס נישט ווי מע האָט גערופן מיין עלטער־זיידן. צי איז עס נישט א פאָרוואורף פאר וואָס מיין זכרון איז געבליבן נישט מער ווי ביים זיידן נח, דאָס וואָס געוועזן פאר אים, פארגעסן אָדער גאָר א לאנגע צייט נישט געוואָלט וויסן, און אצינד איז צו שפּעט.

איז דער זיידע דיינער אוועק אין דער וועלט, פארלאָזט די היים... ניין, נישט די היים נאָר די שטוב, ווייל פארלאָזט האָט ער נישט טאטע מאמע נאָר ווייב און קינדער, זיך געלאָזט זוכן פרנסה, און אהיימגעבראכט ניסים ונפלאות.

---

*) בראזדע — אקער־שניט.

**) דער טוי איז די ברכה אין גערעטעניש... געדענק די צוועלף שבטים...

***) אין דיין נאָמען, גאָטעניו, האָט מען פארגאָסן זייער בלוט ווי וואסער.

געדויערט האָט זיין נסיעה אין גאנצן דריי טעג, אָדער נאָך ווייניקער, נאָר צום דערציילן האָט ער געהאט א גאנץ לעבן ווי א ניקאָלאַיעווסקי סאָלדאט וועגן די שלאכטן ארום סעוואסטאָפּאָל. דערציילן פלעגט ער פרייטיק צו נאכטס נאָך דער סעודה, אין יענע פרייטיק-צו-נאכטסן ווען די פּאָדלאָגע איז געווען א נאָר וואָס איבערגעשמירטע מיט ליים. א פרישע האָט זי דערמאָנט אין סדר-נעכט. אין א גאנץ-יאָריקן פרייטיק וועט מען זיך דאָך נישט נעמען דערציילן וועגן יציאת מצרים, עפּעס אנדערש ווען אלץ איז פריש און ציכטיק. אָנגעקומען אין דער גרויסער שטאָט, פלעגט ער אָנהייבן מיט א ניגון פון עבדים היינו, בין איך פארנאכט, מנחה צייט. בין איך פארשטענדלעך אריינגעגאנגען אין א בית המד-רש. בתי מדרשים האָבן נישט געפעלט, פארנאכט זענען זיי געווען פול מיט יידן, אזוי אז לאנג זוכן איז נישט אויסגעקומען. אָפּגעדאוונט מנחה מעריב, דער עולם זיך צעגאנגען. האָב איך פארשטאנען אז וועגן נאכט-לעגער איז נישטאָ מיט וועמען צו רעדן. זיך צוגעזעצט אין ווינקל דאָרט וואו א יונגערמאן האָט זיך געשאָקלט איבער אן אָפענער גמרא, גענומען א ספר מיט געדאנק אז כל זמן ס'איז דאָ ליכט קאָן מען אריינקוקן. ווען דאָס ליכט וועט אויסגיין וועט מען זען. דאָס ליכט איז אויסגעגאנגען. זיך אויסציענדיק אויף א באנק האָט מיין שכן א פרעג געטאָן, אזוי גלאט אין דער וועלט, גלייך נישט מיך מיינט ער: וועסט איבערנעכטיקן? — א ברירה האָב איך? ביי דעם איז עס געבליבן. וועגן וועטשערע האָט ער נישט געפרעגט האָב איך פארשטאנען אז עס איז דערפאר ווייל ער האָט נישט וואָס אָנצובאָטן. זאָגן אז ער האָט נישט, האָט קיין זין געהאט. א מענטש וואָס קוקט אין א ספר איז מסתם נישט אזא בהמה אז ער זאָל אליין נישט פארשטיין וואו ער האלט. האָב איך זיך אויך צוגעלייגט. זיצן א גאנצע נאכט וואכיק אין דער פינצטער איז דאָך באמת א שטות, און כאַפּן א דרימל איז גלייכער אויסגעצויגן. האָב איך טאקע אזוי געטאָן, זיך פאמעלעך אויסגעשטרעקט אויף איינער פון די בענק. וואָס, וואָס, נאָר בענק אין בית המדרש זענען דאָ. איינשלאָפן האָב איך אָבער נישט געקאָנט. אויף יענער זייט וואנט האָט זיך געפילט א צו גרויסע און נישט זייער פריינדלעכע שטאָט אין וועלכער מע וועט דארפן מאָרגן עפּעס אָנהייבן, נאָר וואָס, זאָל איך אזוי וויסן פון צרות. כ'בין געווען זיכער אז מיין שכן שלאָפט דווקא יאָ. אי, וואָס אזוי שטיל? שייך, פאראן מענטשן וואָס שלאָפן שטיל, אָטעמען קוים מע הערט. פלוצים דערטראָגט זיך צו מיר א זייער וואכיקע פראגע: וואָס זוכט מען?

— פרנסה.

— אהא. פון טאָן מיט וועלכן ער האָט אויסגעזונגען דעם „אהא” איז גע-

ווען שווער צו פארשטיין צי עס וואונדערט אים אָדער ער חוזקט. נאָך א שעה אָדער צוויי:

— וואָס פאר א פרנסה?

— וואָס סע וועט זיך לאָזן.

— שווארצע ארבעט?

— מעג זיין שווארצע. די פארב איז מיר דערווייל קיין נפקא מינה נישט.

ווייזט אוים דער ענטפער האָט אים געפעלן. ער האָט אראָפּגעלאָזט די פיס פון באנק, געבליבן א צייט זיצן. ס'האָט אויסגעזען אז אזוי שלאָפט זיך אים בעסער.

— אז מע זעצט זיך, אָדער מע דרייט זיך איבער, האָט ער געזאָגט מלמדיש, הערן אויף א צייט די קישקעס צו וואָרטשען. דאָס האָב איך שוין לאנג פעסט-געשטעלט, און נאָך א לאנג שווייגן, הייסט עס אזוי... ביז טאָג איז נאָך א מהלך אויב דו קאָנסט כאפּ א דרימל. איך וועל א זוך טאָן, אפשר געפינט זיך ערגעץ א שטיקל וואקסן ליכטל. האָב איך פארשטאנען אז דאָס דארף הייסן: עד כאן, נענוג געפּלאפּלט. מיר האָט זיך דווקא יאָ געוואָלט פארלענגערן דעם שמועס. אפשר ווייסט ער וואו סע געפינט זיך די שווארצע ארבעט, אין וואָס זי באַ-שטייט, נאָר גיי רעד אז יענער איז פארנומען מיט זוכן א ליכטל, איילט זיך צו א בלאט גמרא, קאָן זיין נאָר א מקובל וואָס גארט נאָך א שטיקל זהר... איינער וואָס שטילט דעם הונגער מיט איבערדרייען זיך פון איין זייט אויף דער צוויי-טער. נאָך לאנג פּאָרען זיך אין דער פינצטער: כ'האָב געמיינט מע וועט קאָנען א שמועס טאָן ביי א שטיקל ליכט. אזוי קומט אוים מע רעדט צו די ווענט. נאָר אז ס'איז נישטאָ וועט מען זיך מוזן באגיין. פון וואנען ביסטו?

— פון פּויליש קערשאָוו, נישט ווייט פון פּיציניוווקע.

— סע מעג זיין ווייט, האָט ער מיר איבערגעשלאָגן די רייד. כ'ווייס נישט וואו עס איז פּיציניווקע כ'זאָל מיר קאָנען אָפּגיבן א חשבון וואו עס איז קער-שאָוו. אלץ איינס, יידן איז דאנקען גאָט גוט איבעראל. פרנסה בריווח האָט דיך פון שטוב נישט ארויסגעוואָרפן. קינדער?

— וואָס דען? אָן קינדער?

— כ'האָב אליין פארשטאנען. צו וואָס פאר אן ארבעט טראכטסטו צו זיך נעמען?

— כ'זאָל אזוי וויסן פון צרות.

— אָט, דאָס איז אן ענטפער. ער האָט זיך צעלאכט דריבנע און געענדיקט מיט א לייכטן קרעכץ. נישט פון געלעכטער. די קישקעס האָבן א דריי געטאָן און אָפּגענומען דאָס געלעכטער. האָט ער ווידער א קרעכץ געטאָן. הער זשע

אויס יונגערמאן, האָט ער פאַרגעזעצט מלמדיש, עפּעס ארבעט קאָן מען דווקא יאָ געפינען, אָבער וואסער אויף קאשע, פון דעם אָפּשפּאָרן אויף צו שיקן ווייב און קינדער קאָן מען בשום אופן נישט.

— וועט מען מוזן אָנהויבן מיט וואסער.

— צו שחרית קומען א פּאָר יידן, וועט מען א שמועס טאָן. קיין סך צו ווארטן איז שוין נישט געבליבן. אפשר פּאָרט כאַפּן א דרימל. חלומען א ברית אָדער א יאָרצייט.

— פארוואָס עפּעס א ברית, צי א יאָרצייט?

— א מאַליסנעק, לעקעך-און-בראָנפן.

מיר האָבן געכאַפּט א דרימל. צו שחרית זענען געקומען מער ווי א פּאָר יידן. קיין יאָרצייט האָט זיך ווי אויף להכעיס גיט געיאַוועט, אָבער ארבעט האָט מען מיר דווקא יאָ נאַרייעט. אין א האָלץ-סקלאד, ביי א פרומען יידן. עס האָט זיך געפונען אן עלטערער ייד וואָס האָט געוואָלט אָנהויבן דעם טאָג מיט א מצווה, האָט ער מיך אָפּגעפירט צום סקלאד, צו איינעם קויפמאן, אויפגענומען האָט מיך דער קויפמאן — א ייד מיט א צווייענדיקער באָרד — דווקא נישט אי, אי. כ'וואָלט געזאָגט כמעט ווי אן אָנשיקעניש. געטענהט אז ס'איז נישט קיין ארבעט פאר יידן, אז אויף צו גרוזעווען האָלץ דארף מען אן אנדער סאָרט מענטשן, די ארבעט הייבט אָן צו פרי, עס בלייבט קיין צייט נישט צו דאַווענען שחרית ווי עס פּאַסט פאר אזא יונגערמאן ווי איר. זעענדיק אז אלע זיינע רייד און לויבגעזאַנגען העלפן נישט, האָט ער געהייסן קומען דעם צווייטן טאָג אינדערפרי און פארזאָגט למען השם נישט פארשפּעטיקן.

שלאָפן בין איך ווידער געבליבן אין בית המדרש. אויפגעשטאַנען אין מיטן דער נאַכט, אָפּגעדאַוונט אויף גיך שחרית, מיין שכן האָט געשווינגן, שטיל ארויס אויף דער גאַס און זיך געלאָזט אין וועג אריין. געגאַנגען רעכטס, לינקס, ווידער רעכטס. פּוסטע גאַסן, נישטאָ ביי וועמען א פרעג טאָן. זאָל געווען זיין, וואָלט איך אויך נישט געוועזן געוואוסט וואָס צו פרעגן. דעם אדרעס איז מיר נישט איינגעפאַלן צו נעמען, קויפמאנס מיט האָלץ-סקלאדן האָט די שטאָט פארמאָגט נישט ווייניקער פון א צענדליק.

דער זיידע נח מאכט א לענגערע פּויזע. ער לאָזט דעם עולם צייט אריינגיין אין זיין לאגע, אין דער לאגע פון איינעם וואָס זוכט א נאָדל אין א וואָגן שטרוי, א נאָדל פון וועלכער עס הענגט אָפּ זיין ברויט און דאָס ברויט פון זיין הויזגעזינד. ווען עס דאכט זיך אים אז דער עולם בלאָנדזשעט מיט אים צוזאמען פארצווייפלט איבער רעשיק פּוסטע גאַסן פון וועלכע עס יאָגט מיט קעלט און פארפרעמדקייט, דערציילט ער ווייטער.

שטעלט אייך פֿאָר אַז דערשלאָגן צום סקלאַד האָב איך מיך דווקא יאָ. געווען איז עס אַזייגער צען אָדער עלף. געקוקט אין מיט האָלץ און ברעטער פֿאַרוואַלגערטן הויף, געזען ווי חבֿרה לאָדט איין וועגענער, ווי קויפֿמאַן טרייבט אונטער דעם עולם, אָבער אַריינגעגאַנגען בין איך נישט. אַריינגיין איז אויסגעקומען פֿריקרע. אויך צום בית המדרש אין וועלכן כ'האָב איבערגענעכטיקט האָבן די פֿיס זיך אָפּגעזאָגט צו טראָגן. זיך באַגעגענען מיטן באַנאַכטיקן שכן איז אויך געווען נישט אַנגענעם. ס'האָט זיך מיר געדאַכט אַז כ'האָב אים מיט עפּעס אָפּגענאַרט, אונטערגעפֿירט.

מיט דעם האָט זיך געענדיקט מיין אַרבעט ביי קויפֿמאַנען, פֿלעגט ער ענדיקן זיין געשיכטע מיט אַ משונהדיק געלעכטער, אַ געלעכטער נישט פֿון גאַנצן האַרצן, אַ פּנימהדיקס. אפֿשר דערפֿאַר ווייל אויך איצט פֿילט ער זיך פֿון יענער זייט הויף, אויך אַצינד איז ער אַ זייטיקער. אַנדערע לאָדן איין, לאָדן אויס, האָבן אַ שטיקל פּרנסה און ביי אים איז גאָר נישט פֿויגלדיק. אַרום טיש זעצן זיך צוויי דערוואַקסענע טעכטער, דריי זין און די מאַמע. מיט דער מאַמען האָב איך מיך יאָ געזעגנט. אַ גאַנצע נאַכט האָט זי זיך געדרייט אַרום מיר אַ שווייגנדיקע. נישט מער ווי בליקן. בליקן פֿאַרצווייפֿלטע און איינצייטיק פֿול האָפֿענונג. בטחון און שרעק. ס'האָט זיך עפּעס געריסן אין איר אינגעווייד און זי האָט די ווייטיקן נישט געפּרואווט שטילן. ס'האָט זיך אויסגעדאַכט פֿאַרקערט, זי פֿאַרלענגערט זיי, זי וויל אָפּקומען פֿאַר ווער ווייסט וואָס פֿאַר אַ חטאים, אָדער זי וויל דערמיט עפּעס פּועלן ביי נישט געזעענע כוחות וועלכע דאַרפֿן אַרויסהעלפֿן איר קינד אין לאַנגן וועג. מיט די שוועסטער און ברידער איז עס געשען אַנדערש. זיי זענען פּשוט נישט געווען דערביי: געווען פֿאַרנומען מיט זייערע אייגענע ענינים.

דער זיידע פּנחס האָט אַ וואָרף געטאָן אַ לעצטן בליק אויפֿן שטעטל, דאָס געזען אין הינערפֿלעט, אַ קראַנקס; און זיך געלאָזט אין וועג. פֿון באַרג האָט אַראָפּגענידערט אַ פֿויער מיט אַ פֿאַרביקער טאָרבע אויף דער פּלייצע, האָט ער אים געפֿרעגט וועלכער ס'איז דער וועג וואָס פֿירט קיין גליקלאַנד.

א פֿויער דאַרף וויסן.

# 2

א קוק טוענדיק אויף דער מצבֿה איז מיין בליק געבליבן שטיין ביי די ערשטע צוויי אותיות: פּ'נ. האָב איך מיך דערמאָנט אין שמועס מיט מיין טאַב-

טער. איך האָב איר געזאָגט אז זי טראכט צו פיל אוים וועגן זיידן, האָט זי מיר געענטפערט מיט שארפער זיכערקייט אז כ'בין זיך טועה. עס איז אַן אָנהויב, האָט זי געזאָגט כמעט מיט שנאה. אויף מיין פראגע צו וואָס טויג איר אַן אָנהויב, האָט זי געענטפערט מיט יענעם געלעכטער וואָס דענערווירט מיך: אויף זיך פאנאדערצוקלייבן. וואָס זשע, ס'האלט שוין ווידער ביי פאנאנדערקלייבן זיך, האָב איך געמאכט דעם אָנשטעל אז סע וואונדערט מיך. סע שיינט מיר א פוסטע נארישקייט. א מענטשן מיט פרעטענזיעס אויף מאָדערנע — אויב נישט די איינציק ריכטיקע — אָנשויאונגען פאסטן נישט אזעלכע חכמות און נאָך וויינציקער אזעלכע אָפּשאצונגען, האָט זי בייז א וואָרטשע געטאָן. די נון פון פ'נ האָט זיך א ריר געטאָן, האָב איך פארשטאנען אז דער טאטע האָט הנאה פון אייניקלס ענטפערס און פון איר דערציילן. סע מאכט אים שפּאס. איז כאָטש כ'בין געווען מיד פון אזוי פיל איבערדערציילן, איז מיר אויסגעקומען שווער אים אָפּצוזאָגן דאָס פארגעניגן.

*

פארקראָכן טיף אין באסאראביע, האָט זיך פארן זיידן פנחס געשפּרייט א נייע וועלט און זיין איילעניש פון אָנהויב האָט זיך געשטילט. דאָ האָט ער געזען יידן נישט געאיילטע. אין די דערפער און שטעטלעך פון די קאנטן איז נאכט-לעג, אָפּגערעדט אן אָנבייסן אָדער א וועטשערע קיין פראגע נישט געווען. ס'האָט אים אויסגעזען א מין כל דיכפין, א זאט לאנד מיט ברייט צעעפנטע טויערן איינגעהילט אין א חלום-כמארעלע. דער זיידע האָט געפּרואווט פותר זיין דעם חלום אויף זיין אופן, קוקנדיק מיט נייגיר אויפן ארום איז ער אליין אריינגעפאלן אין חלום. דערזעענדיק א וואלד וואָס ציט זיך ביז יענער זייט הימלברעג, פלעגט ער שטיין בלייבן מיט פארכאפּטן אָטעם. נישט אזוי דער וועג דורכן וואלד האָט פארכאפּט זיין אָטעם ווי דעם וואלדס אלטקייט. ער איז געווען זיכער אז דער וואלד שטייט דאָ אזעלכער ווי ער זעט אים אצינד, זינט דער וועלט-באשאפונג. פון פריער ווייסט ער נישט. אז די געשיכטע הייבט אָן מיט בראשית איז פאר אים קיין ספק נישט. דאָס איינציקע נישט פארשטענדלעכע איז: פון וואנען נעמט זיך צו דער וועלט אזא גרויסער פארבראָשיתדיקער סוד, אזא אומדורכדרינגלעכקייט. שטייט מען למשל פאר אזא וואלד זעט אוים דער וועלטס עלטער, עלטער ווי זי איז און דאָס נאָר דערפאר ווייל פון וואלד שפּארט אַן אנדערזייטיקייט, א סודותדיקייט וואָס שרעקט און באַרואיקט. פלעגט ער זיך אריינגנבנען מיט שטילע טריט. נישט געוואוינט געווען

צו גיין אין וועלדער-טיפענישן און דערצו איינער אליין. נישט ווילדע חיות האָבן אים געשראָקן, נאָר מענטשן. ווילדע חיות זענען דאָ ביי זיך אינדערהיים, וועט מען באגעגענען וועט מען זען. מע זאָגט אז כל זמן זיי זענען נישט הונגעריק, אז אויב מע טשעפּעט זיי נישט, לאָזן די חיות דעם מענטשן צו רו. עפּעס אנדערש א מענטש. א מענטש אין וואלד איז געוויינטלעך א גזלן און ווי באלד א גזלן איז דאָך נישטאָ וואָס צו רעדן. א גזלן איז דערויף ער זאָל הרגנען.

צו מאָל פלעגט געשען אז אָנקומענדיק אין א דאָרף זאָל זיך דער דאָר־טיקער רענדאר וואונדערן ווי אזוי דער יונגערמאן האָט געהאט דעם מוט זיך לאָזן אין אזא וועג, איבערהויפּט דעמלט ווען דאָס דאָרף איז געווען א זייטיקס און עס איז אויסגעקומען זיך אומקערן, זיך ווידער דערשלאָגן צום שליאך וואָס פירט אויף גרויסע נסיעות. און זיין וועג פירט דאָך זיכער איבער אזעלכע שליאכן. אָפט מאָל פלעגט אים דער ייד פאַרהאלטן א פּאָר טעג, אויסנוצן די געלעגנהייט צו דערהייבן די אייגענע נשמה. ער האָט געוואוסט אז די אָפּגעזונ־דערטקייט פאַרגרעבט, דערוווייטערט פון יידישקייט, האָט זיך געוואָלט פאַר־ברענגען א פּאָר טעג אונטער איין דאך מיט אן איידעלן יונגערמאַן. אז דער יונגערמאַן איז אן איידעלער זעט מען דאָך: דאָס שיטערע בערדל, די פּיאות, די קאַפּאָטע. זיין דאַווענען, זיין שמועס וועלן איבערלאָזן אויף א צייט אן אנדערע לופט אין שטוב. מילכיקס געפינט זיך, וועט זיך אראָפּ־יאוועון דער שוחט וועט מען שעכטן אן עוף — היינער פעלן ניט — פאַרברענ־גען א שבת ווי גאָט האָט געבאָטן. די קינדער וועלן פאַרגעדענקען. קיין סך איז עס נישט, אָבער עפּעס, מער ווי גאָרניט. פלעגט דער רענדאר צורעדן בליי־בן, און דער זיידע פּנחס פלעגט זיך קיין סך בעטן נישט לאָזן. עס איז אים געפעלן געוואָרן באטראכטן דאָס לעבן פון די יידן-פּויערים, ערד-ארבעטער. זיי האָבן געהאט אין זיך עפּעס פון די אָבות. דאָס האָט אין זיידן געוועקט א משונהדיקע נייגעריקייט. דאכט זיך פאַרגרעבטע מענטשן, רעכט עברי קענען זיי נישט און אויף זייער ארבעט רוט כמעט נישט די שכינה, א יומטובדיקע פשטות אזא. באגייען זיך מיט די בהמות ווי להבדיל יעקב אבינו. טרייבן זיי אין פעלד, גיסן וואסער אין די קאָרעטעס, רעדן מיט זיי און זיי, די בהמות, פאַרשטייען זייערע רייד. דערצו געזונטע מיט לויטערע רואיקע בליקן. נישט באַזעצט אין זייערע אויגן די מורא וואָס האָט זיך באזעצט ביי די פּויליש קער־שאָווער יידן אין א טאָג פון יאריד און געבליבן פון איין יאריד ביזן צווייטן. דער פאַרגלייך מיט די אבות האָט אים צו מאָל געשראָקן, ס'האָט זיך געדאכט אז ס'איז א חילול השם. נישט אזוי דאָס וואָס ער הייבט די פּשוטע יידן צו

דער מדרגה פון די אבות, נייערט דאָס אראָפּנידערן די אבות צו זיי. דעמלט פלעגט ער זיך נאָך מער איינקוקן צו זייער טאָגטעגלעך באנעמען און זיך נאָך מער וואונדערן פון דער ענלעכקייט.

די טעג פלעגט ער פארברענגען מיט באטראכטן דעם ארום. ספרים האָבן זיך ביי די רענדארעס אין די הייזער נישט אויפגעהאלטן; א סידור, צו מאָל א מחזור. כאָטש ער איז נישט געווען געוואוינט צו זאָגן תהילים — נישט איינגעפירט געווען ביי זיין טאטן, ביים עלטער-זיידן נח, תהילים זאָגן. עפּעס אנדערש א בלאט גמרא, תוספות, אָבער תהילים... כאָטש אזוי, פלעגט ער נעמען דאָס סידור און זאָגן א פּאָר קאפּיטלעך תהילים. ווען עס האָט זיך געבענקט אהיים פלעגט ער לייענען פון זכרון א בלאט גמרא. די גרעסטע טייל צייט אָבער האָט ער פארבראכט מיט קוקן אויף דער פאר אים אין גאנצן פרעמדער וועלט. זי האָט דערמאָנט אין פעטער פראָים און ס'האָט באנג געטאָן וואָס זיך נישט אריבערגעכאפּט צו אים אויף א פּאָר וואָכן. ס'האָט זיך אים געדאכט אז אויב ער וואָלט געווען פארבראכט ביי אים א פּאָר וואָכן, וואָלט ער אצינד נישט געווען געוואנדערט ווער ווייסט וואוהין. פארנאכט פלעגט ער זיך זעצן אויף דער פּריספּע, אויפן ליימענעם גאנעק, אָפּווארטן דאָס אומקערן פון די קי. ער האָט האָלט געקריגן זייער אויפפירונג, דאָס שטיין בלייבן ביים טויער, דאָס אריבערליינען דעם קאָפּ איבערן פּלויט, לייכט א מאריקע טאָן אָנזאָגנדיק בסוד אז זיי זענען שוין דאָ, אז זיי האָבן זייערס געטאָן: געפּאשעט גרינע גראָזן, לאנגזאם מעלה-גירהט, געבראכט פעטע מילך, זייט מוחל קומט און נעמט זי. פון שטוב איילט דעם רענדארס טאָכטער, לויפט צום ברונעם מיט צוויי ליידיקע עמערס, פולט זיי אָן מיט לויטער וואסער, טראָגט זיי נאָענט צום גאנעק, איילט זיך עפּענען דאָס טירל. די קו גייט אריין מיט פּוילבלעכע טריט, דערנענטערט זיך פאמעלעך צו איינעם פון די עמערס, פירט לייכט איבער איר די נאָזלעכער, שלאָגט זיך מיט דער דעה פארזוכן אָדער ניט. „זיך אָנגעפּאָיעט ווי א קי", זאָגט דאָס מיידל וואשנדיק פון צווייטן עמער מיט פארלעבלעכט וואסער די אייטער, גיסט אוים דאָס געבליבענע אויפן דנאָ, שווענקט נאָך א מאָל די כלי און הייבט אָן מעלקן. דעמלט דערמאָנט זיך דער זיידע פּנחס אז ער האָט זיך נישט אָפּגעזעגנט פון ווייב, פון דער באבען, און פילט עפּעס אזעלכעס וואָס מע וואָלט געקאָנט אָנרופן געוויסנסביסן.

חתונה געהאט, האָט ער מיט א פּאָר חדשים צוריק. טאקע דאָס האָט גורם געווען זיין לאָזן זיך אין וועג, זיין רירן זיך אין דער ווייטער וועלט. דאָ זענען אויסזיכטן אויף פּרנסה געווען שוואכער פון שוואך, האָט מען געהאָפּט אפשר וועט ער זיך דאָרט עפּעס דערשלאָגן. דער דאָרט איז געווען אומ-

באגרענעצט פונקט ווי דער „עפעס" ארום וועלכן סע האָט זיך געקנוילט רבּ־
נות, מלמדות צי גאָר בעלפעריי. צו מסחר טויג ער מסתּם נישט. זיין משפּחה
האָט זיך נישט בארימט מיט קיין סוחרים און אויך נישט מיט קרעמערס. נישט
דערפאר ווייל ס'איז נישט אָנגעשטאַנען, נאָר פּשוט ווייל עס זענען אזעלכע
נישט געווען. מע האָט זיי נישט גרינגגעשעצט, נישט פאראכט, נישט מקנא
געווען. מע האָט זיי פּשוט נישט פארשטאַנען. קיין מלאכה האָט מען אויך נישט
געלערנט, כמעט צוליב די זעלבע טעמים. מע האָט זיך ארום דעם נישט פאר־
טראכט, כאָטש צייט פאר טראכטן איז געווען איבערגענוג. מ'איז פּשוט אויס־
געקומען מחוץ, פון יענער זייט ווענטל. מע האָט געהערט צו דעם סאָרט יידן
וועלכע לעבן נישט מער ווי פון לופט. ביי זיי אין שטוב איז די לופט אויסגע־
גאנגען, האָט מען געלעבט פון גאָרנישט און ארום דעם זיך אויך נישט פאר־
טראכט. חוץ דער עלטסטער שוועסטער. אָן אָפּגעזונדערטע, ביז אין האלדז
פארשפּיליעטע, אין א ווינקל זיצנדיקע, שווער צו וויסן מיט וואָס פארנומענע.
מע זאָגט, לייקע, א חכמת. אין וואָס די חכמה באשטייט דארפן אויסדריקן די
פארצויגענע ליפּן און די פארמאכטע אויגן. כמעט נישט גערעדט איינער מיטן
צווייטן, האָבן זיי זיך שטענדיק געפילט. וויילביידע די עלטסטע, האָבן זיי זיך
מער ארויסגעזען. אפשר דערפאר פלעגט זי בלייבן דעם גאנצן טאָג אין א ווינ־
קל פון קעלער־שטיבל און ער, דער זיידע, אין בית המדרש, אין כמעט ליי־
דיקן בית המדרש, ווייל אפילו ביי זיי אין שטעטל, מיטן צונאָמען „פּויליש"
אין די צייט נישט געווען מער קיין זייער, זייער בית־המדרשיקע. געבליבן איז
ער אַן אינדרויסנדיקער, די גאַס פלעגט ער פארבייגיין מיט גיכע טריט, מע זאָל
אים נישט באמערקן, מע זאָל נישט אָפּשטעלן עפּעס פרעגן. די שוועסטער פאר־
קערט, כאָטש ארויסגיין פון שטוב פלעגט זי זעלטן, איז זי געווען נענטער צום
עולם וואָס אויף דער גאַס. אין א צייט האָט מען אָנגעהויבן זאָגן א חכמת, צו־
שאָקלענדיק מיטן קאָפּ, ס'האָט געקאָנט הייסן נעבעך. אויך צו פּיניען איז דער־
גאנגען אז זי באגעגנט זיך גאָר אין באהעלטעניש מיט געפּערלעכע מענטשן
און פּיניע איז געווען זיכער אז דאָס קאָנען אויסטראכטן משוגעים, אָדער שונ־
אים. קיילע, און געפּערלעכע מענטשן, פּויליש קערשאָוו און געפּערלעכע מענטשן.
עס איז עלעהיי דער דניעסטער אויפן בארג. נאָך דעם האָט מען גערעדט וועגן
א שייגעץ. דער עיקר מע האָט זי פארקנסט מיט א שוועסטערקינד און פון דע־
מלט גייט זי באמת מער נישט ארויס פון שטוב. אין די אויגן האָט זיך בא־
וויזן א מאָדנע פייערל, א קרענקלעכס אזא. פּנחסן האָט זיך געדאַכט אז דאָס
פייערל איז א וואָרנונג, אז סע ראָט גיין אין דער וועלט אבי נישט בלייבן דאָ
און נישט געקאָנט דערגיין צי איז עס פאר קנאה אָדער גאָר פאר ליבשאַפט צו

אים. ביז ער זאָל זיך אן עצה געבן מיט אירע שטומע אָנצוהערענישן האָט מען אים געערעדט א שידוך א מיידל מיט א ביסעלע נדן און צירונג. דעם נדן האָט מען אויפגעגעסן און דאָס צירונג טראָגט ער מיט זיך: א קייטעלע און צוויי אויערערינגלעך. ער טיילט זיך פון זיי קיין מאָל נישט אָפּ. אצינד ווען ער האָט זיך דערמאָנט אז פון ווייב האָט ער זיך כמעט נישט אָפּגעזעגנט, האָט ער א טאפּ געטאָן די קעשענע אין וועלכער די מאמע זיינע האָט איינגענייט דאָס צירונג.

די באָבע צירל זעט ער א באָרוועסע, ארויפגייענדיק א בערגל מיט צוויי גרויסע עמערס פול וואסער. דאָס וועט בלייבן דער באָבעס שטענדיקער פאָרוואורף: האָסט זיך אפילו קיין ריר נישט געטאָן העלפן. געשטאנען און געקוקט ווי איך מוטשע מיך מיט די עמערס און זיך נישט געדירט פון פלאץ. כ'האָב געטראכט א פרא אדם, וועט זי ענדיקן איר פאָרוואורף זיך רויטלענדיק שוין אויף דער עלטער.

נישט ווייט, לעבן א מארמערנער מצבה, האָט זיך פארזאמלט א מנין. ס'גייט דאָרט א מין חנוכת הבית לויט די פאָרשריפטן פון לעצטן רב, פון לעצטן אָנפירער פון דער שארית הפליטה. גלוחים אין זיידענע טענדעווערענדעס, מיט ווייסע מאנישקעס לויטן קאטוילישן שניט. אין אויפגעבלאָזענע קאָלפעקעס לויט אָרטאָדאָקסישן נוסח זינגען האלב חזניש, האלב אָפּערעמעסיק א צדוק הדין. עס איז מיר א רחמנות אויפן טאטן. דאָס בלאט מיט וועלכן כ'האָב געצאמט זיין קבר פארלירט זיך צווישן די ווייסע דענקמעלער. סע זעט אוים אָרעם און פרעמד. אפשר פארפרעמדט אים די עבודה זרה אין יידישע מנהגים, דאָס אמעריקאניזירן דעם אלטן בית-עלמין. ס'איז א צייט פון געפעלן דער נייער וועלט, אין דער אלטער איז כמעט נישט געבליבן וועמען צו געפעלן. דעם רעש וואָס זיי מאכן האָט איבערגעשלאָגן אונדזער שמועס, צי גאָר דער טאָכטערס ארייננדרינגען אין זאכן וועגן וועלכע עס איז נישט אנגענומען צו רעדן. כ'האָב איר געוואָלט איבערשלאָגן די רייד, בייטן דעם שמועס, האָט זי מיך געגעבן א פאָר אָפּ: ניין, טאטע, כ'האָב בדעה אויך דיך מיט דיינע אויפטועכצן נישט צו שאנעווען. כ'בין נישט קיין אכט און נישט קיין אכצנ-יעריקע. ביי מיינע יאָרן מעג מען שוין אלץ און הייינטיקע צייטן פירט זיך א טאטע זאָל זיך צוהערן. דיין אלטמאָדישע שעמעוודיקייט פאסט נישט אהער.

די חתונה האָט דער זיידע פנחס כמעט אין גאנצן פארגעסן. א רעש, א געפילדער, א פלאָנטערניש פון וועלכן ס'איז געבליבן נישט מער ווי עפּעס א נאָכטעם, צי אזוי פיל אויך נישט. בעשיינפּערלעך זעט ער דאָס בערגל, די שטוי-

ביקע סטעזשקע אין מיטן גרינעם גראָז איבער װעלכער די באָבע צירל שפּאַנט אַ געזונטע, אַ באָרװעסע, מיט צװײ עמערס װאַסער, מיט אַ פאַרגעצט, עטװאָס פאַרצױגן דין ציטן קלײדל. לינקס קוסטעס פון װעלכע עס קוקט אַ טונ-קעלע נאַכט, אַ נאַכט װאָס רופט פאַרפּירעריש זיך אין איר באַהאַלטן, זיך פאַר-טרויען איר אָנזונעקייט, זיך פאַרלירן אין איר פיבער-סוד. אַרום איז פּוסט, קיין מענטש חוץ זײ בײדע: זי אַ שטענדיק קומענדיקע, עטװאָס פאַררויטלטע פון אָנשטרענגונג, אָדער װײל זי שעמט זיך מיט עפּעס, און ער אַ צום אָרט צו-געקאָװעטער פון נישט באַקאַנטע געפילן. דעמלט האָט ער געװאוסט אַז ער איז אויף אײביק פאַרקנסט, אַז דאָס איז זײער אמתע חתונה, און אַזעלכע איז זי פאַרבליבן אין זכרון. אַזעלכע זעט ער זי אויך איצט זיצנדיק אויפן ערדענעם גאַנעק און קוקנדיק װי דאָס מײדל מעלקט די קו. ער דערמאָנט זיך אַז מיט צירלען האָט ער זיך כמעט נישט געזעגנט, אַװעק כמעט אָן אַ זײ געזונט. צו פיל מענטשן געװען װען כ'האָב זיך געלאָזט אין װעג אַרײַן, נישט מעגלעך געװען זיך צו געזעגענען, טראַכט ער און דאָס מײדל און איר טועכץ װערן אים ליבער.

— יונגערמאַן, איר זענט אַ באַװײבטער, פרעגט דער באַלעבאָס.

— יאָ, ענטפערט פּנחס פאַרװאונדערט, אװדאי בין איך אַ באַװײבטער. כאַפּט זיך אַז ער האָט װײַזט אויס זיך צו פיל אײַנגעקוקט צום מײדל און גיט צו אַן עטװאָס פאַרשעמטער; מאָרגן לאָז איך מיך אין װעג אַרײַן.

אַזוי האָט דער זײדע געטראָטן באַסאַראַבער ערד פון דאָרף צו דאָרף, פון שטעטל צו שטעטל דורך געדיכטע װעלדער, לעבן מיט פּירות געלאָדענע סעדער, צװישן שטרענג געהיטע װײנגערטנער, איבער פאָרעכדיקע שליאַכן ביז ער איז אָנגעקומען אין אַ שטעטל װאָס נישט װײַט פון פּרוט, דאָרט װאו דער טײַך צעגיסט זיך איבער שפּיציקע שטײנדלעך. דאָס שטעטל האָט דאַכט זיך געהײסן סעלעץ מיטן צונאָמען נאָװע.

## 3

אָפּגעאורחט אַ צײַט אין שטעטל, פעסטגעשטעלט מיט פאַרגעניגן אַז די געגנט איז אַ זאַטע און מיט געװיסער דערשטױנטקײט אַז אויך דאָ זאָגט מען די הפטורה שװערלעך. פאַרבראַכט האָט ער דאָ כמעט צװײ װאָכן, נישט אַזוי װײל עס האָבן זיך נישט געפינען שמוגלער, גיכער דערפאַר װײל מע האָט זיך

צו אים באצויגן פריינדלעך. סעלעץ איז נישט געווען פון יענע שטעטלעך אין וועלכע סע זאָלן זיך געווען אָנזאמלען א סך עמיגראנטן. דער הויפט שטראָם האָט זיך געריסן אויף אנדערע וועגן. דאָ זענען זיי געווען צופעליקע און נישט פון שטעטלעך ווי פויליש-קערשאָוו. האָט ער אויסגעזען א יחיד במינו. מענטשן האָבן זיך אינטערעסירט, אָבער קיין סך פראגעס נישט געשטעלט, פשוט ארויסגעוויזן פארשטענדלעכקייט פאר מענטשלעך וואנדערן. געוואוסט אז נישט פון תענוג לאָזט זיך א יונגערמאן אין וועג. די אכסניה, די אָנבייסנס ביי פארשיידענע משפחות האָבן געהאט אין זיך עפעס נאטירלעכס, גלייך אזוי דארף זיין, וואונדערן זיך איז נישטאָ וואָס, באדויערן האָט קיין זין נישט: אויב א מענטש באשטימט, ווייסט ער דאָך וואָס ער טוט, דארף מען ארויסהעלפן. אָבער כל זמן ער שווייגט איז נישטאָ פאר וואָס אים צו איילן.

נאָך א צייט, זיצנדיק אין קאלטן שילעכל מיט אן אָפענעם ספר, האָט זיך פנחס געכאפט אז אייגנטלעך איז ער גאָר דאָ שטעקן געבליבן. ער האָט זיך פארזומפט אין א זיסלעכער אומבאהאָלפנקייט, ער זינקט און דאָס זינקען שטערט אים נישט, פארקערט, ער געוואוינט זיך דערצו. די ווארעמלעכע אטמאָספער שלינגט אים איין און ער לאָזט זיך איינשלינגען. דאָס אויך דערפאר ווייל דער טייך פרוט שרעקט אים. אפשר נישט אזוי דער טייך ווי די אנדערע זייט. נישט ווייניק טייכן האָט ער באגעגנט אין וועג, אָבער יענע האָבן געפירט נישט מער ווי פון איין זייט אויף דער צווייטער. דאָס זעלבע דאָ ווי דאָרט. אויף ביידע זייטן די זעלבע מענטשן, די זעלבע פויערים, די זעלבע שפראך, די זעלבע מנהגים. טייכן וואָס ווערן פון קיינעם נישט אָפגעהיט, דאָס וואסער פליסט הפקרדיק אזוי ווי גאָט האָט געבאָטן. דערצו האָט ער זיי באשאפן: דאָס וואסער זאָל פליסן, פיש זאָלן זיך מערן, אויף די ברעגעס זאָלן וואקסן רייך באצווייגטע ביימער. וואנדערער זאָלן זיך אָפּפרישן, בהמות זאָלן זיך אָנטרינקען, שקצימלעך זאָלן שווימען און קראקען ווי זשאבעס. אנדערש זעט אָבער אויס דער טייך וועלכן ער דארף אציגד אריבערטרעטן, כמעט א פארשאָלטענער, א בייזער. דערמאָנט אין סמבטיון. לעגנאויס דרייען זיך באוואָפנטע זעלנער. דער טייך איז א גרענעץ. ער טיילט אָפּ צוויי מדינות און די וואָס אויף יענער זייט איז אין גאנצן א פרעמדע. אויך דאָרט לעבן יידן, מע זאָגט אפילו אז בעסער ווי אויף דער זייט. אָבער וואָס פאר א מין יידן דאָס זענען קאָן ער זיך נישט פאָרשטעלן.

אין ווינטל וואָס האָט א בלאָז געטאָן דורך די אָפענע פענצטער האָט פנחס דערפילט א קילקייט וואָס האָט דערמאָנט אין הארבסט, כאָטש געווען איז נישט מער ווי סוף אב, און ער האָט באשלאָסן אז מע מוז מיט עמעצן א שמועס טאָן.

האָט ער פארמאכט דאָס ספר און זיך געלאָזט צו דער אכסניה. דער בעל אכ-
סניה איז צוגעלאָזט צו אים. כאָוועט א פּאָר קי, אויפן הויף דרייען זיך עו-
פות, גיט ער זיך מיט זיי אָפּ מער ווי מיט די געסט, כמעט מיט ליבשאפט. א
טרויעריקע ליבשאפט, א מין אָנגענעמער בעל כרחו. אויך אים, פנחסן, באהאנ-
דלט ער, אנדערש ווי די איבעריקע געסט. עס דאכט זיך אז ער האָט ביי דעם
בעל-הבית געפונען כמעט אזוי פיל נשיאות חן ווי די עופות. מיינט פנחס אז
עס איז צייט איבעררייסן דאָס שווייגן, און א פרעג טאָן. אזא ייד, מיינט ער,
קאָן גיבן אן עצה. און דער ייד האָט געעצהט. אויב מע האָט זיך געלאָזט אין
וועג אריין, האָט ער אָנגעהויבן אויסלייגן פאמעלעך פיניעס לאגע, דארף מען
גיין. קיין אנדערע ברירה איז ווייזט אוים נישטאָ. אמת, מע קאָן זיך אומקערן.
פרעגט זיך צו וואָס? אויב עס איז דערגאנגען אזוי ווייט אז מע האָט זיך גע-
מוזט ארויסרייסן, איז דאָך א סימן אז קיין סך צו וואָס זיך אומצוקערן איז
נישטאָ. אי, וואָס וועט זיין דאָרט? איז ווער קאָן וויסן? ווער קאָן נעמען אויף
זיך פּאָרויסצוזאָגן, צו טרעפן? קיין נביא איז דאָך קיינער נישט. הייסט עס
אז מע מוז פרואוון. ווארטן סע זאָל עפּעס אראָפּפאלן פון הימל? ווארטן אויף
א צייכן פון אויבן? פון וואנען? ניין. דאָס איז זיכער קיין תכלית נישט. וואָס
דען, די גרענעץ? וועט מען צוהעלפן. צווישן שמוגלערס קאָן מען געפינען איי-
נעם א לייטישן. וועט מען אים אויסזוכן. פון ביסל צירונג וואָס טראָגסט מיט
זיך, האָט ער געזאָגט, רעד נישט. וואָס טויג טאָרען יענעמס יצר-הרע? ער
קאָן מיינען דו האָסט ווער ווייסט וויפל. דו אליין שטעלסט דיר דאָך אויך פּאָר
אז עס איז א מאיאָנטיק. איז שטעל דיר טאקע פאר. אזעלכע פאָרשטעלונגען
העלפן צו מאָל. מ'איז ביי זיך זיכערער. אנדערע אָבער דארף מען דערמיט
נישט רייצן. וואָס סע וועט זיין אויף יענער זייט? דאָס קאָן ווידער קיינער נישט
וויסן. דאָרט געפינען זיך דען נישט לייטישע מענטשן? פאר וואָס זאָל מען
אזעלעכם טראכטן? וועסט זיכער געפינען יידן וואָס וועלן ארויסהעלפן. ווער
מיט אן עצה, ווער מיט א נאכטלעגער. אין גאנצן פארלירן דעם מוט טאָר מען
נישט. אזוי האָט געעצהט דער בעל-אכסניה, מער מיט פראגעס ווי מיט ענטפערס,
אָבער פנחסן האָבן זיי דאָך בארואיקט. ס'האָט זיך אים געדאכט אז דער בעל
אכסניה איז דער נאָענטסטער מענטש וועלכן ער האָט אויף דער וועלט, אז ער
וויל נאָר זיין גוטס, אז אייגנטלעך האָט ער פאר אים אלץ צוגעגרייט, נאָר
אויסזאָגן וויל ער נישט. פיניען איז קלאָר געוואָרן אז דער עיקר אין לעבן איז
נשיאות חן, אז דאָס איז דאָס איינציקע וואָס ער דארף ווינטשן זיך און זיינע
קינדס-קינדער.

— ווי קומען צו דיר די געדאנקען, האָב איך ראפּטום א פרעג געטאָן. ווער האָט דיר דאָס אלץ דערציילט?

— באַרואיק דיך טאטע, דאָ זענען דערוויל נישטאָ קיין אומאָנגענעמע סודות. אפשר שפּעטער. אצינד רעד איך דאָך וועגן זיידן. דו קאָנסט אים נאָך דער-שרעקן און פארטרייבן. לאָז אים זיצן לעבן טיש, אויף זיין פּלאץ, און קלאפּן מיט פארהארטעוועטע פינגער דאָס פּייקל. זעסט נישט אז ער איז געקומען זיך צוהערן צו אונדזער שווייגן?

שוין א לענגערע צייט האָט זיך מיר געדאכט אז כ'הער א מאָנאָטאָן באַ-ראבאנעוועט באגלייט פון אן אין גאנצן ווידערמוזיקאליש ניגונדל. דער טאטע האָט זיך אָן טריט ארייינגעשלייכט אין צימער, זיך אוועקגעזעצט אין ווינקל טיש, געקוקט מיטן פארמאכטן אויג, זיך איינגעהערט צום שמועס וואָס זיין איי-ניקל פירט מיט זיך אליין, עטוואָס חוזקדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ: דאָס זוכן אן אָנהייב, אָנהייבנדיק מיט אים אמוזירט. ווען מיין טאָכטער האָט מיך אויפמערק-זאם געמאכט אויף דיין אָנוועזנקייט בין איך א רגע געבליבן אין פארלעגנקייט, פארגעסן וואָס כ'האָב געוואָלט זאָגן, וואָס עס איז מיר נישט געפעלן אין איר איבערדערציילן דאָס לעבן פון אלטן דור. ווען עס האָט זיך מיר געדאכט אז כ'וויס שוין יאָ אין וואָס מיין אָנווענדונג באשטייט, איז געווען צו שפּעט. זי האָט נישט געוואָלט הערן.

אין נעפּל וואָס איינגעהילט זיינע אויגן האָט פּנחס דערזען צוויי געזונטע פּיס, א פארנעצט קליידל עטוואָס פארריסן, צוויי פולע עמערס וואסער וואָס בא-וועגן זיך אין זיין ריכטונג, נאָר דערנענטערן, דערנענטערן זיי זיך נישט און ער האָט באשטימט אז דאָס איז דער גורל: מע מוז גיין.

אוועק איז ער ערשט א היפּשע צייט נאָך סוכות. געראָטן אָפּצולייגן האָט דער זעלבער בעל-אכסניה. מער מיטן בליק ווי מיט ווערטער. זיין בליק האָט געבעטן בלייבן. געזאָגט: גיין מוזטו דאָך סיי ווי סיי, וואָס זשע איז דאָס איי-לעניש. מעגלעך אז א צייט וועט אויסקומען בידעווען, פאר וואָס זשע זאָלסטו נישט צונעמען כוחות. דו האָסט דעם איינדרוק אז ליגסט מיר אויפן נאקן? האָסטו כ'לעבן א טעות. ביי מיר איז עס עלעהיי נאָך א ציג. איי דו גיסט נישט קיין מילך? האלט איך דען נישט צו מאָל א יאלעווע ציג, א סטערפּע? עס וועט קומען די צייט וועל איך אליין זאָגן.

וואָס עס איז ווייטער געשען איז איינגעהילט אין שווארצער נאכט. צע-ריסענע שמאטעס זענען די פּאָר חדשים אָדער יאָרן וועלכע ער האָט פארבראכט אויף דער אנדערער זייט טייך. אריבער דעם פּרוט איז ער אין א זונטיקדיקער

נאכט, ווען אין וועכטער-קעפּ דרייען זיך בראָנפן-כמארעלעך אָדער בענקשאפט נאָך פעלדער מיט געפלעקטע קי. געראָטן האָט מען גיין נישט ווייניקער פון צוויי מעת-לעת, זיך דערווייטערן פון דער גרענעץ, אויסמיידן דערפער, זיך לאָזן וואָס טיפער אין לאנד, ווייל דאָרט איז קירהלאנד און נישט רוסלאנד, דאָרט איז אָרדנונג און אויב מע באמערקט א פרעמדן קאָן מען אים נאָך חס-וחלילה צוריק אריבערשטעלן. מע האָט פארזאָגט אז א צוריק-אריבערגעשטעל-טער איז א סך ערגער פון א קיינמאָל-נישט-געגאנגענעם, ווייל קיינער וועט זיך נישט אָנטרויען מער ווידער פירן איבער דער גרענעץ א שלים-מזל. אזוי אז אין א פאָר טעג האָט פיניע אָנגעשפּארט אזש ביזקל דעם שטעטל קאָל. אריינ-געפאלן אין נייעם לאנד איז ער אין א פארנאכט. איבעראשט האָבן אים צו-ערשט די ברוקירטע גאסן. דאָס פשוטקייט פון איינפאל אויסצולייגן שטיינער אויף די גאסן האָט אויסגעזען אויסטערליש. אין פּויליש קערשאָוו ווי אויך אין די דערפער און שטעטלעך וועלכע ער איז אדורכגעגאנגען פאר דעם גנבענען די גרענעץ האָט ער דאָס נישט געזען. אויך דאָ, אין נייעם לאנד, האָט ער דאָס ביז איצט נישט באמערקט. קיין צייט נישט געהאט צו קוקן אויף וואָס ער טרעט. אין איילעניש זיך צו דערווייטערן פון דער גרענעץ האָט ער מער גע-שוועבט ווי געגאנגען. אויסטערליש האָט אויך אויסגעזען די גלייכקייט פון די גאסן. אויףביידע זייטן גאס צוויי לאנגע אומענדלעכע הייזער מיט אן אָנצאָל טירן און פענצטער, גלייך ווי אויף יעדער זייט וואָלט געוואוינט נישט מער ווי איין משפחה. אָנקלאפן אין איינער פון די טירן האָט ער נישט געוואגט. ער האָט זיך געוואָלט דערשלאָגן צו אן אכסניה איידער די נאכט פאלט צו און נישט געקאָנט באשליסן וועמען צו פרעגן. יונגעלייט מיט קורצע רעקלעך, געגאָלטע פּנימער האָבן נישט אויסגעזען צו זיין יידן. רעדן, האָט זיך אים געדאכט, רעדן זיי עפּעס א פרעמדע שפּראך. ס'איז יידיש און דאָך נישט יידיש. פרעגן ביי אזא איינעם איז א סכנה. נאָך אזוי פיל לויפעניש און וואָגלעניש ארייַנפאלן אין די הענט פון דער פּאָליציי איבער אָנפרעגן זיך וואו מע קאָן איבערנעכטיקן וואָלט באמת געווען אומגעלומפּערט. די עלטערע לייט ווידער, מיט א יידישן אויסזען, מיט בערד און פאות, שטריימלען און זשיפּיצעס, לאנגע ווייסע זאָקן ביז די קני, האָבן אים געשראָקן מיט זייער יומטובדיקייט אין מיטן וואָך. סוף כל סוף האָט ער אָפּגעשטעלט א זקן.

— קרייצער האָסטו? האָט געפרעגט דער ייד.

— וואָס זאָל איך האָבן? ער האָט נישט פארשטאנען וואָס ער מוז האָבן אויף איבערצונעכטיקן אין א יידישער שטוב.

— קרייצער, געלט? האָט דער אלטיטשקער איבערגעחזרט ברוגזלעך.

— כ'האָב דריי רובל. דאָס איז געווען זיין גאַנץ פאַרמעגן און פּיניען האָט זיך געדאַכט אַז אַזאַ סומע געלט מוז איבעראַשן.

— רובל גאָר? דריי זאָגסטו? קום!

דער אַלטיטשקער האָט אים צוגעפירט צו אַ בית המדרש אין וועלכן סע זענען געזעסן עטלעכע יונגעלייט מיט פאות לאַנגע ביז די אַקסלען און גע־לערנט. סע הייבט זיך אָן ווי מיטן טאַטן אין אָדעס, האָט פּנחס געטראַכט נאָך דעם ווי ער האָט זיך צוגעזעצט אין אַ זייט, אָפּגעזונדערט פון די אַנדערע. קיינער פון די יונגעלייט האָט אים נישט געשטערט, נישט געפרעגט ווער ער איז, פון וואַנען ער קומט, וועמען ער זוכט. עלעהיי גאָרנישט. ער האָט זיי באַטראַכט פון ווייטן, נישט געקאָנט פאַרשטיין פאַר וואָס זיי טראָגן לאַנגע זאָקן און שטעק־שיך. ס'איז אויסגעקומען מאָדנע, ווי אין חלום. צו מאָל האָט ער באַגעגנט דעם בליק פון איינעם, פון אַנדערן. זיי האָבן אים געמאָסטן כהרף־עינדיק, זיך נישט אָפּגעשטעלט נענטער באַטראַכטן, אַ פּאָר געטאָן מיט די אויגן פון אויבן אַראָפּ פון אונטן אַרויף און זיך ווייטער געשאָקלט איבער די ספרים. איינציקע רעשיק אַנדערע בשתיקה אָדער מורמלענדיק. פּיניע האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין דעם אַלטנס באַנעמען. צוגעפירט און איבערגעלאָזט אויף גאָטס באַראָט. אפשר דער־פאַר אין בית המדרש. ערשט שפּעטער מיט יאָרן האָט ער פאַרשטאַנען פאַר וואָס דווקא אהער און נישט ערגעץ אַנדערש. פון קיינעמס־לאַנד האָט ער נאָך דעמלט נישט געהערט. פון זיין טאַטן האָט ער געוואוסט אַז אין קערשאָווער שולן און בתי מדרשים פלעגט מען טרייבן פּאָליטיק. בעת דעם רוסיש־טערקישן קריג האָבן זיך יידן געפרעגט אין וואָס סע גייט, וואו, ווי אַזוי און פאַר וואָס פירט מען די מלחמה. געווען אין פּויליש קערשאָוו אַן עלטערער ייד וועלכן מע האָט אָפּגעגעבן גרויס כבוד. גערופן האָט מען אים רבי נחמן אין זיין אָנוועזנ־קייט און רבי נחמן קאַרטאָפל הינטער די אויגן, אָבער אויך דעמלט רבי. אַ ייד אַ נגיד, לויט קערשאָווער מאָס, און דערצו אַ תלמיד חכם לויט אַלע פּראָ־פּאָרציעס. דער צונאָמען קאַרטאָפל האָט געשטאַמט פון אַ געשווילעכץ אויפן נאַקן. אָנגעהויבן וואַקסן האָט דאָס געשווילעכץ תיכף נאָך דער חתונה. חוזק־מאַכערס האָבן נישט געפעלט, האָבן זיי געזאָגט אַז דאָס איז אַ צוגאָב צום נדן. צוערשט איז עס געווען גרויס נישט מער ווי אַ גרינגע נוס, שפּעטער ווי אַ זויער עפּעלע און צום סוף ווי אַ גרויסע קאַרטאָפליע. בולטער איז עס געווען באַצירט מיטן קשר פון של ראש. טראָגן פלעגט רבי נחמן דאָס געשווילעכץ מיט חשי־בות. ער האָט געהאַלטן אַז אַלץ וואָס געהערט אים איז ווערט רעס־פּעקט, אַזוי אַז דעם געשווילעכץ דאַרף מען אויך אָפּגעבן כבוד. דאָס האָט ער טאַקע אויפגעקלערט דעם עולם אין וואָס דער קריג באַשטייט און ווי אַזוי ער

זוערט נעפירט. אויסגעצויגן די דלאָניע האָט ער אוועקגעשטעלט די טערקן אויף די שפּיצן פינגער און אויף דער ווייכער זייט פון דלאָניע — וועלכע איז ביי אים געווען א פּוכלע מיט קליינע ראָזעווע קישעלעך — די רוסן. אפשר דערפאַר ווייל זיי זענען אים געווען נענטער האָט ער זיי אויסגעבעט, סע זאָל זיי זיין ווייכער. איז לאָמיר זיך פאָרשטעלן, האָט ער געדרדקעט מיט חשיבות, די טערקן אויף דער זייט און די רוסן דאָ אויף דער אנדערע זייט. אין דער מיט, צווישן זיי, איז דער ים. פאַרשטייט זיך דער שווארצער, דער זעלבער וואָס אין אָדעס. זיין בקיאות האָט געווירקט, מענטשן זענען געוואָרן אויפמערקזאמער. שטייען אזוי די חילות פון איין זייט און פון דער צווייטער, קוקן מיט די שפּאַקטיוון, זוכן ביז זיי געפינען דעם שונא און וויבאלד דערטאַפּט הייבן זיי פאַרשטענדלעך אָן שיסן. שיסט מען א צייט מיט די שווערע קאַנאָנען ביז זיי טוען זיך א לאָז איבערן ים מיט שרעקלעכן אימפּעט און סע גייט אוועק א שלאכט די וועלט איבערצוקערן.

— וואָס זאָגט איר, רבי נחמן, איז דאָ אין דער מיט, צווישן זיי? האָט געוואגט פרעגן א בעל־עגלה וואָס האָט גראָד אָפּגעשטעלט דעם וואָגן לעבן דער שול און זיך ארייגעכאַפּט זאָגן א קדיש. וואָס איז דאָ אזוינס? האָט ער איבערגעפרעגט און אריינגעשטעקט א גראָבן מגושמדיקן פינגער רבי נחמנען אין דער דלאָניע. מענטשן האָבן געוואָלט אָפּטרייבן דעם בעל גוף, נישט געקאָנט פאַרטראָגן די חוצפּה. רבי נחמן אָבער האָט געענטפערט גוטמוטיק: דאָ איז דער ים.

— אויב אזוי? איז צוגעשטאַנען דער בעל עגלה טייטלענדיק מיטן מגושמדיקן פינגער, פאַרשטיי איך אין גאַנצן נישט די מעשה.

— וואָס ווילסטו פאַרשטיין? האָט מיט לייכטן חוזק געשמייכלט רבי נחמן.

— ס׳הייסט וואָס? אויב דאָס איז דער ים, דריי איך איבער די האַנט אָט אזוי און זיי זענען ביי מיר אַלע אין וואַסער. אויס מלחמה, אויס בלוט פאַרגיסן!

ביי אזא פּאָליטיק טרייבן, האָט מען וועגן קיינעמס לאַנד צו פיל נישט געוואוסט. דאָס וואָרט האָט צו זיי און אויך צו אים, צו פּנחסן, נישט דערגרייכט. מיט דער צייט איז דער באַגריף געוואָרן אַן אַלגעמיין באַקאַנטער אויך ביי יידן. דעמאָלט האָט ער פאַרשטאַנען אז אין קאָפּ האָט מען אים, ווייזט אויס, די ערשטע נאַכט — ביז עמעצער, אָדער גאָר ער אַליין וועט זיך אַן עצה געבן — געמוזט לאָזן איבערנעכטיקן אין א פּלאַץ וואָס געהערט אַלעמען און קיינעם נישט, א מין מקום מקלט אויף וועלכן קיינער הערשט נישט חוץ גאָט. אזא פּלאַץ איז געווען דאָס בית המדרש.

איינגעשלאָפן וואו ער האָט זיך אוועקגעזעצט ביים אָנקומען, מיטן קאָפּ אָנ־געשפּארט אין א שטענדער, האָט אים פּארטאָג אויפגעוועקט אווילדער תהילים זאָגער. ער האָט זיך אָנגעהויבן באקענען מיט דער נייער וועלט, אַז אנדערע ווי די צוויי פּארלאָזטע, אי ווי די פּויליש־קערשאָווער, אי ווי די באסאראבער שטעט־לעך און דערפער מיט זייערע רענדארעס און האלב־רענדארעס. דער הונגער האָט געמוטשעט. מע וואָלט געדארפט עפּעס קויפן, זאָל זיין נישט מער ווי א בייגל. פרעגן וואגט ער נישט, צו פרעמד די מענטשן. אָט האָבן שוין אָפּגעדא־ווענט צוויי מנינים און ער זיצט נאָך אלץ אויף דעמ.זעלבן פּלאַץ, האָט מורא זיך א ריר טאָן. דער עולם דאָ איז א געאיילטער, די מענטשן זעען אויס זייער־פארנומענע. רעדן גיך, איין וואָרט אין אַנדערן אָן איבערייס. א לאנג וואָרט עפּעס לויטער פאסעכן. ווארפט מען שוין יאָ אויף אים א קוק איז עס ווי אויף א בייז וואונדער. ערשט איצט באמערקט ער אז זיינע בגדים זענען פאר דער צייט געוואָרן אָפּגעריבן, אָפּגעבליאקעוועט, שמוציק. דאָס געוואנט איז געוואָרן שיטער, עס האָבן זיך באוויזן נישט ווייניק לעבער. ערשט אצינד האָט ער זיך געכאפּט אז ער האָט מיט זיך גאָרנישט: נישט קיין וועש, נישט קיין האנטעך, נישט קיין פאָר זאָקן, אז ער זעט אוים ווי יענע אָרעמע־לייט וואָס פלעגן זיך צו מאָל אראָפּיאווען קיין פּויליש־קערשאָוו, גיין איבער די הייזער בעטן א נדבה. מענטשן וועלכע מע האָט נישט גערן אריינגעלאָזט אין שטוב מחמת דעם שווע־רן ריח וואָס זיי האָבן געשלעפּט נאָך זיי, פאר מורא זיי זאָלן נישט מיט־ברענגען א חולאת. זיך ווענדן צו עמעצן נאָך הילף, נאָך אָן עצה איז געוואָרן נאָך שווערער. דער אינדערפריענקער הארמידער האָט זיך לאנגזאם געשטילט. ער איז געבליבן כמעט איינער אין מיט אמאָל גרוים געוואָרענעם בית המדרש, קליין, נישטיק, פארלוירן אין זיין ווינקל, פארמשפט אויסצוגיין פאר הונגער. ער האָט אָנגעהויבן צווייפלען צי זיך געדארפט לאָזן אין וועג אריין. (ער וואָלט אפשר געוועזן געזאָגט: אויף אזא אוואנטורע, איז אים דאָס וואָרט נישט געוועזן באקאנט). זיין לאנגע האָט אויסגעזען ווי א שטראָף און ער האָט נישט געקאָנט דערגיין פאר וואָס סע קומט אים אזא ווילדע שטראָף. ער וואָלט מן הסתם גע־דארפט עפּעס טאָן, ארויסגיין פון בית המדרש, אפשר גאָר שרייען, ווי אזוי זשע באווייזט מען זיך פאר מענטשן אין אזא צושטאנד, מיט אזא הולך. ווי ער זיצט אזוי כמעט שבעה נאָך זיך אליין, ווערט ער דערציטערט פון א שרעק־לעך דונערן. דער דונער איז קיין דונער נישט געווען. עס איז געווען נישט מער ווי דאָס קול פון דעם אלטיטשקן יידן וועלכן ער האָט באגעגנט נעכטן פארנאכט, דער זעלבער וועלכער האָט אים דאָ באזעצט, ווי אים האָט זיך גע־דאכט, אויף גאָטס באראָט.

— קום, האָט ער באַפּוילן פּונקט ווי מיט העכער האַלבן מעת-לעת פריער, אָבער דאַכט זיך גוטמוטיקער. ארויסגעגאַנגען איז פּאַליש האָט ער אים אָנגע-וויזן אויפן האַנט-פּאַס, געהייסן זיך וואַשן די הענט. אין דער צייט האָט ער ארויסגענומען פון א פּאַטשיילע ברויט באַשמירט מיט פּוטער, א שטיקל קעז. האָסט דאָך נאָך גאָרנישט געגעסן, כאַפּ זשע עפּעס איבער, האָט ער ווידער באַ-פּוילן און אַליין אוועק אין בית המדרש. פּנחס האָט ערשט איצט באַמערקט אַז פאַר דער צייט האָבן זיך עטלעכע בחורים באַזעצט פאַר די טישן און שאָקלען זיך שוין איבער אָפענע ספרים. ער האָט פאַרשטאַנען אַז דער אַלטער וויל אים נישט שטערן, אַז ער וויל נישט צוקוקן ווי ער וואַרפט זיך א הונגעריקער אויף דעם ביסל שפּייז וואָס ער האָט מיטגעבראַכט. פון דעם וועט ער זיך גאָרנישט דער-וויסן. אין אַזאַ לאַגע איז שווער זיך צו באַהערשן, זיך צו באַנעמען ווי א מענטש. ער האָט א טעות געהאַט. דער אַלטיטשקער האָט געוואוסט אַז דווקא אין אַזאַ לאַגע דערקענט מען דעם מהות פון מענטשן...

מיין טאַכטער וואַרפט א זייטיקן בליק, סאַמעוועט זי מיט דער פריקרער זייט פון זיידן און מיט דער שלעכטער פון איר מומע פּערל.

— זאָרג נישט, זאָגט זי, די געדאַנקען פּאַסטן אויך דעם זיידן, כאָטש דו מיינסט אַז נאָר דיר נאָך דריי טעג וואַנדערן, שלעכט באַוואָפנט, איבער פרעמדע בערג. אפשר אויך אים, וואָלסטו צוגעגעבן ברייט-האַרציק, ווען ער האָט געגרי-זשעט א רויע קאַרטאָפליע אין וואַפּניאַרקאַ. פון וואַנען כ׳ווייס? פון דיינע דער-ציילעכצן, ווייל ביסט א באַרעדעוודיקער. אפשר פון מיר אַליין, ווייל כ׳האָב געירשנט אייערע געשיכטעס און טראָג די ירושה ווי א שרעקלעכן יאָך. ניין. נישט פון וואַפּניאַרקער לאַגער שטאַמט די זאָרג פאַר מענטשלעכן מהות. אויך פון דאָרט נאָר אַנדערש. דאָרט איז עס באַשטאַנען פון עפּעס מער. דאָרט האָט געשוועבט א רומקאָווסקי שאָטן. גריזשען א רויע קאַרטאָפליע איז געווען ביז נאָר אומשולדיק. ביז גאָר מענטשלעך. ביי דיר שטאַמט עס פון ערגעץ אַנדערש. דערמאָן דיך. דריי טעג האָט איר געוואַנדערט אין די בערג, געזוכט א פינצ-טערן טאָל אויף זיך ארויסצורייסן פון קעסל, זיך נישט פרעגנדיק פאַר וואָס מוזט דווקא איר זיך שטענדיק ארויסרייסן פון קעסלען און קיין מאָל דער שונא. זיך נישט פרעגנדיק וואָס און וועמען זוכסטו אויף פרעמדער ערד, אין פון דיינע זיידעס און עלטער זיידעס פאַרשאָלטענעם לאַנד. ניין! ס׳איז אפילו נישט אַזוי. ביסט געווען זיכער אַז דיין אָרט איז דאָרט, אַז אויב עס איז פאַראַן ערגעץ אויף דער וועלט א זאָמען פון מענטשלעכקייט, איז דיין פליכט — אפשר האָסטו געטראַכט, הייליקע פליכט — צו זיין דאָרט, אָפּגעבן דאָס לעבן פאַר

ראטעוועז דעם זאָמען, אים היטן פון יעדער באדראָונג. און דאָרט איז ער געוועזן מער ווי גאָר באדראָט. א ציניקערן בין איך ניט, אלנפאלס נישט אויף אזוי פיל אז כ׳זאָל קאָנען אָפלאכן פון דעם אלעם. כ׳קאָן דאָס נישט און סע פארדריסט מיך נישט וואָס עס איז אזוי כאָטש עס איז שרעקלעך שווער. און שווער איז עס ווייל מען איז שטענדיק דער נאר און דער אָפגענארטער. דאָס איז אָבער אן אנדער שמועס. אפשר וועלן מיר זיך צו אים אמאָל אומקערן, שמייכלט זי מיט האלבן טרויער. אצינד ווען מע רעדט וועגן מענטשלעכן מהות האָסטו ווידער דערזען די לעוואנטע-בערג, ערגעץ נישט ווייט פון וועג וואָס פירט פון מאדריד קיין וואלענסיע, אָדער פארקערט, האָט זיך ווידער באוויזן די לאנגע שרעגגע אויסגעהונגערטע סאָלדאטן מיט נארישע לאנגע ביקסן, ווייל אָן קוילן און אָן שרויט. דעם דריטן טאָג אז מע וואנדערט. אָט פאלט איינער ארויס פון דער רייע. ער קאָן מער נישט גיין. די כוחות קלעקן נישט מער ווי אויף צו פינטלען מיט די אויגן. און איר גייט ווייטער מיט א ציל וואָס איז כמעט קיין ציל נישט מער. זיך ארויסרייסן, גלייך עס איז אן אונטערשייד לאָזן די נשמה אויסער דעם קעסל צי אין קעסל. און פלוצים זענט איר פון יענער זייט, פלוצים באווייזט זיך דאָס באקאנטע אייזעלע אָנגעזאָטלט מיט צוויי משונהדיק גרויסע טעפ פול רייז, באגלייט פון הויכן, שלאנקן שפאניער, פון פארשעמטן העלד ווייל ער איז אין קעסל נישט געוועזן. ער האָט די גאנצע דריי מעת-לעת געבלאָנדזשעט און געזוכט אויף דער צווייטער זייט. זיין נאָמען האָסטו פארגעסן, אין זכרון האָט ער זיך באזעצט ווי א סימבאָל. ווי אזוי איר האָט זיך א לאָז געטאָן צו די טעפ געדענקסטו נישט צי האָט איר איינער דעם צווייטן געשטופט צעווילדעוועטע פון ריח, אָדער גאָר געשטאנען רואיק אין א ריי, ווייל עס האָט געקלעקט פאר אלעמען, געדענקסטו אויך נישט. איינגעקריצט איז געבליבן דאָס יעדינצער ייגגל — וועלכן האָסט נישט ליב געהאט ווייל אין לאנגן מיליטערישן מאנטל האָט ער אויסגעזען ווי א ישיבה-בחור און ווייל אָן זיינע רייד האָט זיך געפלאָכטן א משנה-ניגון, כאָטש קיין ישיבה-בחור איז ער קיין מאָל נישט געוועזן און קיין משנה האָט ער נישט געלערנט; אפשר האָסטו אים גאָר מקנא געוועזן, הא? — דאָס ייגגל וואָס איז געשטאנען אויסער דער ריי און געוואָרנט: איילט אייך נישט מיטן עסן, עס קאָן פארשאטן. און נאָך מער דעמלט ווען דו האָסט זיך געשטעלט צום צווייטן מאָל אין דער ריי, געוואָלט זיך פארזאָרגן מיט פראָוויאנט אויף שפעטער, אָנגעפילט דעם בלעכענעם טעלער מיט פון טינטן-פיש פארשווארצטע רייז און ער האָט געפרעגט תמימותדיק: שפעטער וועסטו עסן אליין אָדער פארטיילן דעם אינהאלט פון טעלער דער גאנצער ראָטע? ווי-מיינסטו, סע וועט סטייען?

פון דעמלט שטאמט דיין זאָרג פאר מענטשלעכן מהות? אפשר נישט נאָר פון דעמלט, זאָגט מיין טאָכטער און כ'פיל אז זי באהאלט א סוד, כאָטש עס איז נישט קיין צייט פון סודות...

...דער ייד האָט שוין דעמלט געוואוסט אז דווקא אין אזא לאגע ווי פיניעס דערקענט מען דעם מהות פון מענטש. אז אין אזעלכע פאלן קאָן מען זען צי איז ער אימשטאנד געטריי בלייבן דעם צלם אלוהים, דעם געטלעכן אָפּבליק. און דער אלטער האָט געזען. דרייענדיק זיך צווישן בענק און שטענדערס האָט ער געוואָרפן בליקן אין פּאָליש און אויף זיין אופן געקומען צו דער מסקנה אז דער אויסגעהונגערטער און אוסגעמאטערטער יונגערמאן קומט פון א יידישער שטוב; אז ער איז א ביסעלע אן אומבאהאָלפענער און אז עס איז א מצוה אים ארויסצוהעלפן. ווען פנחס האָט געהאלטן ביים ענדיקן בענטשן איז דער אלטער ווידער אריינגעקומען אין פּאָליש, צוגעווארט ביז ער האָט געהערט יברך את עמו בשלום.

— יעצט, האָט ער געזאָגט מיט א שמייכל, אז דו זעסט שוין בעסער, ווען דער הונגער טונקלט נישט מער די ראיה נעם דאָס פעקל וואָס אונטער דער באנק און קום מיט מיר. קודם גייען מיר אין באָד. ניין, ס'איז נישט ערב שבת, ס'איז נישט מער ווי מיטוואָך אָבער ארומוואשן זיך מעג מען אויך אין א וואָכעדיקן מיטוואָך. אן אכסניה האָב איך שוין אויך אויסגעפונען. די דריי רובל דיינע מוז מען וועקסלען. געב זיי מיר ביז דו וועסט זיך רייניקן וועל איך זיי ער־געץ וועקסלען אויף היזיקן געלט. נו, גייען מיר!

פנחסן האָבן דעם יידנס פאסעכן געקלינגען קאָמיש, ער האָט נישט פאר־שטאנען וועגן וואָס פאר א „וועקסלען" סע קאָן זיין די רעדע, ער האָט קיין מאָל נישט אויסגעשטעלט א וועקסל, איז אָבער דעם יידנס זינגעכץ געווען א מהפך־פשטא־דיקס, א רואיקס, האָט ער געפאָלגט.

זיך אויסגעבאָדן, אָנגעטאָן דאָס ריינע וועש, די קליידער — א ביסעלע אָפּ־געריבענע אָבער זייער ריינע — די שיך און זאָקן וועלכע דער אלטער האָט מיט־געבראכט, האָט ער א טאפּ געטאָן די קעשענע פון די אלטע הויזן יענע אין וועלכער מע האָט איינגענייט די פאָר שטיקלעך צירונג, אלץ איינגעפּאקט און ארויס פון באָד. אין פאָדער־צימער האָט שוין געווארט דער ייד, געגעבן דאָס געלט, געוואָרנט פאר צעטרענצלען, אָפּגעפירט אין אכסניה, צוויסן געגעבן אז א וואָך איז באצאָלט פאָרויס און זיך אָפּגעזעגנט.

פאראן לייטישע מענטשן. צווישן יידן ווערט מען נישט פארפאלן, האָט פנחס לייכטזיניק אונטערגעצויגן א סך־הכל. דעם יידן האָט ער מער נישט בא־

געגנט, כאָטש די שטאָט איז נישט קיין גרויסע. צו מאָל האָט זיך אים געדאכט אז ער קוקט פון א באהעלטעניש, זען ווי אזוי ער פּלאָנטערט זיך ארויס, אָבער באוויזן האָט ער געשוואוירן זיך מער נישט צו טאָן.

אין א גאָר קורצער צייט האָט פּנחס פעסטגעשטעלט אז פון די געגנטן גייט מען נישט קיין אמעריקע, אז די היזיקע יידן זוכן נישט דעם וועג וואָס פירט קיין גליקלאנד. עס האָט אויסגעזען אז דאָס לעבן דאָ, כאָטש א געאייל-טס, איז א שלום ושלווהדיקס. יידן לעבן דאָ אָן מורא אפילו אין די שטעטלעך. דאָס מחלוקת איז מיט א יונגן דור וואָס זוכט א וועג צו די שכנים. יונגעלייט גרויסע קענערס אין תנך, נישט פרעמד פון א בלאט גמרא, בקיאים אין יידישער געשיכטע, רעדן א משונהדיק לשון, זייער פארדייטשט, רייסן זיך אין שטאָט ארויס פון שטעטל מיט אטלאסענע זשיפּעצעס, שטריימלען, לאנגע לייבצודעק-לעך, פּלעשל-פּאות, לויבן דעם קיסר, האלטן אז זייער מדינה איז א פרייע, א טויזנט-יאָריקע. דער גאנצער אופן זייערער איז אים פרעמד, ער האָט אים נישט פארשטאנען. ס'איז אויסגעקומען מאָדנע יידן זאָלן רעדן וועגן דער מדינה ווי וועגן זייער אייגענער. מע האָט זיך געמוזט דעריבער פארטראכטן. האָט זיך ביי אים געשאפן א מיש מאש. ווען אייניקע האָבן, נאָך אין דער היים אין פּוי-ליש קערשאָוו, געזאָגט אז די מדינה אזא ווי זי איז טויג נישט, אז מע מוז אלץ איבערקערן, האָט עס זיך אים אויך געדאכט מאָדנע, אָבער אין א געווי-סער מאָס פארשטענדלעך. דאָס האָט ביי אים געהייסן אָן ענדע צו די שחיטות, מיט די פּאָגראָמען. אמת, אן ענדע א דערוויילעדיקע. די גרויסע ענדע איז גע-ווען אין לשנה הבאה, אין משיח'ס קומען. אין משיח'ס קומען האָט ער גע-גלייבט. א ליכטיקע וועלט וואָס מע קאָן זיך נישט פאָרשטעלן, אָבער וואָס מוז קומען און וועט קומען. אָבער האלטן אז די מדינה געהערט די יידן פונקט ווי למשל די גוים, די וואָס רעדן די שפּראך פון לאנד און גייען אין קלויסטער, דאָס האָט זיך נישט געקאָנט לייגן אויפן געדאנק. עס איז אויסגעקומען ווילד-פרעמד. אויך דער עלטערער דור און די יונגעלייט וואָס זענען געבליבן געטריי דעם בית המדרש זענען אים געווען פרעמדלעך, אָבער אנדערש. אין תוך זענען דאָס געווען פאר אים יידן וואָס טרייבן א ביסעלע איבער הן מיט זייער קליידונג, סיי מיט זייער התלהבות. סע האָט זיך אויסגעדאכט צו רעשיק, צו פּראלנדיק. מיט זיי האָט ער פארבראכט די טעג. דאָ האָט ער געהאָפט זיך דערוויסן ווי אזוי מע קאָן זיך לאָזן ווייטער אין וועג ארייַן. בלייבן דאָ איז אים אפילו נישט איינגעפאלן. זיין וועג פירט ווייטער אָן א פארוואָס. קלאָרע ענט-פערס אויף זיינע פראגעס האָט ער אָבער נישט באקומען. באמערקט האָט ער אז מע ווייסט וועגן אים מער ווי ער שטעלט זיך פאָר. מע שעצט זיין לערנען,

מע ווייסט אז ער איז א באוויבטער, אז ער טראָגט מיט זיך עפּעס צירונג וואָס
דארף אים ארויסהעלפן צו דעקן די הוצאות פאר דער נסיעה. געוואוסט האָט
מען דאָס טאקע פון אים, ווייל ער האָט דערפון קיין סוד נישט געמאכט. אז מע
האָט געפרעגט האָט ער געענטפערט. פאר וועמען זאָל ער אויסבאהאלטן? יידן
פירן זיך דאָ פּרוס, מע היט אָפּ שבת, אין די בתי מדרשים זיצן יידן, אלטע
און יונגע, און לערנען. פרייטיק צו נאכטס און שבת צו שלש-סעודות פארברעג-
גען א סך ביים רבינס טיש. מע הערט א פשטל. סע זעט אויס אז פּרנסה איז
נישט קיין הימל-רייסעניש. והא ראיה, אָט איז ער שוין דאָ די דריטע וואָך
אויף דער אכסניה און קיין געלט מאָנט מען נישט. פארקערט. מע פירט זיך
גאָר היימישער און פריינטלעכער ווי פון אָנהויב. פּרואווט ער רעדן מיט רבי
אנטשלען וועגן וועג קומט ער אָפּ מיט אן עט, ווי איינער רעדט: ס'איז קיין
פראגע נישט, מע וועט זיך אן עצה גיבן. אויך מיר אן עסק. אפילו מאָרגן.

# 4

רבי אנטשל — ביי וועלכן פּנחס האלט אכסניה — איז א הויכער, א דא-
רער, מיט איינגעפאלענע באקן, מיט א געדיכטער לאנגער רויטער באָרד און
אן עטוואָס געבויגענע פּלייצע. סע דאכט זיך אז אין זיין געבויגנקייט איז שול-
דיק די באָרד. זי ציט אים צו דער ערד. האָט ער א טאָכטער לאה, זעט זי אויס
א ביסעלע אן איבערגעצייטיקטע, דערמאָנט אין סאָרט גרויסע, געלע זאמדיקע
עפּל. אפשר איז אויך זי שולדיק אין זיין געבויגנקייט. זיין ווייב איז א שטילע,
דיקלעכע, פון איין שטיק געקנאָטענע, דאָס פּנים א קיילעכדיקס מיט א קינדע-
ריש אומשולדיקן שמייכל און אן עטוואָס איבערגעשראָקענעם בליק. אין שטאָט
רופט מען אנטשלען, אנטשל בן מלך. פּנחס האָט געפונען א פּירוש צו דעם
„בן-מלך” אין א טאָג ווען מע האָט אנטשלען אויפגערופן צו דער תורה. הערנדיק
יעמוד רבי שלמה אנטשל בן מנחם דוד און זענדיק אז אויף דעם יחוס-
בריוו ענטפערט זיין בעל-הבית מיט ארויפציען די עטרה ביז איבערן שטערן
און זיך א לאָז טאָן מיט אימפּעט צום באלעמער, איז אים קלאָר געוואָרן דער
זין פון צונאָמען: אויב דריי מאָל מלך איז קיין וואונדער נישט וואָס איין מאָל
בן-מלך. האָט ער זיך אָבער אָפּגענארט. די גירסות וועגן אָפּשטאם פון צונאָמען
זענען אין שטאָט געווען גאָר אנדערע. אייניקע האָבן געזאָגט אז ער שטאמט
פון יענע צייטן ווען דאָס קליינינקע שלמהלע האָט זיך געראנגלט מיטן טויט
דריי טעג נאָך מילה. דעמלט האָט מען אים אין שול צוגעגעבן דעם נאָמען

אנטשל אויף אָפּצונארן דעם מלאך המות און אויך דעמלט האָט זיין מוטער, עליה השלום, געריסן קברים און געבעטן אלע אבות זיי זאָלן זיך מיען פאר איר בן-מלכל. האָבן יידן צוזאמענגעפּאָרט דעם נאָמען פון שול מיט יענעם פון בית-עולם און די נעמען זענען געבליבן אויף אייביק צוזאמענגעפּאָרטע. אין שלמהען פלעגט מען זיך דערמאָנען נאָר בעת'ן אויפרופן צו דער תורה. אן אנ־דער וואריאנט איז געווען אז ווען מנחם דוד האָט געשריבן זיין טאטן די בשו־רה הנה נולד לי בן, אָט האָב איך מיר שוין פארזיכערט א קדיש, ושמו און זיין נאָמען וועט זיין צווישן יידן שלמה, האָט ער זיך געכאפּט אז פאר דעם ב'י געפינט זיך דער זעלבער נאָמען שלמה און איז שיעור נישט געפאלן חל־שות פאר שרעק און עגמות נפש. היתכן, ווי אזוי האָט ער זיך דאָס נישט אָפּ־געגעבן קיין חשבון אז א נאָמען געבנדיק זיין בכור נאָך זיין שוואָגער, האָט ער אים גאָר א נאָמען געגעבן נאָך זיין אייגענעם טאטן. דעמלט האָט דער קאָל־ער רבי געהייסן א נאָמען געבן דעם קינד אנטשל, באשוואוירן מע זאָל דעם נאָמען שלמה א צייט פארגעסן און צוגעזאָגט אז אזוי ארום וועט עס נישט זיין קיין מכשול נישט פארן זיידן און נישט פאר דעם אייניקל. יונגעלייט, נישט קיין גרויסע חסידים, האָבן אָבער געטענהט, שייך, אן איינפאל! אנטשל גאָר! פאר וואָס נייסט מלך? אויב דער זיידע איז שלמה און דער טאטע מנחם וואָלט לכל הדעות זיין יושרדיק מלך, קומט גאָר דער רבי און נארייעט אין מיטן דרינען אנטישל. צו א פשרה איז מען געקומען נאָך אין דער צייט וואָס דאָס קינד האָט זיך געפונען אין ווינדלעך און די פשרה באשטייט טאקע פון אנטשל בן-מלך.

אנדערע זאָגן אז צו יענער צייט האָט זיך אויפגעהאלטן אין קאָל א טאָפּ־טשעטער שניידער וואָס פלעגט וואנדערן איבער דערפער און דער צונאָמען שטאמט פון אים. געוואוינט געווען צו זען אין יעדן באשאף א שפיל און אין בלויע אויגעלעך א מעשהלע, האָט ער נאָכן דריטן גלעזל בראָנפן, ביי אנטישלם בן זכר, אָנגעהויבן שפּינען די געשיכטע פון ניי-געבוירענעם. געוואָלט האָט זיך אים ער זאָל רייטן אויף א ווייס פערד, ער זאָל אָפּנעמען דאָס לשון ביי פאר־חלומטע יידישע טעכטער און ווייל ער האָט געוואוסט אז נישט דער איז זיין גורל, אז זיין געשיק איז בידעווען און פארשווארצט ווערן נאָכלויפנדיק דעם שטיקל ברויט, האָט ער אויף להכעיס גאָט און זיין עקשנות צו מוטשען יידישע קינדער געבדחנט וועגן אנטשלען מיט אָט די ווערטער: „א גילדענע פאווע פליט איבערן דאָרף, דער בן מלך שמייכלט אין שלאָף, טאנצן מלאכים ליכטיק גרינג, זינגען שירה דעם פרינץ אין וויג". נאָר וואָס טויגן פארפירע־רישע געשיכטעס וועגן אנטשלס צונאָמען? זיי קאָנען נאָך דערפירן צו וואונ־דערבארע טאָפּטשעטער-שניידערישע חלומות, חלומות וואָס פאסטן אנטשלען ווי

להבדיל א חזיר אוירדינגלעך. אויב סע זענען אזעלכע יאָ געווען האָט ער פון זיי קיין מאָל נישט געוואוסט און צו זיי קיין מאָל נישט געטראַכט. זיין פּרנסה און זיינע דאגות האָבן אים געהאַלטן נאָענט צו דער ערד. האָט ער אויף איר געפּויזעט, זיך געוואָרפן און געשלענגלט ווי אַן אָרעם ווערימל. א מעקלער, פלעגט ער זיך אָנלויפן א טאָג וויפל יאָקל באַלעגאָלעס בלינד פערד, נאָר פּר-נסה פלעגט ער ברענגען ווייניקער. ווען מע האָט אים נאַרייעט דעם יונגערמאַן אויף אכסניה און דערצו נאָך געגעבן אַן אדערויף, האָט ער געטראַכט, מילא. מיט דער צייט אָבער האָט זיך ביי אים אין מוח אָנגעהויבן דרייען א געדאַנק און געמוטשעט ווי א קאָמאַר אין זומערדיקע נעכט. און אנטשל בן-מלך האָט פון צייט צו צייט אָנגעהויבן אריינוואַרפן א וואָרט, געבן אַן עצה, שטעלן א פראַגע, ווערן לאַנגזאַם, אויסגערעכנט, מיט עקשנות א נייע פּערספּעקטיוו פאַר דעם פרעמדן יונגערמאַן.

— וואָס טוט זי דאָרט אליין די עגונה? האָט ער געקאָנט פּלוצים א פרעג טאָן.

— וועלכע עגונה?

— וואָס הייסט וועלכע? דיין פּלוניתטע.

— וואָס הייסט, האָט זיך פּנחס געוואונדערט, כ'האָב זי דען איבערגע-לאָזט אויף אייביק?

— אזוי גאָר, נישט אויף שטענדיק? וואָס דען, נאָר אויף א יאָר פּופּציק? אָדער:

— וואָלט אפשר געווען א סברה ארייננשיקן א גט. זאָג אליין, ווי קאָן קומען די קאַץ איבערן וואַסער? זי דאָרט, דו דאָ.

— כ'טראַכט נישט בלייבן דאָ.

— איז דאָך על אחת כמה וכמה.

צי גאָר:

— וואָס פאַר א זין האָט זיך פונסניי לאָזן אין וועג?

— זיך אומקערן, האָט זיך געשראָקן פּיניע.

— ווער זאָגט אומקערן זיך?

— וואָס דען?

— זיך צו עפּעס נעמען, א טראַכט טאָן טאָלק, זיך איינאָרדנען. א ווייבל פאַר אזא יונגערמאַן ווי דו קאָן מען געפינען אויך דאָ. אין קאָל האָ.ן זיך די בתולות נישט אויסגעלאָזט, און א גרוש, אַן אָפּגעניצטער מוז נישט זיין דווקא אַן איבערקלויבער.

פּאַוואָליע האָט פּנחס פאַרשטאַנען אז אנטשל האָט גאָר א פּלאַן, און זיין פּלאַן זעט אויס צו באַשטיין פון אים פאַרקנסן מיט זיין אייגענער איבערגעצייטיק-

טער טאָכטער לאה. לבן, האָט ער געטראַכט און זיך געוואונדערט ווי ווייניק יידן האָבן זיך געביטן. אזוי האָט זיך אנטשלפט הכנסת אורחים פאמעלעך ארויסגע-וויזן נישט קיין מצוה לשמה. דאָס וואָס עס איז געשען ווייטער אין פרעמדן לאנד איז געבליבן פארווישט, אן אָפגעבליאקעוועט בילד, א שמוציקע לייוונט אויף וועלכער סע פּראָיעקטירן זיך פון דער פארקערטער זייט משונהדיקע געשטאלטן.

סע טוט מיר באנג, זאָגט מיין טאָכטער מיט אן אומגעוויינטלעך ווייכער שטי-מע, סע יאָגט אָן אן אומבאשטימטן טרויער, א רחמנות אזא מיטן זיידן פנחס. ער האָט נישט געהאט די געלעגנהייט צו זען גאָיאס קאפריזן. חוץ מלאכים געצייכנטע אויף אינעוויינינקסטע טעוועלעך האָט ער כמעט קיין מאָל קיין בילד נישט געזען. אז מע גיט א טראַכט וויפל געדאנקען און פאנטאזיע עס האָבן אין אים געוועקט די קרומע אָדער עטוואָס פארקיילעכדיקטע ליניעס כאפּט אָן א שרעק פארן אָנגעהויער מיטלען וואָס גאָט באנוצט אויף אָפצוהרגענען איי-דעלע נשמות, אויף זיי צו פארקריפּלען טרייבערנדיק די אָדערן לעבעדיקערהייט. אפשר דערפאר שווימט ארויס פון זכרון-נעפל נישט מער ווי א געשיכטע וואָס סאמעוועט ווי צוויי טראָפּן וואסער מיט דער וועגן יוסף און פוטיפרס ווייב.

מיין טאָכטער לאכט, קלינגט א צוריק-מיט-צוואנציקיאָריק גלעקל, אזוי לאכט אן אכט-יעריק מיידעלע. אויף מיין וואונדער ענטפערט זי מיט א פראגע: פארשטייסט נישט? פון דיר לאך איך, טאטעשי. דאָס וואָס מיט דיר איז גע-שען, איז מיר קיין שאָד נישט. דו האָסט יאָ געהאט די געלעגנהייט צו זען. דיין שטראָף, נישט צו זען, האָסטו כשר פארדינט. זאָג, וואָס איז דיר געבליבן פון יענעם באזוך אין לוואור? געטראָגן האָט דיך אן אומבאשטימט, געבענטשט זוינטל, דאָס זעלבע וואָס האָט דיך טויזנט מאָל צופעליק געטריבן אין דיכטונגען וועלכע האָבן זיך ווי נישט ווי ארויסגעוויזן, אָדער אויסגעלאָזט גוטע, אָדער ווי דו וואָלסט געזאָגט ריכטיקע. פארבייגעגאנגען לייכטזיניק לעבן טולוז לאָטרעק, אָן געפיל לעבן מאנע, נישט וויסנדיק לעבן וואן גאָג. ס'איז נישט קיין פאָרוואורף. נישט יעדער מוז קאָנען זען. פאר נישט קאָנען זען משפּט מען נישט. פאר נישט וועלן און אויך אנדערע נישט לאָזן, פארווערן אזוי ווי עס האָט געטאָן דיין געוועזענער גאָט מיט אפּאסיאָנאטא, איז עפּעס אנדערש-אָבער ווער וועט זיך עס נעמען משפטן פאר בלינדקייט? איז דען נישט גענוג די גרוייזאמע שטראָף? וואָלסטו גאָרנישט געווען געזען איז מילא. סע געשעט מיט הונדערטער טויזנטער. האָסטו אָבער יאָ געזען. און געזען האָסטו א ייִנגע-לע וואָס זוכט לייז אין שוים לעבן א מיט זון אין שאָטן פארפלייצט הויז.

נישט א טראכט געטאָן א קוק טאָן וועמענס נשמה ליגט אין פארב, זון שטריך און צווייפל. וועמענס איז דער הייליקער ציטער? געקוקט פארכאפּט און געזען אָנפארביקע, שטריכנלאָזע סאציאל-פּאָליטישע באציאונגען. ערשט ווען די אמעריקאנער, אָדער ענגלישע טוריסטן — צו יענער צייט, אין די דרייסיקער יאָרן, צום ציילן אויף די פינגער, געקליבענע פול-בייטלדיקע סנאָבן — האָבן א שפּיי געטאָן, ווייל דאָס קינד איז קבצניש, האָסטו דיך געבויגן צום מעשענעם בלעכל, איבערגעלייענט: מורילי‌אָ. זיך נישט פארטראכטנדיק פאר וואָס, איז ער געוואָרן דיינער און זיי, די טוריסטן, וועלכע זענען נישט ווערט געווען מער ווי העכסטנס ביטול האָסטו געשענקט די הייליקע שנאה וואָס קומט דעם אימפּעריאליזם. נו, זאָג אליין איז עס נישט צום לאכן? ווען דו האָסט געזוכט מיט פּערציק יאָר שפּעטער דאָס זעלבע הויז מיטן ייִנגעלע, האָסטו געפונען אן אנדערס, וואָס זוכט גישט קיין לייז אין שוים, האָסטו דערזען טאָג און נאכט. צו טונקל האָט זיך דיר געדאכט די נאכט, מורילי‌אָס שרעק פארן טויט, צי נאָר פאר זיין שווארצקייט האָט דיך איבעראשט. אָבער דאָס איז געשען שפּעטער, ווען זיך יאָ פארטראכטנדיק האָסטו אָנגעהויבן נאָכגיין דער ירושה פון ייִדן. וועגן דער באציאונג צו איר אן אנדער מאָל. אצינד זענען מיר דאָך טאקע ביים ייִדן אויפן וועג צוריק.

צוריק איבערן טייך פּרוט איז ער אריבער אָן א גראָשן געלט און אָן דעם ווייבס צירונג. וויפל פון דעם עס איז געבליבן ביי אנטשלען פאר אכסניה און קעסט און וואָס עס האָבן צוגענומען די צארישע זשאנדארן נאָך דעם וואָס זיי האָבן אים אָפּגעהאלטן דריי טעג אין פּיין און שפּאָט האָט ער קיין מאָל נישט געוואוסט. געראטעוועט האָבן אים ווידער די ייִדן פון סעלעץ, אָבער אנדערש ווי דאָס ערשטע מאָל.

זייער באנעמען זיך איז געווען אן אינדערמיטיקס, צווישן רחמנות און חוזק: אן אומבאהאָלפענער נעבעך, אָדער א ווילדער שלים-מזל. און פּיניע האָט געאיילט פארלאָזן דאָס שטעטל, זיך אומקערן אהיים. צו וואָס ער קערט זיך אום איז אים נישט געווען קלאָר. פונקט ווי זיין ביז איצטיק וואנדערן איז אויך די היים געשטאנען אין א נעפּל. אומגעלומפּערט האָט אצינד אויסגעזען אויך דער אָנהייב פון זיין נסיעה.

מיין טאָכטער עפנט ווידער א פּאראנטעז: געדענקסט טאטע וויפל לייבטער וואוילייגערישער חוזק סע פלעגט זיך באווייזן אין זיינע מיט צוויי מיליאָן דריבנע קנייטשן געשמינקטע אויגן ווען ער האָט דערציילט וועגן דער זעלבער נסיעה א באוואָפנטער מיט חכמת זקנה, מיט דער טיפער קלוגשאפט פון

זיינע דריי און אכציק יאָר? די נסיעה איז מיט דער צייט געוואָרן דאָס שענסטע בלאָנדזעניש, דאָס אין באוואוסטלאָזיקייט וואונדערבארסטע וואָגלעניש.

— פון וואנען ווייסטו?

— וואָס זשע כ'האָב דעם זיידן נישט געקענט? אָבער דאָס איז געשען שפּעטער. דעמלט, ווען דאָס יאָרהונדערט האָט געציילט די יאָרן מיט איינסן און צווייען, דעמלט ווען ער האָט קיין נעכטן כמעט נישט געהאט און דער מאָרגן איז געווען נישט מער ווי א פארלענגערטער היינט, ווען ער האָט געשפּאנט מיט בלוטיקע פיס אויף א וועג וואָס האָט געהייסן אהיים, דעמלט האָבן זיך געדרייט אין קאָפּ רויטע, ווייסע, געלע און גרינע פראגעצייכנס. וואוהין, וואָס, ווען? וואָס האָט אים באוואוינגן דערצו? די נויט? די אָרעמקייט? דאָס איז א קללה פון וועלכער מע ווערט פּטור דורך נסים און וואו איז געהערט געוואָרן מע זאָל נאָכלויפן נסים? די פּאָגראָמען וואָס האָבן געבושעוועט אין די שכנותדיקע שטעט און שטעטלעך? די היידאמאקעס און שווארץ-מאהניקעס זענען צו אונדז נישט דערגאנגען. אמת, אויך אין פּויליש-קערשאָוו האָבן זיך באוויזן פּליטים, אָנגעבראכט דעם שטויב פון חורבן, א שווערן ריח פון שרפות. וואָס זשע האָט דאָס צו טאָן מיט לויפן? פון וואנען איז געדרינגען אז דאָרט וואוהין מע לאָזט זיך איז מען באהיט פון שווארץ-מאהניקעס? אָט בין איך געלאָפן אהין, אָט לויף איך צוריק.

מיט אזעלכע און אנדערע פראגעס האָט זיך פּנחס געראנגלט דעם לאנגן וועג אויף צוריק. אָנקומענדיק צום פּלאץ וואו סטעזשקעלעך באגעגענען זיך און צעלויפן זיך אין פארשיידענע ריכטונגען בארג-ארויף, דאָרט וואו ער האָט זיך מיט א יאָר אָדער וויניקער צוריק אָפּגעזעגנט פון פריינד און שטעטל, האָט ער זיך צוגעזעצט. זיצנדיק ווערן די געדאנקען געלאסענער, קלאָרער. זיצנדיק זעט דאָס אומגליק נישט אויס אזוי גרויס. שמייכלט ער ביטערלעך דעם פויער און דעם יונגערמאן וואָס פרעגט: וואו איז דער וועג קיין גליקלאנד? קוקט ווי א זייטיקער אויפן פארלויף פון זיין וואנדערן, אויף די באזאָקנטע, באזשיפּעצעטע, כפל-שמונהדיקע יידן מיט לאנגע פלעשל-פּאות, פרעמדע אים און ווי אים דאכט זיך אצינד, אויך זיך אליין. די דבקות האָט אין זיך עפּעס שאָטנדיקס, א באהעפטונג מיט גאָרנישט. יונגעלייט מיט פרעטענזיעס אויף געפונענע לייזונגען, בלאָנדזענדע באלונען אין א בלויען סטעפּ. קיין איין כמארעלע וואָס זאָל ווייזן א וועג, וואָס זאָל זיין אן אָנשפּאר. אנדערש זעען אויס די רענדארעס מיט קי און קעלבלעך. נישט געשווירענע, באוואקסענע, א ווילדער דיוועלטיקער צוזאמענגוס פון טשופּרינע-באָרד-און-פּאות, קנעטנדיק בלאָטע מיט שווערע שטיוול, אן ערד וואָס שלינגט זיי איין ווי איר אייגנס. לייטישע עמי-

הארצים וואָס זאָגן קדיש איין מאָל אָדער צוויי מאָל א יאָר, דינגען זיך א גאנצן חודש פאר ימים-טובים ווער סע זאל פאָרן אין שכנותדיקן שטעטל ברענגען א ספר תורה. יעדער וויל מכלומרשט דעם כבוד און איעדער טראכט הלוואי זאָל דער גורל פאלן אויף אן אנדערן. דערציילט מען דאָך וועגן אזוי פיל שווידערלעכקייטן וואָס האָבן געטראָפן יענע וועלכע האָבן אויף זיך גענעמען דאָס אחריות אראָפּצוברענגען מיט זייער פערד און וועגעלע א ספר אין דאָרף אריין, ווער קאָן ערב זיין אז די פערד וועלן זיך נישט ספּאלאָשן, אז סע וועט ניט ברעכן אן אקס אָדער א ראָד. שיקן אבי וועמען קאָן מען אוודאי און אוודאי נישט. דאָס זעלבע מיט דעם צימער פארן אימפּראָוויזירטן ארון קודש, פאר דעם פאָר-וואָכן-שולעכל, און דאָס געפינען זיך אונטער איין דאך מיטן קדשי קדשים. ווען אלץ איז גרייט זאמלען זיך יידן פון עטלעכע דערפער, דאוווענען מיט מורא — די זעלבע מורא ווי בשעת א פּארפלייצונג, אָדער אן ערד-ציטערניש און דאָס נאָר דערפאר ווייל דאָס דאָרפישע ארון קודשל ברענגט זיי נאָענט א פּאָרכטיקן אל מלא רחמים — שרייען מיט אלע כוחות שפוך חמתך נישט ווייסנדיק פאר וואָס און אויף וועמען. צו אָט דעם מין יידן ציט אים. אָבער ווי אזוי קומט מען צו זיי? פרעגן דעם טאטן? א שוואכער עצה-גיבער. אָט זיצט ער דער זיידע נה לעבן אים, שוין איבער א שעה און רעדט קיין וואָרט נישט.

— כ'רעד דווקא יאָ, נאָר דו האָסט קיין אויערן נישט צום הערן.

— וועמען זוכסטו, טאטע.

— וואָס הייסט וועמען? כ'בין געקומען מקבל פּנים זיין.

— פאר וואָס דאָ? די פראגע קומט אויס אומגעלומפּערט. קאָן מען דען עמעצן פירשרייבן דאָס פּלאץ וואו ער זאָל קומען באגעגענען? איבערהויפּט דעם אייגענעם טאטן? זיך פארבענקט, האָט ער זיך געאיילט. כאָטש זיין פארבענקען זיך איז נישט אין גאנצן בסדר, א נישט געוויינטלעך געפיל ווען אלע בלייבן ארום דיר, קיינער רירט זיך נישט פון פּלאץ. דאָס בין איך געווען דער ערשטער. ווייזט אויס זיך אָפּגענארט. אונטער דער אויבערפלעכלעכער גלייכגילטיקייט באהאלט זיך גאָר א מענטש פול בענקעניש. פּיניע וואָלט געדארפט פארגוטיקן זיין אומגעלומפּערטע פראגע קומט אים גאָרנישט אויפן רעיון.

— דאָרט, אויף יענער זייט טייך, אין אונדזער שטיבל איז אויפן הארצן נישט זייער מקבל-פּנימדיק. די ווערטער ארויסגערעדטע ווי פון יענער זייט טייך. ווארפן אָן אויף פּנחסן א שרעק. ווייזט אויס אז פאר דער צייט וואָס ער האָט געפעלט איז אין דער היים געשען עפּעס שרעקלעכס. אצינד כאפּט ער זיך אז פאר דער גאנצער צייט איז אים די היים אויסגעקומען ווי א נעפּל פון וועלכן עס האָט זיך גאָרנישט אויסגעשיילט. אלץ איז געווען פארווישט. ער האָט נישט

געטראַכט צום ווייב, צו שוועסטער און ברידער, אפילו נישט צו דער מאַמען. עס איז געווען אַן אָנפּנימדיק געמיש פון זיך באַוועגנדיקע שאָטנס ארום גע-הויקערטן שטיבל. זיכער איז געשען עפּעס שרעקלעכס. דערפאַר איז דער טאַטע אַזאַ שווייגנדיקער.

— וואָס איז געשען?

— וועסט אָנקומען, וועסטו זען. לעת עתה זאָג ווי עס האָט אויסגעזען די נסיעה.

— כ'האָב שוין דאַכט זיך אַלץ געזאָגט.

— הייסט עס ווייניק וואָס צו זאָגן. וואָס זשע בלאָנדזעסטו ווייטער, פרעגט ער נאָך אַ ווײַלע.

— דאַכט זיך כ'האָב געפונען.

— עס זעט אויס אַ שטות, זון מײַנער. דער „זון מײַנער" איז געקומען אין גאַנצן אומגעריכט. פּנחס האָט אַנטדעקט אַז ער איז גאָר בײַ זײַן טאַטן אַ בן יקיר און טרערן האָבן זיך אים געשטעלט אין האַלדז. אָן ערד, האָט ער ווייטער גערעדט געלאַסן, עטוואָס טרויעריק, אָן אַ שטוב האָסטו גאָרנישט געפונען. אפשר אַ דרדקי מלמד איבער צען דערפער... ס'איז אויך אַ מין תכ-לית... אָבער נישט מער ווי אַ דרדקי מלמד.

— אפשר וואָלט מען טאַקע דערמיט געקאָנט אָנהייבן. ניין פון איין דאָרף אין צווייטן דורך וועלדער, דורך מיט פּרוכטן באַלאָדענע סעדער. פּנחס ציט די געדאַנקען אין ריטעם פון אַן אייביקן שפּאַצירגאַנג. דער פאָטער זיצט לעבן אים און שווייגט כמעט טרויעריק. וואָס קאָן מען זאָגן אַ מענטשן וועלכער איז נאָך אַזאַ נסיעה געקומען צו אַזעלכע מסקנות? שווייגט ער אַ שעה, אַ טאָג צי גאָר צוויי. פון הימל גיסט גאָרנישטזאָגנדיק ליכט, רינט אָן אַ סוף.

— כ'האָב געמיינט, זאָגט דער פאָטער מיט אַ קרעכץ, בנעימות, אַז בײַ עזריאלן וואָלסטו געקאָנט לערנען שחיטות.

די הויט ציטערט, דאָס האַרץ שוואַכט. שחיטות. דאָס וואָרט אַליין טראָגט אין זיך אַ שוידער. פון אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיט כלי-קודש יאָגט אַ נישט אָנגענעם געפיל. אַ שפּינוועבס מיט גרויסע טויטע פליגן און דורכזיכטיקע קליייניקע באַשעפענישן, אָנבלוטיקע, אויסגעהוילטע פון לעבן, אַ רחמנות און אַן עקל. מער פון אַלץ דערמאָנט אין דעם שחיטות.

באַרג אַראָפּ, צום טײַך האָט זיך פּנחס געלאָזט אַליין באַגלייט פון דער אונ-טערגייענדיקער זון. ער האָט זיך געאײַלט נישט פאַרשפּעטיקן דעם לעצטן פּאַראָם.

# 5

די מאמע האָט א צי געטאָן צו זיך, א קוועטש געטאָן, באהאלטן דאָס פּנים אין די עקן פון קאָפּ-טיכל. די עלטערע שוועסטער איז געזעסן מיט א קינד אין שוים. אויף איר פּנים האָט גערוט דער טויט, איר בליק האָט פארלוירן דעם כוח פאר פאָרוואורפן. געענדיקט אירע חשבונות מיט דער וועלט האָט זי געקוקט אָן רחמנות אויפן יינגעלע וואָס אויף די הענט און געטראכט ווי צו א בייז וואונדער צום באשעפעניש וואָס אין בויך. די קלענערע שוועסטער איז אויסגעוואקסן. די שטריכן זענען געוואָרן הארטע, דער בליק א מאנצבילישער. די ברידער האָבן נישט געוואוסט וואָס צו טאָן און צירל, דאָס ווייב זיינס, איז געשטאנען לעבן א וואנט, זיך נישט גערירט פון פלאץ ווי א פארכישופטע. זייערע בליקן האָבן זיך באגעגנט. אירער האָט געזאָגט: אויב שוועסטער און ברידער אזוי, וואָס קאָן טאָן איך, א פרעמדע? פאר אלעמען איז זיין אָנקום געווען אומדערוואַרט, א סורפּריז פון דער פינצטערער נאכט. נאָר פאר זיין טאטן נישט.

— וואָס האָב איך דיר געזאָגט? האָט דער טאטע געריסן די שטילקייט מיט פון שטילקייט שטילערע רייד. צוריקגעקומען, הייסט עס. כמעט אזוי ווי אין פּסוק שטייט, נאָר פארקערט: בגפּו יצא בגפּו יבוא, אוועק אליין און געקומען אליין. איז זאָל זיין ברוך-הבא און זאָל עס נעמען אן עק! אוים רעש!

קיין געפּילדער איז נישט געוואָרן.

*

מיין טאָכטער, מיט דריי פירטל יאָרהונדערט אין שוים, שווייגט א רגע א פארחלומטע. כ'האָב דעם איינדרוק אז דער שפּאציר אין אומבאקאנטע צייטן געפעלט איר. אן אויסגעטראכטע וועלט טראָגט מען איבער לייכטער. נו, זאָגט זי, דו שווייגסט. וואָס זאָל איך זאָגן? אויב דו ווילסט א מיינונג וואָלט מען געדארפט פרעגן דעם זיידן. פאר וואָס? דער יידישלעכער טאָן פון איר פראגע וואונדערט מיך. דער ריטעם דאכט זיך דיר א צו לאנגזאמער? ביסט א טיפּש, טאטע, לאכט זי ווי א גרויסע. דער ריטעם איז דאָך קיין מאָל דער זעלבער און אונדזער שפּאציר איז דערוויילׂ אין יענע יאָרהונדערט-קאנטן ווען מע האָט געלעבט פּאמעלעך, ווען מע איז געפאָרן מיט אן איין-פערדיק-געשפּאן.

דאָס וואָס זי רופט מיך טיפּש, הארט מיך נישט. כ'וואָלט געזאָגט פארקערט. סע פארשאפט מיר פארגעניגן. ס'איז איינער פון די ווייניקע אויסדריקן וועלכע זי קאָן ארויסזאָגן אויף יידיש. ס'איז אפשר א פעלער וואָס כ'האָב זי נישט

געלערנט יידיש, און אפשר ווידער נישט. מאמע לשון לערנט דיך קיינער נישט. מע ווערט דערמיט געבוירן. אויב נישט פון געבורט איז עס א שפראך ווי אלע אנדערע פון וועלכער געוויסע אויסדריקן ווערן נאָענט אָן א פארוואָס. אָט נעמט מיך. ענגליש קען איך נישט אָבער „אי עם סאָרי" כאפט זיך ביי מיר ארויס פונקט ווי א „רוח אין דיין טאטן".

ניין, זאָגט זי פלוצים וואוילייגנעריש, אייגנטלעך וויל זיך דיר כ'זאָל אי־בערהיפערן א פארפירעריש געשעעניש, און דאָס נאָר דערפאר ווייל ס'איז אויף אזוי ווייט מענטשלעך אז סע קומט דיר אויס א פחיתת הכבוד.

די ראשי־תיבות האָבן זיך צעצויגן איבער דער גאנצער ברייט פון בלאט. פה נטמן.... דאָ איז אלץ חוץ פחיתת הכבוד.

*

כאָטש א מידער און אויסגעמאטערטער האָט פנחס אין יענער נאכט נישט גע־קאָנט איינשלאָפן. נישט דאָס וואנדערן כמעט א גאנץ יאָר אָן שום פעולה האָט איב געמוטשעט און אויך נישט די גערדאנקען וואָס וועט זיין מאָרגן, מיט וואָס וועט ער אָנהייבן זיין ווייטערדיק לעבן. ניין. ליגנדיק אין דער שטאָק-פינצטער אויף א שמאָלער „סאָפקע" האָט ער זיך אין יענער נאכט דערוואוסט דעם אמתן מהות פון וואָרט ויחמוד. ער האָט געטאָן טון גלוסטן צו צירלען מיט אלע אברים און די גלוסטונג איז געווען א שרעקלעך בשר-ודמישע. איבערהזרן איין מאָל און נאָך אמאָל קריאת שמע האָט גאָרנישט געהאָלפן. „תהי מטתי שלמה" *) זענען נישט געווען די הארטע ברעטער אויף וועלכע ער האָט זיך געקאָרטשעט און געשליידערט ווי א באזעסענער, אָדער אויף וועלכע ער איז געלעגן אין היץ מיט אָפענע אויגן. דער הייליקער שפרוך איז נישט אימשטאנד געווען צו פארטרייבן זינדיקע גע־דאנקען. דער קוש וועלכן פוטיפרס זינדיק ווייב לייגט אויף יוסף'ס צעריסן העמד איז א הייליקער און די פרומע זיך אין שטראלן באָדנדיקע בת-שבע איז נישט מער ווי א פרויענצימער וואָס יאָגט גערדיכטע געבליטן אין פארשטיי־נערטע אָדערן פון א נעבעכדיקן אלטן מאן. א טויזנט-פאכיקע שולמית טאנצט אין טויזנטצימערדיקן שלמה פאלאץ און אויפן אָרט פון „המפיל חבלי שנה" **) שעפטשן די אויסגעדארטע ליפן „על משכבי בלילות בקשתי את שאהבה נפשי" ***) מיט שטילע טריט איז ער ארויס פון דושנעם

---

*) זאָל מיין בעט זיין אומבאפלעקט.

**) דער וואָס הילט מיין שלאָף אין א זיס געשפין.

***) אויף מיין געלעגער אין די נעכט לעבץ איך נאָך דעם וואָס מיין נשמה ליבט.

צימערל אין וועלכן עס האָבן געכראַפּעט און געקרעכצט כמעט א מנין נפשות. די פרישע לופט, דער טיפער באַשטערנטער הימל האָבן געקילט די געבליטן. א הייסער אָטעם האָט זיך געשלייכט, זיך פאַרגנבעט אויף שפּיץ פינגער דורך דער נאַכט, און די נאַכט איז געוואָרן סודותדיק ווי א אין קוסטעם באַהאַלטענע. צירל האָט זיך דערנענטערט מיט לאַנגזאַמע טריט און שעמעוודיק א קוש געטאָן. איינגעהילט אין שאָטנס האָבן זיי זיך — פאַר יענע צייטן און פאַר יענעם שטעטל — נישט יידישלעך באַהעפט. ווען צירל האָט זיך צוריקגעשלייכט אין צימער און ער איז געבליבן אליין, האָט זיך אים געוואָלט אַוועקלייגן זיין אויסגעשעפּטקייט אויפן טרעפּן־שטיין, זענען געקומען אויפן געדאַנק יעקב מיט רחלען. דעמלט האָט ער פעסט באַשטימט אז דאָס איינציקע וואָס בלייבט צו טאָן איז זיך לאָזן אין יענע געגנטן וואו סע הערשט — לויט אים האָט געדאַכט — רו, און וואו דעם מענטשנס הענט און געצייג זענען געבענטשט מיט אבותדיקער פשטות און זעליקער צופרידנקייט.

...דאָס לערנען ביי עזריאלן האָט זיך אַרויסגעוויזן א כמעט אָנגענעמע באַשעפטיקונג. אפשר ווייל מע האָט נישט געדאַרפט זיצן אין שטוב וואו פון ווייס געקאַלעכטע ווענט און נאָך ווייסער איבערגעצויגענע קישן האָט געטריפט ווייס בלוט. ריין געוואַשענע אָרעמקייט, מיט ווירדע געטראָגענע דחקות, מיט שוואַרצע דינגען באַזוימטער כבוד, מיט א צווישן קרעכץ און שאָדן־שמייכל געפּטרטער מיטאָג און דער שוועסטערס צאַפּלדיקער בליק זענען געווען שווערער איבערצוטראָגן איידער דאָס אָפּשטעלן עזריאלס פאַרזשאַווערטע חלפים. און עזריאל — א ביינערדיק יידל מיט א גרויסן גאָרגל־קנאָפּ — האָט נישט פאַרגעסן דערמאָנען אז לערנען לערנט מען געוויינטלעך אויף אייגענע חלפים, נאָר וואָס איז ער נישט גרייט צו טאָן פאַר נח'ס זון? דאָס אָפּשטעלן די חלפים איז געווען עפּעס נייעס. אַרויסבאַקומען ווירעדיק גלייכע שמאָלענקע זייטלעך און א גלאַטע שאַרפקייט אויף וועלכער דער נאָגל גליטשט ווי דער בליק, פלעגט אים דערמאָנען די טעג וואָס ער האָט פאַרבראַכט, בעת זיין וואַנדערן, אין שטוב פון א קאָוועל. א ייד מיט אן אויסזען פון א ציגיינער, פלעגט ער זינגען למנצח דרייענדיק אויף דער קאָוואַדלע אן אָנגעגליט שטיק אייזן פון וועלכן ער האָט אויסגעהאַמערט דינע בלעטער ארום קיילעכדיקע טרויבן. זינגט מען א למנצח, מוז דער חומר זיך אונטערגעבן, פלעגט ער זאָגן אונטערטראָגנדיק א פאַרשוויצטער, קינציק לויט זיין ווילן געקנאָטן אייזן. שווערער איז געווען די ערשטע שחיטה פון אן עוף און נאָך שווערער די ערשטע בהמה. עזריאל האָט זיך אָבער אויך אויף דעם

געביט ארויסגעוויזן — ווי מע וואָלט זיך אויסגעדרוקט אין אנדערע וועלטן — א געניאַלער פּעדאַגאָג, כאָטש דאָס וואָרט און דער באַגריף זענען אים געווען פרעמד. און אפשר איז די באַהויפּטונג לגבי עזריאלן א זינדיקע. צו געניט האָט ער זיך גענומען צו פּנחסן אַז מע זאָל קאָנען אָננעמען דעם געדאַנק אַז עזריאל האָט אין גאַנצן איגנאָרירט דעם באַגריף פּעדאַגאָגיע. ער האָט זיך דער־לויבט גיין אַזוי ווייט ביז זיך טיילן מיט מיינונגען וועלכע מע וואָלט געקאָנט באַטראַכטן אַלס כופר בעיקרדיקע. פליישׁ לכבוד יום טוב און שבת, האָט ער גע־קאָנט פּלוצים א זאָג טאָן גלייך עס איז אים אין יענעם מאָמענט איינגעפאַלן, איז א מצוה. פרעגט זיך ווי אַזוי האָט געקאָנט דער רבונו של עולם, דער מלא רחמים דערקלערן אַלס מצוה דאָס אוועקקוילענען זיינע באַשעפענישן, און דער־צו נאָך באַשטימענדיק וועלכע יאָ און וועלכע נישט? הייסט עס אַז דערצו האָט ער זיי טאַקע ווייזט אויס באַשאַפן, איז דאָך באמת א גליק צו זיין א שוחט. שייך א גליק זאָגסטו? פּירט ער ווייטער דעם שמועס גלייך נישט ער, נאָר פּנחס שטעלט די פראַגע. אוודאי א גליק. אין פאַרגלייך מיט די וואָס הרגענען און קוילענען זיך איינער דעם צווייטן איז עס דאָך באמת א ברכה. דו וועסט דאָך נישט לייקענען אַז אויך מלחמה איז פון גאָט. ווי פיל מאָל האָט ער אַליין, בכבודו ובעצמו, געפירט אונדזערע אבות אין מלחמה? איז דאָך א סימן אַז דאָס איז געווען זיין ווילן, וואָס זאָג איך, זיין ווילן? זיין הייליקער ווילן. איז אויב מיר האַלטן שוין יאָ דערביי איז דאָך טאַקע א גאָר גרויס גליק וואָס אויפן אָרט צו הרגענען מענטשן פאַלט אויס אויף אונדזער גורל נישט מער ווי שעכטן יעדע וואָך א פּאָר הונדערט עופות און סך הכל איינע אָדער צוויי בהמות. פאָלג מיך פּנחס — זינגט ער האָט אָנגעהויבן ביי אים לערנען שחיטות האָט אים עז־ריאל מער קיין מאָל נישט גערופן פּיניע, נאָר שטענדיק פּנחס — פאָלג מיך אַז כ׳זאָג א גליק, איז עס נאָך צו ווייניק. אָדער: אָפּהאַקן דאָס קעפּל אַזוי ווי סע טוען די אומות העולם, להבדיל, איז טאַקע רציחה, עס איז עפּעס אַמין רציחה לשמה. מאַכן א ברכה און א לייכטן פּיר טאָן מיטן חלף האָט אין זיך אייגנטלעך קיין שום ווילדקייט נישט. פאַרקערט, ס׳איז אפשר א תיקון. איי נזירים, אַזעלכע וואָס עסן קיין מאָל קיין פליישׁ? קומען מיר ווידער צו דעם זעלבן. אויב אויף נזי־רים שטייט די וועלט איז א סימן אַז נישט זיי זענען דער עיקר, אַז דער עיקר איז די וועלט, דאָס הייסט טאַקע יענע וואָס עסן יאָ פליישׁ. היוצא מזה — שעכ־טן איז א מצוה. נאָך אַזעלכע רייד פלעגט עזריאל פאַררייסן דעם קאָפּ, לאָזן דעם קנאָפּ שפּאַצירן א פּאָר מאָל לענגאויס דעם דינעם האַלדז און פאַרענדיקן ביטערלעך: יאָ, א מצוה... און פּיניען פלעגט אָנכאַפּן אַן אומבאַשטימטע רחמ־נות אויף ביידע.

ווען עזריאל האָט פעסטגעשטעלט אַז פאַר זיין תּלמיד דערגענטערט זיך די צייט פון סמיכות, האָט ער אים געגעבן פּליקן די געקווילעטע עופות. נישט אַזוי צוליב די פעדערן ווי צוליב געוואוינען אים מיט גסיסה־ציטער וואָס שלאָגט ווי אַן עלעקטרישער שטראָם דורך דעם אייגענעם פלייש. ער האָט אים באַפוילן האַלטן דעם קאָפּ פון דער בהמה, אַליין פאַרזאָמט מיטן שניט ווייל ער האָט גע־דענקט ווי אַזוי דער בהמהס איבערגעקערטער דערשראָקענער בליק ליימט די האַנט.

נאָך אַ צייט אין וועלכער עזריאל האָט איבערגעלאָזט די גאַנצע אַרבעט אויף פּיניען האָט ער אים אין אַ טאָג גערופן אויף אַ שפּאַציר אויסערן שטעטל. אָנגעקומען אויף דער טאָלעקע האָבן זיי זיך צוגעזעצט אויף אַ בוים־פּענעק, גע־קוקט צו פּאַשענדיקע גענדז און קי. זעסט פּיניע, האָט עזריאל געזאָגט אים אָנ־רופנדיק אַזוי ווי אַצינד האָט אים גערופן נאָר צירל, זעסט ווי שיין זיי זענען די באַשעפעניש? ס׳איז אַ גאָטס וואונדער. מע זאָגט נאַריש ווי אַ בהמה, טעמפּ ווי אַ גאָנער. סע זאָגט זיך נאָר אַזוי. קוקסט זיך איין אַ ביסעלע אויפמערק־זאַמער איז נישט מעגלעך זאָלסט נישט אַנטדעקן דאָס וואונדער וואָס ליגט אין זיי. ס׳איז ליב אַ גלעט טאָן. אַנטקעגן וואָס זאָגט איר דאָס, רבי עזריאל? פּנחסן איז נישט קלאָר געוועזן וואוהין ער וויל דערמיט דערגיין. אַנטקעגן גאָרנישט. מ׳דאַרף נישט פאַרגעסן. זיין אַ שוחט און נישט פאַרגעסן איז אויך אַ וואונ־דער. עזריאל האָט זיך ראַפּטום אויפגעהויבן און אָנגעהויבן שפּאַנען אין איי־לעניש אַהיים. פּלוצים איז ער שטיין געבליבן, זיך אַ דריי געטאָן מיטן פּנים צו דער טאָלעקע, אַזוי פּלוצימדיק אַז פּנחס וועלכער האָט געאײלט נאָך אים האָט זיך מיט אים צוזאַמענגעשטויסן.

ויתרוצצו הבנים, האָט זיך עזריאל צעלאַכט יינגליש. נאָך אַ רגע: אַגב פּנחס, מוז איך דיר זאָגן אַז די גאַנצע מעשה איז מיר נישט קלאָר. וואָס גאָר פּלו־צים פלייש און פיש און חלה לכבוד שבת? אין דער תורה זענען אַלע טעג פון דער וואָך יומטובדיקע, יעדער טאָג פון דער שאַפונג ענדיקט זיך מיט כי טוב. משמע אַז דאָס פאַרגעניגן פון יצירה טראָגט אין זיך דערהויבנקייט. חוץ שבת, דער רו טאָג איז עפּעס אַ געהיקעטער. ויברך — און ער האָט אים געטון טאָן בענטשן, ויקדש — און ער האָט אים געטון טאָן הייליקן. עס איז אַ גאָטס רח־מנות. פּלוצים געבליבן אָן אַרבעט, אַלץ אָפּגעטאָן, זיך דערזען אין עקר, אומ־פּרוכפּערדיק און זיך צעזונגען. הא, כ׳וויים? אפשר איז געזאַנג די העכסטע מדרגה פון שאַפונג? דערפאַר ווייזט אויס זענען די דרכים זיינע אַזוי סודות־דיק און סתירותדיק? אוי, קינדער, קינדער...

אזוי האָט עזריאל געפּלאנצט אין מיין זיידן פּיניעס בליק א זאָמען טרויער און א זאָמען ספקות און ביידע האָבן אים באגלייט דאָס גאנצע לעבן זיינס, ביז דער טיפסטער עלטער... און אפשר נאָך ווייטער.

*

נאפּעדען ליגט אין א קעסל. איז עס א וועלט פאר זיך. דעם וואנדרערזעט עס אוים צעוואָרפן אויף ארויף. דער וועג שלייכט זיך אריין אין שמאָלן טאָל פון הינטער א בארג און באהאלט זיך ביים ארויסגאנג פון דאָרף הינטער דעם אנטקעגנדיקן. אויף ביידע זייטן וועג זענען די הייזער צעוואָרפן אויף נישט זייער מישופּעדיקע בערגלעך. דאָ האָט זיך פּנחס באזעצט מיט צירלען אין אן איינצימערדיק שטיבל, מיט א קליין הייפל און א נידעריק פּליטל. אָפּגעדונגען ביי א פּויער אויף א חודש מיט דער האָפענונג צו געפינען עפּעס בעסערס. געפינען האָבן זיי נישט ווייל זיי האָבן נישט געזוכט. פאר זיי צוויי איז עס געווען גענוג. קיין מעבל האָבן זיי נישט מיטגעבראכט. אין צימערל זענען געשטאנען צוויי „סאָפּקעלעך", א טישל און צוויי טאבורעטקעס, מעבל צוזאמענגעקלאפּט פון נישט געהיבליעוועטע ברעטער. צוזאמענגעקלאפּט האָט עס דער פּויער וואָס האָט פּארדונגען דאָס צימערל. פּיניע האָט געקוקט אין התפּעלות פאר דעם פּויערס געניטקייט.

אָנגעקומען זענען זיי אהער אין די חדשים ווען די פּויערים האָבן צונויפגענומען פון פעלד די תבואה און פון סעדער די פּרוכטן. איבערן דאָרף האָט געהאַנגען א גערוך פון פריש געדרויכערטע פלוימען, אין די הייף אויף אויסגעשפּרייטע ברעזענטן אָדער קאָבריצן האָבן זיך געטרוקנט גרויסע געלע נוס. ס'האָט געשמעקט מיט סוכות אין מיטן אלול. אין דאָרף האָבן געוואוינט אין גאנצן דריי יידישע משפּחות: א געוועלבל אין סאמע מיט דאָרף, א קוזניע ביים ארויסגאנג און נישט ווייט פון איר א ביסעלע העכער אויפן בערגל און אויף קריק א לאנגע שרעגנע לאָזניצעס. דאָס שטיבל אין וועלכן זיי האָבן זיך באזעצט — כמעט האלב וועג צווישן געוועלב און קוזניע, אפשר א ביסעלע נענטער צו דער קוזניע. פארטאָג פלעגט זיך פון דאָרט לאָזן הערן דער שווערער קלאנג פון גרויסן האמער באגלייט פון א לייכט אויסגעשלאָגענעם טאקט מיט א קליין העמערל. די האמערס האָבן אָנגעזאָגט דער וועלט אז דאָס דאָרף לעבט. חוץ שבת ווען דער קאָוועל פלעגט רוען און זונטיק ווען ער האָט אויסגעמיטן שטערן מיט זיין רעש די גלעקער פון הילצערנעם קלויסטערל. יעדע פון די דריי נאפּעדענער משפּחות איז געווען געבענטשט מיט א עלף-צוועלף-יעריקן קדיש. רויט-בלוטיקע יינגלעך וועלכע דארפן אָט, אָט לייגן תפילין און קענען נאָך רעכט

קיין ברכה נישט מאכן. דערפאר זענען די דריי משפחות באשטאנען דערויף אז דער שוחט זאָל זיך באזעצן דווקא אין נאפּעדען. אזוי וועלן זיי פארזיכערן א באשטענדיקן מלמד פאר די קינדער.

אויסער נאפּעדען האָט פּנחס שוחט געדארפט „באדינען” איין מאָל אין דער וואָך, דאָנערשטיק און פרייטיק, דריי ארומיקע דערפלעך אין וועלכע עס האָבן געוואוינט נישט מער ווי צוויי אָדער גאָר נאָר איין משפחה. און די ערשטע חדשים ביז עס האָבן זיך אָפּגעשטעלט די אָסיענדיקע בלאָטעס האָט אלץ אויסגעזען כמעט ווי יומטובדיק. די יידן פון די שכנותדיקע דערפער האָבן אנטקעגנגעטראָגן מיט אן אויפריכטיקן שמייכל דעם באשטימטן שכר פאר דעם איין מאָל אין וואָך געקוילעטן עוף און די דריי נאפּעדענער דערצו דעם שכר לימוד. אָפּהענגיק פון אָט די באשעפטיקונגען האָט זיך פארטיילט פּיניעס צייט. פיר טעג אין דער וואָך, פון זונטיק ביז מיטוואָך, האָט ער אָפּגעטיילט דריי שעה א טאָג דעם קנעלן מיט זיינע תלמידים. פאר זיי האָט אים דער קאָוועל געשענקט א לאַנגע מיט אייזנס געקאָוועטע באנק. נעמט רבי פּנחס, האָט ער געזאָגט מיט א הויך קול, קוקט נישט וואָס אזא פראָטשנע. פאר אייערע תלמידים וואָלט מען באדארפט אן אייזערנע, נאָר כ'האָף אז איר וועט מיט דער ווי נישט ווי אויסקומען. פּנחסן האָבן געוואונדערט אי דער „רבי” מיט וועלכן דער קאָוועל האָט אים מכבד געווען, אי דאָס ווייכע כמעט שעמעוודיקע קול. לויטן געקלאַפּ פון די האמערס האָט ער זיך פאָרגעשטעלט א יידן מיט א שטימע וואָס הילכט ווי אין א ליידיקן פאס, און דאָ גאָר כמעט א יינגלישע. ער האָט אָפּגעדאנקט פאר דער באנק און פיר טעג אין וואָך פלעגן זיך אויף איר „דוצקען” די דריי תלמידים. די איבעריקע צוויי טעג האָט ער פארבראכט מיט אריבערכאפּן זיך דאָנערשטיק קיין סערעטען מיט צוויי יידישע משפחות און קיין טעלעצען וואו עס האָט געוואוינט איין און איינציקער ייד, א בלעכער. פרייטיק האָט ער געשפּאנט אזש ביז ליעליען, א דאָרף גרעסער פון נאפּעדען, וועלכעס האָט פארמאָגט אויך צוויי יידישע משפחות, אָבער רייכערע, בכבודיקערע וואָס האָבן געוואָלט לכבוד שבת פריש צאַפּלדיק פלייש. די בעלי-בתים פון די אנדערע דערפער זענען געווען איינשטימיק אז סע קומט זיי און זיי אָפּגעטרעטן דעם פרייטיק. גיין איבער בערג אויף שמאָלע סטעזשקעלעך האָט פּיניען פארשאפט א באזונדער פארגעניגן. די אָסיענדיקע פארביקייט פון פעלדער, סעדער און וואלד-פלעקן האָט ארויסגערופן אן אומבאשטימטע בענקשאפט, און ווייל אן אומבאשטימטע האָט זי זיך גערעדט א געטלעכע. זיך אויסבאָדנדיק אין דער דרויסנדיקער רחבות האָט געשפּארט פון זיינע אינגעווייטן א געפיל פון בליאונג, פון צעצווייגונג, א שטראָם אָנווערטערדיקע שירים, גערעכטע תהילים-לידער. אין

די צוויי טעג פֿלעגט ער זיך אומקערן אהיים א יומטובדיקער, און אומפֿארשטענ-
דלעכער און, ווי צירלען האָט זיך געדאכט, און עטוואָס פֿארפֿרעמדטער. ביי איר
זענען גראָד די צוויי טעג געווען די סאמע וואָכעדיקסטע. דאָס באַלעבאַטיש-
קייט א בציצומדיקס, פֿלעגט זי מוזן א לויף טאָן צון א שכנטע באָרגן א טעפּל,
אויסלייען א טאוועלע, אויסבעטן א פּלאץ אין אויוון כדי אָפּבאקן א חלה אויף
שבת. ווענדן פֿלעגט זי זיך אממייסטן צום קאָוועל. עפּעס האָט איר אונטערגע-
זאָגט אז ביי דער ביז איבערן קאָפּ פֿארנומענער קאָוועלטע וועט זי געפֿינען
מער פֿארשטענדעניש. פֿאר איר האָט זי זיך מיט דער אָרעמקייט נישט אזוי
געשעמט. און פּונקט אין די טעג פֿון שפֿלות, פֿון דערנידערונג פֿלעגט זיך פֿיניע
ארומדרייען איבערן צימער א יומטובדיקער, מיט א באזונדערן גלאַנץ אין די
אויגן. אין די איבעריקע טעג האָט ער געקנעלט מיט די תּלמידים, אָפּגעשטעלט
חלפים, ארייננגעקוקט אין א ספר. גאַנצע טעג קיין וואָרט נישט ארויסגערעדט.
געווען פֿארנומען מיט זיך. אין יענע טעג האָט צירל אנטעדקט אז איר מאַן איז
א שרעקלעך שווייגנדיקער.

עס האָט לאַנג נישט געדויערט און דער הארבסט איז פֿון א פּילפּארביקן
געוואָרן א גרויער. עס האָט זיך אָפּגעשטעלט א צייט פֿון רעגנס און בלאָטעס,
דאָס גיין איבער די דערפֿער איז געוואָרן שווער. דער רעגן האָט גענעצט, די
בלאָטע איז געווען טיפֿער פֿון די זומערדיקע שטיוועלעך, דער ווינט האָט גע-
שמיסן אומברחמנותדיק. כאָטש דער האָריזאָנט איז געוואָרן א שמאָלער האָט
זיך פּנחס געפֿילט א פֿארלוירענער אין א טריבער, פּוסטער אומענדלעכקייט.
ארייננגיין צו יענעם אין שטוב א פֿארבלאָטיקטער, דורכגענעצטער איז געווען
איבער דער האנט, דער אנטקעגנגעטראָגענער שכר האָט אויסגעזען א נדבה. נאָך
שווערער איז געוואָרן אין די ווינטער טעג. קורצע טעג אין וועלכע אויף צו
באדינען סערעטען און טעלעצען האָט מען געמוזט ארויסגיין פֿון שטוב איידער
עס האָט זיך באוויזן דער מאָרגנשטערן, אהיימגעקומען איז ער שפּעט אין דער
נאכט. אין אָט די דאָנערשטיקן האָט זיך צירל דערוואוסט אז איר קול איז אן
אָנגענעמענס, א זיס. געזאָגט האָבן איר די פֿויערטעס וואָס האָבן געוואוינט בש-
כנות. זיי פֿלעגן ארייננקומען זיצן א רגע מיט דער מעוברתטער יידישקע. קומען
פֿלעגן זיי מיט שטילע, קווענקלענדיקע טריט, שטיין א רגע פֿאר דער טיר, וואר-
טן מע זאָל זיי ארייננרופֿן. פֿארטיפֿט אין איר געזאַנג האָט זיי צירל נישט גע-
הערט קומען. פֿלעגן זיי צוואווארטן' א הוסט טאָן און ווייטער ווארטן. געוואַרט
האָבן זיי מיט גדולד און פֿארגעניגן צוליב איר קול. זיי האָבן געלויבט איר
שטימע, זיך געוואונדערט פֿאר וואָס זי איז אזא טרויעריקע. אויף זייער לויב
פֿלעגט זיך צירל, די באָבע, רויטלען און אויף זייער פֿראַגע פֿאר וואָס אזא טרויע-

ריקע ענטפֿערן מיט א קרעכץ. שפּעטער ווען עס איז אויסגעפֿאלן טיפֿער שניי און עס האָבן זיך פֿארשפּרייט קלאנגען וועגן וועלף איז צירל צוגעשטאנען אז פּנחס זאָל אויפֿהערן גיין איבער פּוסטע בערג און טאָלן. זיי האָבן אלע פֿערד און שליטנס, זאָלן זיי א פּאָר טאָן, זי האָט אזוי לאנג געטענהט ביז זי האָט אים איבערצייגט. די יידן פֿון די שכנותדיקע דערפֿער האָבן געשיקט יעדע וואָך א שליטן מיט עופֿות. זינט זיי האָבן א שוחט האָבן זיי זיך געוויינט מיט פֿלייש אויף שבת. דעם מאָנאטלעכן שכר אָבער האָבן זיי זייער אָפֿט פֿארגעסן מיטצו- געבן. אָפּשיקן די עופֿות נישט געשאָכטענע האָט מען נישט געקאָנט. לאָזן יידן אָן פֿלייש אויף שבת איז אים אויסגעקומען צו פֿיל, דערצו איז עס נישט גלייך. האָט זיך דער ווינטער געשלעפּט אין דחקות און נודאָטע. צירל האָט גאנצע טעג געפּליקט פֿעדערן אין א זיפּל און פּיניע האָט פֿארבראכט דעם טאָג, נאָכן אָפּ- קנעלן מיט די תלמידים, מיט א ספר.

קיין סך ספרים האָט ער נישט מיטגעבראכט, א פּאָר גמרא'ס, א תנכל, א פּאָר סידורים, א יורה-דעה און א זהרל. אין יורה דעה פֿלעגט ער געוויינטלעך קוקן פֿאר און נאָך דעם אָפּשטעלן א חלף, דאָס זהרל פֿלעגט ער בלעטערן ביים ליכט פֿון א פֿינפֿער קעראָסין-לעמפּל. אויף דעם אינעווייניקסטן טאָוועלע פֿון אָט דעם זהרל האָט ער פֿארצייכנט אין ערשטן פֿרילינג פֿון זיין שחיטות: י"א אייר, שנת תרס"ג נולדה לי בת ושמה פּערל. און ווייל עס האָט געהאלטן ביי פֿאר- צייכענען האָט ער געצויגן א ווירע לענגאויס דעם זעלבן טאָוועלע און געשריבן קעגנאיבער מיט קליינינקע אותיות פּערל ז"ל חמותי (אמה של אשתי) נ"פ בי"ב סיון. דאָס יאָר האָט ער נישט פֿארצייכנט און מיט דער צייט פֿארגעסן.

## 6

די געשיכטע מיט דיין ערשטער גסיסה דערמאָן איך דעם טאטן, געדענקט דיין אייניקל. שוין געווען א גרויסע. קיין וואונדער נישט אז זי האָט פֿארגע- דענקט. סע גלוסט זיך מיר א גלעט טאָן די מצבה ווייל די מעשה האָט זיך אויס- געלאָזט כמעט קאָמיש, האָב איך נישט קיין מוט דערצו. כ'האָב מורא פֿון צע- מענט קאָן א שלאָג טאָן וואָרעמקייט.

צוויי נעמען האָט דער זיידע אָן אויפֿהער אובערגעחזרט בעת יענער גסי- סה. דו ביסט געווען דערביי. די דאָקטוירים האָבן גערופֿן און גערעכט בלייבן, אפֿשר וועט ער זיין בכוח זיך געזעגענען. געווען א זקן דער זיידע פּנחס,

א שיינע פּאָר יאָר איבער אכציק. געלעגן אין שפּיטאָל, פּלוצים האָט א וואקס געטאָן דער צוקער אין די געבליטן — אלט שווערדירעוודיק בלוט וואָס פליסט קוים אין די פארהארטעוועטע אָדערן — און עס האָט אָנגעהויבן די גסיסה, א דיאבעט קאָמאַ. ביי אזא גסיסה קאָן מען נישט וויסן ווי אזוי סע וועט זיך אויס־לאָזן. סע געשעט מע זאָל די שוועל נישט אריבערטרעטן, מע זאָל נאָך בליבן א צייט אויף דער זייט. ער האָט געאָטעמט שווער, זיך כמעט נישט גערירט. דאָס מויל ברייט צעעפנט די אויגן פארמאכט, די באקן איינגעפאלן. אמאָל, ווען ער האָט נאָך געהאט די באָרד, וואָלט מען די איינגעפאלנקייט פון די באקן נישט געווען באמערקט, האָט אים אָבער די קראנקן שוועסטער אָפּגעשוירן די באָרד. אזוי איז לייכטער האָדעווען און ארומוואשן, האָט זי געזאָגט און ער האָט גע־שוויגן. ער האָט איר געוואָלט דערציילן ווגן אל יעבור תער, איז אויסגעקומען רעדן צו פיל, צו אלט די געשיכטע זי זאָל פארשטיין. און אפשר איז דער צלם אלהים אָן א באָרד? אפשר איז זיין ביז איצטיקע פאָרשטעלונג א פאלשע? שווער, זייער שווער האָט ער געאָטעמט. עס האָט אויסגעזען אז יעדעס מאָל בלאָזט ער פון זיך ארויס דעם גאנצן כוח. פון צייט צו צייט האָט ער גערופן א נאָמען. ווען אוולומל און ווען זיידל. קלאָר ארויסרעדן די נעמען האָט ער נישט גע־קאָנט, די צונג האָט נישט געדינט און דאָס אָנצייניקע מויל האָט זיי נאָך מער פארקריפּלט. א פּאָר מאָל האָסטו איבערגעפרעגט, דערציילט מיין טאָכטער, גלייך ווי נישט איך וואָלט געווען דערביי, נאָר גאָר זי. צו ערשט שטיל, דער־נאָך העכער, ביז האָסט אויפגעגעבן. ס'האָט זיך דיר געדאכט אז דיינע פרא־געס מוטשען אים, אז ער וויל ענטפערן און קאָן נישט. די נאכט איז געווען א לאנגע, אפשר ווייל גסיסה נעכט זענען לאנגע און אפשר אויך דערפאר ווייל דו האָסט זי געצוויגן, זי געשלעפּט נאָך דיר איבערן צימער. האָסט זיך געדרייט הין און הער א ליידיקער, אָן געדאנקען. נישט אימשטאנד געווען זיך פאנאנדער־קלייבן. פּינטלט צו מאָל א געדאנק איז עס ווי א בליץ נאָך א שטורעם. פאר־לעשט ער זיך בלייבט א פלעק אָן קאָנטורן, א לאכמאָטיע. האָסט זיך צוגעזעצט אנטקעגן פענצטער. דער בליק פון דער נאכט וואָס אויף יענער זייט איז געווען אן אומהיימלעכער. נישט קיין פיינטלעכער, אפילו נישט בייזער, פשוט אן אומ־היימלעכער א נע־ונדנער אזא. האָסט פארמאכט די אויגן און איינגעשלאָפן. דער שלאָף האָט געדויערט אן אייביקייט צי גאָר נישט מער ווי א מינוט. דאָס קול וועלכעס האָט גערופן דיין נאָמען איז אָבער געקומען פון אייביקייט. ווען דו האָסט דיר אָפּגעגעבן חשבון אז דאָס קול איז דעם זיידנס, אז ער רופט אזוי קלאָר, האָסטו געאיילט צו זיין בעט.

„וואָס האָסטו זיך אזוי דערשראָקן"?

„ווער"? האָסטו געפרעגט מטושטש.

„זיצסט דאָ און מוטשעסט דיך. גיי בעסער אהיים".

„ווי פילסטו זיך, טאטע", האָסטו נישט זיכער געשטאמלט. ס'האָט זיך דיר געדאַכט א חלום.

„אציגד גוט. גיי, גיי אהיים", האָט ער געבעטן מיט אן אָנמעכטיקן שמייכל. „כ'האָב נישט קיין כוח. שלאָפן וויל איך, שלאָפן". ער איז אין דעם זעלבן מאָמענט איינגעשלאָפן מיט א רעגעלמעסיקן אָטעם. האָסט גערופן די קראנקן-שוועסטער. א הארץ קיין עין-הרע, האָט זי געזאָגט, איבערגעקומען, גובר געווען. גייט אהיים. קומט מאָרגן. האָט זי צוגעגעבן נאָך א ווייל. זי האָט, ווייזט אויס, נישט געגלויבט אז עס איז אויף לאנג, אז ער האָט טאקע גובר געווען. אויף מאָרגן ביסטו אריינגעקומען בגנבה, מיט קעצישע טריט, מורא געהאָט פאר דעם וואָס וועסט געפינען. דער זיידע האָט געטרונקען טיי. מכלומרשט גלייכגילטיק, ווי וועגן א גאָרנישטקייט האָסטו געפרעגט: וואָס איז געשען טאטע?

„ווען?" האָט ער געפרעגט גלייך ער וואָלט פון גאָרנישט וויסן.

„וואָס הייסט ווען? נעכטן, די גאנצע נאכט"?

„אהא", האָט ער א מאך געטאָן שעלמיש און אין די אויגן האָט זיך בא-וועצט א פארבראָשיתדיקער חוזק. „א נארישקייט. ווער האָט דיר געהייסן ברענגען זיסעקייטן"?

„כ'האָב זיי דאָך באהאלטן אין שראנק, אָנגעזאָגט דער שוועסטער גיבן נישט מער ווי איין קיכעלע א טאָג". אויף דער קראנקן-שוועסטער האָסטו אויס-געגאָסן דעם צאָרן.

„אויך מיר א באהעלטעניש. כ'האָב דיך, דאכט מיר, געלערנט אמאָל אז זקן כתינוק, אז אלטקייט איז ערגער פון קינדערישקייט. האָסטו ווייזט אויס פאר-געסן. אָדער נישט פארשטאנען. געווען צו יונג", האָט ער געזאָגט און אנשוויגן געוואָרן א מידער. א לאנגער וועג ביז יענע יאָרן אין וועלכע ער האָט מיט מיר געקנעלט, האָט ער אים ווייסט אוים פארמאטערט.

„ווען האָסטו געזען, טאטע? ווער איז אברהם? דער פעטער"?

„חס וחלילה, וואָס פאלט דיר איין? ס'איז א חבר פון די קינדער יאָרן. מיר האָבן זיך געיאָגט ארום דער שטוב, געשפילט אין באהעלטעניש. א געיעג, קוים דעם אָטעם צו כאפן. א ווילדער איז ער געווען אברהמל". מע האָט געזען אז ער איז צופרידן מיט דעם באגעגעניש, מיט דעם וואָס א חבר פון די קינדער יאָרן איז געקומען זיך א שפּיל טאָן, האָסטו אים געלאָזט ווידער פארברענגען א צייט מיט זיין חבר.

דאָס צווייטע און לעצטע באַגעגעניש מיט אברהמלן איז אים געווען מער ביחא פון ערשטן. דאָס ערשטע איז געשען ווען די מומע פערל, ביי וועלכער ער איז געווען צו גאַסט, האָט אים געפירט אין פּאַרק, דאָרט וואו פּענסיאָנערן פאַר־ברענגען זייערע פרימאָרגנס. זאָל ער א קוק טאָן אויף אונדזער אַלטוואַרג, האָט זי געטראַכט מיט חשיבות. זי איז געווען און איז נאָך אפשר איבערצייגט אַז זיי זענען גליקלעך די אַלטע לייט פון פּאַרק. זיי זענען דאָך פאַרזאָרגטע מיט אַלעם גוטן. און זאָגן זאָגט מען אַז די מומע פערל איז א קלוגע. אפשר. זי דערציילט: פאַרשטענדלעך אַז עס האָט לאַנג נישט געדויערט און א ייד אין זיינע יאָרן האָט זיך צוגעזעצט, אָנגעהויבן א שמועס. לאָזט זיך אויס אַז זיי זענען ביידע פון פּויליש קערשאָוו און דאָ הייבן זיי זיך אָן צו דוצן. מע האָט זיך דערקענט, מע האָט זיך דערמאָנט אַז מע האָט פאַרבראַכט די קינדער יאָרן אויף איין געסל. ביידע האָבן געצויגן די באָרד פון דער זעלבער ציג. און רעדן־רעדן זיי ווי אַמאָל. אָנגעקניפּט דעם פאָדעם דאָרט וואו ער האָט געריסן. וויק־לען זיי דעם קנויל אין יענע צייטן. שטיפעריש, ווילד, ווי ציגעלעך. אַזוי פיל האָט געזען די מומע פערל. אפשר ווייל זי האָט זיך צו אויפמערקזאַם איינגע־הערט צו זייערע רייד. איבערגעהיפּערט דאָס שווייגן, דאָס וועגן וועלכן זיי האָבן נישט גערעדט. וועגן דעם וואָס געשען שפּעטער פרעגט מען נישט, רעדט מען נישט דאָס ליגט אין די געבויגענע פּלייצעס, אין די איינגעשרומפּענע ביינער, אין דער געקנייטשטער הויט, אין אָפּגעלעבטן בליק. ניין. וועגן דעם איז נישטאָ וואָס צו רעדן. עס איז אויסגעדרשנט. עס איז דער פּסוק וועלכן זיי האָבן דעמלט געלערנט און נישט פאַרשטאַנען און היינט ווילן זיי פון אים נישט וויסן פון פּחד, ופּחת ופּח עליך יושב הארץ, ווילן זיי איצט נישט וויסן. וועגן גרויל און גרוב און נעץ וואָס לויערן אויף דעם באַוואוינער פון דער ערד, דאַכט זיך זיי אַז זיי ווייסן שוין אַלץ. מיט ישעיהן פאַרברענגען זיי די שלאָפלאָזע נעכט. אַצינד ווילן זיי זיך שפּילן ווי אַמאָל. האָט אָבער געשטערט דעם פאַרגעניגן די אומפאַרמיידלעכע קעגנוואַרט, דער מאַטער אָפּגעבליאַקעוועטער גלאַנץ פון שוואַרצאַפּל, די ווייטיקן אין דער חוט־השדרה. אַנדערש אין דער גסיסה נאַכט, אויפן שפּיטאָל־בעט. אָדער ניין. ער איז אין יענעם מאָמענט נישט געווען מער אין שפּיטאָל, ער האָט זיך פון דאָרט אויסגעגנבעט דורכן פענצטער, איבער־געלאָזט דעם אַלטן זיך מוטשענדיקן גוף ווי אַן אַלטן קאַפּטן, זיך אויסגעטאָן פון יאָרן.

געלאָפן און זיך געשפּילט מיט דעם אַמאָליקן, נאָך כמעט רויען, פון קיי־נעם און פון גאָרנישט געשטערט, ביידע באָרוועסע, ביידע אין סטאַניקלעך. א שאָד געווען צו שטערן. דו האָסט פאַרשטאַנען און אים געלאָזט א רגע מיט אב־

רהמלען. געדארפט לאָזן מער האָט אָבער דיין נייגעריקייט נישט אויסגעהאלטן. האָסט איבערגעשלאָגן דעם חלום, אפשר דעם לעצטן: און ווער איז זיידל, טאַטע? לויט דעם ווי ער האָט א פרעג געטאָן: זיידל! ? האָסטו געזען אז האָסט אים געשטערט די רו און זיין כמעט באהעפטן מיטן חבר פון די קינדער יאָרן. דיין חרטה האָט נישט געהאָלפן, געקומען צו שפּעט. זיידל, האָט דער זיידע איבערגעחזרט נאָך א ווייל און דער בליק איז געוואָרן א היינטיקער, זיידל איז דער נאפּעדענער קאָוועל. אויך פאר אים האָט ער געהאט א שמייכל אָבער נישט ווי פאר אברהמלען. ס'האָט אויסגעזען גלאט אזוי, ווי פאר א לייטישן מענטשן וואָס מע האָט באגעגנט צו דער געהעריקער צייט. ווען מע האָט באדארפט.

טשיקאווע, א מענטש האלט ביים סוף און די געדאנקען טראָגן צום אָנהייב. וואונדערלעך, רואיק נישט פארשטענדלעך: דאָס גאנצע לעבן בלייבט ערגעץ אין דרויסן, פארווישט, אָפּגעשוואוואקסן; אויסוואקסן, וואקסט אוים נאָר אברהמל, א סטאניקל און א שפּיץ העמדל וואָס שטארצט פון סטאניק און רופט צוריק צום לעבן. און זיידל דער קאָוועל. אפשר ווייל אויך זיידל איז געווען אן אָנהייב. די התחלה פון טראָגן דעם עול פרנסה, פון ארומגיין אויף גאָטס וועלטל אויף אייגענער אחריות. פון די דריי נאפּעדענער יידן איז זיידל געווען דער מיט וועלכן ער האָט זיך כמעט געחברט. אויך דער איינציקער וואָס פלעגט אים רופן רבי פּנחס. מיט די אנדערע צוויי האָט זיך דער משא-ומתן באגרענעצט אויף שכר-לימוד און שחיטות געלט. דער מיטן געוועלבל איז געווען א שטענדיק פארנומענער. אויך דער מיט די לאָזניצעס. א וועלט מיט זאָרגן. אָפּקויפן דאָס גערעטעניש ווען די ביימער שטייען נאָך אין צוויט, רייניקן פון שעדיקער, קלייבן און טרוקענען די פרוכט, פאקן אין זעק, פירן צום וואָקזאל, גרוזעווען אין וואגאָנעם און ווער ווייסט וויפל אנדערע באשעפטיקונגען. א פּאָר מאָל האָט ער אים באגעגנט אויפן וועג קיין סערעטען אָדער טעלעצען. געווען איז עס פרילינג און דעם יידן האָט זיך געוואָלט מיט עמעצן א שמועס טאָן, מעג זיין מיט אזא נישט פארשטייער אין עניני סעדער ווי דער שוחט, צי גאָר בעסער מיט אזעלכן. יעדעס מאָל האָט ער אָנגעהויבן מיט: שוחט, וואָס איילט איר אייך? די וועלט איז פארפלייצט מיט בלומען איז א מצוה זיך ארומקוקן, אפשר מאכן א ברכה. וואָס פאר א ברכה וואָלט איר גערעטן? כ'וויים, האָט פּנחסן געוואונדערט וואָס זיך נישט פארטראכט ארום דעם פריער, כ'מיין אז דעם רבונו של עולם וואָלט געפעלן בורא מיני בשמים. ווי מיינט איר, האָ? דעמלט האָט אים דער ייד מיט די לאָזניצעס אנטפּעלקט דעם סוד פון צוויט. אָט זעט, דער צוויט דאָ, דאכט זיך אן איינגעשרומפּענער, א נישט דערוואקסענער. איז עס א טעות. פארקערט. ער פארצערט זיך פון איצט אין פרוכט, ער גיט שוין אוועק זיין גאנצע חיונה,

זיין זאפט דער קינפטיקער פרי. ער איז מקריב, ווי א מאמע, זיין אייגן בלוט דער ברווינגער פלוים. אָט דאָ, זעט נאָר א שיינקייט, דאכט זיך סאמע ברכה. איז ווידער א טעות. דער צוויט ליובעט זיך אין זיך אליין, פארצערט אלץ וואָס ער פארמאָגט אויף צירן זיך, צום שטראלן, איבערצושטייגן אין שיינקייט אלע ביי-מער. ביי די אומות-העולם רופט מען דאָס נארציסיזם. א מעשה אזא ביי זיי ווענן איינעם וואָס האָט זיך פארליבט אין אייגענעם פרצופֿל און אויסגעגאנגען, אויס-געהויכט די נשמה זיך שפיגלענדיק אין א פאס וואסער. צי גאָר דער בוים אָט דאָ? א קראנקער נעבעך. קיין פרוכט איז נאָך נישטאָ און די אָפּפרעסערס האָבן זיך שוין איינגענעסט אין אים. ווערימדיקע פרוכטן, א גאָטס רחמנות. ראטעווען איז צו שפּעט. נישט אין זינען געהאט באצייטנס דער פויער. ער זאָל זיך גע-ווען געבן א ביסעלע מי וואָלט ער געווען אָפּגעראטעוועט דעם בוים און דעם סאָד. אצינד איז ער א געפאר נישט נאָר פארן סאָד, נאָר אויך פאר די שכנותדיקע סעדער. פארענדיקן פלעגט ער: אזעלכע סודות באהאלט מען פאר זיך, איר זענט אָבער קיין קאָנקורענט נישט. קאָן איך מיר דערלויבן א בארים טאָן זיך מיט מיינע קענטענישן. גו שוחט, ס'איז צייט קיין סערעטען. מע ווארט אויף אייך. טאקע אזוי פלעגט ער זאָגן: שוחט. גלייך ער וואָלט געווען וויסן אז אויך דער זיידע רופט אים נישט ביי זיין נאָמען, נאָר: דער מיט די לאָזניצעס. און פנחס האָט די סודות פארגעדענקט. פון דעמלט האָט געשטאמט זיין שפּעטערטערדיקע באהאוונטקייט אין אָפּשאצן א סעדל ווען סע שטייט נאָך אין צוויט. אנדערע זענען געווען זיינע באציאונגען מיט זיידל קאָוועל. אין די ווינטערטעג, אין די חדשים ווען פנחס איז נישט געגאנגען אין די שכנותדיקע דערפער האָט אויך ביי זיידלען די ארבעט נישט געברענט. פלעגט ער זוכן מיט וועמען א שמועס טאָן, באלאקען, און זיך אריינכאפּן אויף א שעה צום שוחט. קומען פלעגט ער געוויינטלעך פארנאכט, רייניקן די שיך ביים אריינגאנג מיט לאנגע פויזעס גלייך ער וואָלט זיך נאָך אמאָל מישב זיין: אריינגיין אָדער נישט? דעמלט פלעגט פנחס פארמאכן דאָס ספר, אָדער אָפּוווישן דעם חלף פון אויפן שארפשטיינדל פאר-קויטיקטן שפייעכץ און אנטקעגנגיין דעם גאסט. דער כבוד לגבי זיידלען איז גע-ווען א טאָפּלטער. אין די חדשים ווען די פרנסה איז געווען א געשלאָגענע איז זיידלס ווייב געקומען צו גיין א פּאָר מאָל אין וואָך זיך עצהן מיט ציר-לען. שוחטקע, אזוי פלעגט זי זי רופן, וויפל אזייגער צינדט מען אָן ליכט דעם פרייטיק? מיט דעם שטענדיק פארכמארעטן הימל איז דער גאנצער טאָג א צווי-שן-טאָג-און-נאכטיקער. פלוצים ווערט שטאָק פינצטער. וואָס זשע, האָט זיך געוואונדערט די באָבע, איר האָט דען א זייגער? צינדט אָן א ביסל פריער. פריער שאדט קיין מאָל נישט. אָדער: אן אומגליק איז מיר געשען, שוחטקע.

פארגעסן אריינגווארפן א שטיקל ראָשטשינע אין אויוון. שאדט נישט, האָט צירל בארואיקט, וועט איר אראָפּנעמען א גרעסער שטיקל חלה די קומענדיקע וואָך. געקומען איז דעם קאָוועלס ווייב שטענדיק מיט א בינטעלע, א זעקעלע פּאסאָליעס — ראָבע אויף א וואָכעדיקער זופּ, ווייסע אויף א שבתדיקן צימעס; א ביסעלע פּאָפּשויען מעל און א ביסל ווייצנמעל. צו מאָל רעטשענע גרויפּן. פלעגט זיך די שוחטקע קווענקלען האָט עס נישט געהאָלפן. כ'רייס עס חלילה אָפּ פון די קינדערס מויל? ס'איז א מתנה, פלעגט זיך ווי פארענטפערן דעם קאָוועלס ווייב און דערביי שמייכלען גלייך זיי וואָלטן ביידע רייסן עפּל אין א פרעמדן גאָרטן. און צירל האָט זיך געוויינט מיט די מתנות. אמת, שווערער ווי מיט יענע וואָס סע פלעגן אריינברענגען די נישט יידישע שכנות. זייערע מתנות זענען געווען דירעקטע, נאטירלעכע, ס'איז נישט געווען וואָס אָפּצוזאָגן. אריינגעקומען זענען די פויערטעס אָנגווארעמען ביים אויוון די פארפרוירענע הענט און ממילא ארויסגעלייגט פון פארטוך א פּאָר אייער אָדער עטלעכע קארטאָפליעס. דער שמועס איז גלייך אוועק וועגן די פרעסט וואָס שטייען אזא לאנגע צייט און ברעכן נישט. אָדער וועגן צירלס שוואנגערשאפט. די קארטאָפל און די אייער זענען שוין געבליבן ליגן דאָרט וואו די פויערטע האָט זיי אוועקגעלייגט. איין מאָל האָט א שכנה געבראכט א טעפּעלע סמעטענע. צירל האָט זיך אנטשולדיקט, געזאָגט אז איר מאן, דער שוחט, טאָר נישט עסן פרעמדע סמעטענע. די פויערטע האָט נישט געפרעגט פאר וואָס. אויב מע טאָר נישט איז דאָך נישטא וואָס צו פרעגן. צירלען האָט דאָס זייער געפעלן. מער איז עס נישט געשען ווייל די פויערטע האָט דערציילט די אנדערע שכנות. איז מען געבליבן ביי שאר ירקות און אָן התחייבות. אנדערש איז עס אויסגעקומען מיט דער קאָוועלטע, אָבער מיט דער צייט, צי אפשר פאר נויט ווייל צו מאָל מיט א קרעכץ, האָט זי זיך צוגעוויינט. פּנחס האָט געוואוסט און געשאצט דעם קאָוועלס טאקט, דעם אופן פון קומען צו הילף נישט אריינמישנדיק די מאנספארשוינען. באזונדערס האָט ער אים געשאצט פאר זיין ארבעט. דער איינציקער אין די אלע דערפער וואָס גיט זיך אָפּ מיט א תנאישער ארבעט. סע האָט זיך געדאכט אז אין אָט דעם יידן מוז זיך אָנציגדן א באזונדער פייער בעת דער ארבעט, אז אין א טאָג וועט ער א זאָג טאָן עפּעס אזוינס וואָס מע וועט דארפן אריינשרייבן אין די פּרקי אבות, אז א גאנצע וואָך קלאפּט ער אויס מיט זיין האַמער די ווערטער פון שמעיה און אבטליון: אהב את המלאכה ושנא את הרבנות ואל תתודע לרשות, האָב ליב די ארבעט און האָב פיינט רבנישע אָנגעבלאָזנקייט, חנפע נישט די וואָס מיינען אז זיי האָבן די מאכט. ער האָט נאָך מער געגלויבט אין דעם, ווען דער קאָוועל פלעגט שטעלן פארשיידענע אומפארשטענד-

לעכע פראגעס. געזעסן איז מען אין האלב-טונקל. ווען דער זיידע האָט גע־רייניקט דעם קנויט פון פינפער לעמפל האָט זיידל געקאָנט א קרעכץ טאָן און פרעגן: וואָס וועט ווערן, רבי פנחס, פון דער שנאה צו אונדז?

— וואָס פאר א שנאה? האָט דער זיידע צוערשט נישט פארשטאנען.

— וואָס הייסט וואָס פאר א שנאה? און די פּאָגראָמען?

— שוין ווידער? האָט זיך דער זיידע געחידושט. וואו?

— נישט אצינד. כ'פרעג בכלל.

— וואָס זשע איז עס פאר א פראגע? איר זעט דאָך אז זיי האָבן זיך גע־שטילט. פון וואנען איז געדרונגען אז זיי מוזן זיך איבערחזרן? סע טשעפּעט אייך עמעצער?

— דערווייל נישט. נאָר ווייל דערווייל, מוטשעט מיך טאקע דער געדאנק וועגן דער כמעט אייביקער שנאה צו אונדז. כ'פרעג נישט מער ווי נאָר ביז ווען?

— כ'האָב צו דעם נישט זייער געטראכט און כ'ווייס נישט צי מיין טראכטן וואָלט מיר געהאָלפן. סע זענען דאָ קלוגערע פון אונדז, געלערנטערע, אפשר וועלן זיי עפּעס צוטראכטן.

— אוי, רבי פנחס, כ'ווייס נישט ווי איר, נאָר איך האָב נישט ליב זיך פאר־לאָזן אויף אנדערע. כ'וואָלט אליין געוואָלט פארשטיין. כ'בין טאקע נישט מער ווי א קאָוועל, גלייבט מיר, אויסשמידן פּאָטקאָוועס און רייפן איז נישט קיין גרינגע זאך. אוי, שוויצט מען דערביי, מע עסט זיך אָן מיט רויך און מיט סאַזשע, מע ווערט גוט פארשוואַרצט, פרעגט זיך, פאר וואָס קומט נאָך אזא שווערער ארבעט זאָל מען נישט קאָנען שלאָפן רואיק ווי די איבעריקע איינוואוי־נער פון דאָרף? כ'וויל נישט מער ווי נאָר אזוי פיל וויפל אלע.

נאָך אזעלכע שמועסן האָט דאָס רעטעניש זיידל קאָוועל געוואקסן דער זיידע האָט זיך קיין חשבון נישט אָפּגעגעבן וואָס פאר א ווירקונג דער קאָוועל האָט אויף אים געהאט. אפילו נישט דעמלט ווען ער האָט באפוילן אז אויף דער מצבה פון זיין עלטסטן זון זאָל מען קריצן פאר פּ"נ די ווערטער מתוקה שנת העובד מיטן מיין אז ביים ארבעטס-מענטש איז אויך דער שלאָף אָדער נאָר דער שלאָף די אמתע עבודה.

די חברשאפט מיטן קאָוועל האָט לאנג נישט געדויערט. אין נאָפּעדען האָט פנחס פארבראכט נישט מער ווי א יאָר. ער האָט געמוזט זוכן פרנסה אין אנדע־רע קאנטן און זיך באזעצט איז א דאָרף מיט צוויי און האלב מנינים יידן. מונזיטעשט ליגט אין געגנטן וואָס רופן זיך די קאָדרעס, א לאנדשאפט מיט אלטע וועלדער. א טאָג פארן איבערוואנדערן איז געקומען זיידל, ארומגעקוקט

אלץ וואָס איז שטוב, געוואויגן מיטן בליק ווי א מבין און באשלאָסן אז דאָס גאנצע האָב און גוטס קאָן מען אָנלאָדן אויף זיין וועגעלע מיט איין פערדל, אז סע בלייבט געגוג פּלאץ פאר דער שוחטקע מיטן טעכטערל און אזוי ווי די אר-בעט ברענגט נישט ביי אים און דעם וועג קאָן מען דורכמאכן אין איין טאָג וועט ער שוין זיין דער באלעגאָלע. אויף מאָרגן איז ער געקומען גאנץ פרי און-טערגעגארטלט מיט א שטריק. זיך תיכף גענומען צו דער ארבעט. אָנגעלאָדן דאָס וועגעלע. סע האָט קיין סך נישט געדויערט און מע האָט זיך געלאָזט אין וועג אריין. צירלען מיטן טעכטערל האָט מען אויסגעבעט א זיץ אין וועגעלע, פאָרנט אויף דער קאָזלע האָבן זיך באזעצט אין צווייען פנחס מיט זיידלען, גע-שוויגן, געשמועסט וועגן דעם און יענעם, ווידער געשוויגן, געשאצט דאָס גערע-טעניש אויף די פעלדער און געטראכט וואָס סע קאָן ברענגען יידן, ווייל אין די קאנטן איז יידישע פרנסה אָפּהענגיק פון פעלד און רעגן פונקט ווי די פּוי-ערימס. זיידלען האָט וויי געטאָן דאָס שיידן זיך פון א פריינט מיט וועלכן עס איז געווען א פארגעניגן צו פירן א שמועס אין ווינטער נעכט, וואָס האָט גע-האָלפן זיך אָפּרייסן א רגע פון דאגות פרנסה, פון טאָגטעגלעכן פּאָטקעווען די פערד. ער האָט אָבער געמוזט מסכים זיין אז פנחס דארף זיך ארויסרייסן פון נאפעדען. דאָ ווארט אויף אים נישט מער ווי דחקות, איבערהויפּט ווען די מיש-פּחה וועט אָנהייבן וואקסן. אז זי וועט וואקסן האָט קיין ספק נישט געקאָנט זיין. זיידלס הסכמה איז געווען פונקט אזא טרויעריקע ווי דער טיילונגס-וויי, איז ער געפאָרן א טריבער, אונטערטרייבנדיק פון צייט צו צייט דאָס פערדל מיט פאר-דרוס וואָס די וועלט איז אזא ווי זי איז, און נישט מסכים זיין מיט איר, העלפט ווי א טויטן באנקעס. זי טוט זיך אירס, זי גייט איר וועג. סע זעט גאָר צו מאָל אויס אז סע לוינט איר מער מענטשלעכער קומער ווי מענטשלעך מענטשלעכקייט. ער האָט געטראכט גליק נאָר זיך געכאפּט אז ער ווייסט נישט וואָס דאָס איז. פון וואָס סע באשטייט.

די צוויי קליינע צימערלעך אין וועלכע פנחס האָט זיך באזעצט זענען גע-שטאנען אויף א בערגל. פאר דער שטוב האָט זיך געשפּרייט א משופּעדיק, מיט טיף גראָז באוואקסענער הויף און הינטער דער שטוב צוויי לאָזניצעס צו טרו קענען פלוימען פון וועלכע סע זענען געבליבן נישט מער ווי די גריבער. זיי-דל האָט אלץ באטראכט, געזאָגט אז דאָס הויז איז נישקשה, זיך קורץ אָפּגע-זעגנט און אוועק. דאָס וועגעלע האָט זיך איינגעהילט אין א כמארע שטויב, זי גע-שלעפּט נאָך זיך א לאנגע צייט. לאנגזאם האָט זיך דער שטויב געלייגט אויפן שליאך און ביי פנחסן אויפן הארץ א שווערקייט, א נישט גאנצקייט אזא. דאָס

האָט לאַנג נישט געדויערט, מע האָט געמוזט אַריינטראָגן דאָס ביסל ברעטער, צונויפשטעלן דאָס „מעבל" ביים ליכט פון טאָג.

אין מונזיטעשט האָט פנחס אַלע צוויי יאָר פאַרצייכנט אויף דער אינעווייניקסטער זייט פון זוהר־טאָוועלע, שורה אונטער שורה, אַ סטאָלביקל מיט אַכט טרעפּלעך: ביום... שנת... נולד לי... דריי טעכטער און פינעף זין און אַנטקעגן אַ קורצער סטאָלביקל פון אין גאַנצן דריי שורות נ'פ... בתי אָדער בני... ב־יום... נאָך דער געבירט פון דריטן קינד האָט אים צירל אָנגעהויבן רופן פנחס און נאָר זעלטן פּיניע.

און דאָ ביסטו באַגאַנגען דיין ערשט פאַרברעכן, קין, פאַרענדיקט מיין טאָכטער שפּינען איר חלום וועגן אָנהייב יאָרהונדערט. ווילסט וויסן פאַרוואָס קין? דיין טאָכטער צילקעס אַן אויסטראַכטעניש. זי זאָגט אַז ווען מען האָט אַוועקגעטראָגן נוח'ן — דעם מעזיניק, דעם שפּעט געבוירענעם — אין אַ קיישל צום בית־עולם פון שכנותדיקן שטעטל האָבן אַלע געוויינט און געקלאָגט, נאָר דו נישט. דיך, דערציילט זי, האָט געפרייט וואָס האָסט ווידער דעראָבערט דאָס פריי געבליבענע מעזיניק־פּלאַץ.

# 7

היינט ט'ו מרחשון תש'ל ז האָב איך באַגעגנט באָריסן. אַלט און גרוי, זעט ער אויס ווי אַ ייִנגעלע. נאָר די באָרד־שטעכעלקעס שטערן אַ ביסעלע זיין ייִנגלישן אויסזען. ער האָט ווייזט אויס קיין צייט געהאַט זיך צו ראַזירן. אַ שאָד, וויפל מאָל כ'באַגעגן באָריאַן קומט מיר, כ'ווייס נישט פאַר וואָס, אויפן רעיון אַז ער איז געבליבן אַ יתום נאָך כמעט אַ קינד. אפשר ווייל אין דער טיפעניש פון זיין בליק באַהאַלט זיך אַ באַליידיקונג. דאָס מאָל האָט ער געהאַט אַ דערהויבענע שטימונג. ער האָט מיר דערציילט פול אַנטציקונג אַז ער האָט פאַרבראַכט גאַנצע דריי וואָכן אין בולגאַריע. אי, אַ פאָלק, אי מענטשן, אַ מחיה מיט זיי פאַרברענגען. באָריאַ אין זיבעטן הימל, טשיקאַווע. אַזעלכן האָב איך אים דאַכט מיר קיין מאָל געזען. אפילו נישט דעמלט ווען ער דערמאָנט די יאָרן פון „רעזיסטאַנס" אין פראַנקרייך. וועגן יענע יאָרן דערציילט ער ווייניק, און ווען ער דערציילט שוין יאָ, איז עס אויך מיט אַ כמאַרעלע באַליידיקונג. דאָס איז אפשר דערפאַר ווייל זיינע חברים האָבן אים — נאָך דער מלחמה, ווען אַלץ האָט זיך געשטילט און אָנגעהויבן פאַרדעקן מיט פאַרגעסונגס־שטויב — פאַרגע־

זוארפן אז אין קאמף איז ער געווען צו הארט, אז ער האט נישט געשאנעוועט די חברים, געשיקט צו א זיכערן טויט. קודם האט עס אים געוואונדערט. די זעלבע וועלכע ווארפן אים אצינד פאר אז ער איז געווען צו הארט האבן אים דאך בשעת מעשה געלויבט פאר זיין אומברחמנותדיקער אויסגעהאלטנקייט. ער האט נישט געקענט פארשטיין וואס ס'איז מיט זיי געשען, פאר וואס זיי האבן אזוי ראדיקאל געביטן זייער שטעלונג כלפי אים. האט ער זיך ווידער געפילט באליידיקט, ווי דעמלט ווען ער איז געווען נישט מער ווי א יתום. די נייע באליידיקונג האט געזונקען אין דער טיפעניש פון בליק, זיך צוזאמענגעגאסן מיט דער ערשטער, איז די ערשטע געווארן טונקעלער, כמעט שווארץ. היינט איז ער געווען א פריילעכער, מיט א געהויבענער שטימונג. כאטש א געבוירענער אין א יידישער שטוב האט ער וויניק וואס מיט יידישקייט. ער איז... שווער צו זאגן וואס ער איז, אבער א ייד איז ער זיכער נישט. זייענדיק אין דער הויפטשטאט פון שכנותדיקן לאנד איז ער אריינגעגאנגען זען די גרויסע שול. זיינע פריינט האבן פארגעשלאגן אריינגיין, האט ער זיך נישט אפגעזאגט. סע טוט אים בפירוש נישט באנג. זיי האבן דארט, דערציילט באריא, א צייטונג. דארט עקזיסטירט נישט קיין יידישע פראגע. פאר דער מלחמה זענען געווען אין גאנצן לאנד פופציק טויזנט יידן. אצינד זענען דא פינעף טויזנט. די איבעריקע זענען אוועקגעפארן פארלאזט דאס לאנד אויף אייביק. נאך א פאר הונדערט יאר האבן זיי זיך אויפגעהויבן און אוועק. ווי א היישעריק. א טייל האט מען ארויסגעשיקט. געבליבן זענען, ווי זיי זאגן דארט אין יענעם לאנד, נאר „אונדזערע" יידן. אזוי דערציילט באריא א צופרידענער, מיט א געהויבענער שטימונג.

ווען מיר האבן זיך אפגעזעגנט האב איך אים א צייט נאכגעקוקט. נאך אלעמען איז ער א גליקלעכער מענטש. צופרידן וואס די פראגע איז געלייזט. די פראגע פון די פינעף און פערציק טויזנט וואס האבן זיך אויפגעהויבן און פארלאזט די היים, אדער די וואס מע האט ארויסגעשיקט זענען פאר דעם לאנד און פאר באריסן קיין פראגע נישט. זיי זענען נישט געווען „אונדזערע".

*

היינט, דער 8טער נאוועמבער 1976, איז אן אנגעלאדענער טאג. שפאצירנדיק אויף די גרויסע בולווארן האט פארכאפט מיין בליק א פלאקאט, א פילם-רעקלאמע וואס פארנעמט כמעט דעם גאנצן פאסאד פון א צען-שטאקיק הויז, לאנגע שינעלן, פירעקיקע פנימער, שפיציקע היטלן מיט פינעפעקיקע שטערנס. דאס גאנצע באדעקט מיט בלוט-טריפנדיקע אותיות: „שאל וואסיעמנאצאטי גאד". דאס יאר 1918 האט געצויגן איבער דער וועלט א בלוטיקס.

אין יענעם יאָר האָבן זיך די בערג וואָס ארום מונזיטעשט באַדעקט אין א כמורנעם טאָג מיט געזאָטלטע פערד און לעבן יעדן פערד א מענטש מיט א לאַנגן שינעל. אזא משונהדיקע מחנה און אויף דער וואָר האָב איך ביז דעמלט נישט געזען. א דערשראָקענער בין איך אריין אין שטוב און דערציילט דער מאמען אז פון די בערג נידערן מחנות פערד באגלייטע פון ווייבער. די מאמע איז ארויס אויפן גאנעק א קוק טאָן און דערזעענדיק דאָס חייל, מיך א צי גע-טאָן נענטער צום פאַרטעך, אריינגעפירט אין שטוב און פאַרזאָגט אויף דער גאס זיך נישט צו באַווייזן.

פון די בערג האָט געגנידערט די רומענישע ארמיי און געשען איז עס אין יענעם יאָר, ווען מיין טאטע האָט אָנגעשריבן אויף דער אינעווייניקסטער זייט פון זוהר-טעוועלע די לעצטע שורה פון געבירט-סטאַלביקל: נולד לי בן ושמו נח.

*

אויסטערליש. מיין גאָר ערשטע דערמאָנונג איז אן אבידה. מענטשן דער-מאָנען זיך וועגן מתנות, חנוכה-געלד, א דרעדל, נייע שיך, אפיקומן. איך נישט. איך דערמאָן מיך זוכנדיק א רעדעלע פון א קינדער וועגעלע. א קליין שוואַרץ הילצערן רעדעלע מיט א מעשן רייפל, מיט צוויי אויסגעטאָקטע טיפונגען און מיט מעש באַלייגט בייכעלע וואָס מע טוט אָן אויף דער אקס פון וועגעלע. אייגנטלעך איז עס נישט א וועגעלע נאָר גאָר א בענקעלע אויף רעדעלעך, א טי-שעלע און וועגעלע אויף רעדעלעך. אלץ אין איינעם. צוזאמענגעשטעלט פון דינע פיין געטאָקטע שוואַרץ פאָלירטע שטעקעלעך, וואָס שטאָקן זיך איינס אי-בער דאָס אנדערע ווערט עס א בענקעלע, ברעכן זיך ווערט עס אי א טישעלע אי א וועגעלע. סע שטייט מיר פאַר די אויגן. א בערגעלע, א שטוב מיט א גאַ-נעקל, דריי טרעפּ, א שמאָל סטעזשקעלע — א שרינד אין טיפן גראָז וואָס פירט פון טויער ביז די טרעפּ — א דיק יינגעלע, א ביסעלע צו דיק, אין א בלויער מאטראָסקע, מיט א גרויסן פירעקיקן קאָלנער באַזוימט מיט דריי שורות דינענקע ווייסע שנירלעך. דאָס קינד בין איך. דאָס קינד זוכט אין טיפן גראָז א שוואַרץ מיט מעש באַרייפט רעדעלע, זוכט אונטער יעדן גראָז מיט קינדישער מסירות-נפש.

ניין, שלאָגט יחיאל איבער די רייד, ס'איז נישט אזוי ס'איז געווען א פּשוט פון נישט געפארבטע ברעטער צונויפגעקלאפּט וועגעלע מיט רעדעלעך פון צווירן-קלעצלעך. געזוכט האָבן דאָס מישטיינס געזאָגטע רעדעלע אלע, דער עיקר צילקע מיט מיר. און געזוכט האָט מען ווייל דו האָסט געוויינט. וואָס הייסט גע-

וויינט? געקוויטשעט און גערעוועט ווי א דערשטאָכן חזירל. כ'גלייב אים נישט. כ'גלייב מיין זכרון. איינס איז קלאָר א רעדעלע איז פארלוירן געגאנגען און מיט דעם הייבן זיך אָן מיינע דערמאָנונגען. לאנגע יאָרן האָב איך דאָס געזוכט אפילו אין חלום. צו מאָל טראכט איך צי שטאמט נישט פון דעמלט מיין נישט־שלמותדיקייט, פון אָט דעם טיפן גראָז וואָס האָט איינגעשלונגען א רעדעלע און געלאָזט מיין שיין רייטוועגעלע א הינקעדיקס.

און ווידער אן אבידה. דער טאטע האָט אָפגעקויפט דאָס גערעטעניש פון א סעדל ווען סע האָבן זיך נאָר וואָס באוויזן די קנאָספּן, איידער עס האָט אָנגעהויבן צוויטען. א סעדל מיט איין און דרייסיק פלוימען ביימער, אויף א בערגל נישט ווייט פון אונדזער שטוב. ניין, טאקע בשכנות, הויף לעבן הויף, נישט מער ווי סלידן פון א געוועזן פלייטל. שפּעטער האָט דער צוויט אָנגעזאָגט, לויט דער תורה פון דעם נאפעדענער מיט די לאָזניצעס א רייך גערעטעניש. אפילו דער נאפעדענער ייד וואָלט געוועזן געלויבט פאר אזא גענגיטקייט, פאר אזאן אָפּשאצן דעם אוראָזשאי. דער צוויט איז אָפּגעפאלן, די פירהלעך האָבן זיך געשפּיצט טונקל־גרין און פלוצים האָט אָנגעהויבן רעגענען. האָט גערעגנט א וואָך און צוויי און דריי, א חודש נישט צוגעלאָזט קיין שפּור זון צו די פּירות. האָבן זיי געוואקסן גרויסע אָבער טונקל־גרינע. גרויסע שיינע פלוימען וואָס וועלן שוין, ווייזט אויס, קיין מאָל נישט צייטיק ווערן.

— א סעדל האָט אונדז געפעלט, ארויסגעוואָרפן געלט, האָט געקלאָגט די מאמע.

— אָבער אָפּגעשאצט האָב איך ווי א גרויסער מומחה. דעם טאטן איז נישט געגאנגען אין געלט. דער זעלבער קבצן. אָבער אויף אָפּשאצן א סעדל, אויף אנטדעקן דעם סוד וועלכן די ביימער שעפּטשען אָנהויב פרילינג, האָט ער נישט געקאָנט מוותר זיין. אין א פרימאָרגן איז דער טאָג אויפגעשטאנען פון כמורנעם שלאָף מיט א לויטערן הימל, מיט א פרישער פריילעכער זון. די זון האָט געוואָרעמט, די צווייגן האָבן זיך א צי געטאָן, די פלוימען האָבן געבלויעלט זעענדיק מיט די אויגן. אריין אין סעדל איז געווען אוממעגלעך אזוי טיף די בלאָטע. האָט מען זיך געליובעוועט פון דער ווייטנס: גישקשה, מיט אזא זון וועט מען מאָרגן קאָנען א קוק טאָן פון דער נאָענט. אויף מאָרגן איז אָבער בשכנות מיט אונדזער הויף קיין סעדל מער נישט געווען. פארשוואונדען געוואָרן, אריין ווי אין וואסער. שטייט מען אלע געפּלעפּטע, איך זיך האלטנדיק ביי דער מאמעס פארטעך. גאפט מען א מינוט ווי א שעה און א שעה ווי א מינוט. דאָס סעדל איז טאקע נישטאָ. איינגעזונקען געוואָרן ווי די מצריים אין ים סוף. אויפן

אָרט פון סעדל, פון ווילדע חזירים צעאַקערטע ערד. פלאַי-פלאַים. סע קומט אויס וויינען. אָבער וויינען ווייגט מען נישט, מע זוכט. אנטדעקט האָט עס טאַקע דער טאַטע. ער האָט דאָס דערקענט. דאָס סעדל איז רואיק געשטאַנען מיט צוויי הונדערט אייֵלן נידעריקער. וואָס איז געשען?

אין משך פון דער נאַכט האָט זיך דאָס בערגל צוזאַמען מיט די איין און דרייסיק ביימער פאַמעלעך אַראָפגערוקט, איבערגעצויגן צום שכן וואָס א ביסעלע נידעריקער. שטייען דאָרט אַלע ביימער אָנגעלאָדענע מיט פלוימען, אָבער געהערן, געהערן זיי, לויט דער שכן זאָגט, נישט אונדז, נאָר אים. ווער ווייסט נישט אַז דאָס פלאַץ איז זיינס? גיי לאָד אים. אַוועק א מחלוקת. צו וועמען זיך גיין לאָדן איז נישט געווען, אין מונזיטעשט איז קיין רב נישטאָ און דער שוחט איז דאָך אַליין א צד. די פלוימען האָבן געקליבן די שכנים, די טשערניאַקס. מיט דער צייט האָבן זיך די פלאַמען פון מחלוקת געלייגט, דאָס פייער האָט זיך געלאָשן, אָבער שנאה-פריסעק איז געבליבן לאַנגע יאָרן.

דאָס דערמאָנסטו זיך נישט, זאָגט מיין שוועסטער צילקע, דו ביסט נאָך דעמלט אויף דער וועלט נישט געווען און דאָס וואָס דו זאָגסט אַז האָסט זיך געהאַלטן אין דער מאַמעס פאַרטעך איז קיין סימן נישט. ווען האָסטו זיך נישט געהאַלטן ביי דער מאַמעס פאַרטעך, אָדער ווען האָט דיך די מאַמע נישט געהאַלטן הינטער איר פאַרטעך? דאָס איז דאָך געשען א לאַנגע צייט פאַר דער ערשטער וועלט מלחמה, ווי אַזוי זשע קאָנסטו געדענקען? אונדזער דערציילן דערמאָנסטו זיך, טיפש! מעגלעך זי איז גערעכט. די ערשטע וועלט מלחמה געדענק איך באמת נישט. כאָטש עס איז נישט אין גאַנצן אַזוי. אָט למשל געדענק איך ווי דער טאַטע פלעגט זיך אַרומדרייען איבער דער שטוב מיט א זאַק קאַרטאָפליעס אויף די פלייצעס, קלעטערן מיטן זאַק אויפן טיש און פון דאָרט אַראָפשפרינגען מיטן זאַק אויף די פלייצעס. דאָס איז געווען כדי זיך צו מאַכן א „זעקס און זעכציק". ווער סע האָט געהאַט א „זעקס און זעכציק" האָט באַקומען א בלויען בילעט און מיט א בלויען בילעט האָט מען נישט גערופן צום מיליטער אפילו דעמלט ווען מע האָט שוין גערופן אויך שוחטים. גיין אין צאַרישן מיליטער האָט געשמעקט מיט קאַנטאָניסטן און ווער ווייסט נישט אַז פאַר יידן איז קאַנטאָניסט געווען איינס פון די גרעסטע אומגליקן. האָט דער טאַטע קודם גערויכערט טיי. אַז מע רויכערט טיי באַקומט מען א האַרץ פעלער און מיט א האַרץ פעלער נעמט מען אויך נישט אין דער אַרמיי. האָט ער גערויכערט א חודש און נאָך מער, דאָס האַרץ האָט געדאַכט טוט שוין וויי, אָבער צו קיין האַרץ פעלער איז עס נישט געקומען. א שטאַרק האַרץ האָט געזאָגט דער דאָקטער פון נאָענטן

שטעטל, דאָס רויכערן העלפט נישט. פרואווט שוין בעסער א ברוך (ביי אונדז פלעגט מען זאָגן א קילע, אבער א קילע איז נישט קיין שיין וואָרט, איבערהויפט פאר קינדער, א ברוך איז עפעס אנדערש, סע קומט אוים וויסנשאפטלעך). וועט איר באקומען א ברוך, האָט געשטילט דער דאָקטער די מורא פאר דער צארישער ארמיי, איז דער בלויער בילעט עלעהיי ביי אייך אין קעשענע. אזוי שרייבט אין ארטיקל זעקס און זעכציק פון רעקרוטיר געזעץ. האָט דער טאטע געפרואווט מיט דעם זאק קארטאָפליעס און עס איז אים געלונגען. כאָטש צו שפעט, ווייל ביז ס'איז אים געלונגען באקומען א קילע האָט מען ישוין מער אין דער צארישער ארמיי נישט רעקרוטירט. דעם צאר האָט מען אראָפגעוואָרפן פון בענקל. סע האָט זיך אָנגעהויבן א נייע תקופה אָן מיליטער, אָן ווערבירן און אָן געזעצן. אָבער אזוי קאָמפליצירט איז עס געוואָרן שפעטער. א קילע האָט דער טאטע אָפגעשפאָרט א טאָפלטע. נישט אויפאמאָל, מיט דער צייט, אָבער א טאָפלטע. דאָס בין איך זיכער ווייל דאָס בענדל פלעגט ער אוועקלייגן פון אויוונאויף. ער האָט זיך נישט געשעמט דערמיט.

דאָס בענדל געדענקסטו יאָ, אָבער זיין שפרינגען פון טיש האָסטו אויסגעטראכט. סע זעט דיר אוים שענער. נישט גענוג דאָס בענקל האָסטו צוגעטראכט דעם טיש, קאָמענטירט מיין ברודער יחיאל. אזוי לאָזן זיי מיך נישט שפינען זכרונות. כ'מיין אז דאָס איז דערפאר ווייל מיר זענען אלע דריי — צילקע, יחיאל און איך — די קלענסטע, ווילן זיי האָבן דעם מאָנאָפאָל אויף דעראינערונגען. עס איז א מין אייפערזוכט. איך בין זיכער אז כ'האָב דאָס אלץ געזען מיט מיינע אייגענע אויגן, כ'בין גרייט אָפגעבן א שבועה. זענען זיי אָבער צוויי און איך איינער. און די זכרונות זענען מיר צום הארצן ווייל פון זיי וועבט זיך יענע צייט, מיט זיי ווערט זי א גאנצע, א מממשותדיקע.

אָט זיצט דער פעטער חיים, דער מאמעס קלענסט ברודערל. ניין. דער מאמעס איינציק ברודערל, די איבעריקע זענען שטיף-ברידער מיט וועלכע כאָטש מען איז איינס איז מען דאָך נישט אין גאנצן איינס. ער זיצט ביים טיש מיט אן אָפענער גמרא, קיין לייענען קאָן ער נישט מאכן, חזרט ער איבער דאָס וואָס מע האָט געלערנט נעכטן. אפשר האָב איך א טעות. אוודאי האָב איך א טעות. עס איז נישט א גמרא, עס איז א חומש. אין אויוון ברענט דאָס פייער און דעם אויוון צינדט מען אונטער פרייטיק, ווען די מאמע באקט חלה אויף שבת און ברויט פאר דער גאנצער וואָך. פרייטיק איז מען מעביר די סדרה. דאָס האָט אזוי איינגעפירט דער טאטע. עס איז זיין איינציק איינפירעכץ. דאָס איינציקע וואָס געהער זיך אָן מיט אָרדנונג און דיסציפלין. פון קיין אנדערער ווייסט ער נישט, קיין אנדערע האָט ער נישט איינגעפירט. דאָס אי-

בעריקע רינט פון זיך אליין: אָט דאָס, אָט יענץ. זיצט דער פעטער חיים ביים טיש, מיט זיין קורנאָסע נעזל (עס סאמעוועט צוויי טראָפּן וואסער מיט דער מאמעס) מיט עטוואָס צו גרויסע אויערן און אַן אויסגעגלאָצטן בליק. אַן אויסגעגלאָצטער זעט דער בליק אויס נארישלעך.

אויך קינדער קאָנען האָבן א נארישלעכן בליק. כ'האָב דאָס באמערקט דאָ נישט לאנג אין ירושלים. מיינעם א פעטערס אן אייניקל, אלט נישט מער ווי א יאָר אכט האָט אויף זיך גענומען די שטריכן פון עלטער זיידן און צוזא-מען מיט זיי דעם עלטער-זיידנס נארישן בליק. א רחמנות אויפן קינד. א חנעוו-דיק, קלוג, לעבעדיק יינגעלע זאָל דער עלטער-זיידע באשענקען מיט זיין נא-רישן בליק און דערפון ממש א תל מאכן.

זיצט אזוי דער פעטער חיים מיטן אָפענעם חומש איז מעביר די סדרה אין גערדאנק. דערנענטערט זיך דער טאטע און גיט אים א קניפּ: וואָס זיצסטו ווי א גולם? פאר וואָס הערט מען פון דיר קיין וואָרט נישט? וואָלט ער געווען מעביר זיין די סדרה אויף א קול, וואָלט ער באקומען דעם זעלבן קניפּ (און דער טאטע האָט א קניפּעלע! פרעגט מיין ברודער יחיאל). ווייל וואָס און ווי אזוי דער פעטער חיים זאָל נישט טאָן איז דער טאטע נישט צופרידן. ווען איז דאָס געשען? וואונדערט זיך מיין שוועסטער פערל, די על-טסטע. זי געהערט צו יענעם סאָרט מענטשן וואָס קעמפן פאר היסטאָרישע אמתן פון אלע שטאנדפונקטן. וואָס הייסט ווען? מאך אליין דעם חשבון. דער פעטער חיים איז אצינד אלט אכציק אָדער איין און אכציק און דעמלט איז ער אלט געווען א יאָר צען. פון וואו זשע קומט צו דיר די געשיכטע? א שוואכקייט אזא ביי עלטערע מענטשן, פונקט ווי ביי אלטע רעוואָלוציאָנערן, צו פאָרמעלער פּינקטלעכקייט. זיי פארגעסן אָדער האָבן קיין מאָל נישט געוואוסט אז דאָס הרגעט אָפּ יעדע פאנטאזיע. נא דיר גאָר פון וואנען? ענטפער איך ברוגז, טאקע פון פעטער חיים. ער האָט מיר דאָס דערציילט צוריק מיט צוויי יאָר ווען כ'בין געווען ביי אים צו גאסט. כ'האָב אים פאָרגעשלאָגן פאר-ברענגען א נאכט מיט טרייבן רכילות. זאָגט ער: מסכים, נאָר צום אלעם ער-שטן וועגן דיין טאטן.

וואָס זשע זאָגסטו גאָר זכרונות? פרעגט ווידער פערל און קיין ענטפער האָב איך נישט געקאָנט גיבן. ווען א מענטש פארשטייט נישט קומט דער ענטפער אוים איבעריק, סע האָט קיין זין נישט. אוודאי זכרונות. דער פעטער חיים האָט דערציילט, איך האָב געזעו, די געשעענישן האָבן זיך אָפּגעשפּילט פאר מיינע אויגן און כ'האָב געפּרוווט פארשטיין, וואָס האָט אים אייגנטלעך גע-פעלט, דעם טאטן, דאָרט אין דאָרף. וואָס האָט ער געזוכט און נישט געפו-

נען. פון אָנהויב האָט אים געצויגן צום דאָרף, אהין וואו מע פּאָיעט בהמות, וואו מע מעלקט קי, וואו מע טרייסלט פון דיביימער עפּל, בארן, פלוימען, נים און כל ערליי פּירות. און פּלוצים האָט אים אָנגעהויבן עפּעס פעלןווער זאָל דאָס געווען גורם זיין? די טשערניאקס? די זעלבע וואָס מיטן סעדל? זאָלן די טשערניאקס שולדיק זיין אין מיין טאטנס פארפרעמדקייט? זאָלן זיי געווען גורם זיין דאָס שטענדיקע ארומגיין א פארכמורעטער גלייך ווי ער זאָל עפּעס האָבן פארלוירן, גלייך עפּעס פעלט אים? זאָל אים גאָרנישט געווען פעלן וואָלט ער דאָך נישט געווען אוועקגעשיקט די קינדער אין שטאָט. אנדערע האָבן נישט געשיקט, חוץ דעם גלח און שוחט האָט געשיקט אין שטאָט אריין זיין שוועסטער, נחמן דער גומל-בענטשער. כ'וויים נישט ווען דער טאטע האָט אוועקגעשיקט פערלען און מיין ברודער שאול, דערפאר אָבער געדענק איך זייער גוט ווי אזוי זיי זענען צוריקגעקומען. א טשיקאַווע אהיימקומען. עס איז געווען אין יענער צייט ווען עס האָט געבושעוועט די סלאָבאָדע. אין וועלדער, דערפער און אויף שליאכן האָבן שיכורע גוים געזונגען וועגן דער גליקלעכער סלאָבאָדע און פון שטעט און שטעטלעך זענען געקומען ידיעות וועגן פּאָגראָמען. אויף יענער זייט מאכט מען שוין ווידער פּאָגראָמען. דערציילט מען איינצלהייטן שטעלן זיך די האָר קאפּויער. אויף יענער זייט הייסט אויף דער לינקער זייט טייך, וועלכן דער טאטע האָט צוויי מאָל אריבערגעטרעטן, דאָס ערשטע מאָל אלס פּיניע, אין זוכעניש פון גליקלאנד, און דאָס צווייטע מאָל אלס פּנחס, באוואָפנט מיט א חלף און באזאָטלט מיט א ווייב זוכנדיק נישט מער ווי רו-לאנד. א רו-לאנד מיט פּשוטע פארנעמעכצן אָן מלחמות און אָן איינגעמען וועלטן. אבותדיקע פארנעמעכצן. א רו-לאנד מיט יידן, וועלכע יונגעלייט — וואָס שטרעבן ווער ווייסט נאָך וואָס — רופן האָרעפּאַשניקעס. דעמלט האָט ער נישט געוואוסט פון דעם סאָרט יונגעלייט, אָדער געוואוסט און דערויף קיין אכט נישט געלייגט, און דאָס וואָרט האָרעפּאַשניקעס איז אים נאָך געווען לחלוטין פרעמד. ער האָט געוואָלט נישט מער ווי פארלאָזן דאָס געהויקערטע שטעטל מיט די נישט וויניקער געהויקערטע און אויסגעהונגערטע יידן, זיך באהעפטן מיט דעם וואָס סע האָט אים אויסגעזען פּשוט און געזונטאצינד איז ער דאָ און די צוויי עלטסטע קינדער דאָרט. פון זיי קיין שום ידיעה. זיצט צירל א פארוויינטע אָן טרערן און ער דאָרט אויף יענער זייט, דאָרט וואו עס זענען די קינדער, דאָרט וואו סע ברענט און קאָכט. אָבער זיך עפּעס דערוויסן איז אוממעגלעך. יענע זייט איז אָפּגעריגלט. כאָטש אזוי האָפט מען אפשר מאָרגן, אפשר נאָך היינט, אין א שעה ארום, צי גאָר באלד וועט זיך עפענען די טיר און... אזוי ביי טאָג, אזוי ביי נאכט, אזוי אויך פריי-

טיק צו נאכטס. פרייטיק פראַזשעט מען „סעמעטשקעס" — רויזן קערלעך. ביים ליכט פון פאַרצויגענעם פינפער לעמפּל און פון אויסגייענדיקע בענטש-ליכט קנאַקט מען קערלעך און מע קרעכצט. אַמאָל פּלעגט מען דערציילן געשיכטעס, לייענען „יאָסעלע" און וויינען, אָדער „מנחם מענדל" און לאַכן מיט טרערן. היינט קנאַקט מען קערלעך און מע קרעכצט. פרייטיק צו נאכטס האָט מען מורא פאַר די גוים וואָס זינגען סלאַבאָדע און פאַר טרערן וואָס וואָלטן געקאָנט ברענ-נען שאָדן די קינדער וואָס אויף יענער זייט. פרייטיק-צו-נאַכטיקע טרערן זע-נען זינדיקע. די קינדער וואָס זענען דאָ זיצן אַלע אָנגעזאַמלט אויף איין סאָפּ-קע פון האַרטע ברעטער, מיט שניי-ווייסע צעריסענע העמדלעך, אין געלאַטע-טע סטאַניקלעך, שיילן אָן א פולע זשמעניע רויזן אָדער קאַבאַק יאָדערלעך, אַזוי פילט מען בעסער דעם טעם, געשעט ווען איינער טראָגט דאָס הענטל צום מויל זאָל אים עמעצער א קלאַפּ טאָן איבערן הענטל פון אונטן אַרויף, די יאָדערלעך זאָלן זיך צעפליען און סע זאָל אָנהייבן א געוויין. בעט די מא-מע: איינרוען קאָנט איר נישט? גיט דער טאַטע א ברום: לאָפּנען זאָלסטו, און לאָזט אראָפּ א פאַטש ניט שטענדיק דעם שולדיקן. ווערט שטיל אין אָנ-געפּאָרן. אָנגעפּאָרענער ווי פשוט אָנגעפּאָרן. "לאָפּנען זאָלסטו" זאָגט איצט דער טאַטע זייער אָפט. דאָס איז איינע פון זיינע גראָבקייטן און נאָך מער גראָבקייט ווייל ער זאָגט עס אויך דער מאַמען. א געזונטע, פשוטע, האָרעפּאַ-שנע דאָרפישע גראָבקייט וואָס שרעקט מיט איר פּלאַסטישקייט און אָנאָמאַטאָ-פּייאישקייט. אַט פּלאַצט אַלץ, אָט בלייבט נישט מער ווי א קופּע פּיצפּיצלעך פון דעם וואָס ביסט געוואוינט און ווילסט זען גאַנץ, פון קיין שום שלעכטס באַרירט. און ווען דער טאַטע זאָגט באַפּאַלט א מורא, ווייל א טאַטע קאָן אַלצדינג. נידערט אין צימער א געדיכטע שטילקייט לעשט אויס צאַנקענדיקע בענטש-ליכט און פון דרויסן, פון יענער זייט צווייטער טיר דערטראָגט זיך א קלאַנג גלייך עמעצער וואָלט שנייצן די נאָז. שאוּל! יעכצט די קלענסטע שוועסטער, צילקע. פּערל, די גרעסטע, איז אויף יענער זייט טייך, דאָרט וואו סע קאָכט און ברענט און מע שעכט יידן. דאָרט איז די סלאָבאָדע א באַוואָפּנ-טע, איז דאָ מיט וואָס צו שעכטן. שעכט מען אַלעמען און אויב אַלעמען איז צו ערשט יידן. שאוּל! יעכצט די שוועסטער און דער טאַטע הערט נישט די טיר, ער וואַרפט נאָר א בייזן בליק. ווערט די שטילקייט געדיכטער און דער שנייץ קלאָרער: ס'איז דווקא יאָ שאוּל. ער האָט א טבע פאַרן אריינגיין אין שטוב, שנייצן די נאָז דאָרפיש, מיט א פינגער אויף א נאָזלאָך. שפּרינגען אויף צעריסענע שניי-ווייסע העמדלעך, געלאַטעטע העל-גרויע אָפּגעבליאַקעווע-טע סטאַניקלעך, לאָזט זיך צו דער טיר דאָס גאַנצע הויז. בויגן זיך מק-

בל פנים זיין נייגעריקע אויסגייענדיקע בענטש-ליכט-פלעמעלעך, באגעגענען ביידע, אי פערלען אי שאולן. ווערט פערל אויף א רגע פערעלע און שאול — שוויליקל.

*

אין יענע צייטן איז די איינציק רייכע סעודה אין וואָך — די שבתדיקע— אויך געווען א וואָכעדיקע. ווייצן-מעל א חלום, אירמיק א געשעעניש. האָט מען זיך געפרייט מיט מאלאיעס — מיט פּלעצלעך פון פּאָפּשויע מעל. אפשר ווען מע זאָל זיך געווען ריכטן אויף אזעלכע חשובע געסט וואָלט מען עפּעס צו-געטראכט. זענען זיי געקומען אומגעריכט כאָטש מע האָט אויף זיי די גאַנ-צע צייט געוואַרט. בארייכערן דעם טיש האָט מען געקאָנט נישט מער ווי מיט א שמועס. חוץ דעם האָט מען געוואָלט וויסן וואָס סע טוט זיך און וואָס מע הערט אויף דער גאָרער וועלט. די גאָרע וועלט איז דעמלט געווען אויף יענער זייט טייך.

— וואָס קאָכט זיך דאָרט אזוינס? האָט דער טאטע א פרעג געטאָן. גע-פרעגט האָט ער ביידע, אַן ענטפער האָט ער געוואָלט דווקא פון פערלען. זי איז נישט נאָר עלטער פון שאולן נאָר אויך געניטער אין וועלט ענינים.

— סע קאָכט די סוואָבאָדע, האָט געענטפערט פערל א ווארף טוענדיק זעלבסטבאוואוסט דעם מיט געדיכטע דראָלדיק-געקרייזלטע האָר באוואקסענעם קאָפּ אויף צוריק. אז די פראגע מיינט זי, איז פאר איר קיין ספק נישט גע-ווען און אז איר ענטפער איז א באהאוונטער אויך נישט. מענטשן זענען געוואָרן פריי.

— וואָס הייסט פריי? דער טאטע האָט געוואָלט וויסן עפּעס קלאָרערס, פער-לען אָבער איז די פראגע אויסגעקומען אומגעלומפּערט. כמעט א יאָר צייט איז זי געלאָפן פון איין דעמאָנסטראציע אויף דער צווייטער, פון איין מיטינג צום אנדערן, געשטעקט כלערליי בלימלעך אין מאנצבעלישע לאצן, באצירט דאמען-בריסטן און ער פרעגט וואָס הייסט פריי! פארן טאטן האָט דער שמועס א צווייענדיקן צוועק. ערשטנס וויל ער טאקע אליין אויך וויסן. א וועלט קערט זיך איבער, זיי זענען געשטאנען דערביי, געזען מיט די אייגענע אויגן איך אוודאי כדאי שמועסן; צווייטנס איז עס א מין עקזאמען. באלד וועט זיך בא-וויזן נפתלי מיט דער „גושע", ער וועט קומען אָנווינטשן מיט די געסט אין וועלן הערן נייעס, א טאפּ טון זען וואָס סע הערט זיך אויף דער וועלט. זיי קומען פון יענער זייט און דערצו פון א גרויסער שטאָט מוזן זיי האָבן

זואָס צו דערציילן. נפתלי איז דער איינציקער, אָדער פון די ווייניקע אין דאָרף וועלכע אינטערעסירן זיך מיט און האָבן א חוש פאר וועלט זאכן. מיט אים האָבן זיך איינגעשטעלט נאָענטע באציאונגען זינט די ערשטע טעג פון מיין טאטנס באזעצן זיך אין מונזיטעשט. ער פארמאָגט זיין אייגענע צוויי דעסיאטין ערד, האנדלט צו מיט שמיישלעך, געפינט צייט ארייננצוקוקן אין א ספר, האָט פארשטענדעניש פאר א מעשה-ביכל, שמועסט פּאָליטיק. א מאסיווער ייד מיט א גרוילעכער באָרד, טראָגט דעם קאָפּ א ביסעלע פאררייסן מחמת דער „גוי-שע”, מחמת דעם געשוויר וואָס אויף דער לינקער זייט האלדז. ער קומט צו גיין און פארשווינדט ווי א וויכער. די געשעענישן לעבט נפתלי איבער מיט זיין גאנצן מהות, מיט לייב און לעבן, נישט ווי דער טאטע. זיי זענען ביידע זייטיקע, אָבער פארשידן. מיין טאטע גייט מיט די געשעענישן, ער באגלייט זיי פון דער זייט. לאָזט זיך מיטרייסן פון שטראָם אָבער ברעגיק, ער שווימט מיט ביי דער פעריפעריע. אפשר דערפאר כאפט ער זיך נישט תיכף אין וואָס עס גייט. ער פליסט צוזאמען מיט די געשעענישן נישט וויסנדיק וואוהין. נפ-תלי שטייט ביי דער זייט אויף זיין פּאָסטן, אויף א בערגל, ווי א פעלדמאר-שאל, פון וועלכן ער פרואווט ארומנעמען דעם גאנצן שטח, די גאנצע לאנד-שאפט אויף וועלכער די געשעענישן וויקלן זיך אָפּ. דערפאר זענען זיינע רעאקציעס אנדערע. אָט למשל דעמלט ווען כ'האָב אָנגעזאָגט דער מאמען די בשורה מיט די פערד, באגלייטע פון ווייבער אין לאנגע כאלאטן וואָס גידע-דן פון בארג, האָט דער טאטע דאָס אויפגענומען פשוט אזוי ווי מע נעמט אויף א זאווערוכע, נפתלי ווידער האָט דאָס פשוט נישט אויסגעהאלטן. ער איז געקומען צו לויפן א פארכמורעטער, א דערשיטערטער, פארזאָרגטער, א באליידיקטער. וואָס זאָגט איר פנחס צו דער געשיכטע, האָט ער זיך געביי-זערט נאָך ביים עפענען די טיר. הערט נאָר, הערט! אזא מעשה! ווי אזוי האָט דאָס געקאָנט קומען דערצו מע זאָל אונדז אָפּטשעפּען פון ראסיי. אָפּגע-טשעפּעט און גאָרנישט! ניין, דאָס וועל איך נישט איבערטראָגן, דאָס וועל איך פשוט נישט אויסהאלטן. לאנג האָט ער דאָס טאקע נישט אויסגעהאלטן. אזוי אז נפתלים פראגעס זענען באמת געווען קאָנקרעטערע, זאכלעכערע.

— וואָס גייט דאָרט אָן מער, האָט ער געפרעגט ביידע, אי פערלען אי שאולן, די קערענסקעס, די טשערוואָנצעס, צי גאָר דער אלטער רובל? זיי האָבן קיין קלאָרן ענטפער נישט געקאָנט געבן. פאר זיי זענען אלע דריי געווען דאָס זעלבע.

— וואָס זשע, אין געלט גייט עס? האָט געפרעגט איראָניש פערל. ווער דאַרף דאָס האָבן?

— אז מ'האָט עס נישט, דאַרף מען נישט, אָבער אָן דעם האָט די וועלט קיין קיום. משמע אז א קיום וועט האָבן יענע וועלט וועמענס פּעזיטן סע וועלן האָבן א גאַנג.

— נפתלי, האָט זיך אַריינגעמישט דער טאַטע, וואָס ווילט איר פון זיי? קינדער, וואָס ווייסן זיי פון תכלית?

— תכלית זאָגט איר? היינט באַשטימען אַזעלכע קינדער די ראַזוויטיע, דעם גאַנג פון דער געשיכטע.

— זיי?! דער טאַטע האָט פאַרזשמורעט די אויגן. נפתלי טרייבט איבער. אַלץ דאַכט אים קאַפּויער. די וועלט איז אין רשות פון עפּעס א נישט-גוטן וואָס דרייט איבער אַלץ מיטן קאָפּ אַראָפּ. כ'מיין אז מער ליגט עס ביי די זינגערס. אָט וועט טשערניאַק עפענען די קרעטשמע וועט לאַנג נישט דויערן און סע וועט אַוועק א סלאָבאָדע געזאַנג וואָס דערקלערט אַלץ.

— אַלצדינג אָפּקומען מיט א ווערטל קאָן מען נישט, האָט זיך געברוגזט נפתלי. זיי וועלן אָפּזינגען. זייער תכלית איז ערגעץ אַנדערש, צו נאָענט. קיין מאָל האָבן זיי נישט באַשטימט דעם גאַנג פון דער געשיכטע. זיי האָט מען געטריבן, אָדער געפירט היינט אַהין, מאָרגן אַהער. פּוגאַטשאָוו, דער באַטיושקאַ צאַר, ווער סע האָט נאָר געוואָלט. זייערע אייגענע בחירים, אָדער ווי מע זאָגט היינט עליטע, האָבן נישט זיי, נישט, די מעשטשאַנינען, די קליינביר-גער. ס'איז א זייפן בלאָז, א שניי קנויל. אָט ווערט ער ווי א באַרג, אָט צע-פאַלט ער זיך. יעדער אַקערט די ערד אויף זיין אופן, יעדער בעלמלאָכהעט מיט זיין סטרוי. עפּעס אַנדערש די זשעלעזנאָדאָראָזשניקעס, די פּוטילאָווצעס. צוויי רעלסן און דאָס איז עס! נישט רעכטס, נישט לינקס. אויף דעם פּאַראַוואָז האָט זיך אַוועקגעזעצט בראָנשטיין און סע זעט אויס ער וועט דערפירן.

— ער איז דאָך אַן אונדזעריקער, מע זאָגט אפילו אז אָט דאָס ליי-בעלע איז א טעלענעשטער. נפתלי איז בלייך געוואָרן פאַר אויפרעגונג. ער האָט זיך געפילט באַליידיקט. ער רעדט פון גורל פון דער וועלט און דער טאַטע האָט אָפּגענאַרט זיינע דערוואַרטונגען, ער פאַרשטייט נישט אָדער מאַכט זיך נישט פאַרשטייענדיק אין וואָס סע גייט. זעט ער טאַקע נישט אז אין שפּיל איז די גאַנצע וועלט? גלייך די קרובהשאַפט מיט בראָנשטיינען, גלייך לייבעלעס יחוס וואָלטן געהאַט א פאַרבינדונג מיט דעם ענין. ער נעמט דאָס אויך איצט אויף זיין אופן, לייכטזיניק, אייבערפלעכלעך, מיט א ווערטל.

— דאָס איז בלאָטע, האָט נפתלי א בריזגע געטאָן.

— צו מאָל ליגט אין בלאָטע א בריליאַנט. האָט דער טאַטע געפּרואווט אי-בערבעטן.

— אי פנחס, וואויל איז אייך אז איר קאָנט אָפּקומען מיט א ווערטל. א סימן יונג. איך בין ווייזט אוים אלט געוואָרן. זיך מיטאמאָל געעלטערט. די ענדערונגען זענען צו שנעלע, דאָס פארגאָסענע בלוט א שאָד. אויב א שאָד ניקאָלאשקא, איז באמת א סימן אלט. שטארק אלט, פנחס.

געזאָגט האָט ער פנחס ווי איינער פאר וועלכן אלע ערדישע זאכן האָבן פאר-לוירן דעם ווערט, פאר וועלכן אלע היעראַרכיעס האָבן פארלוירן דעם זין. ס'האָט נישט לאנג געדויערט זון עס איז געשען. ער האָט דאָס נישט אויסגעהאלטן.

# 8

אין דער נאכט פון זיבעטן צום אכטן נאָוועמבער, אין יאָר 1976, האָבן אומבאקאנטע ארויסגעהאָנגען אויפן אלטן טורעם פון שטאָט-צענטער פראנק-פורט אויפן מיין א גרויסע נאצי-פאָן אויף אָפּצומערקן דעם אכט און דריי-סיקסטן יאָרטאָג פון דער קריסטאל נאכט. די זעלבע אומבאקאנטע האָבן אויך פארשפרייט פליטערלעך מיטן נאצי-צייכן. די פליטערלעך האָבן גערופן די בא-פעלקערונג באַיקאָטירן יידישע געוועלבן. די שויבן פון יידישע געשעפטן האָט מען נישט צעקלאפּט. (פון די טאָג צייטונגען).

*

נעכטן האָב איך באגעגנט אירמאן. נישט קיין פויגלדיקע שטימונג ביי איר. געוויינטלעך איז זי א שלומדיקע, האָט נישט ליב איינצורייסן מיט מענטשן, נאָך וויניקער באלייִדיקן. א מאָדנע שטימונג געווען ביי איר, אנדערש קאָן איך דעם אָנפאל נישט פארשטיין. זי האָט זיך פשוט נישט געקאָנט באהערשן. געגרוסט האָב איך זי ווי יעדעס מאָל, געשמייכלט ווי יעדעס מאָל. פון וואנען זאָל איך געוועזן וויסן אז ערשט אצינד האָט דערגרייכט צו איר די ידיעה וועגן צענט-נערס טויט. כאָטש געווען כמעט א זקן, האָט די ידיעה אויף איר געווירקט נישט ווי א געוויינטלעכער טויט, נישט ווי דאָס געוויינטלעכע אוועקגיין פון אן אונדז באקאנטן לעבן, נאָר גלייך ער וואָלט פארשניטן געוואָרן ווי דע-מלט, אין די מלחמה יאָרן, א דערשאָסענער פון זיבן פאָר שטיוול. אנ-דערש איז נישט צו פארשטיין איר פלוצימדיקער אָנפאל: וואָס דען ווי איר וואָס האָט זיך אויסבאהאלטן אין די תפיסות און לאגערן אָפּגעהיטע און בא-

שיצטע פון די זעלבע שטיוול? ער איז נישט געבליבן הינטערן שויץ פון שטעכלדראָט. ער איז אנטלאָפן.

א טייל, זייער ווייניק, זענען אנטלאָפן. אָבער וואָס קער זיך דאָס אָן מיט צענטנערן? א מאָדנע שטימונג האָט נעכטן באהערשט אירמאַן.

*

קיינער האָט דעם טאטן נישט געצוואונגען פארלאָזן דאָס דאָרף. און דאָך האָט ער פארלאָזט מונזיטעשט. ס'איז שווער צו גלייבן אז דאָס האָט גורם געווען דאָס איינציקע בריוועלע וואָס האָט זיך באקומען פון יענער זייט טייך. א מאָדנע דרייעק-בריוועלע. געשריבן האָט א פלימעניצע, דער מומעס מיט מאנצבילעשע שטריכן און באוועגונגען איינציקע טאָכטער. א קורץ בריוועלע אין גאנצן איין געווירעט זייטל אן ארויסעגעריסנס פון א שול-העפט. פון בריוועלע האָבן געפעלט די לאנגע און געשלאָסענע אותיות, ענדע צאדיק און ענדע פייען. די העברעישע ווערטער מיט א נייעם אויסלייג. „פעטער פינכאָס", האָט זי געשריבן, איז עם אויסגעקומען אויסטערליש, כמעט ווי נישט דעם טאטנס נאָמען. געלייענט האָבן אלע און זיך געוואונדערט: זע נאָר, מ'קאָן אויך אזוי! וואָס איז דאָס גליק אז אזוי, האָט געפרעגט דער טאטע און יחיאל האָט דער ערשטער געפונען אן ענטפער: פטור די געקיצלטע ענדע-פייען און ענדע-צאדיקן. האָט מען געלאכט, מע האָט זיך דערמאָנט וויפל קניפּן און סטוסאקעס ער האָט באקומען, וויפל סיניאקעס סע זענען געשטאנען אויף זיין הויט פאר נישט שיין שרייבן אָט די ענדע-וואָרט בוכשטאבן. וואָס מער דער טאטע איז צוגעשטאנען, וואָס מער יחיאל האָט זיך געסטארעט אלץ ערגער און געמוטשעטער האָבן זיי אויסגעזען. האָט מען געלאכט, דער טאטע האָט נאָר געשמייכלט, איז שווער געווען צו וויסן צי איז עם ווייל ער האָט א טראכט געטאָן אומזיסט געמוטשעט, צי ווייל סע געפעלט אים דער אויפטו. אן אויפטו וואָס קאָן לאנג נישט דויערן, סיידן... מיר שיינט אז ווען נפתלי מיט דער „גושע", דער מאסיוועדער ייד מיט א חוש פאר וועלט-זאכן זאָל געווען לעבן, וואָלט ער געווען געזאָגט אז ס'איז נישט צום לאכן, אז ס'איז נישט אזוי פשוט ווי סע דאכט זיך, אז עס איז ווערט ארום דעם זיך פארטראכטן. ער וואָלט אפשר געווען געזאָגט אז עס איז טאקע א נייע זאך, נאָר קודם וואָלט מען נעדארפט דערגרונטעווען צי אזאן אויפטו קאָן נישט אמאָל פירן צו נישט פאָרויסגעזעענע פאָלגן און דערשיינונגען. ער וואָלט אפשר געווען געזאָגט: טראגישע, ווייל א טבע געווען ביי אים איבערצוטרייבן. נפתלים איבערטרייבעניש

וואָלט אָבער נישט געווען ארויסגערופן פון טאטנס צד אן ערנסטערע באהאנד-לונג. ער וואָלט זיך ארום דעם נישט געווען פארטראכט. אלנפאלס נישט אוי-פן מאָמענט. אפשר שפעטער. דעמלט וואָלט ער נישט מער ווי ווי אוועק-געמאכט מיט דער האנט און א ברום געטאָן: ווייס איך וואָס! איז שוין אָבער נפתלי שוין לאנג געווען אויפן עולם האמת, אזוי אז ער האָט דאָס בריווע-לע מיט זיין פאָליטישן חוש נישט קאָמענטירט און דער טאטע האָט זיך פון דעם א קליינעם צימעס געמאכט. סע האָט אים געפעלן דאָס מאָדנעקייט פון אויפטו. מע פרואווט אזויפיל, זאָל מען פרואוון אויך דאָס. ניין, נישט דאָס האָט גורם געווען פארלאָזן דאָס דאָרף.

אויך נישט דאָס געשעעניש מיט די צוועלף פעלצן וואָס סע האָבן אים אָנ-געהאָנגען צוועלף פויערים אויפן וועג פון קיצינעשט קיין מונזיטעשט. דער וועג פירט דורך א וואלד וואָס שטאמט פון די אלטע כמעט לעגענדארע קאָדרעס. וויפל מעשהלעך האָבן זיך נישט געשפינט ארום די כישופמאכערינס און בלאָנ-דזענדע נשמות וועלכע האָבן אמאָל פארבראכט טעג און נעכט אין אָט דעם אומענדלעכן געדיכטן וואלד. זייערע אמאָליקע מעשים ווארפן עד היום אָן א מורא כאָטש די קאָדרעס האָבן באקומען אָנגעהויערע פליכן, און די געבליבענע וועלדער זענען שיטערע. געווען זענען דעמלט אומרויקע צייטן. יידן האָבן זיך נישט געוואגט אין וועג אריין ווייל אין וואלד איז מען נישט זיכער גע-ווען פאר אן איבערפאל. דער טאטע פלעגט זיך יאָ וואגן, אים וועט מען נישט טשעפען. ער ווייסט אז חוץ דעם חלף האָט ער ביי זיך גאָרנישט און צוליב א חלף פאלט מען נישט אָן. ווער דארף אים, וואָס זאָל מען טאָן מיט אים, א מעסער געפינט זיך יאקאָש אין יעדער שטוב...

— ביסט פארגליווערט געוואָרן, זאָגט מיין טאָכטער. סע האָט זיך פאר דיר געעפנט א פאראנטעז שלאָגסטו זיך מיט דער דעה, ווייסט נישט וואָס צו טאָן מיט איר. עס איז א שפעטערדיקע.

— ניין, נישט ווייל שפעטערדיק צווייפל איך, נאָר ווייל סע זענען צוויי.

— צוויי גאָר, דערפרייט זי זיך. דערציייל.

— וואו זענען מיר געבליבן?

— א מעסער געפינט מען אין יעדער שטוב.

— אהא... א מעסער געפינט מען נישט אין יעדער שטוב, און ווען יאָ קאָן עס זיין א סכנה. דאָס וואָרט סכין מסוכן איז דיר נישט באקאנט. דאָס איז ווידער א שפעטערדיקע מעשה, אָדער אן אויסער-צייטיקע, הייבט אָן נאָך פאר קינען.

— טאַטע, דערציילסט אָדער פילאָסאָפירסט?

— מילא... אויסגעוואקסן א באקאנטער, א פריינד. א דאָרפס-מענטש. דער נאָמען איז נישט וויכטיק — כמעט א פּראָטאָטיפּ. א יונגער מאָלדעווישער פויער. נישט ווייט פון דער באוואוסטער שטאָט יאס — באוואוסט מיטן פּאָגראָם פון 941', באוואוסט דורך גאָלדפאדענס ערשטע פּראָפעסיאָנעלע נישט געהיבלעוועטע בינע-ברעטער — ליגט דאָס באוואוסטע שטעטל פאָדעלוי — באוואוסט דורך דער משפחה שווארץ וואָס האָט אָנגעציילט פיר קינסטלער — און נישט ווייט פון שטעטל א דאָרף. א דאָרף ווי אלע דערפער, מיט רייכע שטיבער געדעקט מיט בלעך, מיט אָרעמע געדעקט מיט שטרוי. אין אָט דעם דאָרף וואוינט מיין באקאנטער. באקאנט האָט מען זיך אין וואלד אין צייט פון דער צווייטער וועלט-מלחמה. ניין, באקאנט האָט מען זיך נאָך פאר דעם אין א פאָרשטאָט פון יענער צייט פאר מיר און פאר אים גרעסטער מעטראָפּאָלע אין דער וועלט. ניין, נישט רוים, רוים איז עלטער. די גרעסטע פאר מיר, ווייל צו יענער צייט די מענטשלעכסטע, פאר אים, ווייל ער האָט קיין אנדערע נישט געזען. איז מען געווען א צייט אין דער פאָרשטאָט אויף מלוכה-קעסט מיט דריי טעלער, צוויי גאָפּלען, צוויי לעפל און צוויי מעסערס צום טיש. האָב איך דערפון אָנגעקוואָלן, כ'האָב געטראכט דער טיש מאכט פון אן אָפּגעשטאנענעם פויער א ציוויליזירטן מענטש. נאָך דעם איז מען געווען אין וואלד וואו ער האָט זיך ארויסגעוויזן א גוטער חבר, אן איבערגעגעבענער פריינד גרייט זיך מפקיר זיין פאר יעדן פון זיינע מיטקעמפער. נישט אין וואלד. קעמפן האָט מען זיך פון וואלד ארויסגעגנבעט כמעט אויף די שפּיץ פינגער. אָפּגעקעמפט איז מען זיך צעגאנגען יעדער צו זיך אהיים מיטן גערדאנק אז אלע אויף איין וועג. באגעגנט האָב איך אים נאָך גאנצע צען יאָר. ארייננגעכאפּט צו אים אין דאָרף, נאָכגעפרעגט, געפינען, זיך זייער געפרייט. ער האָט איינגעלאדן אויף מיטאָג, קיין טיש אין שטוב איז נישט געווען, האָט מען זיך געזעצט ארום די ברעטער וואָס זענען ביי נאכט א שלאָף-לעג. אויף די ברעטער האָט ער אוועקגעשטעלט א דנאָ, א קיילעכדיקן דנאָ, אויפן דנאָ איבערגעקערט די מאמעליגע — אי, א מאמעליגע, קיין מאָל אזא באטעמטע נישט געגעסן — און דאָס געבראָטנס — א געבראָטענע מחיהדיק געברוינטע הין, צעגייט זיך ממש אין מויל — אָבער גאָפּלען און מעסערס נישט געגעבן. גאָפּל און מעסער, זאָגט ער, האָב איך נישט, וועט איר שוין עסן אזוי. האָט מען געגעסן אזוי מיט גרויסן אַפּעטיט און זייער הנאה געהאט. האָסט קיין געלט אויף מעסער-גאָפּל? דאָס געלט וואַרפט מיך נישט ארויס פון שטוב, אָבער נישט דערפאר.

האָב איך פאַרשטאַנען אַז זיין וועג האָט זיך געענדיקט דאָרט. אָפּגע־
קעמפט, דעם שונא בייגעקומען, אַרויסגעוואָרפן און ווייטער לאָז מיך לעבן ווי
אַזוי כ׳וויל. סע פעלט מיר נישט קיין מעסער...

— און דער צווייטער, פרעגט מיין טאָכטער נאָך אַ לאַנג שווייגן.

— מיטן צווייטן איז פּשוטער, אָדער קאָמפּליצירטער. ווי האָט געזאָגט אַ
באַוואָנצעטער געלערנטער? די עקסטרעמען באַגעגענען זיך. זיי גיבן זיך די
הענט הינטנאַרום. אַ ציניקער געווען, אַ שרעקלעכער...

— טאַטע, פאַרפאָרסט שוין ווידער? די רעדע איז פון מעסער.

— יאָ, דאָס מעסער. ווידער אַ יונגער בחור, ווידער אַ פּויער. ייִנגער פון
יענעם. אין גאַנצן אַ זיבעצן־ניינצעניעריקער און שוין אין קייטן. באַגעגנט האָב איך
אים אין טורמע, פאַרמשפּט לעבנסלענגלעך. אַ לעבן פון אַ מינדעריעריקן איז
דעמאָלט געווען פּופּצן יאָר. הייַנט ווייס איך נישט. אַ געזונט שייגעצל, אַ בלאָ־
טיקס, אַ זייער רואיקער. גערעדט האָט ער וועגן חזירימלעך, שעפּעלעך,
קעלבלעך. וואו האָסטו אים געהרגעט, האָב איך געפרעגט. אין וואַלד, האָט
ער געענטפערט אָן געוויסנסביסן. ווי אַזוי? געשטאָכן. פאַר וואָס? כ׳האָב גע־
מיינט ער האָט אַ סך געלט. געשטאָכן אויפאַמאָל, מיט איין קלאַפּ? זיי זאָגן
אַז ניין. זיי זאָגן אַז כ׳האָב אין אים אַריינגעשטאָכן דאָס מעסער פיר און צוואַנ־
ציק מאָל. איך ווייס? אַז כ׳בין געקומען הינטנאַרום, אומגעוואָרפן און אַריינ־
געשטאָכן דאָס מעסער עפּעס דערמאָן איך מיך יאָ, נאָר ס׳איז מיר נישט פאַר־
שטענדלעך. וואָס איז דיר נישט פאַרשטענדלעך? וואָס גאָר פּלוצים האָט אים
אָנגעכאַפּט אַזאַ ווילד שפּרינגעניש און דערצו גלייך אין מעסער. וויפל מאָל
ווייס איך נישט, כ׳האָב נישט געציילט. וואָלט איך געווען וועלן איז סיי ווי
נישט געווען מעגלעך אַזוי גיך איז ער געשפּרונגען. ווי אַ ווילדער און גלייך
אין מעסער. וויפל געלט האָט ער געהאַט? וויניק. אין גאַנצן דריי ליי. דער
שמועס האָט אים צוגעגעסן. אפשר ווייל אַ צו געצווינגענער און אפשר ווייל
אים האָט זיך געוואָלט רעדן וועגן ציגעלעך און לאַשעקלעך. האָט ער גע־
שלעפּט די קייטן אויף דער נאַרע און זיך געלייגט כאַפּן אַ דרימל. זיין שלאָף
איז געווען אַ רואיקער...

— און ווייטער?

— ווייטער גאָרנישט... לאָמיר זיך אומקערן צו פּיניען, צו דיין זיידן.

— אַז דו ווילסט, זאָגט מיין טאָכטער מיט אַ טאָן פון וועלכן כ׳פאַרשטיי
אַז ווייטער וועל איך אַ צייט דערציילן מיר אַליין.

...נישט מורא האָבנדיק פּלעגט זיך דער טאַטע לאָזן יעדן דאָנערשטיק אין
וועג פאַרטאָג, און אומקערן אַהיים נאָך דעם צופאַלן פון דער נאַכט. יענע דאָ־

נערשטיקן פלעגט דער מאמען אליץ פאלן פון די הענט. זאָגן, פּנחס עס איז אַ סכנה, האָט זי נישט געזאָגט. זי ווייסט אז אירע וואָרענונגען וועלן נישט העל־פן, אז עס קאָן זיך אויסלאָזן מיט אַ „לאָפּנען זאָלסטו" און דאָס וועט נאָך מער פאַרשטאַרקן איר מורא און איבערטראַכטענישן. זי ווייסט אז איבער־פאַלן, מוז מען נישט נאָר צוליב אַ בייטל געלט, אז דערצו זענען צו מאָל גע־נוג באָרד און פאות. דער טאַטע ווידער האָט זיך איינגערעדט אז ס'איז נישט אַזוי, אז נאָך אזוי פיל יאָרן איז ער געוואָרן — אזעלכער ווי ער איז מיטן לאַנגן רעקל און צעשויבערטן בערדל — אַ טייל פון אַרום. קיינער וועט אים נישט אָנרירן, עלעהיי דאָס וואַלד, עלעהיי דער קוואַל מיט דער קאָרעטע. אזוי האָט דעמלט געטראַכט דער טאַטע און נישט נאָר דער טאַטע. אַ לאַנגע צייט בין איך אויך געווען איבערצייגט אז עס איז אזוי, זיך אפילו דעריבער נישט פאַרטראַכטנדיק, נאָך דעם ווען זיך שוין יאָ פאַרטראַכט — געצווייפלט: אָבער דאָ נישט לאַנג וואַרעמענדיק די געלענקען ביי אַ ווייסער זון האָט זיך צו־געזעצט אַ פרוי. אַ שטאַלטנע, נישט קיין שיינע און עטוואָס צו באַפליישטע. וואָס זי האָט אין מיר דערוועקט ווייס איך נישט, אַ שמועס טאָן מיט אַ פרויענצימער האָט זיך געוואָלט, און אַלטע שוואַכקייט. הייב איך אָן מיט דער זון.

— אַ בלייכע, זאָג איך.

— ווער? פרעגט זי נייגעריק, זוכנדיק מיט די אויגן די בלייכע וואָס האָט מיך אזוי פאַראינטערעסירט ביז פאַרגעסן אז מיין אויפמערקזאַמקייט געהערט איר.

— די זון. זי זעט אויס אויסגעמאַטערט.

— אהאָ! זי לאַכט און איר געלעכטער געפעלט מיר. מיט איין וואָרט איז מען אריינגעשפרונגען אין אַ געמיינזאַמען גאָרטן, צווישן באַקאַנטע פלוימען ביימער; געדאַכט האָט זיך מיר פון דעם סאָרט וואָס ביי אונדז רופט מען אונ־גערישע.

— פון וואו זענט איר? פרואוו איך ווייטער פירן דעם שמועס.

— פון באָטאָשאַן. ארויסגערעדט מיט אזא היימישקייט באַקומט די שטאָט אַ גווידער.

— געווען אַמאָל אין באָטאָשאַן, זאָג איך ווייל סע וויל זיך בלייבן אין דער בשותפותדיקער לאַנדשאַפט. מיט יאָרן צוריק.

— נישט צום דערקענען, זינט די דאָזיקע זעגען אוועק האָט די שטאָט באַקומען אן אַנדער פּנים. נישט נאָר באָטאָשאַן, ווערט זי באַרעדעוודיק, אויך

די איבעריקע שטעטלעך. עס איז דאָך געווען אזא שמוץ, אזא קרעמעריי, אזא פארלאָזטקייט, נישט צום איבערטראָגן, אצינד איז אין גאנצן אנדערש.

— אזוי, אויף אזוי פיל האָט זיך די שטאָט געביטן?! ווייזט אוים מיין אופן פרעגן האָט מיך אוועקגעשטעלט אויסער דעם גאָרטן. אויף יענער זייט פלויט.

— ביסט א ייד? פרעגט זי אויף יידיש.

— יאָ, ענטפער איך א ביסעלע צעמישט, אויך אויף יידיש. און איר? פרעג איך כאטש די פראגע איז איבעריק.

— איך?! שטויסט זי אָפּ דעם חשד. ניין! כ'רעד יידיש. מ'איז דאָך צו־זאמען געוואקסן, געגאנגען אין די זעלבע שולן. וואָס הייסט, לעבן אין באַ־טאָשאַן פון קינדווייז און נישט רעדן יידיש? אצינד איז נישטאָ מיט וועמען א וואָרט ארויסצורעדן. די וואָס זענען נאָך געבליבן רעדן נישט יידיש. סע וועט לאנג נישט דויערן וועל איך אויך פארגעסן, ענדיקט זי מיט א געלעכטער. לאכן לאכט זי ווייל מיך איבערגעבעטן. כ'מוז דאָך אָנערקענען דאָס וואָס יע־דער זעט. די שטאָט איז געוואָרן א ציוויליזירטע אָן דער אמאָליקער אָפּגע־לאָזנקייט.

איך אָנערקען. אוודאי אָנערקען איך. אָבער דאָס איז א סך שפּעטער. דאָס איז נאָך א צווייטער וועלט מלחמה, נאָך א לאנגן וועג פון וואנדער־וואנדל. אצינד האלטן מיר א סך פריער. דערווייל זענען מיר נאָך דער ערשטער וועלט מל־חמה און מיין טאטע איז איבערצייגט אז אזא ווי ער איז, מיט א לאנג רעקל און צעשויבערט בערדל — איז ער א טייל פון ארום, אז אים סטרא־שעט גאָרנישט, אז קיינער לויערט נישט אויף אים אויפן וועג וואָס פירט פון איין דאָרף און צווייטן דורך דעם וואלד וואָס איז א טייל פון די קאָדרעס, פון די בארימטע וועלדער וואָס האָבן אויסגעפּולט קינדער און זק־נים לעבנס מיט לעגענדעס און מעשהלעך. דאָ וועט אים קיינער נישט אָנרי־רן. פארקערט. אין וואלד איז מען זיכערער ווי אין דאָרף.

אויף דערפער פאלן אָן וואנדערנדע אויסגעהונגערטע באנדעס. א מענטש אליין אין וואלד צי אויפן פרייען פעלד וועט קיינער נישט טשעפּען. אזוי האָט ער זיך עס אויסגערעכנט און אזוי האָט ער געהאנדלט. אין איינעם א שפּעט־הארבסטיקן אָדער פרי־פרילינגדיקן דאָנערשטיק ווען פויערים האָבן שוין אָנגעטאָן אָדער נאָך נישט אראָפּגעוואָרפן די שאָפּענע פעלצן האָט ער געאיילט אהיים. געאיילט האָט ער ווייל אויפן וועג איז ער נישט געווען אליין. קוטשעם באפּעלצטע פויערים האָבן געוואנדערט איבער וועגן און דורך וועלדער. לויט זייער זינגען און לאכן האָט ער פארשטאנען אז דער עולם איז

א ביסעלע אונטערגעטרונקען, און אויב אונטערגעטרונקען קאָן פון שכל-הישר נישט זיין די רעדע. ער האָט דערפילט א נישט באַשטימטע אומרואיקייט, ווי יענע וואָס האָט זיך באַזעצט אין יידן פון קליינע שטעטלעך אין א יאריד טאָג און שוין געבליבן פון איין יאריד צום צווייטן. אָנגעיאָגט האָט אים א קוטשע צוועלף פויערים נישט ווייט פון דאָרף, נישט מער ווי א ווערסט אנ-דערטהאלבן ביז דער היים. פארשנעלערן די טריט האָט ער נישט געוואָלט, סע קאָן ארויסרופן אן אומזיסטיקן חשד. איז ער געגאַנגען ווייטער און צו-געהערט פון ווייטן זייער שמועס. אז זיי רעדן טאקע וועגן אים האָט ער זיך איבערצייגט ווען זיי האָבן זיך דערנענטערט און איינער האָט א זאָג געטאָן: זשידקאָ, דו ציטערסט. ס'איז דיר ווייזט אויס קאלט און אים ארויפגעוואָרפן אויף די פלייצעס זיין שאָפענעם פעלץ. דער זשעסט האָט ארויסגערופן א היל-כיק געלעכטער און די איבעריקע האָבן אים נאָכגעטאָן. אזוי האָבן זיך אָנ-געהויפט אויפן טאטנס פלייצעס, ביז העט איבערן קאָפּ צוועלף פעלצן וועלכע ער האָט קוים דערטראָגן ביז דער מיט דאָרף, באגלייט פון די צוועלף פויע-רימס אומשולדיק קינדיש-געלעכטער. ווייזט אויס אז דעם טאטן איז איינגעפאלן אז קינדער ווייסן נישט פון מאָס, אז אויב דער שפּיל איז אוועק אזעלכער ווער ווייסט וואוהין ער קאָן דערגרייכן; דערפאר האָט ער זיך, ווייזט אויס, אָנגע-נומען מיט קינדישן מוט און ווען ער איז אָנגעקומען צום גלחס שטוב האָט ער אויסגעשריגן א שרעקלעכן גוואלד! כאָטש זייער געלעכטער איז געוואָרן נאָך הילכיקער און זייער פרייד פריידיקער, האָט דער גלח דערהערט דעם גוואלד, דערהערט און דערקענט, און ווייל פּנחס איז א פריינד איז ער ארויס אויפן גאנעק, אָנגעשריגן אויף די פויערים, געראטעוועט דעם טאטן פון זייער שפּיל און אים פאָרגעוואָרפן זיין לייכטזיניקייט פון לאָזן זיך אין אזעלכע צייטן איי-נער אליין אין וועג אריין, ווען ער ווייסט אז אויף יענער זייט טייך קומען פאָר אזעלכע שרעקלעכע פאָגראָמען. אין אזא צייט, האָט ער געזאָגט, איז מען נישט זיכער מיטן לעבן. איבערהויפּט אין דיין לאגע, האָט ער צוגעגעבן אָן פאָרוואורף. דו טראָגסט דאָך אויך א באָרד, האָט דער טאטע געפּרואווט אָפּ-קומען מיט א ווערטל. דאָס געהערט צו אייער הומאָר, האָט דער גלח געענט-פערט ברוגזלעך און איבער זיין פּנים האָט געצויגן א טרויערכמארעלע, א רגע שטיין געבליבן אויף דער אויבערפלאַך און אין דער צייט וואָס סע האָט גע-זונקען אין די אויגן טיפענישן האָט דער טאטע באמערקט אז זיין קלעמעניש איז צו גרויס אויף צו פארטראָגן ווערטלעך.

אָבער נישט דערפאר איז ער אוועק פון מונזיטעשט. א סימן אין פאָלגנ-דיקן יאָר האָט ער אָפּגעדונגען א שטיק פעלד און באשלאָסן זעצן טיטון. דער

אמאַליקער באַגער האָט זיך נישט אין גאַנצן אויסגעלאָשן. אזוי וועט ער פאַר-
זיכערן דעם גאַנצן הויזגעזינד ארבעט און אזוי וועט מען דאָך פּרוּוון בלײַ-
בן אויפן וועג פון היזיקע האָרעפּאַשניקעס. צוזאַמען מיט די עלטערע קינ-
דער וועלכע האָבן זיך נישט אומגעקערט אין דער גרויסער שטאָט, זענען אין
שטוב פאַראַן גענוג כוחות צו באַארבעטן אפילו פינעף דעסיאַטין ערד. געדונ-
גען האָט ער אָבער נישט מער ווי אנדערטהאַלבן און דאָס דערפאַר ווייל אַקער,
פערד און וואָגן און די איבעריקע נייטיקע מכשירים צום אַקערן, זייען, פּראַ-
נשעווען, אויספּאַליען און אראָפּנעמען דאָס גערעטעניש האָט ער נישט פאַר-
מאָגט. האָט מען געבאָרגט, אימפּראָוויזירט, אָפּגעאַרבעט צוויי טעג שכירה געלט
פאַר א וועגעלע, דריי פאַר א פערד, זיך אָפּגעמוטשעט א גאַנץ יאָר אָנהייבנ-
דיק מיט גרייטן די זרע אין ספּעטקעס ביז דעם פּאַפּישעווען און פּאַקעווען
די געלע ביטערע בלעטער. דאָס פרײַלעכסטע איז געווען פּאַפּישעווען און פּאַ-
קעווען, דאָס פלעגט געשען אין ווינטער נעכט ביי אָן א שיעור לאָמפּן מיטן
אָנטייל פון א מענגע שיקסלעך און שקאָצימלעך. גערופן האָט מען אזא מין
נאַכט ארבעט „קלאַקע”. געאַרבעט האָט מען זינגענדיק, פון צייט צו צייט
פלעגט צערייסן די נאַכט א ווילד געשריי, ווי דאָס קלאָגן פון א לייבעכע אין
היצן, א יעכץ אזא קאַטשעט זיך איבער בערג און טאָלן, א שיקסל רויטלט
זיך, דויערט נישט לאַנג באַווייזט זיך אויף דער טיר א פון פּראָסט אָנגע-
ברענטער יונגער שייגעץ. דאָס איז געווען די פרײַלעכסטע צייט ווייל נאָך דעם
איז געקומען דאָס אָפּצאָלן חובות און פאַר דעם... פאַר דעם איז געווען די
ארבעט פון א גאַנץ יאָר. אָן פערד האָט מען געמוזט שטופּן מיט די איי-
גענע הענט דעם וואָגן מיטן פעסל וואַסער צו באַגיסן די גרינענקע שוואַכע
נאָר וואָס פון בייט אויפן פעלד איבערגעזעצטע פלאַנצן. האָט מען געשעפּט
וואַסער פון ברונעם, געפולט דאָס פעסל, געשטופּט דעם וואָגן צען מאָל פאַר זון
אויפגאַנג און נאָך אזוי פיל מאָל בשעתן זון אונטערגאַנג. האָט מען אָפּגעלייגט
שחרית ביז מוסף און מעריב ביז קריאת-שמע, געשטופּט דעם וואָגן מיט אלע כוחות
ביז עס איז נמאס געוואָרן. דאָס זעלבע פלעגט געשען ביים קלייבן דעם טיטון.
ביים זאַמלען די גרינע ביטערע בלעטער פון פעלד, ברענגען אהיים, אויפציליען
אויף לאַנגן שפּאַגאַט, אויסהענגען אנטקעגן דער זון זי זאָל זיי טרוקענען און
געלבן, זיי געבן די געהעריקע פאַרב פאַר ערשטקלאַסיקן טיטון, ווייל ווי באַלד
צווייט, אָפּגעשמועסט דריט-קלאַסיקער וואַקסן די חובות ביזן הימל און אָפּצאָלן
וועלן קאָנען די אוראייניקלעך. פלעגט מען ווידער שטופּן דעם וואָגן א לײַ-
דיקן אין פעלד אריין און אן איבערפולטן פון פעלד אהיים. דעמלט איז עס
טאַקע געשען. דער טאַטע האָט זיך איינגעשפּאַנט איך די שלייקעס געוואָלט

א שלעפּ טאָן דעם וואָגן, ווייזן יונגווארג ווי אזוי מע דארף און ארבעט טאָן מיט אלע כוחות און ווי לייכט דאָס איז אז מע ווייסט ווי זיך א נעם טאָן. דעם וואָגן האָט ער דווקא יאָ גערירט פון פּלאַץ. בארג אראָפּ האָט זיך אָבער דער וואָגן ספּאלאָשעט, ארויסקריכן פון די שלייקעס איז אים נישט גע- לונגען. די שווער באריפּטע רעדער, נאָך שווערערע מחמת דער משא פון וואָ- גן, האָבן זיך איינגעשניטן פון אקסל ביזקל דעם קנעכל און אין בעט האָט מען אים ארייננגעלייגט מיט דריי צעבראָכענע ריפּן. כאָטש אזוי האָט ער דאָס דאָרף נישט פארלאָזט. אין די ווינטער-נעכט איז ער ווידער געווען אויף די פיס, פלעגט אויסקלויבן א געל בלעטל, וויקלען פון דעם א ציגאר, אָנצינדן ביים לאָמפּ, רויכערן ווי א נישט רויכערער, שמעקן מיט פארגעניגן דעם גע- רוך פון ברענענדיקן טאבאק, זעלבסטבאוואוסט, ווי א קענער און ארומנעמען מיט א נצחון-בליק דאָס מיט יונגווארג איבערפולטע צימער, ווי איינער רעדט: וואָס זאָגט איר דערצו? מע דארף נאָר וועלן.

ניין, נישט די צעבראָכענע ריפּן האָבן גורם געווען פארלאָזן מונ- זיטעשט, נישט דאָס בריוועלע מיט קרומע נונען און אויך נישט די צוועלף אָנגעוואָרפענע פּעלצן אויף דער אין טויט שוויים געבאָדענער פּלייצע. אפשר דער אָנפאל, דער ווילדער אָנגריף אויפן דאָרף אין א זומער נאכט. שפּעטער האָט מען דערציילט וועגן א רייטער וואָס האָט זיך אין יענעם טאָג באוויזן דריי מאָל אויף דעם זעלבן בארג פון וועלכן סע האָט מיט יאָרן צוריק געגנידערט די נייע ארמיי, וועגן צוויי בעטלערס וואָס האָבן אין יענעם אינדערפרי געגנישטערט אין די הייף וועלכע מען איז אין דער נאכט באפאלן; מע האָט גערעדט וועגן דעם אז אין שכנותדיקן שטעטל האָט זיך לאנג פארזאָמט אין קרעטשמע מיט א פרעמ- דן דער טיטון מאָנאָפּאָל אינספּעקטאָר, דער וואָס האָט אויסגעצאָלט מיט א וואָך פריער דעם אוואנס, און ווי באוואוסט איז די באנדע אָנגעפאלן דער עיקר יענע וואָס האָבן אים באקומען און געפאָדערט די גאנצע סומע גלייך זיי וואָלטן געווען אָנגעוואָזנט בשעת דעם אויסצאָל; מע האָט געזאָגט אז די באנדע איז די זעלבע וואָס האָט דערהרגעט בלאָוושטיינען, דעם פּאָסעסאָר, פּלאנ- טאטאָר און תבואה-הענדלער פון שכנותדיקן שטעטל. ווען מע האָט געפונען בלאָוושטיינס קערפּער צווישן די פּאָפּעשויעס, האָט נחמן — מאָטל דער שניט קלייטניקס עלטסטער זון, דער וואָס האָט איבערצייגט דעם פּאָטער ער זאָל שיקן די טאָכטער, זיין שוועסטער הייסט עס, שטודירן אין דער גרויסער שטאָט מעדיצין — א יינג א גבר, געטענהט אז ער מוז בענטשן גומל. אין דאָרף האָט מען נח- מנען נישט געקאָנט אלס גומל-בענטשער. ער האָט זיך אליין געקאָנט אן עצה טאָן. האָט ער אָבער געזאָגט אז דאָס מאָל מוז ער. וואָס זשע, כ'בין קיין ייד

נישט האָט ער זיך געבייזערט גלייך עמעצער וואָלט אים וועלן צונעמען דאָס רעכט גומל צו בענטשן, כ'וויים אליין ווען איין און ווען אוים. פאַרלאָזט אייך אויף מיר, כ'לעבן עס איז דאָ אויף וועמען! אזא בארעדעוודיקייט איז מען געווען געוואוינט הערן פון נחמנען ביים פּאָיען, אָנטרייבן אָדער רייניקן די פערד. און פלוצים.... נחמן האָט דערציילט אז פאַרנדיק פון שטאָט אהיים, טאקע אין יענער נאכט ווען מע האָט געהרגעט בלאָוושטיין דעם פּאָסעסאָר, האָט ער געהערט א רעש צווישן די פּאָפּשויעס, שאָטנס האָבן זיך געשלייכט פון דער טיפעניש פון פעלד צום שליאך. און דאָ איז געשען א נס. מיין בליק איז געוואָרן א קעצי־שער, זאָגט נחמן און די שווארצאפּלן ווערן ביי אים אויפאמאָל גרעסער און טונ־קעלער, און כ'האָב געזען ווי דריי פּרואוון ארויסקומען פאר דעם וואָגן און צוויי בלייבן ארונטער. נו, האָב איך מיר געזאָגט, איר זענט נישט פּאָפּשויע גנ־בים, איר זוכט עפּעס אנדערש. אָבער נישט ביי מיר, מיט מיר, וועט עס אייך אוים־פאלן באָקעם. א צי געטאָן די לייצעס, א טרייב געטאָן די פערד מיט אזעלכע געשרייען אז די חברה איז א רגע געבליבן צעמישט. מער האָב איך נישט גע־דארפט. דער שאָס האָט א קנאל געטאָן ווייט הינטער מיר. דער איבערפאל אוי־פן דאָרף איז פאָרגעקומען מיט צוויי טעג שפּעטער און נחמן איז געווען גרייט אָפּלייגן א שבועה אז עס איז די זעלבע חברה וואָס האָט זיך געגנבעט צווישן די פּאָפּשויעס.

נאָך דעם איבערפאל האָט מען די טויטע מקבר געווען. א צייט האָט גע־הערשט חשד. חושד געווען האָט מען אלעמען. פאמעלעך איז דער חשד אָפּגע־שטאָרבן און עס האָט אויסגעזען אז מע האָט אים אויך געבראכט צו קבורה. קיי־נער האָט דאָס דאָרף נישט פארלאָזט. באזעצט האָט זיך אויף א לענגערער צייט א מורא. דער טאטע איז ווייטער געבליבן א מונזיטעשטער, געשאָכטן הינער און גענדז, פון צייט צו צייט א בהמה און זעלטן ווען געמלעט א יינגעלע.

סע פאלט מיר איין אז ארויסגעטריבן פון דאָרף האָבן אים די חלוצים, אפשר גאָר פּערל מיט שאולן. די איבעריקע נישט. צו גרינג האָט געוואוינגן זייער דעה ביי פּנחסן. כ'וואָלט מיך געוואָלט דערמאָנען ווי אזוי האָט אויסגעזען אין יע־נע צייטן פּנחס שוחט א יום־טובדיקער. עס איז כמעט נישט צום גלייבן אז זיין שבתדיקע קאפּאָטע זאָל אין דער אמתן געווען זיין אזא פארשמאלצעוועטע, אזא באליגנטע מיט פעט־פלעקן. ניין, זיין שבתדיקע קאפּאָטע האָט אים נישט געהוי־בן צו דער מדרגה פון רבי פּנחס, גיכער האָט זי אים אונטערגעטונקען אין דער מאסע האָרעפּאשנע פּיניעס. פארקערט, די וואָכעדיקע. כאָטש א פּשוט לייוונטענע האָט זי אויף אים אויסגעזען מלכותדיק, כמעט אן אקאדעמיקער כאלאט, צוגע־געבן א באזונדערן גלאַנץ. פון אָט דער וואָכעדיקער קאפּאָטע האָט זיך ארויס

געהויבן א קאָפּ מיט קוטשעראַווע שוואַרצע האָר, א פּנים נעגטער צו בלייך באַ־
זוימט מיט א פּעך־שוואַרצער־קורצער־באָרד. אַרויסגעקוקט האָט אַ פאַרזשמורע־
טער בליק וואָס זוכט ערגעץ אין דער טיף, אויף יענער זייט, און ווען שוין
געפינען איז עס ערשט נישט דאָס וואָס געזוכט. דער בליק ווערט חוזק־
דיק, גרינגשעצעריש. איין מאָל האָט ער יאָ געפונען, אָבער דאָס איז געשען אַ
סך שפּעטער, דאָס איז געשען אין שטאָט ווען חלוצים זענען געוואָרן אָדער אַ
געוויינטלעכע דערשיינונג, אָדער שיטערער. אין מונזיטעשט זענען זיי נאָך גע־
ווען פרישע, מיינסטנס געקומענע פון יענער זייט טייך. דאָס דאַרף איז געבליבן
גלייכגילטיק צו זיי. ס'האָט אויסגעזען דער ענטפער קומט פון אקער. „וואָס לוי־
פן, אז אקערן און זייען, שניידן און פארשווארצט ווערן קאָן מען אויך דאָ?"
ניין, אָפּגערעדט האָט מען נישט, גלאט געקוקט ווי אויף א משונה־וואונדער, אָדער
ווי אויף היץ־קעפּ. „שטענדיק געווען אזעלכע וועלכע די אומבאקאנטע ווייט־
קייט האָט געצויגן, זענען איצט אויך דאָ". דאָס משונה־וואונדער איז באשטא־
נען פון זייער העברעיש. אויסגעקומען מאָדנע. מיט זעג און האק, הוילקעפּיק
און רעדן רעדט עם לשון־קודש. האָט עס געשמעקט פון איין זייט מיט חילול,
פון דער אנדערער מיט פארפרעמדקייט, אָדער גאָר מיט פּוסטעפּאַסיקייט. אין
די ערשטע צייטן פון חלוצים־וואנדערער איז אומגעריכט געקומען לייקע. א לאנ־
גע צייט האָט זי געוואוינט אין מיין זכרון ווי מרים, דבורה, אסתר המלכה און
שולמית צוזאמענגעגאָסן אין איין שוואַרץ־חנעוודיק מיידעלע וואָס האָט אָפּגע־
געבן א שבועה צו פירן דאָס פאָלק ישראל ביד־רמה אזש ביז דעם ים־סוף. אז
נאָר זי קאָן נאָך א מאָל באווייזן דעם נס פון קריעת־ים איז פאר מיר קיין ספק
נישט געווען. יאָ, זי איז אימשטאנד שפּאלטן דעם ים נאָר מיטן בליק, זי דאַרף
דערצו קיין שטעקן נישט. דער טאטע האָט ווייזט אוים דערקענט דאָס פייערל
וואָס האָט געברענט אין איר מוטערס, אין זיין עלטערער שוועסטערס, אויגן און
באקומען אויף איר רחמנות. ער האָט איר פאָרויסגעזען א שווער לעבן און גע־
פרעגט ביי גאָט וואָס האָט ער מיט נוחם איינציקלעך, פאר וואָס מוז זיך איינע
אָפּזאָגן פון לאנגע נונען און די צווייטע מוז ווערן א חלוצקע מיט נביאיש פייער,
א פייער וואָס פארברענט די אייגענע נשמה. לייקעס אָנוועזנקייט האָט אים צע־
טרייסלט. אפשר מער ווי די אָנוועזנקייט, א פראגע אירע, א שרעקלעכע פראגע,
אָן הינטערגעדאנקען און אָן רמזים. די קלענערע פּיר, אלטער, צילקע, יחיאל
און איך האָבן זיך געדרייט ארום דער אויסטערליש גרויסשטעטישער לייקען,
געקוקט אויף אונדזער פון הימל אראָפּגעפאלן שוועסטערקינד ווי אויף א מלאך,
א וואונדער, און זי האָט געפרעגט: פעטער פיניע פאר וואָס זענען זיי אוים ווי־
שקאָצימלעך? און כאָטש ער האָט געענטפערט: דו ווילסט דאָך אויך אויסזען

ווי א שיקסל, האָט אים איר פראגע דערשיטערט. ער האָט צום ערשטן מאָל באַ־מערקט אז זיינע קינדער האָבן איינגעוואָרצלט עפעס דאָרפישס וואָס איז נישט אומבאַדינגט געזונט און פריש, נאָר גיכער א מין פאַרגרעבטקייט. ער האָט א טראַכט געטאָן אז פּערל און שאול זעען אויס אנדערש. אויף זיי האָט געלייגט דעם שטעמפּל די שטאָט. סע רוט אויף זיי אָן אומרו וואָס פּאַסט נישט צום דאָרף און כאָטש ער האָט אמאָל געשטרעבט צו דעם וואָס האָט געדאַכט צו זיין דאָס אמתדיקסטע לעבן. האָרט אים נישט זייער רייסן זיך צו אן אנדער לעבן, צו אן אנדערער וועלט. שאול אַרבעט שוין זינט פאָר חדשים אין א ציגל־פּאַב־ריק צוזאַמען מיט באקאַנטע יונגעלייט חלוצים, וואַקלט צווישן צוויי גאולות איינע א ווייטע, דאָרט אין לאַנד וואָס לייקע וויל ווידער דעראָבערן ביד חזקה און א צווייטע טאַקע דאָ אויפן אָרט, איבערקערנדיק די וועלט מיטן קאָפּ אַראָפּ. פּע־רל רעדט נישט, נאָר האַלט רעדעס, פּיטאַקעוועט מיט דער האַנט ווייל אַלץ וואָס זי זאָגט איז עולם־הבא אויף דער וועלט, און די פיר קלענערע שפּילן אין פּאַ־רעדך, וואַקסן ווילדלעך. „וואָס זשע האָב איך, הייסט עס, אויפגעטאָן? וואָס האָב איך געקאָנט אויפטאָן, און וואָס וועט זיין דער תכלית פון קליינוואַרג?" די פּראַ־געס האָבן געעקבערט, אויפגעעפנט א וואונד, דאָס בלוט האָט געטריפט אויף אינעווייניק, געוועקט געדאַנקען אז אפשר וואָלט מען דאָך געדאַרפט פאַרלאָזן דאָס דאָרף.

געבליבן איז עס נישט מער ווי ביי געדאַנקען אפילו דעמלט ווען אַלטער, דער עלטסטער פון די קלענסטע. האָט גענומען א בינטעלע וועש און אוועק אין שטאָט ווערן א ישיבה־בחור. דער עלטסטער פון די קלענסטע איז ער גע־וואָרן ווען פּנחס האָט אָנגעשריבן אויף דער אינעווייניקסטער זייט פון זוהרל־טע־וועלע קענגאיבער דעם סטאָלביקעל מיט די אָנגעצייכנטע געבורטן די ערשטע שורה מיט נ״פּ. געשטאָרבן איז א טעכטערל און פאַרגרעסערט דעם צייט־אָפּשניט צווישן שאולס און אַלטערס געבורטס טעג אויף פיר יאָר און דערמיט אויך צע־טיילט די קינדער אויף גרעסערע און קלענערע. זאָל זיך אַלטער געוועזן לאָזן אויף אן אנדערן וועג וואָלט אפשר דער טאַטע געוועזן געצויגן אנדערע מסקנות, אָבער אזוי איז ער געבליבן ביי די זעלבע. ישיבה האָט געהייסן דער אַלטער וועג. ישיבה האָט געהייסן דער זעלבער אָנהויב. קוועטשן א צייט די באַנק. קעסט, אָרעמקייט. אן אנדער זאַך וואָלט געוועזן אן עילוי, וואַלגערן זיך אָבער די עילוי־ים נישט אויף די גאַסן, אפילו נישט אין די ישיבות. הייסט עס גיכער נאָך א כּניאָק און... און גאָרנישט אין בעסטן פאַל וואַקלעניש, וואָגלעניש, געדאַנ־קען און קרעכצן. קרעכצן פון טיפן האַרצן, קרעכצן וואָס העלפן נישט מער ווי קרעכצן. און אז ער איז באמת געוואָרן א ישיבה־בחור האָט מען זיך איבער־

ציינט ווען ער איז אהיימגעקומען אויף יום-טוב. א געלבלעך פנימל, געקרייזל-
טע פאהלעך, אן אויסגעדארט גופעלע אויף וועלכן סע הענגט א קאפאָטקעלע
דווקא אָן לאטעס, און שיך מיט געלעכערטע פאָדעשוועס. די מאמע האָט גע-
וואָלט אונטערקאָרמען, באפליישן א ביסעלע די ביינדלעך, זיך אָנגעטאָן א כוח
און פארשאפט מילך, אָפגעוועלט און אונטערגעטראָגן א פול טעפעלע איבער
וועלכן סע האָט נאָך געוואָלקנדלט די פארע. פרעגט אלטער: ביי וועמען האָסטו
גענומען די מילך? די מאמע האָט דעם מיין פון דער פראגע נישט פארשטאנען.
וואָס הייסט ביי וועמען האָט זי זיך געחידושט. האָסט פארגעסן מאריוקאן. זי
האָט נישט געקאָנט גלייבן ער זאָל האָבן פארגעסן די זיבעציק-יעריקע שכנה. ניין,
ער האָט נישט פארגעסן. ער האָט געוואוסט אז מילך האָט מען גענומען ווי שטענ-
דיק ביי מאריוקען. ביסט געשטאנען ביים מעלקן? די מאמע האָט דאָס נישט
געקאָנט איבערטראָגן. הער נאָר הער, אָקאָרשט אוועקגעפאָרן — דאס מאָל האָט
זיך איר באמת געדאכט אז ער איז ערשט נעכטן אוועק פון דער היים, כאָטש
סע זענען שוין פארביי פאר איר זיך קוים שלעפנדיקע פיר חדשים — און קומט מיט
אזעלכע קשיות, שטעלט אין פראגע דער מאמעס כשרות. אז וועסט וועלן טרינ-
קען מילך, האָט די מאמע געזאָגט, זאָלסטו מירצעשעם מאָרגן אליין גיין ברענ-
גען. כ'מיין האָסט נישט מורא צו בלייבן ביחידות מיט מאריוקאן. זי האָט
צוגענומען דאָס טעפעלע און אים געלאָזט גיין מיט א ניכטערן מאָגן אין שול
צו שחרית. גרעסער איז איר געוואָרן דער וואונדער און דאָס עילוי-רעטעניש ווען
דער טאטע איז געקומען פון דאווענען אָן דעם תכשיט. וואו איז אלטער?
זאָרגט נישט, ער וועט יאקאָש קומען. ער האָט גאָרנישט גענומען אין מויל. דער
מאמען האָט א קלעם געטאָן דאָס הארץ. ער וועט נעמען, ער וועט נעמען. דער
טאטע האָט געשמייכלט פילדייטיק, א סימן דער כעס איז פארביי. ווען ער איז
געקומען האָט אָנגעהויבן א שמועס. דער טאטע: אזוי גיך? אלטער: כ'האָב גע-
זאָגט א קאפיטל תהילים. וואָס פלוצים? אזוי האָט איינגעפירט אונדזער ראש
הישיבה, רבי אלטערל. אזוי גאָר, אויך אלטערל. נישט אויך, נאָר נאָר. פאר וואָס
עפעס נאָר. ווייל ער איז א יוצא מן הכלל. אזא לערנער? וואָס איז דער וואונ-
דער? כ'וואונדער מיך ווי סע קומט צו אזא לערנער א תלמיד וואָס קען נישט
עברי. וואָס הייסט, כ'קען נישט עברי? אויב דו קענסט פאר וואָס זשע האָט ביי
דיר אזוי לאנג געדויערט די שמונה-עשרה? ס'איז נישט מחמת עברי, ס'איז
מחמת כוונה. דאָ האָט דער טאטע נישט אויסגעהאלטן און זיך אזוי צעלאכט
ווי כ'האָב אים קיין מאָל געהערט לאכן. כ'שטיי, דערציילט ער, ביים עמוד און
וואַרט, אָנצוהייבן די הויכע שמונה-עשרה. מילא, שמואל פארשפעטיקט איז
קיין וואונדער, ס'איז נישט גרינג צו זאָגן די תפילה אז מ'איז שטומפיק אויף

דער עברי. אָבער ער? ישטייט. וואָס זאָג איך ער שטייט, ער שטייט נישט, ער וואַרפט זיך אין אַלע זייטן ווי אַ באַזעסענער, דאָס קאַפּאָטקעלע אויף אים פּליט, בלאָזט זיך, דרייט זיך ווי אַ קנויל. כ׳האָב נאָך אַזוינס נישט געזען. מאַלע כוו־נה, אָבער אַזאַ משוגענע כוונה. אַ שול יידן שטייט און וואַרט דער צדיק זאָל אויסגיין. אַ בייז וואונדער! דאָס האָסטו אויך געלערנט ביי דיין רבין רבי אַלטערל? דער זון שווייגט. כיבוד אָב לאָזט אים נישט ענטפערן אַזוי ווי ער וואָלט גע־וואָלט. מע באַליידיקט זיין רבין און ער קאָן נישט ענטפערן, קאָן אים נישט פאַרטיידיקן. און זיין זינד איז אַ צווייענדיקע: אין געדאַנק באַליידיקט דעם טאַ־טן און אויף דער וואָר געלאָזט באַליידיקן דעם הייליקן ראש־הישיבה. נעמט ער דעם גאַנצן טאָג גאָרנישט צום מויל. פאַסט. אָפּקומען אויף דער וועלט פאַר די אייגענע זינד און אָפּראַטעווען דעם טאַטן פון מכשול. יאָ, ער האָט זיך אומגע־קערט אַ ישיבה־בחור און אויך אַזעלכער צוריקגעפאָרן. האָט עס אויסגעזען אויף אייביק. האָט זיך געדאַכט אַ רב אין דער משפחה. דער ערשטער רב אין ביידע צדדים, סיי אין דער מאַמענס משפחה, סיי אין טאַטנס. האָט עס דער מאַמען געשמייכלט און דעם טאַטן געוואונדערט. ער האָט געמיינט אַז די צייט פון רב־נים איז אַן אָפּגעבליאַקעוועטע און דאָ לאָזט זיך אויס אַז טאַקע ביי אים אין שטוב...

דאָס מאָל האָט אפילו פיר חדשים נישט געדויערט. אהיים געקומען איז ער אַ סוחר. אויב מע וויל מאַכן אַ לעבן מוז מען זיך אָפּגעבן מיט מסחר. אויס פאות, אויס קאַפּאָטקעלע, פשוט אַ ייִנגעלע וואָס שפּילט זיך אין זוכן פרנסה. דאָס „מאַכן אַ לעבן" האָט געשראָקן. ס׳האָט נישט געפּאַסט צו פּנחס שוחטס הויז־געזינד. ס׳האָט דערמאָנט אין פעטער ראובן. אין די לעצטע מלחמה חדשים האָט זיך פּלוצים געיאַוועט אין דאָרף דעם טאַטנס ברודער, דער פעטער ראובן. ביז דעמלט אַ נאָמען מיטן טאַטנס אויסזען, אויסגעוואַקסן האָט אַ שלאַנקער, שיין געקליידטער מאַן. גלאַנציקע שיך, זיידענע זאָקן. אונטער די זאָקן אַ מין קרעץ, פרישטשעס אַזעלכע וואָס האָבן געדאַרפט ראַטעווען פון מיליטער, פון פראָנט, פון טויט, ווייל ער האָט זייער ליב געהאַט דאָס לעבן. דאָס איז געווען די סיבה פון זיין קומען אין דאָרף. ער האָט זיך נישט פאַרבענקט נאָכן ברודער, די פּלימעניקעס האָבן אים נישט זייער אינטערעסירט. ס׳איז געגאַנגען אַ רעווי־זיע, האָט מען אים געראָטן איבערוואַרטן, זיך מעלדן שפּעטער. ווען די צאָל איז פול ווערט די קאָמיסיע ווייכער, נעמט ווייניקער. האָט מען געראָטן ערגעץ פאָרן צו גאַסט וואָס ווייטער פון דער קאָמיסיע. איז אים איינגעפאַלן אַז ער האָט ערגעץ אין אַ דאָרף אַ ברודער און געקומען צו פאָרן. זיך גערימט מיט זיין קרעץ און געלאַכט פון טאַטן מיט זיינע שפּרינגעכצן און מיט זיין רויכערן טיי. מע

דארף עס נישט און דערצו איז עס נאָך געפערלעך אין צייט וואָס פונעם קרעץ ווערט מען פּטור איינס צוויי. גענוג א טאָג נישט שמירן מיט דער מאזי און די הויט איז ווידער געזונט און גלאַט ווי סאמעט, ווי ביי א ניי־געבוירענעם. איין צרה, סע בייסט. קראצט מען, אָבער געזונט בלייבט געזונט. מיט וואָס גיסטו זיך אָפּ ראובן? הער א פראגע! מיט וואָס גיט זיך אָפּ א ייד? מיט מסחר, מע מאכט א לעבן. א לעבן האָט ער נישט געמאכט, דער קרעץ איז נישט פארשוואונדן, געשטאָרבן איז ער אין שרעקלעכע ווייטיקן. ווייטיקן נישט נאָר פון קרעץ נאָר אויך נאָך לאנג מוטשען אים וועגן זיין מסחר. אזוי האָבן דערציילט פּליטים פון יענער זייט טייך. ווער סע האָט געמוטשעט איז געווען שווער צו דערגיין. איי־ניקע האָבן געזאָגט אז די אייגענע שוועסטער, די מיט מאנצבילישע שטריכן, די מאמע פון טעכטערל וואָס שרייבט אָן לאנגע נונען און אָן געשלאָסענע מע־מען. אצינד, ווען אלטער האָט גערעדט וועגן מאכן א לעבן איז עס אויסגעקומען פּריקרע. די מאמע ווידער האָט אין אים געזען א גרויסן סוחר. אָנגעלאָדענע זועגענער מיט שניט וואָס קומען אזש פון לייפּציק אָדער לאָדז און איר אלטער, א גביר. אויסגעהאנדלט האָט ער דריי זעק קארטאָפליעס, ביים דריטן איז געשען דאָס אומגליק. געגאנגען מיטן זאק אויף די פּלייצעס האָט אָנגעיאָגט נחמן, דער זעלבער נחמן וואָס מיטן גומל בענטשן. אלטער האָט געבעטן צופירן און נחמן האָט נישט אָפּגעזאָגט. זענען זיי ביידע געשטאנען אין וואָגן נחמן מיט די לייצעס און אלטער לעבן אים. שטייענדיק האָט מען געפילט א מחיהדיק ווינטעלע, שטייענדיק איז מען עמעצער, זיצן אין וואָגן זיצט אן אלטע באבע. געקומען איז מען פון קישקירען, א דאָרף מיט זייער אָרעמע פּויערים, זעלטן ווער סע האָט פערד און וואָגן. דער וועג א שמאָלער פאלט אריין איןברייטן שליאך א קילאָמעטער צוויי פאר מונזיטעשט. אויף דעם פּלאץ פאָרט מען לאנגזאמער, ווי סע פירט זיך ביי פארקערעווען. נחמן אָבער האָט א יאָג געטאָן די פערד, פאר־קערעוועט צו קורץ און אלטער איז ארויסגעפאלן פון וואָגן. אָפּגעלייגט האָט נח־מן ביי דער טרעפּ דעם זאק קארטאָפליעס און אין שטוב אלטערן מיט א צעקא־ליעטשעטן פּוס. פארנאכט איז ער אים געקומען זען באגלייט פון זיין שוועס־טער. ער האָט זיך געפילט שולדיק וואָס אזוי שנעל געפאָרן און די שוועסטער זיינע האָט מען געהאלטן פאר א דאָקטערשע, ווייל זי האָט געלערנט מעדיצין אויך אויף יענער זייט טייך. ווען מע האָט אָנגעהויבן זינגען מארש, מארש וופּע־ריאָד ראבאָטשי נאראָד איז זי אוועק אין מארש. פאר וואָס און ווי אזוי זי איז אריבער דעם טייך, פארלאָזט דעם אוניווערסיטעט און דעם מארש האָט זי קיין מאָל נישט דערציילט. זי האָט אויסגעמיטן רעדן וועגן דעם אפשר ווייל די נייע בעלי בתים האָבן וועגן דעם נישט געטאָרט וויסן. גאנצע טעג געזעסן הינ־

טער דעם פענצטער-פירהענגל, ארויסגעקוקט אויף דער גאס גלייך זי וואָלט אויף עמעצן געוואַרט. אצינד איז זי געקומען דאָקטערן אַלטערן, זען וואָס עס איז געשען מיט זיין פוס. א נעם געטאָן דעם פוס מיט געניטקייט, א קוועטש געטאָן דאָ און דאָרט און אויף איר שטענדיק ערנסט פנים האָט זיך באוויזן א שמייכל. יענער שמייכל וועגן וועלכן כ'האָב געמיינט אז ער געהערט נאָר מיר און וועגן וועלכן כ'האָב קיינעם נישט דערציילט. כ'האָב געמיינט אז עס איז א סוד צווישן אונדז. אָפט מאָל נאָך דעם וואָס איר טאטע, דער גרויסער סוחר און הארץ-קראנקער מאָטל דער שניט קלייטניק, פלעגט מיר אויסקנייפן און אויס-פעטשלען די באקן, פלעגט ער ענדיקן: גיי, גיי אריין צו חנהן, זי וואַרט אויף דיר. א צייט פלעגט זי מיך האלטן ביי דער טיר, קוקן פון אונטער די לאנגע וויעס זייטיק, רופן נענטער און שטעלן פראגעס. פרעגן, פרעגן, פרעגן אָן שיעור. קנייטשן לאַכנדיק מיינע צו פליישיקע באקן, פרעגן נישט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער. וואָס זי פלעגט פרעגן געדענק איך נישט. נישט נאָר ווייל עס זענען אזוי פיל יאָרן זינט עס איז געשען. אויך דעמלט האָב איך זיי נישט פארגע-דענקט. געבליבן איז דער זיסער שוידער (ניין, נאָר דאָס ווידערקול פון שוידערט, וועלכן זיי האָבן ארויסגערופן, דער צאַרטער שמייכל אויף איר טרויעריק פנים, דער גרויסער סוד אין אירע שוואַרצע אויגן, א סוד וואָס האָט געגאָסן אין מיר אַן אויסטערלישן ציטער. אצינד, נאָך דעם וואָס זי האָט „באטראַכט" אַלטערן, האָט זי מיך אנטדעקט אין א ווינקל און אויסגערופן: אָט איז מיין געליבטער! פון וואַנען האָט זיך צו איר גענומען אזא שוידערלעך קול, אזא שרעקלעך געוויינ וואָס האָט מיך געלאָזט א נאקעטן אין מיטן צימער? בלוט האָט א גאָס געטאָן פון קאָפּ ביז פיס, כ'בין קוים ארויס פון שטוב באגלייט פון מיאוס געלעכ-טער. אויסשרייען א סוד פאר אַלעמען! און דערצו פאר טאטע-מאמע! מיט יאָרן שפּעטער האָט זיך מיר געדאַכט אז די מאמע האָט זיך גאָר א גרייס גע-טאָן מיט מיין דערפאָלג. אָבער דאָס איז געווען מיט יאָרן שפּעטער. דעמלט....

צו מאָל פאלט מיר איין אז יענער פארנאַכט איז געווען דער טראָפּן וואָס האָט אָנגעפולט דאָס גלאָז. אין א פּאָר וואָכן ארום איז אונדזער גאנץ הויזגע-זינד געגאנגען זען די ערד וואָס מע האָט אונדז צוגעטיילט, ווייל עס איז געווען א צייט פון אגראַר-רעפאָרם. אונדז האָט מען דווקא נישט צוגעטיילט ערד ווייל דער טאטע האָט געהייסן אָן אנגעשטעלטער, א מין פונקציאָנער וואָס באקומט א באשטענדיקן געהאַלט פון דער קהילה, כאָטש אין דאָרף איז נישט געווען קיין קהילה. האָבן אָבער די פויערים פון דאָרף געטענהט אז שאולן קומט ערד, אז ער איז איינער פון די בעסטע ערד-ארבעטער, אז קיינער פון דאָרף קאָן זיך מיט אים נישט פארמעסטן ביי פראשעווען א שירטע פּאָפּשויעס, אז זיי קאָנען

נישט און וועלן נישט צולאָזן אז פונקט אים זאָל מען איבערהיפּערן ביים פאַר-טיילן די ערד. סוף- כל סוף האָט מען צוגעטיילט. די גאַנצע משפּחה איז גע-גאַנגען זען דאָס עשירות און דער גאַנג האָט אין זיך געהאַט א ציגיינערישע פרייליכקייט, א נאַמאַדישן חוזק. זען איז מען געגאַנגען נישט דאָס עשירות, דאָס גוט וואָס מע האָט באַקומען, נאָר דאָס וועלכס מע וועט אין גיכן פאַר-לאָזן אויף גאָטס באַראָט.

ווייל שוין דעמלט איז געווען קלאָר אז אין גיכן וועט מען זיך אריבער-פּעקלען אין שטאָט.

# 9

מאָדנע. דאָ נישט לאַנג האָב איך געטראָפן, אין א קיבוץ אויב כ'האָב קיין טעות, א באַקאַנט פּנים. מיר האָבן זיך געזעצט צו איין טיש און גענישטערט אין בערגל זכרונות. פּאַוואָליענקע איז קלאָר געוואָרן אז ער מיינט כ'בין אן אנדערער. נישט פרעמדער, נישט מער ווי אן אנדערער: מיין ברודער יחיאל. ווען עס איז אים קלאָר געוואָרן אז איך בין איך, אז אין בערגל זענען מיר קעגנער, איז ער געבליבן זיצן אן אָנגעגאָסענער מיט בכבודיקער קילקייט. כ'-האָב געפּרואווט אים דערוואַרעמען: שיין זענען געווען יענע יאָרן. ניין, זאָגט ער און די קילקייט ווערט אייזיק, יענע יאָרן זענען נישט געווען שיין. ביז איצט האָסטו דיר נאָך אַלץ קיין חשבון אָפּגעגעבן? א שאָד.

און ער איז נישט געווען גערעכט.

*

מיין טאָכטער האָט אַראָפּגעזעצט פון שוים דאָס יאָרהונדערט, אָפּגעאָטעמט און כאָטש א מידע א טרייב געטאָן מיינע געדאַנקען: נו, הייב שוין אָן די גע-שיכטע מיט דיין פון רעכטס אויף לינקס געשפּיליעטן מיידלעשן מענטעלע, מיט א קעלנערל וואָס איז איינצייטיק א שאַרף אין וועלכער מע הילט דעם האַלדז אויך פון רעכטס אויף לינקס. דערצייל ווי אזוי מע האָט דיך דערמיט אָנגעטאָן נאָך דעם וואָס עס איז געוואָרן צו קליין פאַר דער מומע צילקע, באַרים דיך מיט דיין אָרעמקייט גלייך סע וואָלט זיין דיין גרעסטער פאַרדינסט פון וועלכן די גאַנצע געזעלשאַפט וועט זיך קיין מאָל אָפּצאָלן. דאָס דאַרף אויך דער-ווייזן דיין אומדערשיטערלעכע פעסטקייט אויף רעוואָלוציאָנערע פּאָזיציעס און

נישט דעם זיידן פּנחס׳ס שלים־שלים־שלימזלדיקייט מיט וועלכן עס איז נאַריש זיך צו באַרימען. כ׳לעבן עס האָט צוגעגעסן. עס איז דאָך אַ פּאַרקערטער אָב־סקוראַנטיזם. עס איז וואָרעם אין כריין. נאָך אַלעמען זענען רויטע מאַרקיזן און פּרינצן אַ סך אינטערעסאַנטער פון קלאָגעדיקע שלעפּערס.

אומזיסטיקער אָנגריף. נישט מיט דעם האָב איך געוואָלט אָנהייבן. כ׳האָב אין אַלגעמיין נישט געוואָלט אָנהייבן. זי האָט מיך פּראָוואָצירט נישט אַזוי מיט איר אָנגריף ווי מיטן אוועקזעצן לעבן זיך דאָס יאָרהונדערט ווי אַ בלינדן בעט־לער און דאָס אין יענער צייט, אין וועלכער ער האָט מיר געדאַכט אַ מלכות־דיקער, אין דער צייט ווען ער האָט שפּאַצירט ווי אַ האַלב שיכורער ציגיינער פּרינץ, געשפּיגן חוצפּהדיק אויף דער לבנה און באַהאַנדלט די ערד מיט ביטול, ווייל אַזעלכע ווי זי איז, איז זי אפילו קיין שפּיי נישט ווערט; ווייל זי מוז זיין אַנדערש, זי מוז ווערן אַ פרישע, זיך רייניקן פון בלוט און שמוץ, פון לייז און לאַכמאָטיעס, פון הונגער און וויי, פון קינדער־טרערן, פון געלעכערטע פּאָ־דעשוועס און אייביקן קאַטאַר, פון ציטער, נאַסמאַרק און כראָקן. זי מוז באַ־קומען אַן אָפּגעווישטע נאָז. אויף אַלץ האָט געבלאָזן אַ מזרח־ווינט. ער האָט מער נישט געהייסן אייז־ווינט, פראָסט־ווינט, זאַווערוכע, נאָר איבערקערעניש און ניי. אַלץ וואָס האָט זיך באַוועגט, אַלץ וואָס האָט געאָטעמט האָט אין זיך איינגעזאַפּט כאָטש אַ שפּור פון אָט דעם ווינט, וואָס איז געוואָרן אַ מין וויני־עט אויף יעדן וויזיט־קאַרטל, אַ שטעמפּל אָן וועלכן אַלע וועגן האָבן זיך גע־שלאָסן. ניין! ס׳האָט אפילו פּראָגרעס אויך נישט געהייסן. יעדער באַגריף איז געווען צו קאָנקרעט, צו ממשותדיק אויף צו כאַראַקטעריזירן דאָס ליכט פון מאָר־גן. ליכט? אויך ליכט האָט מען דאָס נישט געקאָנט רופן. ס׳איז געווען אַן איי־ביק שימערן פון בליץ און די וואָס זענען אַנטקעגן געגאַנגען—קינדער פאַר־כאַפּטע פון חלום. כ׳וויים, נישט נאָר אַזעלכע זענען עס געווען. אויך אַנדערע וואָס מוזן שטענדיק וויסן וואו זייער פּלאַץ וועט זיין, אַזוי ווי דיין מומע פּערל מיט איר שטיינענער לאָגיק וואָלט געזאָגט. אָבער וועגן זיי שפּעטער. אַצינד וויל זיך נישט פאַרשווענכן די עקדה, דעם גרויסן מאַרש, דעם לעבעדיקן קאַ־ראַהאָד, דעם ווילדן טאַנץ, די שיינקייט אין איר לויטערסטער ריינקייט.

אַז די ערשטע וועלט־מלחמה איז אויך די לעצטע איז אַן אַקסיאָם, אַז זוכן אַ היים מוז מען נאָר אַ רויט־פאַרביקע איז אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט און אַז אין אָקטאָבער האָט אָנגעהויבן די לוויה פון אַלץ וואָס מוז פאַרשווינדן איז בלי ספק. קיין חתימות האָט מען נישט געזאַמלט ווייל ס׳איז אויסגעקומען מאָד־נע נאַריש און קעגן דער נאַטור. ווער איז ווערט מע זאָל אים לייגן צו פוסנס אַ באַרג חתימות, ווער וועט זיך דערוועגן זעצן אויף אַ טראָן פאַר וועלכן מע

זאָל אָנהויפּן אזעלכע קרבנות? ווער וועט זיך לייגן אויף רעלסן כדי אָפּשטעלן א צוג וועז מע דאַרף אָפּשרויפן די רעלסן? ניין! חתימות שמעקן מיט אינסטי-טוציע און אינסטיטוציע שטינקט. האָסט געהאַט א טעות, טאָכטער מיינע, נישט מיטן מענטשלעך וואָלט איך דאָס מאָל אָנגעהויבן, ווייל כ'בין שוין צו אלט פאַר דעם. אויב שוין יאָ אָנהייבן וואָלט איך גיכער מיט דער אין חוזק פאַרבן אויס-געפוצטער נאַקעטקייט. איז צו דיר נישט דערגאַנגען די מוזיק פון יענעם באַל אויף וועלכן מאָלער זענען געקומען אויסגעפוצטע מיט אויף דער אייגענער הויט געפּענזלטע מאַנישקעס, העלפאַנטביין-קנעפּלעך און שוואַרצע סמאָקינגען? ווי דו שטעלסט דיר פאָר איז דאָס נישט געשען אין דיין זיידנס נייער מעטראָ-פּאָלע. ביז ער וועט אָנקומען אין אזא אָדער ענלעכער מעטראָפּאָלע וועט גע-דויערן: ביז דעמלט וועט זיך אפשר דאָס שטעטל אויסשטעטלן, דאָס דאַרף פאַר-שטעטלן און מעטראָפּאָלעס פאַרדערפלען. דערווייל איז עס א שטעטל נישט ווי די געוויינטלעכע אויף דער פּאָדאָליע, אין מאָלדעווע, וואָלעכיי, אין די באַ-פאַהטע קאַרפּאַטן אָדער אין פרענקישן טראַנסילוואַניע. ניין, דערווייל איז עס א פּשוט יידיש-קריסטלעך שטעטל מיט א קלויסטער. א רבי אָבער אויך א פּאַב-ריק און דערפאַר מסוגל צו זאַמלען עקזעמפּלאַרן פון גאַנצן נאָך דער מלחמה גרויס געוואָרענעם לאַנד און דערצו פון שכנישע לענדער ווייל אויף מלחמה קב-רים וואַקסט נע-ונד. א שטעטל מסוגל צו אפּיקורסישן אויסמיש פון פרעמדע ראַסע-פּערד מיט איינגעזעסענע אייזלען. דאָ האָט דער טאַטע באַגעגנט יענעם חלוץ וואָס איז שוין קיין חלוץ נישט געווען, אַרום וועמענס רייד עס איז, לויט זיין מיינונג כדאי געווען זיך פאַרטראַכטן, א יינג וואָס האָט מיך געקאָסט צוויי קלינגענדיקע פּעטש, ווייל אַן עלטערן פון זיך מוז מען אָפּגעבן כבוד.

לייבל. אַן איינציק עקזעמפּלאַר, קיין צווייטן האָב איך אויף דריי קאָנטי-נענטן נישט געפונען. זיין שוואַרצקייט, זיין טשופּרינע, זיין איידל געשניצט פּנים, בולט דאָרט וואו סע דאַרף זיין בולט, געטעסעט דאָרט וואו מע קאָן זיך אַנ-דערש נישט פאָרשטעלן. בלויע רינגען שטרייכן אונטער ליכטיקע שוואַרצע אויגן, א פּוילבלעך אָפּגעלאָזטער גאַנג, א האַלב צעבראָכסטעטער, א הויכער, שמאָ-לער מיט א צעשויבערטן פול פעדערן קאָפּ האָר. א צאַרט ליד איבער בלאָטי-קע גאַסן. לייבל, וועלכן מע האָט חושד געווען אין א שוואַכקייט צו מיין שוועס-טער פּערל און זי אין א ספק צו אים נאָר דערפאַר ווייל זיי פלעגן זיך שטענ-דיק אָמפּערן, קיין מאָל נישט זיין איינשטימיק אין די גרויסע אייביק טליענ-דיקע וועלט פראַגעס, צווישן זיי איז געליגן די האַק. פאַר לייבלען א שטענ-דיק נישט נאָר איבעריקע, ווייל אָדער סע העלפט נישט אדער מע דאַרף נישט, נאָר גאָר א פאַרשאָלטענע ווייל נישטאָ קיין ארגומענט פאַר בלוט פאַרגיסן אומ-

אָפּהענגיק פון צוועק און ציל, אומאָפּהענגיק פון וועלכער סע זאָל נישט זיין לאַגע. און פאַר מיין שוועסטער פּערל א באַרעכטיקטע דורך חלום פאַר בעסערס און שענערס און מיט נקמה פאַר אומגערעכטיקייט. פאַר אַלעם האָט לייבל גע-האַט א מאָדנע שמייכל וואָס פלעגט זי אַרויסבריינגען פון די כלים. אָט זיצט ער .לעבן מיר אין חדר און הערט זיך איין צו דער משנה. מיט לייבלען נעבן מיר באַקום איך מוט און שריי: זאָגט דער תנא פון דער משנה א דין, הבא על הכו-תית... ווערט לייבל דערשיטערט פון מלמדס טעמפּקייט: נעמען צעניעריקע קינ-דער און מיט זיי קנעלן אַזאַ משנה! קלאָגט ער אָן דעם מלמד פאַרן טאַטן. וואונדערט דעם טאַטן זיין דערשיטערטקייט. תמימות דתינוקות... פאַרדריסט לייבלען דער אויסלייג. אויב קינדערישע נאַאיווקייט האָט קיין גרענעץ טאָר מען דאָך אוודאי און אוודאי נישט. פאַר וואָס וועקן צו פרי געדאַנקען און אינסטינקטן? לייבל, לאָזט אָפּ נאַרישקייטן. אָט איז ער, וועלן מיר א פּרוּאוו טאָן זען וואָס ער פאַרשטייט דערפון. און שוין פרעגט מען מיך: וואָס פאַר א משנה האָסטו היינט געלערנט? די זעלבע וואָס נעכטן ווען איר זענט לעבן מיר געזעסן מיטן מיצל-שמיצל אויפן שפּיץ קאָפּ. לייבל לאַכט. כ'האָב געבאָרגט אויף א רגע, גיט ער צו פאַרשטיין דעם טאַטן, ביי א יינגעלע א קאַרטוזל, אָן א דאַ-שעק, נישט געוואָלט אַריין אין חדר בגילוי-ראש האָט עס טאַקע אויסגעזען א מיצל-שמיצל. ווי אַזוי הייבט אָן דיין משנה, פרעגט דער טאַטע. הבא על הכו-תית... וואָס באַטייט דאָס? ער האָט זי ווייזט אוים גוט צעהרגעט, שפּאַרט פון מיר אָן אונטערוועלט. וויל דער טאַטע דעם שמועס איבערפירן: בבא מציעה גע-דענקסטו נאָך. די פראַגע געפעלט מיר דווקא נישט, לייבל איילט אָבער מיט א צווייטער: פון וואַנען זאָל ער געדענקען? פון א יאָר דריי צוריק, רימט זיך דער טאַטע, וועל איך מן הסתם בעסער געדענקען. כ'מיין אַז ער האָט מיך געוואָלט ראַטעווען פון דעם אומדערוואַרטן עקזאַמען. טוט ער א פּרוּאוו, און דאָ איז עס געשען. דער זכרון האָט אים אונטערגעפירט און איך האָב זיך געאיילט דאָס צו באַווייזן. דעמלט האָט מיר דער טאַטע אַראָפּגעלאָזט צוויי פּעטש ווייל א שגץ דאַרף מען נישט זיין, אַן עלטערן פון זיך דאַרף מען אָפּגעבן כבוד. איז דער קלאַנג פון די פּעטש געבליבן א רגע ביי מיר אויף די באַקן און דער וויטיק ביי לייבלען א צייט לאַנג. ווי לאַנג ווייס איך פון צוקערלעך וועלכע ער האָט מיר געשענקט. א קניפּ אין בעקל האָט ער קיין מאָל נישט געגעבן. נישט זיין סטריי.

מיין שוועסטער פּערלס ספק צו לייבלען האָט זיך אויסגעשפּעקט. ווייזט אוים, מחמת דעם סיכסוך אין באַציאונג מיט דער האַק. מעגלעך. א קלאָרן ענטפער אויף דער פראַגע האָבן מיר נאָך ביז היינט צו טאָג נישט באַקומען. אפשר דער-פאַר וואויוועט נאָך עד היום די האַק אַזוי אומברחמנותדיק איבער דער וועלט,

מיט איר איינענעם ארגומענט: פאַראַן כשרע העק! אָבער נישט דאָס בין איך אויסן, טאַכטער לעבן. דאָס געהערט נישט אהער, אהער געהערן די שיידונגען וואָס זי האָט גורם געווען, ווייל לייבל האָט פאַרלאָזט דאָס שטעטל. אוועק אין אנדערע קאַנטן, אפשר ווייל זיין שוואכקייט צו פּערלען האָט דאָ נישט געקאָנט אָפּשוואַכן.

א צייט האָט זיך אין טאַטנס זוהרל מיט די צוויי סטאָלביקלעך אויף דער אינעווייניקסטער זייט פון טעוועלע, איינס מיט „נולד לי” און א צווייטס א קור-צערס מיט „נפטר לי”, געפונען לייבלס איינציק בריוועלע מיט קליינע קאַליגראַ-פירטע אותיעלעך אין א זעלטן העברעיש. דער טאַטע האָט געוואוסט אז די גע-קליבענע שפּראַך מיינט נישט אים נאָר דעם רב. געשען איז דאָס א סך שפּע-טער דעמלט ווען א געוואָרפענע פון האַנט צו האַנט איז די האַק אַריינגעפאַלן אין די הענט פון היגע שוואַרץ-מאהניקעס גערופענע קוזיסטן, אָנגעפירטע פון פּראָפּעסאָרן און סטודענטן. א טייל פון זיי האָבן יידן פּראָקלאַמירט אלס משו-מדים ווייל סע קאָן נישט זיין אזעלכע ממזר-קעפּ זאָלן נישט שטאַמען פון יידן. האָבן די קוזיסטן געוואָרפן מעסערס, אָרגאַניזירט פּאָגראָמען איבערהויפּט אין די נייע קאַנטן פון גרויס געוואָרענעם לאַנד; אין די קאַנטן וועלכע זענען פון אייביק געווען זייערע, נישט מער ווי געשלעגן וואָס האָבן זיך צו מאָל גענענ-דיקט מיט א פּאָר טויטע. אין די קאַנטן איז עס אָבער שטענדיק געווען א באַ-דוויערנדיקער צופאַל, שטענדיק בשוגג, נישט ווילנדיק. האָט מען דאָ מורא גע-האַט פאַר דעם בשוגג ווי פאַר במזיד, געזאָגט אז נישט ווילנדיק איז נאָענט צו ווילן. מענטשן זענען נוטה איבערצוטרייבן.

איינער פון די שטעטל רבנים איז דעם באַרדיטשעווערס אן איניקל, דער דריטער אָדער פירטער דור. וואָס פאַר א געשעפטן סע האָבן געטריבן דעם באַר-דיטשעווערס אור-איניקל און אור-אור-איניקל, אין אזעלכע קאַלעמוטנע צייטן, אין דער שכנותדיקער שטאָט וועט מען קיין מאָל נישט וויסן. זיי האַלטן אז אינטימע ענינים דאַרפן בלייבן אינטים. מיט דעם אונטערשיידן זיך איידע-לע מענטשן פון פּראָסטאַקעס. פּראָסטאַקעס דערציילן אלץ וואָס אויף דער נשמה, ליגן אויס פאַר אלעמען דאָס וואָס מע דאַרף האַלטן פאַר זיך. וואָס אויף דער לונג דאָס אויף דער צונג. איידעלע מענטשן פירן זיך נישט אזוי. עיקר, אין איינעם פון יענע מוראַדיקע טעג זענען זיי ביידע — דער טאַטע מיטן זון, ביידע רבנים, איינער מיט סמיכות איינער אָן, אפשר איז עס טאַקע געגאַנגען אין סמיכות ווייל אין דער שכנותדיקער שטאָט האָט געוואוינט א רב א שב-דבר, א ייד וועמענס סמיכות איז אָנגעגאַנגען אלס גרויסער כבוד, פאַר דעם זון האָט זיך דערנענטערט די צייט פון זשערעפּ, פון רעקרוטירן — זענען זיי ביידע

אראָפּגעפּאָרן צום וואָקזאַל און פאַרשוואונדן געוואָרן אין א וואַגאָן דריטע קלאַס. וואָס עס איז געשען אויפן וועג, ווי אזוי עס איז אדורך מיטן סמיכות האָט קיין שייכות צו לייבלס בריוועלע. לייבל איז דערשינען אויפן וואָקזאַל פון דער שכנותדיקער שטאָט דעמלט ווען א באנדע קוזיסטן האָט אראָפּגעזעצט די יידן פון דער באַן, גענגבן עמערם וואסער מיט בעזעמער און זיי געצוואונגען וואשן דעם פּעראָן. דערשטוינט בלייבט ער זעענדיק ביים פענצטער פון א וואַגאָן דרי־טע קלאַס צוויי יידישע בערד, איינע אן אלטע איינע א פרישע, ביידע רויט־לעכע, וועלכע די באנדע האָט נישט ארויסגעטריבן פון וואַגאָן. א נייגעריקער, גייט ער אין יענעם וואַגאָן מיט אן אָפּגעלאָזט שקאָציש געננגעלע, זעצט זיך אויף א באנק קעגנאיבער און ווארפט אויף זיי רשעותדיק פארוואונדערטע בליקן. דער זון וויל עפּעס פרעגן, איילט דער פאָטער בארואיקן מיט: זיץ שטיל, דער רשע. זיצט מען אזוי אָפּ א מינוט פינעף. דער צוג רירט, דאָס אומגליק איז פאַרביי אָבער נישט די מורא און שרעק. דער פאָטער לאָזט ווייטער דעם זון נישט ארויסרעדן א וואָרט. דער וועג איז קורץ צוואווארטן קאָן מען ווען סע קומט נאָענט צום אויסשטייגן, רופט זיך אָן דער רשע, פארשטעגנדלעך אויף רו־מעניש: איז אייך נישט אמאָל באקאנט א שוחט פנחס? וואָס הייסט ניין, האָבן זיי ביידע אויסגעשריגן, אודאי באקאנט. וואָלט איך אייך בעטן איבערגעבן א ברי־וועלע. ער האָט אויסגעשטרעקט דעם פארקלעפּטן קאָנווערט. פאר פראגעס איז קיין צייט נישט געבליבן, צי נאָענט די סטאנציע און דער פארשוין איז סיי ווי תיכף פארשוואונדן, אוועק מיט א חוצפּהדיק אָפּגעלאָזט געננגעלע. געבליבן איז די פראגע ווי קומט א שייגעץ בכלל און על אחת כמה וכמה א כוליגאַן — אז ס'איז א כוליגאַן איז ‧נישטאָ וואָס צו רעדן, די טשופּרינע, דאָס געננגעלע, דער שטעל — צו פנחס שוחט? וואָלט דאָס בריוול געווען אָפן וואָלט מען געוואָרפן א בליק און זיך עפּעס וואָס דערוואוסט, אָבער א פארפעטשאטעוועטס... האָט עס זיי געקאָכט און געברענט און זיי האָבן נישט באוועלטיקט דעם יצר־הרע, געטייטשט אז אין דעם פאַל איז עפענען א פרעמדן בריוו קיין זינד, אז ס'איז גאָר לשם שמים, נישט טראַכטנדיק אז שווער איז דער אָנהייב, אז מיט אזעל־כע לשם־שמימדיקע ארגומענטן הייבט אָן די אינסטיטוציע וואָס רופט זיך צענ־זור, און געעפנט דעם בריוו. פאר זייערע אויגן איז נישט מער ווי א גרוס אן אלטן פריינד, א זאָגעכץ וועגן קו־הבריאות, אָבער מיט וואָס פאר א שריפט, מיט וואָס פאר א געקליבענע ווערטער. נישט אנדערש אליהו־הנביא בצורת שווארץ־מאהניק. שווער געווען אָפּגעבן דאָס בריוול, האָט מען געמוזט שלום מאכן מיט א נייער עבירה, צוקלעפּן אזוי אז מע זאָל נישט באמערקן. און פנחס וועט דווקא יאָ באמערקן נאָר מאכן וועט ער זיך אז ער באמערקט נישט. וועט

עס הייסן כ׳ווייס אז איר ווייסט, נאָר איר מאכט אן אָנשטעל כדי נישט צו בעטן מחילה, ווייל א רב זאָל בעטן מחילה ביי א שוחט איז צו פיל, אזוי ווייט האָט די ענוות און פרומקייט נישט געגרייכט, און דערצו זיצט אויבן אן על־טער, און עלטער־עלטער זיידע וואָס דארף אפילו נישט אראָפּקוקן אויף צו וויסן וואָס דאָ טוט זיך אַלץ אָפּ... ווען פּנחס האָט געעפנט דעם קאָנווערט, געליייגנט די געקליבענע ווערטער וויסנדיק אז דער רב איז נעכטן געקומען פון שכנותדיקער שטאָט און אז נעכטן האָט מען זיך אויפן דאָרטיקן וואָקזאל איזדיעקעוועט אי־בער יידן איז זיין חשבון וואָס שייך דעם רב און אין שייכות מיט לייבלען גע־וואָרן קלאָר און ער האָט זיך צעלאכט אויף א קול, א ביסעלע צו שטארק אין דער אָנוועזנקייט פון א רב דעם באַרדיטשעווערס מעג זיין אן אור־אור אייניקל אָבער דאָך אייניקל. כדי צו פארגלעטן האָט ער געזאָגט: א חכם דער שייגעץ, און דער רב פאר זיך: ער ווייסט אַלץ. ער איז נאָך ערגער פון שייגעץ. אפשר דערפאר האָט ער זיך א צייט אויסגעדרייט צום פּלויט און אויפגעהויבן די פּאָ־לעס פון דער קאפּאָטע ווען פּנחס פלעגט פארבייגיין. ברוגז זיין האָט מען נישט געקאָנט, אָבער נישט אויסמיידן דעם גוט מאָרגן האָט ער אויך נישט געקאָנט.

דאָס בריוול האָט דער טאטע געהאלטן אין זוהרל ווייל א טייל פון לייבלען געהערט צו די סטאָלביקלעך וואָס אויפן טעוועלע, ווייל די געשיכטע האָט אים אויסגעזען סוררעאליסטיש, כאָטש דער באגריף איז אים געווען אין גאנצן פרעמד, ווי אויך דער פאקט אז טאקע אין שטעטל זענען פאראן אזעלכע וואָס כאָטש מע רופט זיי נישט סוררעאליסטן זענען זיי עס. שטאָט בעלי־בתים האָבן זיי גערופן ציגיינער נשמות.

און אזוי זענען מיר ווידער ביי די ציגיינער פון די צוואנציקער און דריי־סיקער יאָרן פון יאָרהונדערט וואָס האָסט אוועקגעזעצט לעבן דיר ווי אן אומ־באהאָלפענעם בעטלער. מיר שיינט אז דווקא אין יענע יאָרן איז ער נישט ווערט אזא באהאנדלונג. אָט זיצן זיי די ציגיינער וואָס לעכצן נאָך „מע ווייסט נישט וואָס”, וואָס וועט קומען מע ווייסט נישט ווען און איז ווערט מע זאָל אויף דעם מע ווייסט נישט וואָסיקן מזבח מקריב זיין דאָס לעבן. פון אַלץ וואָס עס איז נישטאָ ווילן זיי א ביסעלע מער, און פון אַלץ וואָס עס איז דאָ וואָלטן זיי זיך באגיגן מיט א ביסעלע ווייניקער. ארום די אַלע גאָרנישטן אמפּערט מען ביז שטערן לעשן זיך. פּנחס בלייבט פון דרויסן. אין שפּיל זענען אצינד זיינע קינדער, דער שפּיל זעט אים אויס א זאבאוונער, כאָטש די פארוויילונג טראָגט אין זיך אַלע לעבנס־געפארן. „א ציגיינערישע משפחה האָב איך מיסד געווען”, טראכט פּנחס און אויפן שטערן טיפט זיך א נייער קנייטש. צו תכלית טראכטן זיי נישט. חברן זיך מיט די צוגעקומענע פון שטעט און שטעטלעך. א נייער סאָרט נאָמא־

דן. אלטע טועכץ מיט נייע געדאנקען און פארקערט. ער הערט זיך איין צו זייערע דערציילעכצן און קאָן שווער פארשטיין. ער קוקט זיך איין צו זייערע טו־עכצן דאכט אים אז עפּעס איז ער דאָך תופס פון זייער משונהדיקן אומרו, און די אומרואיקייט פארכאפּט אים. וואָס איז דאָס געלעכטער, פרעגט ער. זיי פרעגן נישט, זיי לאכן, מיינען אז די וועלט איז זייערע. אראָפּגעיאווועט האָבן זיך אהער כמעט פון דער גאנצער וועלט. ריש־בער קומט פון פּוילן, יאנקעלע אזש פון באָרשע. שטענדיק סטראשעט ער מיט א מעשה וועגן א דובינע, צו דערציילן קומט עס נישט. א לאנגע צייט האָט ער פארבראכט אין סיגעט, אין אָדער אין שכנות פון ספרים. אין דער צייט וואָס אין שכנות האָט ער געוואקלט צווישן שחרית און השומר־הצעיר, פון דאָ צו די קאָנספּיראטיווע קעמערלעך, אויף אזוי וייט קאָנספּיראטיוו אז ער האָט דאָס וואָרט קאָמוניסט פארשטופּט ערגעץ טיף, טיף אין א מח־ווינקעלע, אָבער נישט אזוי ווייט אז ער זאָל אין דעם פארגעסן. האָט עס געבראָטן פון אינעווייניק. ארויסווייזן טאָר מען נישט, דאָס געזעץ שטראָפט. אצינד איז ער דאָ. די היים מיט יידן־פּויערים און יידן־קאָנטראבאנדיסטן איז געבליבן ווייט; נאָך ווייטער די שוחטים און רבנים וואָס דערפירן א מח־לוקת ביז אונטערוואַרפן א שיקסע דעם קעגנער אין מקוה. נאָענט איז געבליבן מנחה און מעריב, פון דעם קאָן ער זיך נאָך נישט אָפּזאָגן. גייט ער אין ווע[ל]דל צו דער פארזאמלונג וואָס שטעלט אוים פּלענער צום באקעמפן א וועלט און צום בויען א וועלט. א זאבאוונע פארנעמעכץ. יאנקעלע האָט א באזונדער פארגע־ניגן ווען מע שטורעמט קעגן צוריקגעשטאנענקייט און אָבסקוראנטיזם, קלינגט די שעה פון מנחה לויפט ער אין שול. יאנקעלע וואוהין? כ'מוז! וואוהין מוזטו? עס איז קאָנספּיראציע, שעפּטשעט ער פון הינטער דעם דריטן ביימעלע, ווייל ער איילט, עס איז שפּעט. לאכן זיי און פּנחסן שרעקט זייער לאכן. קיינעם פאלט נישט איין אז אין א צווייטער מלחמה וואָלט יאנקעלע געקאָנט פארשווינדן מיטן רויך, קיינעם פאלט נישט איין אז פארן פארשווינדן, זייענדיק נישט מער ווי הויט און ביין וועט ער זיך דערמאָנען דעם פּילפּול פון סיגעטער יידן וואָס ליגנדיק אין בעט א קראנקער האלט ער מער נישט אוים דאָס בייסן פון די פליי און פרוּווט זיי אָפּטרייבן מיט א פּשטל: זענט איר געזונטע וואָס זשע זוכט איר אין א קראנק בעט, אלא וואָס דען, זענט איר קראנק פאר וואָס זשע בייסט איר זיך אזוי ווי בייזע הינט? און גלייך ווי אין יענעם מאָמענט פארשטייענ־דיק אז די הויפּט פראגע איז א פליי־פּראָבלעם און אן ענטפער אויף איר וועט מען אפשר גאָר קיין מאָל נישט צוטראכטן, וועט ער גיין צו דער גאז־קאמער מיט א ווילד געלעכטער. קיינעם פאלט נישט איין אז ער וואָלט גאָר געקאָנט איבער־לעבן די מלחמה, אריינטרעטן אן אָנגעגורטער מיט גלויבן אין געחלומטן פּרדס,

פירן א צייט א מארודנע, א סטערפ לעבן, זיך איבערצייגן אז געהלומטע פרדסים בלייבן נישט מער ווי א חלום, אז אין דער ווירקלעכקייט זענען זיי נישט, פאראן, זיך אפשליסן אין צימער, ווארטן, וועלן פעסטשטעלן צי קאן מען פארגעסן ווערן ביים לעבן. און ווען ער וועט זיך איבערצייגן אז יא, אז אפילו נאענטע חברים קאנען אין גאנצן פארגעסן די עקזיסטענץ אדער די אפוועזנקייט פון א פריינד וועט זיין צו שפעט ווייל ער וועט נישט האבן דעם כוח זיך צוצושארן ביז דער טיר און וועט אויסגיין פון הונגער; אז צוליב דעם יינגן דור וועט מען פרואוון פאררייכטן די עוולה מיט א בכבודיקער לויה, פאלט אוודאי און אוודאי קיינעם נישט איין, ווייל דער מענטשלעכער געדאנק האט ווייזט אויס דאך געוויסע גרענעצן. אבער דאס אלץ איז שפעטערדיק. דאס ווייסט נאך קיינער נישט. דערווייל זיצן אין א האלב-טונקל צימערל זיבעצן יונגעלייט, יאנקעלע בתוכם, און הערן זיך צו ווי א גרויסער פאעט אימפראוויזירט לעבן א באלויכטענעם בלומען-בוקעט א מעשהלע פון אריענט מיט מאראנצן און מילגרויםגערטנער, מיט פרינצן און פרינצעסנס, מיט פארכישופטע טעפיכער וואס שוועבן איבער א צעווילדעוועטער וועלט. בלייבן הענגען אין דער לופט ווייל די קויל פון רוצח האט געטראפן א גאווראש. אבער אזוי ווי אין ענין גאווראש זענען פאראן געניטערע פון מיר וואלט אפשר געווען א סברה לאזן זיי דערציילן. זיי זענען נענטער צו אים.

— פרואווסט זיך אפטרייסלען? ווילסט בלייבן א זייטיקער? צו שפעט, טאטעשי. אנהייבן האט מען געדארפט מיט די גאווראש-פריוועלעגיעס. וואס מיינסטו דערצו?

מיין טאכטער איז א גאליקע, דערפאר שטעלט זי אזעלכע פראגעס. דער טאטע קוקט נאר מיט איין אויג, מיטן לינקן, בארעבאנעוועט מיט די פינגער דעם טיש-בלאט, ווארט אויף מיין ענטפער, האט הנאה פון אייניקל, אירע פראגעס געפעלן אים.

און איך? איך וויים נישט וואס צו ענטפערן, אפשר אויך ווייל דער ענטפער איז אן אנצאל זייטלעכדיקער.

אראָפגעקומען און זיך באזעצט אין שטאָט, איז די שטאָט אויסגעקומען פנחסן צום אָנהייב אן אָנוואָרף פון דערפער. די באציאונג צווישן כמות און איכות, צווישן קוואנטיטעט און קוואליטעט, איז אים געווען אין גאנצן פרעמד. אז דאָרט וואו איין קאָוועל איז נישט מער ווי א קאָוועל און דאָרט וואו צוויי פארוואנדלט עס זיך אין קאָנקורענץ, אז דאָרט וואו איין רב איז גאָרנישט און דאָרט וואו צוויי צעברענט זיך מחלוקת, האָט ער אזוי גוט ווי כמעט נישט געוואוסט. און פלוצים...

טראכט פנחס צו יענער צייט און צו דער וואָס נאָך איר, דאכט זיך אים א נעפל, א קנויל פון ווידערשפרוכן, אן אויסמיש פון גוט און שלעכט, א צערוואקבאנאליע (דאָס וואָרט געהערט נישט אים, דאָס הענגט אים אָן אורי ווייל ער געדענקט עס יאָ, ווייסט אפילו פון וואו ער האָט עס גענומען, ווייסט אז עס איז פון איינעם מיט וועלכן מע קאָן זיך אפילו א לויב טאָן ווייל גערופן האָט מען אים אויף דער גאנצער וועלט וואו נאָר סע זענען געווען יידן: משה נאדיר), א טויטן-טאנץ, א חתונה אָן כלי-זמר, א לויה מיט טרומייטערס, עפעס א מישמאש, א פאראד פון מאסקן איבער גוואלדיקע גאָרנישטן. אין אזעלכע מאָמענטן קריכט ער אין הויפן פאפירן, דערציילונגען, דאָקומענטן, טייפ-לענטעס, שמות, קוויטעלעך, בריוולעך, נישטערט, קלאסירט, מאכט פעקלעך, בינדט זיי מיט שטריקלעך, צעווארפט זיי ווידער איבערן בוידעם, קלאסירט פונסניי. ער וויל פארשטיין דעם מיין פון א יאָרהונדערט מיט ארום די לענדן א רויטן גארטל תיכף נאָך בר מצוה, און ווען דער האָט אָפגעבליאקעוועט אן אנדערן, א קארדינאלישן אויף דער סאמע מיט, געפארבט מיט בלוט פון צענדליקער מיליאָנען מענטשן בכלל, זעקס מיליאָן יידן בתוכם פון וועלכע אנדערטהאלבן מיליאָן נישט דערוואקסענע קינדער. זוכט ער דאָס פארשטיין אין דעם הויפן פאפירלעך. די גרעסטע טייל פון זיי טראָגט זיינע באמערקונגען: וואו א טיטל, וואו א נאָכוואָרט, וואו גלאט א הערה. הילט אים מיט שפינוועבס די מידקייט ווערט ער אנדרימלט. אין איינעם א טאָג האָט מען אים געפונען אן איינגעדרימלטן, געמיינט געחלשט, מיט גרויס מי אראָפגעבראכט אין שטוב, גערופן א דאָקטער, דער דאָקטער האָט געזאָגט שוין, האָט מען אים מקבר געווען. האָט

לאנג נישט געדויערט און כ׳האָב אים ווידער געפונען איבערן הויפן פּאַפּירן טאַקע אויפן בוידעם, מיט איין אויג צוגעמאַכט, מיט דעם אַנדערן — דעם לינקן — נישטערנדיק אין חלל.

אָט זענען זיי, די פּאַפּירן, אַזוי ווי ער האָט זיי קלאַסירט. אפשר וועט מען עפּעס פאַרשטיין פון זיינע טראַכטענישן, אפשר וועט זיך שאַפן אַ בילד פון ווייטער געשעענעם. אויף איינעם פון די פּעקלעך הויכט די וואַרעמקייט פון אַ פרישן אַלעף וועלן מיר אָנהייבן דערמיט.

# 1

מאָדנע. אין די געגנטן האָט די מלחמה — די ערשטע — אַמווייניקסטן געבושעוועט. פון וואַנען זשע האָט זיך גענקאָנט נעמען אַזוי פיל רציחה? אפשר איז עס פאַרקערט: נישט מלחמה פירט צו רציחה, נאָר רציחה איז גורם מלחמה? די מעשה מיט דער היץ און מיטן איי.

פּ.

היצן — הינטיש אַראָפּהענגענדיקע זיך די גאַנצע צייט באַמבלענדיקע רויטע צונגען, בלוט פאַרלאָפענע אויגן — זענען באַפאַלן אונדזער קאַנט. מע דעכעט קוים, מע לעכצט נאָך אַ ביסל לופט, נאָך אַ קוים-קוים ווינטעלע. וואַרט מען דערויף ביז דער טאָג פאַרטרייבט די דושנע נאַכט, איז דאָס ווינטעלע אָבער רגעדיק ווי אַ האַלבער אָטעם, הייבט קוים אָן און שוין לעשט עס זיך — אַ פירטל גראָשן ליכטל. אפילו אין דער בערגיקער שטאָט פּיאַטרא-נעאַמץ, וואוהין גבירים קומען מיט די משפחות זומער אויף לופט בלאָזן געלע פאַליעס פייער. הונדערטיעריקע זקנים געדענקען נישט אַזאַ תמוז-אָב. ביי אַלעמען אָפּגענומענע הענט, געלייטמטע פיס, שווערע טיקווע קעפּ. ס׳איז נישט צום לעבן. נאָר איין נחמה לויפט איבער דער שטוב אַ פאַרפאָרעטע. אַ מאָדנע פאָרגעפּיל טרייבט זי, לאָזט זי אַ רגע נישט רוען, אַ פאָרגעפּיל וואָס זאָגט צו יום-טוב, פרייד, אַ גרויסע בשורה.

יתרום צונעמען האָט נחמה: די צנועה, די פרומע, די כשרע, די שטילע די בריאה. ביי נחמהן אין שטוב איז דער הונגער אַ צנועותדיקער, זענען ליידן מיט ווערדע, געוויין אָן טרערן, דער קרעכץ אָן קול. דריי קינדערלעך האָט זי, אַלע דריי מיידעלעך. דאָס עלצטע צען יאָר, דאָס קלענסטע זעקס איין ־גליק וואָס

נישט פיר. נחמה האָט דווקא יאָ געוואָלט א פירטס, א ייִנגעלע, א קדיש. זענען שוין פאַרביי פינעף יאָר זינט זי איז נישט פאַרגאַנגען אין טראָגן. אַצינד באַטראַכט זי דאָס ווי א ברכה פון גאָט. ווייזט אויס ער האָט זיך אויף זיי דערבאַרעמט. רחמנות געקריגן מיט איר משפחה און נישט ארויפגעלייגט א נייע יאָרמע אויפן נאַקן, נישט געגרוזעוועט מיט נאָך זאָרגן. כאָטש... א קדיש, א ייִנגעלע, דער נאָמען זאָל בלייבן. פון דעסטוועגן האָט נחמה דעם כוח דאָס אויסצוטייטשן ווי א סימן אז סע וועט זיין בעסער, אז עקיבא, איר מאַן, וועט זיך צו עפּעס דערשלאָגן. באַלד איז מיטאָג-צייט און ער האָט זיך נאָך נישט אומגעקערט פון גאַס. ווייזט אויס אז היינט איז דער טאָג אין וועלכן עס איז זיי אָנגעשריבן אויפגעריכט צו ווערן, ווייזט אויס אז עפּעס איז אים געלונגען. עמעצער זאָגט איר אונטער אז עס איז אַזוי. אײַלט זי זיך אויסקערן די ערדענע פּאָדלאָגע, שפּריצט מיט קיל וואַסער פון א בלעכענעם עמוואָס פאַרזשאַווערטן פּושקעלע איין שורה אכטן און איינע דרייען, כאַפּט זיך אז אכט איז „ח" און דריי „ג" ווערן זיי ראשי תיבות פון חסד גדול. באַפאַלט זי צו ערשט א שרעק פאַר דער גרויסער אַנטדעקונג. פאַר דעם וואָס איר האַנט האָט אַזוי געפירט דאָס פּושקעלע, זוכט יענעם וואָס האָט געפירט איר האַנט אָן איר וויסן. דויערט די שרעק נישט מער ווי א רגע. עס איז גאָר א סימן אז אַזוי וועט זיין און אַלץ אין זכות פון עקיבא, איר מאַן. נעמט זי א טעפּל, שטעלט צו דעם אָקרעפּ אויף אָפּקאָכן א מאַמעליגע. א שכנה האָט איר געבאָרגט א פּאָר זשמעניעס פּאַפּשויען מעל. וואָס ווייסט מען ווי שווער עס איז צו קויפן א האַלב פונט פּאַפּשויען מעל. מע קוקט אויף דעם קונה ווי אויף דעם לעצטן פון די לעצטע. אין אַזאַ היץ מטריח זיין א מענטשן וועגן א האַלב פונט פּאַפּשויען-מעל. איז זי ארויס פון שטוב א פאַרשעמטע פון אַפריער. און דאָ האָט אָנגעהויבן דאָס מאָדנע פאַרגעפיל, ווייל ווי קיין מאָל נישט האָט זי דאָס מאָל די שכנה געפרעגט וואוהין זי לויפט אין אַזאַ היץ, זי אָפּגעראָטן פון גיין און געבאָרגט די פּאָר זשמעניעס מעל. נחמהן האָט ממש גערירט דער שכנהס גוטקייט. געוויינטלעך, שכנות וואָס ווילן נישט גלאַט אָפּזאָגן קלאָגן זיך אז סע סטייעט זיי אַליין נישט, אז זיי האָבן נישט וועמען צו שיקן אין געוועלבל, די שטוב קאָן מען אַליין נישט לאָזן, און דאָ אַזאַ גליק.

אויפן שמאָלן טאַפּטשאַנדל וואָס נעבן דער וואַנט — חוץ דער פּאָליצע וואָס לעננאַוים דער קעגנאיבערדיקער, דאָס איינציקע שטיק מעבל אין שטוב — זיצן שוואַכענקע, באַסלענקע די דריי מיידעלעך. זיי זענען שוין געוואַשענע און אָנגעטאָנענע. יעדע צווייטע נאַכט מוז נחמה וואַשן זייערע קליידעלעך, ווייל מער ווי איין און איינציקס האָבן זיי נישט. קינדער שפּילן — הלוואי וואָלטן

זי זיך מער געשפּילט, קלעקן אָבער נישט די כוחות, שוין צוויי חדשים א שטיקל ברויט אין מויל נישט גענומען, נאָר זשאַנדרע, נאָר שיטערע פּאָפּשויענע קאַשע און שפּילנדיק ווערן די קליידעלעך ברודיק. צו הונגער און נויט וואָלט נאָך פעלן ארומגיין אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן, שמוציק. וואָשט נחמה יעדע צווייטע נאַכט די קליידעלעך, לאַטעט און צערעוועט, אַזוי אַז זיי זאָלן אויסזען בעלי-הבתיש, די קינדער זאָלן נישט זיין אויף שפּאָט און חרפּה. א ריינע, ציכטיקע אָרעמקייט ביי נחמהן. אַלץ פינקלט. אָט נעמט זי דאָס ברעטל אויף וועלכן זי וועט באַלד איבערקערן די מאַמעליגע — די שכנה האָט נישט געקאַרגט, זי האָט געגעבן מעל מיטן גאַנצן הארץ — וועט די מאַמעליגע זיין א האַרטע, ווי ביי לייטן, וועט מען זי קאָנען איבערקערן אויפן ברעטל, שניידן מיט א פאָדעם. ריין און געל דאָס ברעטל ווי אן איי-געלעכל. אָבער עקיבאַ פאַרשפּעטיקט, ער פאַרזאַמט עפּעס צו פיל. ווען נישט דאָס פאַרגעפּיל אַז היינט איז יום-טוב אַז היינט מוז געשען א נס וואָלט שוין נחמה אָנגעהויבן איבערטראַכטן, זיך פרעגן וואָס סע האָט מיט אים געקאָנט געשען. אָבער אַזוי האָט זי געדולד, וואַרט זי מיט בטחון.

אין שטאָט איז קיוועלע א באַזונדערער פאַרשוין. דאָס באַזונדערקייט איז פון אָנהייב, כמעט פון געבוירן. אפשר ווייל קיינער געדענקט נישט זיין געבורט. דער פאָטער זיינער איז געווען א רענדאַר. געהאַלטן דאָ נישט ווייט אין א שכניש דאָרף א געוועלבל און א ביסעלע משקה פאַר אַזעלכע וואָס נייטיקן זיך. האָבן זיך אַזעלכע געפונען. עקיבאַ, אָדער קיוועלע איז געווען ביי אים א בן יחיד. מיט קיוועלען האָט זיך געעפנט און פאַרמאַכט דעם ווייבס טראַכט. האָבן איבו די עלטערן געהיט ווי אן אתרוג, ווי אן אבן-טוב, ווי א קמיעה. ווען ער איז אונטערגעוואַקסן, געוואָרן א זעקס אָדער זיבן יעריקער, האָבן די עלטערן באַשטעלט דריי מאָל אין וואָך א מלמד. קיוועלע האָט זיך ארויסגעוויזן א באַשאַנקענער: אויפן שטאַלטנעם קערפּערל האָט ער געטראָגן א קלאָר קעפּעלע. אין איינעם א מאָנטיק ווען דער מלמד איז געקומען אין דאָרף ווי דער שטייגער איז געווען, האָט ער קיוועלען נישט געפונען. ארום דעם געוועלבל איז געווען אָנגעזאַמלט דאָס גאַנצע דאָרף. פאַרטרוד האָט זיך געדרייט דער פּאָסט-שעף באַגלייט פון צוויי זשאַנדאַרן, אָט אין הויף, אָט אין גאָרטן זוכנדיק סלידעס. דאָס דאָרף איז זיי נאָכגעגאַנגען ממש געקלעפּט צו זייערע טריט. אָפּטרייבן האָט נישט געהאָלפן. אין פאָדערשטן צימער, אין דעם מיט עטלעכע ראַפּטן און א פּאָר טישלעך, זענען געלעגן אויף דער פּאָדלאָגע טויטע, קיוועלעס עלטערן. אין דער נאַכט פון זונטיק אויף מאָנטיק זענען גזלנים באַפאַלן די שטוב און געהרגעט

ביידע. די איבעראַשונג, די שרעק, דער גרויזאַם זענען געווען אַזוי גרויס אַז דער מלמד האָט פאַרגעסן צוליב וואָס ער איז געקומען. ער האָט געאײַלט צו־ריק אין שטאָט דערציילן וועגן אומגליק. אַז עס איז פאַראַן אַ יתום האָט מען זיך דערמאָנט בשעת דער לוויה ווען עמעצער האָט געפרעגט: ווער וועט זאָגן קדיש? איז אָבער דאָס קינד פאַרלוירן געוואָרן ווי אין וואַסער.

ווען די פויערים האָבן אַנטדעקט די טויטע און דאָס קינד אַ פאַרחלשטס, האָט מען קיוועלען אָפּגעפירט צו אַ שכן, ער זאָל נישט צוזען זײַנע עלטערנס מיט העק געשפּאָלטענע קעפּ. דער שכן, אַ פּאַסטוך, האָט אים מיטגענומען אין די בערג. אין וואַלד אויף באַרג־שפּיצן, צווישן שאָף און הינט וועט ער פאַר־געסן. אַזוי האָט פאַרשטאַנען דער פּאַסטוך. איז קיוועלע אָפּגעזעסן אין פּאַס־טוכס ערד־כאַלופּע אַ וואָך און אַ חודש, נישט געזען די שאָף, נישט געהערט דאָס האַווקען פון די הינט; דערגאַנגען צו אים איז דאָס גערויש פון די ביימער. דער פּאַסטוך האָט אים געפּראַוואָוט האָדעווען מיט אָפּגעמאָגערטן פרישן קעז, מיט זויער־מילך, מיט אין פּוטער געפּרעגלטן שאָפּס־קעז אונטערגעשלאָגן מיט אייער, האָט זיך אָבער דאָס ייִנגעלע נישט צוגערירט צום עסן. טאָג אויף טאָג איז קי־וועלעס פּנים געוואָרן בלאַסער און די אויגן גרעסער. קיוועלעס בליק האָט אָנ־געוואָרפן אַ מרה־שחורה, אפילו אויף די הינט. זיי פלעגן אים אויסמײַדן, זיך דרייען אַרום אים אין אַ גרויסן קרייז, זיך איבערשמועסן מיט אַ מין הינטיש קלאָג־כניקעלע. דער פּאַסטוך האָט נישט געוואוסט מיט וואָס ער וואָלט געקאָנט אָפּ־טאָן פון קינד דעם בייזן גייסט. האָט ער זיך אָן עצה געהאַלטן מיטן גלח פון דאָרף. דער גלח האָט געראָטן האָבן געדולד, ער האָט פאַרזיכערט דעם פּאַסטוך אַז דאָס ייִנגעלע וועט זיך סוף כּל סוף צוגעוואוינען, געטרייסט דערמיט וואָס פון דעם אַלעם וועט אַרויסקומען אַ זייער גרויסע מצוה, אַז צוליב דעם ייִנגעלע וועלן זיי ביידע געווינען עולם־הבא. אין וואָס די גרויסקייט פון דער מצוה באַ־שטייט האָט דער גלח נישט געזאָגט און דער פּאַסטוך האָט נישט געפרעגט. אפשר איז אין פּאַסטוכס נישט פרעגן געלעגן קיוועלעס גורל, אָדער קיוועלעס גורל האָט אָפּגענומען ביים פּאַסטוך דעם כּוח צו פרעגן. ווען ער זאָל געווען פרעגן, וואָלט אפשר פון קיוועלען געווען אויסגעוואַקסן אַ גליקלעכער פּאַסטוך מיט אײַנצי־קע אומרואיקע טעג, יענע אין וועלכע ער וואָלט זיך געוואָלט צוהערן צום גע־רויש פון געמוטשעטע ביימער. האָט אָבער דער פּאַסטוך נישט געפרעגט, דער גלח האָט נישט אויפגעקלערט און די צייט האָט פּאַמעלעך געקיטעוועט שפּאַרו־נעס און געבליאַקעוועט רויטע פלעקן. דאָס קינד האָט אָנגעהויבן עסן, זיך אָפּ־געבן מיט טרײַבן די שאָף, רופן צו הילף די הינט, קאָכן גרויסע מאַמעליגעס, וואַשן די מילך־פעסער, מעלקן אַ העלפט פון דער סטאַדע. אַזוי אַ יאָר, אַזוי

צוויי און נאָך מער. קיוועלע האָט אָנגעהויבן לאַכן. דער פּאַסטוך האָט זיך אי־בערצייגט אַז דער גלח איז געווען גערעכט, אַז צייט פאַרווישט אַלץ, און פאַר־ווישן פאַרווישט זי פּשוט, מיט זיך אַליין, מיט צייט.

אין אַ נאַכט זענען אָבער די סטאַדע באַפאַלן וועלף, אוועקגערויבט גאַנצע פינעף שעפּעלעך. פון פיר האָט מען קיין סליד נישט געפונען, דאָס פינפטע האָ־בן אָפּגעראַטעוועט די הינט אַ צעריסנס. די וועלף האָבן ארויסגעריסן איינס פון די הינטערשטע פיסלעך. בלוט האָט זיך געגאָסן, אַ שרעקלעך מעקען האָט זיך געקייקלט איבער באַרג־שפּיצן, ווידערקולות האָבן געהילכט אין שמאָלע טאָלן ביז דער פּאַסטוך האָט ארויסגעצויגן פון דער כאָליעווע אַ מעסער, איבערגע־שניטן דעם שעפּעלעס גערגעלע, ווידער געלאָזט הערשן שלום איבער די בערג. אַ שלום וואָס האָט אַ לאַנגע צייט נישט מער געהערט קיוועלעס קינדיש געלעכטער.

יעדעס יאָר קייטלען זיך אַנדערע סטעזשקעלעך אין צלאַל טולגעשערס וועג, ווען ער איז עולה־רגל צום רבין. ס׳איז אַ וועג פון תשובה און דערהויבנקייט. די תשובה שעפּט ער פון הימל און גיסט זי אין די אייגענע אָדערן; פון גאָטס וועלטלס שיינקייט שעפּט ער דערהויבנקייט און גיסט זי אין הימלען. איבערנעכ־טיקן ערגעץ נעבן אַ פּאַסטוך־כאַלופּע, איינגעהילט אין שאָפּענעם פעלץ איז פאַר צלאַלן אַ באַזונדערער תענוג. אויף באַרג־שפּיצן לייטערן שטערן די גע־דאַנקען. דאָס מעקען פון אין שלאָף דערשראָקענע לעמעלעך פירט אויף דרכים פון ריינסטער תפילה. דאָס מאָל האָט זיין וועג געפירט נישט ווייט פון קיווע־לעס סטאַדע. דאָרט האָט אים באַגעגנט דער בין־השמשות פאַרלענגערנדיק זיין שאָטן כמעט ביז צום באַרג־שפּיץ. צלאַל האָט געזונגען: שיר למעלות — מיין געזאַנג צו די הייכקייטן, אשא עיני אל ההרים — איך טו טאָן אויפהייבן מיינע זינדיקע בליקן, רבונו של עולם, צו די בערג, מאין יבוא עזרי — פון אָט די הייכן מוז קומען מיין הילף, אַ תיקון פאַר מיין אין ראַנגלעניש צוליב פּרנסה פאַרגרעבטער נשמה. דער וועג צום רבין איז געוואָרן לייכטער, דערקוויקנדיקער, פון דער ווייטן האָט זיך דערטראָגן אַ גערוך פון ברענענדיקע סאָסנע־קלעצער און דאָס געביל פון הינט. נישט ווייט איז אַ סטינע, די שאָף זענען שוין הינ־טער דעם פּאַרקן, די הינט זאָגן אָן אַז שומרים זענען אויף דער וואַך, דער פּאַסטוך האָט אויפגעבלאָזן דאָס פייער, גרייט וועטשערע. צלאַל האָט זיך אַ רגע אָפּגעשטעלט. אַ קוק געטאָן אין טאָל, אים דערזען אַ פאַרזונקענעם אין טונקל און באַשטימט אַז עס איז צייט דאַווענען מעריב. געשטאַנען שמונה־עשרה מיטן פּנים געווענדעט צו מזרח. ווען ער האָט אָפּגעטרעטן דריי שפּאַן אויף צוריק,

זיך א נייג געטאָן רעכטס און לינקס, זיך אָפּגעזעגנט פון טאָג און א לייכטן שפּיי געטאָן אויף בייזע חלומות, האָט ער דערהערט א קינדיש געלעכטער, און נישט געוואוסט פון וואנען סע קומט. קודם איז צו אים דערגאנגען דאָס ווי־דערקול פון מזרח, נאָך דעם דאָס פון מערב און ווען אים האָט זיך געדאכט אז ער האָט עס דערטאפּט, אז ער ווייסט וואו סע געפינט זיך דער קוואל פון זיל־בער-געלעכטער האָבן זיך באגעגנט איבער זיין קאָפּ דאָס צפונדיקע ווידערקול מיטן דרומדיקן, צוזאמענגעפּראלט מיט א דרינגדש און צוואוויסן געטון אז כאָטש א קינדיש, כאָטש א געלעכטערל וועלכן מען איז אלץ מוחל, איז עס דאָך נישט קיין גאנץ, עפּעס פעלט, עפּעס האָט מען ביי דעם צו פרי אוועק־גערויבט. צלאל האָט זיך פאמעלעך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו מערב, פאר אים איז געשטאנען קיוועלע. א לעצטער שטראל איז געפאלן אין קינדישע אויגן אנטפּלעקנדיק צלאלן א באקאנטע שרעק — די שרעק פון קליינעם שטערנדל וואָס באגלייט די לבנה. איבערנעכטיקן איז צלאל געבליבן נישט ווייט פון דער כאלופּע. אויסגעשפּרייט נעבן פייער א העלפט שאָפּפּעלץ, זיך צוגעלייגט, גע־הילט אין דער צווייטער העלפט דעם מידן קערפּער, געמאכט פון קולאק א קי־שעלע, אָפּגעזאָגט אין געדאנק קריאת-שמע, אָבער דער שלאָף האָט נישט גענידערט איבער זיינע אויגן לעפּלעך.

קיוועלע איז די גאנצע נאכט געזעסן לעבן דעם מאָדנעם גאסט. ווען דער פאסטוך זאָל זיך געוועזן צוקוקן וואָלט ער געוועזן געזען אז לעבן טליענדיקן פריסיק וואשט דער גאסט בלוט מיט בלוט, פרישס מיט פארגליווערטס, רויטס מיט פון צייט פארשווארצטס, אז ער וואשט אָן שנאה, אָן געדאנקען צו נקמה, אָן יאוש, אָן פארצווייפלונג, נישט מער ווי עטוואָס מיד פון א דורות-לאנגן טו־עכץ. ער וואָלט אפשר געוועזן געזען אז אין קיוועלען וואכט אויף אן אלטער אומרו. סע וואָלט אים אפשר געוועזן פארדראָסן וואָס דער פרעמדער וועקט גרויל און סע וואָלט געוועזן זיין א טעות. צלאל האָט געוועקט נישט מער ווי אן אומ־קלאָרע טיף איינגעוואָרצלטע בענקשאפט נאָך אלטע טרוקענע אותיות וועלכע די מאמע פלעגט צוגעבן א באזונדערן טעם באשמירנדיק מיט פאָווידל און האָ־ניק. האָט זיך אָבער דער פאסטוך נישט צוגעקוקט, ער איז געשלאָפן א טיפן שלאָף, אים איז דער שמועס נישט אָנגעגאנגען. ער האָט א טראכט געטאָן: זע נאָר, דער ייִנג פארברענגט מיט דעם מאָדנעם גאסט! זאָל ער פארברענגען, און נאָך טיפער איינגעשלאָפן.

קאיאָר, ווען צלאל האָט זיך געגרייט אין וועג ארייַן האָט דער פאסטוך מס־כים געוועזן, אפילו צוגערעדט קיוועלען, ער זאָל אונטערפירן, ווייזן דעם פאר־בלאָנדזשעטן גאסט, דעם נאָענטסטן וועג אין שטאָט אריין. אזוי איז קיוועלע

אָנגעקומען אין ישיבה, זיך דערוואוסט וואו סע געפינען זיך זיינע עלטערנס קב-
ריב און באקומען א שם פון אן עילוי. א טשיקאווע פארטראכטער עילוי.

בער זאנוול איז א ייד א נגיד און ווי סע פאסט א פיאטרא-נעאמצער נגיד
א גרויסער עם הארץ. כל זמן סע שפילט אין די געשעפטן איז עם-הארצות
קיין פעלער. א כלל אזא ביי מאָלדעווישע און וואָלעכישע יידן. צוליב דעם אמת
וואָלט געווען א יושר צוצוגעבן אז אויך ביי אנדערע, אָבער דאָ שטאמט דער
כלל נאָך אָדער נאָר פון פאָריקן יאָרהונדערט, פון יענער צייט ווען אין לאנד
האָט געברענט דאָס גרויסע מחלוקת צווישן אָרטאָדאָקסישע יידן און וואָס
האָבן געוואָלט ווערן רומענער פון משה'ס גלויבן, געבויט צוליב דעם א שיל
מיט א קלויסטער-קאָלפעק, וועלכער זיי האָבן א נאָמען געגעבן טעמפל, אוועק-
געשטעלט אין מזרח אן אָרגל, געבראכט משוררים מיידלעך, געקירצט די טלי-
תים ביז דער ברייט פון א דלאָניע, אויסגעלאָזט האָט זיך דערפון — הויך
מסירות און קללות — דער אָרטאָדאָקסישער ברען נאָך תורה זאָל זיך אויסלעשן
פון אָנהייב, די „אויפגעקלערטע" זאָלן זיך מאדזגען אין א בערבדיקן משה-
גלויבן, אויף ביידע — סיי אויף די אָרטאָדאָקסן, סיי אויף די אויפגעקלערטע — זאָל
אָנוואקסן א גראָבער שיכט עם-הארצישער זשאווער, וועלכן ווייטערדיקע דו-
רות וועלן נישט מער ווי פארשעלטן און בלייבן זאָל א פון קיינעם נישט גע-
לייקנטער דער אויבן דערמאָנטער כלל. אזוי אז בער זאנוול האָט אין שיל א
שטאָט אין מזרח און אויפרופן רופט מען אים אויף צו שישי. ווען בער זאנ-
וול בענטשט דעם וואָס האָט געגעבן די תורה, טוען איי‏ניקע אויף די הינטערשטע
בענק — ווייניקע, אזוי פיל וויפל סע געפינען זיך אין שיל פארשטייערס —
פילדייטיק שמייכלען. ס'איז זיי מאָדנע בער זאנוולס לויב און דאנק פאר א
תורה וואָס ער דארף נישט זייער נייטיק האָבן. אויף דער גאס און אין שטיב-
לעך מיט ערדענע פאָדלאָגעס דערגייען די ווינטשן אויפן חשבון פון בער זאנ-
וולען נישט זעלטן ביז „א מיתה משונה זאָל ער איינגעמען". דאָס איז צוליב
די גרויסע פראָצענטן וואָס ער נעמט פאר בידנע הלוואות, צוליב דעם אָפטן אויס-
פארקויף פון לעצטן ברעטל ווען מע באצאָלט נישט דעם חוב צו דער בא-
שטימטער צייט. די קללות בארירן נישט בער זאנוולען, ער ווייסט אז פון קללות
ווערט מען נישט בדלות, און אז פון מענטשן אין גויט דארף מען אויף ברכות
נישט וואָרטן.

צווישן בער זאנוולס טעכטער איז אויך איינע נחמה. געשעט סע זאָל פאר-
בייפאָרן א מחנה וואנדער-ציגיינער און נחמה, נאָך א מיידעלע, זאָל אין דעם
זעלבן טאָג פארשווינדן. דריי טעג האָט מען געיאָגט ביז מע האָט אָנגעיאָגט די

ציגיינער, געזוכט אין זייערע פּאַרוויכערטע ביידלעך, געפונען דאָס מיידעלע, געבראַכט אהיים, און מזל טוב, און גומל בענטשן...

א צייט איז פאַרביי און גאָרנישט. אַלץ איז דאַכט זיך ווי סע באַדאַרף צו זיין. דאָס מיידעלע וואַקסט און ווייטער א שיינס. אונטערגעוואַקסן ווייזט זיך אַרויס אז סע גאָרנישט אזוי ווי סע באַדאַרף צו זיין. עפּעס איז דאָס קינד צו פיל פאַרטראַכט, פאַרבענקט נאָך ווער ווייסט וואָס. א צייט ווערט איר אַלץ אי־בעריק, גאָרנישטן ווארפן אָן א שרעק. האָט מען גערופן דאָקטוירים, האָבן זיי געשריבן רעצעפּטן. די רעצעפּטן האָבן נישט געהאָלפן און די דאָקטוירים האָבן געראָטן פאָרן מיט איר אין שטילערע ערטער, גלייך אין פּיאַטרא־נעאַמץ וואָלט זיין א שטענדיקער רעש. כאָטש אזוי האָט מען געפאָלגט. שפּעטער האָבן זיי געראָטן פאָרן אין גרויסע שטעט... האָט מען גערופן אָפּשפּרעכערינס וועלכע האָבן געלאָשן קוילן, געבראַכט נישט באַרירט וואַסער, געקאָכט דערמיט פאַר־שידענע קרייטעכצער און געגעבן טרינקען אויפן ניכטערן מאָגן; האָט מען גע־רופן כישופמאַכערינס וועלכע האָבן געגאָסן צין אין בליי. יאָרן זענען אויפן פלאַץ נישט געשטאַנען, נחמהלעס געזונט און צוקונפט זענען געוואָרן פאַר דער משפּחה א קאָשמאַר, ווייל ווי לאַנג קאָן מען האַלטן א מיידל און דערצו נאָך א שיינס אין א באַזונדער צימער. הייגט דאָס גערעדעריי וואָס שלעפּט זיך איבער דער שטאָט. קלעפּט קרעציק צו פענצטער און לאָדנס, אייטערט די לופט. אזוי ביז בער זאַנוול האָט זיך גערעשעט און אריינגעפאָרן צום רבין בעטן אויף א רפואה.

שוועד איז אָנגעקומען בער זאַנוולען דאָס פאָרן. עס האָט אים געשראָקן דער געדאַנק אז דער רבי קאָן פרעגן וועגן זיינע געשעפטן און נישט אזוי וועגן די געשעפטן אין אַלגעמיין ווי וועגן די וואָס האָבן א שייכות מיט פאַרלוירנ־געגאַנגענע נדנס, מיט אַלמנות וואָס זענען געבליבן אָן ירושה. דער רבי האָט נישט געפרעגט. ער האָט נישט מער ווי געראָטן געפינען דעם מיידל א חתן. גוט וואָלט געווען א ישיבה־בחור. צוגעזאָגט אז ביי קיוועלען וועט זי האָבן א רואיק לעבן, אז נעבן אים וועט זי ווידער ווערן א מענטש ווי אַלע מענטשן און דערצו א פרום און כשר יידיש קינד. בער זאַנוולען איז נישט אזוי געגאַנ־גען אין כשרות און פרומקייט ווי אין זען זיין טאָכטער א געזונטע און אָראָפּ־פּטערן אָן עול פון קאָפּ. געהאַפּט האָט ער אויך אז האַלטנדיק דעם ישיבה־בחור לעבן זיך וועט ער פון אים יאַקאָס מאַכן א סוחר, א לייט מיט לייטן גלייך. אוודאי איז שיין צו האָבן אָן איידעם א געלערנטן, אָבער וועד דאַרף עס א כלאָווניק?

אזוי איז קיוועלע אָנגעקומען אין דער שטאָט פּיאטרא-נעאַמץ אלס בער זאנוולס איידעם. קיינער קאָן נישט וויסן ווי אזוי און פאר וואָס עס איז געשען אז נחמה זאָל זיך פארליבן אין איר מאַן. אָפּגעטאָן געוואָרן פון איר דער צי-גיינערישער כישוף. אפשר האָט זי אין קיוועלעס שווארצע אויגן דערקענט עפּעס ענלעכעס צו דעם וואָס זי האָט געזען אין יענע דריי טעג וועלכע זי האָט פארבראכט מיט די וואנדערנדיקע ציגיינער. אָן ענטפּער דערויף האָט קיינער נישט געפונען אָדער אפילו נישט געזוכט. פּיאטרא-נעאמצער יידן האָבן געהאט גע-נוג זאָרגן אויף נישט צו גיין זוכן אָן ענטפער אויף דעם וואָס געשעט ביי בער זאנוולען אין גאָרטן. מ'האָט געוואוסט אז רחמנות אויף אים דארף מען נישט האָבן, ער גיט זיך אליין אַן עצה. באמערקט אז נחמה האָט אויפגעבליט האָט מען א צייט נאָך דעם וואָס זי האָט געבוירן דאָס ערשטע מיידעלע. און עס איז געווען ניחא. ווייל וואָס קאָן פעלן בער זאנוולס טאָכטער ביי איר טאַטן אין שטוב. קיינעם האָט נישט געוואונדערט נחמהס קינדלעך און קיוועלעס פארברענגען אין דער אלטער שיל איבער כל-ערליי ספרים. איז אָבער אונטערגעקומען די מלחמה. בער זאנוולס געשעפטן האָבן געוואקסן ווי אויף הייוון. די אנדערע איי-דעמס און טעכטער זענען געלאָפן אין איינעם מיט בער זאנוולס יאַגנדיקע גע-שעפטן, נאָר איין קיוועלע איז ווייטער געזעסן גאנצע טעג אין דער אלטער שיל גלייך מיט אים האָט דאָס אלעס נישט צו טאָן.

בער זאנוול האָט נישט געקענט פארשטיין וואָס סע געשעט. א צייט האָט ער געהאָפט נחמה וועט אים איבעראנדערשן. זי איז געוואקסן ביי אים אין שטוב, זאָל זיין אנדערש ווי די איבעריקע, אָבער ווייסן ווי אזוי ער איז שטענדיק פארטאָן ביז איבערן קאָפּ מיט פּרנסה, לכל הפחות דאָס ווייסט זי, וועט זי א טרייסל טאָן איר קיוועלע. האָט אָבער נחמה פארבראכט די צייט מיט פארזאָר-גן איר מאַן מיט די קינדער מיט אלעם נייטיקן טאקע פון בער זאנוולס גע-שעפטן, גלייך אזוי דארף זיין. אלע דארפן האָרעווען, אלעמען דארף דאַרן דער קאָפּ, נאָר איר קיוועלע דארף זיצן גאנצע טעג איבער ספרים און לערנען. בער זאנוולען איז עס אויסגעקומען אויסטערליש. וואָלט קיוועלע זיין א רב אָדער א דיין, האָט מען קיין ברירה. דאָס איז זיין פּרנסה און אז סע קלעקט נישט מוז א טאטע ארויסהעלפן. אָבער אזוי, זיצן אין שיל אָן א שום פארוואָס! בלייבן ביים שווער אויף קעסט נאָך דעם וואָס דאָס ווייב האָט שוין אָנגעקינדלט דריי קינדערלעך און אלע מיידעלעך? וואו נאָך איז דאָס געהערט געוואָרן? ווי אזוי קאָן דאָס א מענטש צולאָזן? האָט בער זאנוול געפּרואווט דערמאָנען אז חלה וואקסט נישט אויפן טיש, אויפמערקזאם מאכן אז אויפן וועג צו דער אלטער שיל וואוינען געגנוג בעלי-חובות צו וועלכע מע וואָלט זיך געקאָנט ארייַנבאַפּן

זאָגן אז עס איז צייט, אז אויב נישט היינט קאָן מען ווערן אָן אָנזעצער. בער זאנוול האָט נישט מוותר געווען. אָפּט צוגעשטאנען, נישט געלאָזט פארגעסן דאָס מיט דער חלה בעת דעם וואשן די הענט צום עסן, בשעת זיך א שפּיל טאָן מיט די קינדער...

אין נחמהס ליבע בליקן מיט וועלכע זי האָט אויפגענומען און באגלייט איר מאן האָט זיך אריינגעפּלאָכטן א שטראל טרויער און באליידיקונג. זי האָט זיך געפילט באליידיקט פון איר טאטן וועלכער קאָן נישט פארשטיין איר קיוועלען. בער זאנוול איז אָבער נישט מיד געוואָרן נארייען דעם איידעם פארשידענע טו-עכצן, געבן אָנצוהערן אז תנאים האָבן נישט געוואוסט פון גלאסטערס (קיווע-לען האָט געחידושט בער זאנוולס בקיאות אין לעבנס שטייגער פון די תנאים), אז פינעף קעלבלעך וואָס שווייגן מוזן אויך פון צייט צו צייט עפּעס מעלהגרהן, אזוי ביז דעם טאָג ווען קיוועלע איז פארשוואונדן פון שטוב.

בער זאנוול האָט געוואָרט דריי טעג, געשיקט עמעצן אין ישיבה פון וואָ-נען ער האָט אראָפּגעבראכט דעם תכשיט געמיינט ער האָט זיך פארבענקט נאָכן רבין. א נעכטיקער טאָג. קיינער האָט דאָרט קיוועלען נישט געזען. האָט ער גע-פרעגט די טאָכטער. נחמה האָט געענטפערט געלאסן: נישקשה טאטע, זאָרג נישט ער איז נישט פארפאלן געוואָרן, עקיבא איז נישט א שפּילקע-קעפּל. בער זאנ-וול האָט געמיינט אז זיין טאָכטער ליידט, אז איר ענטפער איז אזעלכער ווייל עס איז זיין טאָכטער, א נישט-בייגעוודיקע. האָט ער געוואָרט נאָך צוויי טעג מיט א וואָך. אין דער צייט זיך דערוואוסט אז קיוועלע איז גאָר ערגעץ אין די וועל-דער, פארשטאנען אז נחמהס ענטפערס זענען נישט געווענדעט קעגן מאן, נאָר גאָר קעגן אים, קעגן איר אייגענעם פאָטער, זי האלט גאָר אז איר קיוועלע איז גערעכט. אזא אופן האָט ער נישט געקאָנט איבערטראָגן, זיין טאָכטער זאָל אים פאררעאָטן איז געווען איבער דער מאָס, אזוי אז ער האָט באשטימט זי בא-שטראָפן. האָט ער גערינגען א כאטקעלע נישט ווייט פון טייכל וואָס באגלייט די אָרעמקייט פון פּיאטרא-נעאמצער הינטערגעסלעך — דאָס זעלבע אין וועלכן נח-מה באשפּריצט אצינד די ערדענע פּאָדלאָגע אויף קילן די לופט און כדי דער שטויב זאָל זיך לייגן.

דעם שווערס נארייעכצן האָבן אין עקיבאן געוועקט דעם געדאנק אז צו עפּעס כוז מען זיך נעמען, אז ווייב און קינדער מוז מען האָדעווען מיט אייגע-נעם שווייס. זוכנדיק וואָס ער וואָלט געקאָנט טאָן איז אים עפּעס אנדערש נישט איינגעפאלן ווי נאָר דער פּאסטוך ביי וועלכן ער האָט פארבראכט גאנצע דריי יאָר. ער האָט אָבער פארשטאנען אז קומען אויפן דאָרף נאָך אזא לאנגער צייט

האָט קיין זין נישט. ער וועט דאָרט זיין א ווילד-פּרעמדער, א טשיקאַווע באַ-שעפעניש פאַר אַזעלכע טועכצן. זיין אויסזען — באָרד און פאות, א קאַפּאָטע זאָל זיין א דרייפירטלדיקע אָבער דאָך א קאַפּאָטע — זענען נישט צום פּאסטו-כן און נישט צום אַקערן. ניין, האָט ער באַשטימט, דאָס איז אויף קיין פאַל נישט מעגלעך: צו עפּעס מוז מען זיך אָבער דאָך נעמען, און דעם שווערס גע-שעפטן זענען אים פרעמד און דערווידער.

צו בער זאַנוועלן פלעגט אָפּט אַריינקומען בוטנארו, דער וואַלד-פאַכטער. א פלייִשיקער גוטמוטיקער גוי, האָט ער ליב געהאַט א שמועס טאָן מיט בער זאַנ-וולס געלערנטן איידעם. אים האָט זיך געוואָלט וויסן צי זאָגט, און אויב ער זאָגט, וואָס זאָגט דער „תלמוד" וועגן דער לעצטער מלחמה; מיט וואָס באַרעכ-טיקט גאָט דאָס ווילדע אָנרייצן פעלקער איינס אויפן צווייטן ווען זיי, די פעל-קער, האָבן דערפון גאָרנישט חוץ צרות און נויט. סע זענען געווען די לעצטע מלחמה-חדשים און אפילו מענטשן ווי בוטנארו זענען מיד געוואָרן פון געשלעג כאָטש זיי האָבן זיך מיט קיינעם נישט געשלאָגן און דערצו נישט דערלייגט. בוטנארון האָבן געפעלן קיוועלעס ענטפערס צוליב זייער אָפנהאַרציקייט, צו-ליב זייער פשטות און שכל-הישרדיקייט. עס האָט אים געפעלן דער עטוואָס טונקלהויטיקער ייד, זיין קלאָרער בליק. איין מאָל, רעדנדיק וועגן גאַנג פון די אַרבעטן אין וואַלד האָט זיך בוטנארו געקלאָגט איבער דעם מאַנגל אין מענטשן צום אויסהאַקן די ביימער, צום איבערקערן דאָס וואַלד, און אַגב אורחה א זאָג געטאָן: הער קיווא, אפשר וואָלט איר קומען אויף א פּאָר טעג אין וואַלד? אי-בערקערן א פּופּציקיעריקן בוים וואָלט פאַר אייך זיין א שפּילעכל. עקיבא האָט צוגעזאָגט קומען. דעמלט האָט עס געהערט צום שמועס, צום טאָג-טעגלעכן ווער-טל. שפּעטער האָט אים דער געדאַנק געפעלן. לעבן דאָך אַזוי פיל מענטשן פון האַקן וועלדער. נחמה האָט נישט געזאָגט ניין. פאַרקערט. זי האָט געהאַלטן אַז אין וואַלד וועט זיך עקיבא פילן היימישער, פרייער ווי ביי איר טאַטן אין שטוב וואו סע האָט געדושעט פון עם-הארצישע שטעך-ווערטער.

ווען עקיבא איז געקומען אָנבאָטן זיין אַרבעט האָט עס בוטנארו אָנגענומען ווי א קאַפּריז פון א נגידס אַן איידעם. אַזא עקספּערימענט האָט אים אפילו גע-שמייכלט. קיוועלעס אינטערעס וועגן פאַרדינסט האָט אים נישט געוואונדערט: אַזא איז ער דער נייער דור. אַלץ מוז ער וויסן און דערצו זאָרגט ער פאַר דער וועלטס גורל. א מאָדע אַזא וואָס האָט פאַרכאַפּט לערערס און אפילו יונגע גלחים.

כאָטש עקיבא האָט אויסגעטאָן דאָס דרייפירטל קאַפּטנדל, פאַרקאַטשעט די אַרבל פון העמד ביז איבער די עלנבויגנס איז אים אין א לאַנגן זומער טאָג נישט געלונגען אויסצוקאָרטשען אפילו נישט איין פּניאָק. אָפּגעוועזן צווישן די

וואלד-ארבעטער איז ער א חודש. פארשטאנען אז אויסהאלטן דערמיט זיין
הויזגעזינד איז פאר אים נישט מעגלעך איז ער אוועק זוכן עפעס אנדערש.
אָפּגעשפּאָרט פון דעם חודש האָט ער א מזמור, א מין אנטי-תהילים ליד. גע-
בליבן זענען פון זיין פסאלם נישט מער ווי פיר פערזן. פארגלייכנדיק זיין לויב
מיט הויכעביימער, מיט שוואכענקע גרעזעלעך, בלימלדיקע שאָטנס גליווערעמ-
לעך, און רירעוודיקע שטעכלערס האָט ער יעדעס מאָל געקירצט דאָס געזאנג
ביז סע זענען געבליבן נישט מער ווי פיר: דאָס וואָרט איז שוין געזאָגט גע-
וואָרן, ניגונים פולן אוים דעם חלל, געבליבן פאר מיין הלל זענען, טרער און
וויי און פארכאפּטער אָטעם. נחמה האָט אָנגעקוואָלן פון איר עקיבאס פסאלם,
איבערהויפּט פון לעצטן פערז. ער איז כמעט ציגיינעריש, האָט זיך איר געדאכט,
און ציגיינעריש איז פאר איר נאָך אלץ געווען די העכסטע מדרגה פון געזאנג.

פארלאָזט די וואלד-העקער איז קיוועלע אוועק צו די טראָטווע-טרייבער.
מיט זיי אָפּגעוועזן דעם גאנצן זומער. זיך געלאָזט מיט דער טראָטווע איבער
דער ביסטריצע קאיאָר און זי פאראנקערט נאָך זון אונטערגאנג. זיך באקאנט
מיט יעדן בויג פון טייך, געוואוסט פינקטלעך וואו ער מאכט א גרויסן בויגן און
וואו ער פארקערעוועט שארף, וואו סע לויערט די געפאר דער טייך זאָל ארויס-
ווארפן אויף א פלאטשיקן ברעג און וואו מע מוז רודערן מיט אלע כוחות, צווינ-
גען די טראָטווע אויף יענעם שטראָם וואָס היט זי פון פראלן קעגן פעלדז,
אָדער צעדרויבלט ווערן פון א באהאלטענער סקאלע. געהאט זיינע אייגענע סימ-
נים וועלכע ער האָט ליב באקומען. ביי נאכט ווען די געהילפן זענען געשלאָפן
צעוואָרפענע נעבן בארג טליענדיקע קוילן, פלעגט ער וואכן, קוקן א באצויבער-
טער אין פייער-בארג, צו די בלאָלעכע פלעמעלעך, זען זיין בייטאָגעדיקן וועג
א רויטן, אן אָנגעגליעטן. געלייטערטע אין פייער האָבן די סימנים באקומען א
באזונדערן זין און ער האָט נישט געקאָנט געפינען אן ענטפער אויף דער פרא-
גע פאר וואָס פון אלעם וואָס פאראן אין לאנגן וועג האָט ער אויסגעקליבן
דווקא א פון זאווערוכעס פארשווארצטן שטיין אָדער א פון ווינטן געקרומטן
און פון זון געקאָרטשעטן בוים. אין א זוניקן אָסיען טאָג, ווען די ברעגעס האָבן
זיך געהילט אין מיט טיפן ערנסט געלאָדענע פארבן, א חודש פאר דעם וואָס
טרייבן טראָטוועס ווערט אָפּגעלייגט אויף פרילינג, ארויספירנדיק די ספלאווע
פון אן ענגן בארגשפּאלט און דערזעענדיק דאָס וואסער א צעפּלייצטס איבער
פעלדער איז אים איינגעפאלן: אָנהייב פליסט צו אָנהייב דורך סוף. דעם, נאָך
א זומער טרייבן טראָטוועס אויף דער ביסטריצע אָפּגעשפּאָרטן געדאנק האָט
ער געהאלטן אין זיך ווי אן אבן-טוב. עקיבא האָט נישט געוואוסט אז דער זעל-

ביקער גערדאנק איז ארויסגעזאָגט געוואָרן מיט צוויי און א האלב טויזנט יאָר פריער, אז ער איז פארשריבן אין מיליאָנען ביכער און קיינער — חוץ מאָדנע כלאָוונים מיט קאפטנס און יאַרמלקעס אָדער כאלאטן און קאָלפּעקעס, אלע אומבאהאָלפענע — וויל זיך איבער דעם געדאנק נישט פארטראכטן.

דאָס לעצטע פלאץ וואו ער האָט געפּרואווט פארשאפן חיונה, דאָס נויטיקע אויף האָדעווען פינעף מיילער, איז געווען די בוינע. אן ארבעט וואָס איז אים געווען דערווידער, וואָס האָט צוגעגעסן פון ערשטן טאָג. נישט האָבנדיק קיין ברירה איז ער דאָרט געבליבן דעם גאנצן ווינטער. יעדעס מאָל ווען ער האָט געזען די קצבים און העקערס שניידן העלדזער מיט פארבלוטיקטע הענט האָט ער דערפילט א שוואכקייט, דער מאָגן איז אים געקראָכן אין גאָרגל. ער וואָלט אפשר געווען אנטלאָפן האָט ער קיין כוח נישט געהאט, ער האָט זיך קוים גע-האלטן אויף די פיס. דער ריח פון בלוט איז צו אים נישט דערגאנגען ווייל דער ווינטער איז געווען א פראָסטיקער — געפרוירן דעם גערוך צוזאמען מיטן בלוט. אפשר כדי צו שאנעווען קיוועלען. ווען די פרעסט האָבן נאָכגעלאָזט, די צייט האָט זיך אָנגעהויבן דערוואַרעמען זענען נישט פארביי דריי טעג און שוין האָט מען קיוועלען געבראכט אהיים א פארחלשטן. פון דעמלט — זינגט עס איז אין אים דערוועקט געוואָרן דער אלטער דערווידער — קאָן קיוועלע נישט ליידן פארבן וואָס דערמאָנען אין בלוט.

אראָפּגעמענדיק דאָס מאמעליגע-ברעטל פון דער פּאָליצע האָט נחמה באַ-מערקט דערויף א פלעק, געטראכט אז באלד דארף קומען עקיבא, האָט זי מק-ריב געווען א זשמענקעלע פּאָפּשויען מעל, דערמיט פונסניי געריבן דאָס ברעטל. עפּעס האָט איר איינגערוימט אז ער איז שוין אין וועג, אז באלד וועט ער קו-מען מיט דער בשורה וואָס וועט בארעכטיקן איר היינטיק פאַרגעפיל וועגן דער גרויסער פרייד וואָס גרייט זיך אריבערטרעטן זייער שוועל. האָט זי אויף גיך גע-קאָכט די מאמעליגע, איבערגעקערט אויפן ברעטל און געוואַרט קוקנדיק מיט ליבע, האָפענונג און רחמנות אויף אירע דריי מיידעלעך.

ס'האָט לאנג נישט געדויערט און עקיבא האָט זיך באוויזן. אזעלכן האָט זי אים נאָך נישט געזען. פייערלעכקייט האָט געשפּארט פון זיין גאנץ אויסזען. די באוועגונגען ברייטע מיט פארנעם, כמעט מלכותדיקע. דער בליק האָט גע-הילט די משפחה מיט זיכערקייט, בטחון און צוטרוי. „דער זיידע אייערער, האָט ער געזאָגט מיט א ניי קול, מיין שוועגער, דיין טאטע נחמהלע האָט אויך אזוי געוואָלט. דאָס ערשטע מאָל אויב נישט דאָס איינציקע, דאכט מיר, וואָס אונדזערעביידנס געדאנקען זענען איינער. זעצט אייך קינדערלעך אָט דאָ...”

ער האָט אוועקגעזעצט די קינדער אויף דער לײמענער פּאָדלאָגע, געפירט נחמהן ווי צו כלה באזעצן, איר אָפּגעגעבן דאָס בכבודיקסטע פּלאַץ, זי אונטער־געהאלטן מיט דער לינקער האנט און מיט דער רעכטער א צי געטאָן פון בו־זעם קעשענע דעם גלאַנץ פון בליץ...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

די צייטונג שרייבט וועגן דער גרויזאמער טראגעדיע וואָס איז געשען אין א זומער טאָג פון נײַנצנטן יאָר אין פּיאטרא־נעאמץ. איינער קיווא האָט גע־שאָכטן דאָס ווייב, די דריי קינדערלעך, אלע מיידעלעך, דאָס עלטסטע צען, דאָס קלענסטע זעקס יאָר. נאָך דעם האָט ער זיך אליין איבערגעשניטן דעם גאָרגל. מע זאָגט ער איז געווען נערוון־קראנק. זיך געפינענדיק אין א שווערער עקאָ־נאָמישער לאגע האָט ער זיך געווענדעט נאָך הילף צו א באקאנטן אָדער צו א נאָענטן און יענער האָט אים אָפּגעזאָגט.

די וואָס האָבן די ערשטע געעפנט די טיר זענען געבליבן דערשטוינט פון דער ריינקייט וואָס האָט געהערשט אין אָרעמען שטיבל, פון דער זויבערקייט פון דנאָ אויף וועלכן ס'איז געליגן א נישט בארירטע מאמעליגע און נאָך מער פון דער לייכטער פּארע וואָס האָט איבער איר געדייעט.

ווען נחמה זאָל געווען בלייבן לעבן וואָלט זי געווען פארשאָלטן דעם איי־גענעם טאטן, דעם עם־הארץ, פאר זיין הארטקייט און שנאה צו איר געלערנטן מאן. זי וואָלט דאָס געטאָן מיט אומרעכט. ביטול לגבי חלום איז א געוויינט־לעכער צוגאנג נישט נאָר פון עמי־הארצים און נישט נאָר אין די קאַנטן.

— א שרעקלעכע געשעעניש. וואָס האָט באוואויגן דעם זיידן זי אזוי פיל מאָל צו לייענען?

— פון וואנען איז געדרינגען אז אזוי פיל מאָל?

— פון די בלעטלעך שלאָגט דער ריח פון זיינע פינגער.

— ווייזט אוים די קרובהשאפט.

— קרובהשאפט?! מיין טאָכטערס וואונדער איז גרוים ביז גאָר. אויב קרו־בהשאפט באקומט עס דאָך אן אנדער וואָג.

— פון דער מאמעס צד.

— אָן שאָדנפרייִדיקער רכילות קאָנסטו נישט אָטעמען. אפילו אויב אמת, האָסטו געמעגט פארשווייגן. דאָס מאָל וואָלט עס זיכער קיין זינד נישט געווען.

שווער צו פארשטיין פאר וואָס האָט פנחס צוגעטשעפעט צוויי מיט דריבנע אותיות באשריבענע בלעטלעך צו דער שרעקלע-כער געשעעניש. אפשר כדי צו פארטושן דעם איינדרוק, שטילן די נערוון. אָנגעשריבן האָט ער אויבן רעכטס נישט מער ווי איין וואָרט: מאָדנע. א ביסעלע נידעריקער האָט עמעצער צו-געשריבן מיט א שווארצן בליישטיפט: אזא מעשה! נישט געשטויגן, נישט געפלויגן. ווייזט אויס אזא גאוואַש איז אים אויסגעקומען א חילול-השם.

פוילן פעלן נישט גאוואַשן. א בלוטיק געמוטשעטע געשיכטע האָט שטענ-דיק אירע גאַוואַשן. אָבער דער וועגן וועלכן עס האנדלט זיך דאָ זעט אויס צו זיין דער אָריגינעלסטער נישט אזוי צוליב דעם קרבן ווי צוליב דעם „מיל-יע", צוליב דער סביבה. געווען איז עס אין נייַנצנטן יאָר, אפשר אין צוואנ-ציקסטן. פוילן האָט זיך געשלאָגן מיט די סאָוועטן אָדער פארקערט. א געשלעג אין וועלכן עס האָבן זיך באטייליקט נישט נאָר פאנעס. פון געשלעג איז געוואָרן א מלחמה. פוילן איז געגאנגען שאפן אן אומאָפהענגיקע מדינה מיט א פאָר אָפהענגיקע געגנטן. כאָטש די מלחמה איז געווען אן אנטיבאָלשעוויסטישע האָבן די פארשיידנסטע באפעלקערונגס שיכטן אָנגענומען פראָלעטארישע קאמפס-מעטאָדן.

אין יענער צייט פון הונגער און נויט האָט געצויגן איבער דער שטאָט וואַר-שע אן אָנפארביקער וואָלקן איבערגעלאָדן מיט פינצטערע בליצן. אן אשיקער שטורעם האָט געהאָנגען אין דער לופט. א טויט שטילקייט, א נישט געוויינט-לעך שווייגן האָט זיך אראָפּגעלאָזט איבער מארקן און געוועלבן. מענטשן קו-מען, קלייבן אויס פון דעם וואָס סע געפינט זיך דאָס וואָס זיי געפעלט, בעטן איינפאקן, באצאָלן, פארלאָזן דאָס געוועלב און קומען אהיים מיט דער איינגע-האנדלטער סחורה און מיטן בייטל אונטערן אָרעם אָדער מיטן געלט אין קעשענע. שטיל אויף ווארשעווער גאסן און מארקן, קיינער כאַפּט נישט, קיינער רייסט נישט פון די הענט, קיינער שטופט זיך נישט, קריגט זיך נישט, שלאָגט זיך נישט, מאכט נישט קיין געוואַלד, קיינער שטעלט קיינעם נישט אונטער א פיסל. א שרעק-לעך בכבודיק-ציוויליזירטע שטילקייט הערשט אויף ווארשעווער גאסן. שוין דער דריטער טאָג אז קרעמערס און סוחרים פארמאכן קלייטן און קאָנטאָרן זיך

שלאָנגדיק מיט דער דעה: פאַנצערן פענצטער און טירן מיט שלעסער און איי־
זערנע לאָדנס, צי גאָר אַלץ לאָזן פראַנק און פריי, כמעט נישט אויף הפקר?
שוין דעם דריטן טאָג אַז אַגענטן, פּאָליציסטן און קאָמיסאַרן קומען אהיים מיט
ליידיקע הענט. שלאָפן נישט געשטערט גאַנצע נעכט, שטייען אויס דעם ביטול
און די פאַראַכטונג פון אייגענע ווייבער. שוין דעם דריטן טאָג אַז ס'איז נישט
צוגעפאַלן אפילו אַ פאַלשער טאָלער און לעבן דרייסיק טעג, אַ גאַנצן חודש מיט
אַ מיזעראַבעלן מאָנאַט־לוין, ווייסט דאָך איעדער אַז עס איז נישט מעגלעך־
און דערצו אַזאַ פוסטער הימל.

דעם אַש־פאַרביקן וואָלקן האָבן געצויגן איבער דער שטאָט די קעשענע־
גנבים. זיי שטרייקן. מחמת סאָלידאַריטעט מיט די קעשענע־גנבים שטרייקן אויך
די איבעריקע צווייגן פון פאַך, די דרייסטערע — איבערפאַלערס, גזלנים, קיר־
נעפּערס — און אפילו די געפאַלענע די וואָס האָבן נישט מער כּוח ווי נאָר
פאַר הינער פון שטייג, אַן אַלט העמד אָדער אַן אָפּגעריבענע פּאָר הויזן פון
שטריק. צו וואָס אַ מלחמה מיט באָלשעוויקעס קאָן דערפירן! גנבים זאָלן
שטרייקן! אָפּגעגעבן אַ שבועה, און ביי גנבים איז אַ שבועה וואָס קיינער וועט זיך
קיין מאָל נישט דערוועגן אויף איר עובר זיין, מעג געשען וואָס סע זאָל נישט
געשען. גנבים זענען וואָרטס־מענטשן. די שבועה באַשטייט אין נישט גנבענען
אַזוי לאַנג ביז די פּאָליציי וועט אָפּלאָזן פון פרייז, ביז אַגענטן, פּאָליציסטן
און קאָמיסאַרן וועלן איינגיין אויף דעם באַדינג זיך צו באַגניגן מיט נישט מער
ווי דרייסיק פּראָצענט פון די גנבות. די העלפט איז לכל הדעות הימל־שרייענ־
דיק צו פיל. ביי אַזאַ צינז בלייבט מען בדיל־הדל. סע בלייבט כמעט גאָרנישט
אויף צו פאַרזאָרגן זיך אַליין, מכל־שכן אַז מע האָט פאַמיליע, אַ ווייב צי אַ
טאָכטער ארויסצופירן אין גאַס. ניין! דאָס קאָנען זיי מער נישט צולאָזן. אין
אַזעלכע באַדינגונגען קאָנען אפשר אַרבעטן ספּעקולאַנטן, קאָנטראַבאַנדיסטן,
פערד־הענדלער, אָבער נישט קעשענע גנבים.

שוין לאַנגע יאָרן אַז די קעשענע־גנבים האָבן איינגעטיילט די שטאָט אין
צו זייער פּרנסה צוגעפּאַסטע קוואַרטאַלן. יעדער מוז רעספּעקטירן און רעספּעק־
טירט דעם אָפּמאַך, די איינטיילונג, חוץ איציקל. אַ וויכאָוואָניק פון דער חברה
נאַלעווקע ווייסט ער נישט פון גרענעצן. איציקל איז אַלעמענס יתום און אַלע־
מענס ליבלינג. אין די טעג פון שטרייק איז ער דער איינציקער וואָס מעג אַראָפּ־
כאַפּן פון שטעל אַ בייגל, אַ מיט קאַרטאָפל און געפּרעגלטע ציבעלעס אָדער
מיט גרעטשענע גרויפּן געפילטן קניש, אפילו ארויסשלעפּן אַ בייטעלע פון אַ
נאָכלעסיקער קעשענע מעג ער אויך. אַלע ווייסן אַז אויף די לאַנגע דינענקע פינ־
גערלעך וואַרט אַ גלענצנדיקע צוקונפט. שמאָלע, ביינעוודיקע, קריכן זיי פאַמע־

לעך פאַרלעכווייז ווי שלענגלעך אין הינטער קעשענעס, ווי נאָר זיי דערפילן דאָס בייטעלע ווערן זיי דראַטלדיק, פארהאקן זיך ווי א צווענגעלע, ראפּטום א בויג אויף צוריק און פארפאלן: דאָס בייטעלע האָט שוין א נייעם בעל-הבית. אזעלכע פינגער — און ביי זיינע יאָרן — מוזן יעדן טאָג פּראַקטיצירן, שאַרפן זייער פיינפילן, זיך שלייכן ווי א כמארעלע. אָפּגעוויינען איז א פארברעבן קעגן גאָט און קעגן דער נאַטור. חוץ דעם זענען פאר אים די טעג שווערע, אָנגעלאָדענע פון פּרי ביז שפּעט אין דער נאכט מיט שליחותן. ער לויפט פון איין חברה צור צווייטער איבערגיבן וואָס מע דארף, ער שוועבט עלעהיי א שוועמל צווישן אגענטן און פּאָליציסטן, זאפט איין קלאנגען, ווערטער, תּנועות און דערציילט וועמען עס איז נייטיק; ווייל איציקל איז א קוועקזילבערדיק יינגעלע מיט אָדער אָן א קארטוזל, מיט אָדער אָן לאטעס אויפן הינטן, מיט שקאָציישן אָדער בנעימותדיק-גאָט-די-נשמה-שולדיקן בליק. שטענדיק חנעוודיק, תּמיד איבערגעגעבן ביזן לעצטן אָטעם. אין אָט די טויטשטילע מיט פּולווער געלאָדענע טעג האָט ער זיך פארשפּילט צווישן באראָטנדיקע אגענטן, נישט איינגעהאלטן א קוים-קוים דערהערבאר יעכצעלע. און שוין איז געפלויגן א געזונטער ווילדער פּאטש וואָס האָט א וואָרף געטאָן דאָס קעפּעלע אזש ביזן טראָטואר און איציקלס קערפּערל האָט א צאפּל געטאָן, געבליבן ליגן טויט, נאָר די פינגערלעך האָבן נאָך א צייט געגלעט די לופט.

צו איציקלס לוויה זענען געקומען חוץ אלע — ביז איינעם — קעשענעגנבים, דעלעגאציעס פון די אנדערע פּאַך-צווייגן. פארנאכט איז געזאָגט געוואָרן קדיש אין פיר און צוואנציק שילן — א קדיש וואָס האָט געקלונגען ווי א רוף צו נקמה, ווי דאָס שארפן מעסערס. אז ביי מעסער-שארפן פליט צו מאָל א פונק האָבן געוואוסט יעדע צדדים, און אז עס איז גענוג א פונק דער שטורעם זאָל אויסברעכן האָבן זיי אויך געוואוסט. אזוי אז נאָך אין יענער נאכט האָבן אגענטן, פּאָליציסטן און קאָמיסארן אָפּגעלאָזט פון פרייז אזש ביז נישט מער ווי צוואנציק פּראָצענט. אלס אָנערקענונג פאר איציקלס קרבן האָט זיך אויף מאָרגן באוויזן אויף זיין קליין קבֿרל א גרויסער בלומען-קראנץ — טויזנט פרישע ווייסע נעלקן — מיט א רויטער אויפשריפט: אונדזער גאַווראָשן.

— אזש טויזנט! אין נייצנצנטן יאָר, טויזנט ווייסע נעלקן אין ווארשע, און דערצו מיט א רויטער אויפשריפט?!

— וואָס איז זיך צום וואונדערן? איר שפּילט אייך מיט ווארשעווער קעשענע גנבים.

אזוי דערציילט א יידיש-פּויליש יינגל וואָס גרייסט זיך מיט פּוילן און פּוילישע גאַווראָשן פון וואָס פאר א סאָרט זיי זאָלן נישט זיין, אבי פּוילישע.

# 2

אָנהייב צוואנציקער יאָרן אין דער צייט ווען די וועלט האָט זיך נאָך געהאַלטן אין איבערקערן, אין פאַרלאָזן אָדער אָפּזאָגן זיך פון אַלטע גלויבנס איז אויך געוואַקסן דער אינ-טערעס פאַר ישו און זיין מהות, פאַר בודא און זיין געדאַנק, פאַר העק און זייער ראָלע אין דער געשיכטע. צו יענער צייט האָבן זיך אין רומעניע, פוילן און אַפילו אין דער נייער טשעכאָסלאָוואַקיי, א לאָז געטאָן יונגע מענטשן באַוואָפנטע מיט העק און זעגן. זיך גרייטן בויען א מדינה אויף נאַקעטע בערג און זומפּיקע טאָלן און אָנהייבן מיט האַקן האָלץ קומט אויס קאָמיש. זענען זיי אָבער ערנסטע, שלומדיקע, מיט חסי-דישע מידות. מיט זיי האָט א צייט געוויילט בני שאול-שמואל. ער האָט מיטגעבראַכט אָט די געשיכטע.

פּ.

פון דער ציגעלניע האָט שמואל קיין שוואַכקייטן נישט געירשנט. אָפּגעאַר-בעט א יאָר און אַן ענדע. גלייך ס'איז קיין מאָל נישט געשען. פון זיין יאָר האָלצ-העקעריי האָט ער מיטגעבראַכט א שוואַכקייט פאַר היסטאָרישער פאָרשונג. מיטגעבראַכט ווייל די מלאכה פון האָלץ האַקן האָט ער נישט אויסגעאיבט אין שטאָט נאָר אין וועלדער. די שוואַכקייט איז ווייזט אויס א השפעה פון וואַלד. כאָטש זי האָט געבענקט, איז די מאַמע זיינע געווען צופרידן וואָס האָלץ האַקן איז ער אוועק אין דער פרעמד. „סע וואָלט געווען א חרפה אים צו זען איבער די גאַסן מיט א זעג אונטערן אָרעם, ווי להבדיל א כ'וויים נישט וואָס...״ ווי להבדיל א שייגעץ האָט זי נישט געזאָגט. נישט געוואָלט אריינפאַלן אין די קינדערס מיילער. אַזוי איז עס הינטער די אויגן.

שמואלס היסטאָרישע פאָרשונגען האָבן א כמעט אויסגעשלאָסן אינטואי-טיוון כאַראַקטער. ווייזט אויס אויך די השפעה פון וואַלד. אפשר דערפאַר זענען זיי אַזעלכע אָריגינעלע, אפשר דערפאַר מאַכן זיי אַזאַ איינדרוק און טראָגן אין זיך אַזאַ מעכטיקע. איבערצייגונגס קראַפט. אויף אונטערצומויערן זיינע שיטות, זיינע טעזיסן באַנוצט ער נישט אַזעלכע קוואַלן אויף וועלכע סע פאַררופן זיך געוויינטלעך וויסנשאַפטלעכע פאָרשער. קאָנקרעטע פאַקטן פאַר יעדן פּרט. שמו-אל האָלצהעקערס צוגאַנג איז אַן אינערלעכער, ער שעפּט דאָס וויסן פון זיך. אַזוי ווי די שפּין ציט די פעדעם פאַר איר געוועב פון זיך, אַזוי שפּינט ער זיין געשיכטע. דאָס איינציקע אויסערלעכע איז דער אימפּולס. און אויך דאָס געשעט

ביי אים מאָדנע. זאכן אָדער געשעענישן וואָס זעען אויס ביי אנדערע קליינ־קייטן, נארישקייטן אָדער נישט אין באטראכט צו נעמען זעלבסטפארשטענד־לעכקייטן ווערן ביי אים דער אויסגאנגס־פונקט פארן ווידער־אויפבוי פון א קאָמ־פליצירטער געשיכטע. דערצו א פאנטאזיע וואָס איבערראשט מיט איר זאכ־לעכקייט, מיט איר קאָנקרעטקייט. אָט איז די לעצטע פון זיינע פאָרשונגען.

דערציילט האָט ער אין א נאכט וועגן פון די יונגעלייט וואָס האָבן זיך גע־גרייט פארדינען א שטיקל ברויט בזעת אפיהם, מיט זייער אייגענעם שווייס, אר־בעטנדיק וואָס סע האָט זיך געלאָזט, האָט זיך אָפּגעטאָן דער שלאָף.

— די וועלדער אין וועלכע כ'האָב געארבעט א גאנץ קיילעכדיק יאָר גע־פינען זיך צווישן די בארג־שפּיצן סוהארט, טאָאקא, ראַרעאו, גאָטס־פינגער־דאָרט געפינען זיך אויך פארשיידענע טאָלן, קוואלן און שמאָלע לויטערע ריטשקעלעך. א באזונדערן רושם האָט אויף מיר געמאכט א שמאָלער טאָל וואָס רופט זיך „וואלעא זשידאנולוי" (דעם יידנס טאָל) און א קוואל וואָס טראָגט דעם נאָמען „איזוואָרול זשידאנולוי" (דעם יידנס קוואל). פון אָנהייב איז מיר געווען קלאָר אז די באצייכענונג „זשידאנולוי" האָט נישט דעם מיין עמעצן מבייש צו זיין, עמעצן באליידיקן. אין דעם פארוואָרפענעם ווינקל איז עס נישט מער ווי דאָס וואָרט מיט וועלכן מע באצייכנט זינט יאָרהונדערטער יידן. עס איז נישט מער ווי איינער פון די פילצאָליקע וואריאנטן וועלכע סע האָט אנגענומען דאָס וואָרט „יהודי" אויפן שטח וואָס ציט זיך פון אטלאנטישן אָקעאן ביז דעם וואָלגע טייך, פון מיטלענדישן ביז דעם באלטישן און נאָך ווייטער אזש ביז דעם פארפרוירענעם ים, אפשר נאָך איידער אָט די אלע טייכן און ימען האָבן באקומען זייערע היינטיקע נעמען. מיט דעם וואָרט „יהודי" אין פארשיידענע וואריאנטן האָבן באצייכנט יידן שטאָט און דאָרף, סוחרים, געלערנטע און בעלי מלאכות און דאָס האָט נישט ארויסגערופן קיין רוגזה אָדער שנאה. ערשט א סך שפּעטער זענען די ווערטער זשיד, יודע, זשידאן, זשואיף, זשידזשי, זשודיאָ געוואָרן סינאָנימען פון שמוציקער, לייזיקער, נידערטרעכטיקער, בלוט־זויגער, גאָט־לעס־טערער, קינדער־פרעסער, פּראָצענטניק, גנב, פון גאָט־ און לייט־פארשאָלטענער, פעסט־טרעגער, א באשעפעניש וועלכעס עס איז א מצווה צו הרגענען, שענדן ראבעווען, ברענען לעבעדיקערהייט. און דאָס האלט אזוי א היבשע צייט אפילו לויט היסטאָרישע שאצונגען. דער פארנעם פון היסטאָרישע עפּאָכעס איז גע־וויינטלעך א זייער לאנגער, דאָך דאכט זיך אז אין דעם פאל ציט זיך די עפּאָ־כע, אפילו היסטאָריש געזען, אָנגעהויער לאנג. אמת, אין א געוויסן מאָמענט האָבן זיך אייניקע געכאפּט אז מע וואָלט געדארפט עפּעס טאָן. דאָס איז גע־

שען ווען מע האָט אנטדעקט דעם באגריף פון מענטשן-רעכט און געמיינט אז אים איינפירנדיק אין געזעלשאַפט לשון קאָן מען לייזן א ריי מענטשלעכע פּראָבלעמען. דעמאָלט האָט מען אויך איינגעפירט נייע ווערטער אויף צו באצייכענען יידן, ווערטער וואָס שטאַמען, אין פארשיידענע וואריאנטן, פון „עברי" אָדער „יש-ראל". געטאָן האָבן דאָס געלערנטע, געמיינט האָבן זיי אז מיטן איינפירן די נייע ווערטער, אָדער צוריקפירנדיק דעם יידישן אָפּשטאַם, זייער שורש ביז אבֿ-רהם און יעקבֿ וועלן פארשווינדן ריגזה און שנאה. געהאָלפן האָט דאָס פונקט אזוי פיל וויפל דער באגריף פון מענטשן-רעכט האָט געהאָלפן איינצופירן מענ-טשן רעכט. אָבער דאָס אלץ איז נישט מער ווי א פּאראנטעז וואָס קער זיך אָן מיט אונדזער געשיכטע נאָר אגבֿ-אורחא.

אפשר דערפאר ווייל ס׳איז מיר געווען קלאָר אז די נעמען פון טאָל און קוואַל האָבן אין זיך נישט קיין שלעכטע כוונות, אפשר דערפאר האָט מיך נישט באַפרידיקט די געוויינלעכע לעגענדע. די אָנגענומענע לעגענדע וויל אז די באצייכ-נונגען „וואלעא זשידאנולוי" און „איזוואָרול זשידאנולוי" זאָלן שטאַמען פון יענע צייטן ווען דער בעל שם טוב האָט געפּראַוועט התבודדות אין די קאר-פּאַטן וועלדער, זיך אויפגעהאַלטן נישט ווייט פון וואַסערן, געפּלאַסטערט קוואַ-לן זיך אין זיי צו טובֿלען. צוריק מיט פופציק יאָר האָט מען נאָך אין די אוי-בן דערמאָנטע קאַנטן באגעגנט הונדערטיאָריקע פּויערים וועלכע האָבן געהערט פון זייערע זיידעס אויסטערלישע געשיכטעס וועגן א יידן, א הייליקן, וואָס האָט געוואַנדערט אין די וועלדער א זומער און א ווינטער. אָנגעטאָן אין א לאַנגן כאַלאַט פון שאָרסטיקער וואָל, אָנגעגורט מיט א שטריק, אין גאַרטל איינגע-שטעקט א מאָדנע אייזערנע כלי, איין זייט שפּיציק ווי א קירקע די צווייטע פּלאַ-טשיק ווי א העקל מיט א לאַנג הילצערן הענטל. דעם גאַנצן זומער פלעגט ער קלייבן יאַגעדעס, טרוקענען ווילדע עפּעלעך און זייער אָפט זיך באָדן אין אייז-קאַלטן קוואַל וואַסער. געוואוינט האָט ער ערגעץ אין א באַהאַלטענער הייל, פון א בער פארלאָזטער נאָרע וועלכע ס׳איז נישט מעגלעך געווען אויסצוגעפי-נען. פרומע פּויערטעס פלעגן איבערלאָזן אין וואַלד בינטעלעך ברויט, זיי אוים-הענגען אויף צווייגן אזוי אז דער הייליקער זאָל זיי באַמערקן, שטילן דעם הונגער און בענטשן די צדקה געבער. נייגעריקע האָבן געזוכט מענטשלעכע שפּו-רן — עס איז אוממעגלעך א מענטש זאָל קיין שפּורן נישט לאָזן — געמיינט אויף אזא אופן וועלן זיי געפינען דעם הייליקנס וואוין-אָרט, האָט זיך זייער מי ארויסגעוויזן אַן אומזיסטיקע. אין דרך אר ץ האָט זיך פּארוועבט א פאָדעם פּאָרכ-טיקייט. ווינטער פּארן אויפברעכן פון טאָג פלעגט געשען אין וואַלד זאָלן אָפּהילכן קלעפּ פון א האַק. נאָכגייענדיק דעם גערויש, זיך אויסבאַהאַלטנדיק

הינטער ביימער האָט מען געזען אז דער ייד האקט — מיט א פּשוטער האַלץ-העקערישער האק — דאָס אייז, זינגענדיק דערביי אין א נישט פארשטענדלעכער שפּראך, ווארפט פון זיך די קליידער, נידערט אין אייז-לאָך און טינקט זיך אונ-טער איין מאָל, דריי מאָל, פינעף מאָל צי גאָר מערערע מאָל. דערציילט האָט מען אז בשעת דעם נידערן אין וואסער און אונטערטינקן זיך זעט ער נישט אויס ווי אלע מענטשן, נאָר ווי א זייל פייער פון וועלכן סע שפּארט א נישט צום אויסהאלטן בלענדנדיק ליכט. די פּאָרכטיקייט איז געוואקסן.

כאָטש די געשיכטע זעט אויס צו זיין א גלאטע, האָב איך נישט געקאָנט שלום מאכן מיטן געדאנק אז דאָס בלייבן פון בעל-שם-טוב אין דער געגנט נישט מער ווי א זומער מיט א ווינטער זאָל זיין די איינציקע סיבה וועלכע האָט גורם געווען די באצייכענונגען „וואלעא זשידאנולוי" און „איזוואָרול זשידאנולוי". ס׳איז מיר שווער געווען אָנצונעמען אז אזא קורצע צייט זאָל געווען לאָזן אזעל-כע טיפע שפּורן אין זכרון פון דער באפעלקערונג, אז די נעמען זאָלן אָנהאל-טן איבער צוויי הונדערט פופציק יאָר. נאָך א צייט האָב איך מיך אָנגעהויבן איבערצייגן אז דער בעל-שם האָט אויפגעפרישט אן עלטער געשעעניש. א לע-גענדע האָט זיך אָנגעהויבן אויסלעשן און ער האָט געפונען פאר נייטיק, אָדער באקומען דאָס שליחות זי ווידער אויפצולעבן. פון דעם מאמענט האָבן דאָס טאָל, די וועלדער, דאָס לויטערע טייכל, די קוואלן באקומען ביי מיר אן אנדער אויסזען. כ׳האָב דערפילט אז דער סוד פון דער געשיכטע ליגט ערגעץ נאָענט, פון אויבן אויף, מע דארף נאָר וויסן וואו א טאפּ טאָן. און כ׳האָב מיך נישט אָפּגעגעבן.

נעפלאסטערט פון א געניטער האנט זעט דער קוואל אויס ניי, אן ארבעט וואָס איז געטאָן געוואָרן מיט נישט מער ווי עטלעכע צענדליק יאָר צוריק. אויף די שטיינער איז אָנגעוואקסן א דינער שיכט גרינער מאָך. כ׳בין נישט ביי-געשטאנען דעם נסיון א קוק טאָן וואָס דער מאָך באהאלט. געריייניקט די שטיי-נער, געלאָזט דעם קוואל זיך לייטערן פיר און צוואנציק שעה. צו ערשט האָבן זיך אין לויטערן קרישטאָל געשפּיגלט הויכע סאָסנעס, נאָך דעם האָט זיך אויס-געשיילט א קלאָרער דנאָ, אין א ווינקעלע האָבן זיך כישופדיק געקרייזלט די מים חיים, דאָס לעבעדיקע וואסערל — דער קוואל. כ׳האָב זיך איינגעקוקט אין יעדן שטיין באזונדער. גאָרנישט. האָב איך באשטימט זיך נעמען פונסניי צו דער ארבעט, אויפמערקזאמער באטראכטן די שטיינער. צו הילף איז מיר גע-קומען א זונען-שטראל. ער האָט באלויכטן א זייטיקן שטיין אויף וועלכן עס האָבן זיך געפונען שוין קוים באמערקבארע צוויי אותיות. קודם האָט זיך מיר געדאכט ס׳איז א שטיין פון א קבר, די אותיות זענען א פּיי און א נון. סע

האָט זיך געלייגט אויפֿן שכל. מצבות פֿאַלן, שטיינער ברעכן, שפּליטערן זיך. ווער ווייסט אויף וואָס פֿאַרא וועגן ס'האָט זיך דערטראָגן אהער א שטיין-ברעקל און דער פּלאַסטערער האָט עס אויסגענוצט. אפשר איז דאָס גאָר צו קיין מצבה נישט געקומען. אפשר האָט דאָס דער מצבה-שלעגער אוועקגעוואָרפֿן. אבן מאסו הבונים. דער שטיין איז אים נישט געפֿעלן, ער האָט זיך נישט געלאָזט טעסען ווי אים האָט זיך געוואָלט האָט ער אים געדרויבלט און גענוצט פֿאַר אנדערע צוועקן, ביי אנדערע געלעגנהייטן. די געלעגנהייט האָט זיך געיאָוועט דאָ ביים קוואַל. דער שטראַל האָט ווידער א שימער געטאָן איבער דעם שטיין און מיך איבערצייגט אז דאָס ערשטע אות איז נישט א פּיי, נאָר גאָר אַן אלף. פּיי נון איז א סוף. אלף נון קאָן זיין אַן אָנהייב. דער געדאַנק האָט מיך געדרעגט צו זוכן ווייטער, טיפֿער. נידעריקער, נישט ווייט פֿון דנאָ, אויף א צווייטן שטיין נאָך צוויי בוכשטאַבן. דאָס מאָל א וואָוו מיט א שין. אינטריגירט האָב איך גע־מאָסטן די שטיינער. פֿעסטגעשטעלט אז זיי זענען אמאָל געווען איינער, אז פֿון אָנהייב האָבן זיך די פֿיר אותיות געפֿונען אין איין ריי, אויף איין שורה. אז זיי זענען דער אָנהייב פֿון א נאָמען, ווייל נאָך אנוש האָט געמוזט זיין לכל הפּחות דער נאָמען פֿון זיין פֿאָטער. אזוי איז מיר קלאָר געוואָרן די גאַנצע געשיכטע. אזוי האָט זיך באשטעטיקט מיין ערשטע השערה אז מיט א סך צייט פֿאַר דער לעצטער געשעעניש איז געווען אַן אנדערע וואָס האָט איבערגעלאָזט א טיפֿן קאַרב אין דעם באפֿעלקערונגס-זכרון. ווען יאָרהונדערטער האָבן אים אָנגעהוי־בן פֿאַרגלעטן איז געקומען דער וועלכער איז נאָך נישט געווען א בעל-שם מיט דער שליחות אים פֿונסנייע צו פֿאַרטיפֿן.

...אנוש בר בענה. שמואל האַליץ העקער רעדט קוים ארויס דעם נאָמען. ער ציילט די אותיות, זאפּט זיי לאַנגזאַם איין אין זיך, לאָזט צייט יעדן אות באַ־זונדער זיך צוזאַמענצושמעלצן מיט זיין אייגענעם מהות. און אזוי ווי ער שפּרייט נישט זיינע מסקנות אויף פּאַפּיר און נישט אויף פּאַרמעט, נאָר ער דערציילט זיי, איז עס א מין תורה שבעל פּה. אנוש בר בענה. א בינטעלע אויף די פּליי־צעס קלעטערט ער מיט לייכטע באוועגונגען באַרג ארויף. צו מאָל שטערט אים די אייזערנע כלי וואָס ער האַלט פֿאַרשטעקט אין גאַרטל. איין זייט פֿאַרשפּיצט ווי א קירקע די צווייטע פּלאַטשיק ווי א האַק מיט א לאַנג הילצערן הענטל. אָט באַלד איז דער באַרג שפּיץ, דאָרט אויבן עפֿנט זיך א פֿרייע וועלט. אזעלכע ווי זי איז געווען נאָך דער באשאַפֿונג. ער קלעטערט פֿאָרזיכטיק מיט שטילע טריט ווייל ער מוז זיך אויסבאהאַלטן. ער וויל נישט עמעצער זאָל אים באמערקן, פֿרעגן וואוהין ער איילט. פֿון וואַלד-טיפֿעניש הערן זיך שווערע טריט און אנוש

דרוקט זיך צו א בוים. די גראָבע סאָסנע באהאלט זיין שלאנקן קערפּער. די טריט דערנענטערן זיך. אן אלטע בעריכע מיט א טונקל-ברוינער פעל שפּאנט רויִק גלייך זי וואָלט נישט פילן קיין פרעמד באשעפעניש אין וואלד. די אָנוועזנקייט פון מענטש שרעקט זי נישט. נישט ווייט הינטער איר איילן מיט דריבנע טריט צוויי קליינע בערעלעך. א באצוויבערטער פון דער בערעכעס גליקלעכקייט איז בערעלע באוועגונגען שעפּטשעט אנוש: דבה. דאָס איז זי די געטין פון אָרטשאפטן. דער גלויבן פון דער היזיקער באפעלקערונג וויל אז זי זאָל זיין די באשיצערין פון מענטשלעכע יישובים. גרעסערע יישובים ווי אויך באפעסטיקטע טראָגן איר נאָמען. סוטשידאווא, פּעטראָדאווא זענען נעמען פון אָרטשאפטן וועלכע זעלנער פון לעגיאָן דערמאָנען צו מאָל.

א מאָדנע באציאונג האָבן די געצן-דינער צו זייערע געטער, טראכט אנוש. אָפט מאָל איז אים אויסגעקומען פארבייצוגיין לעבן פארשידענע יישובים. קיילעכדיקע אין דער ערד איינגעגראָבענע כאטעס צוגעדעקטע מיט ברעוונעס. פון דאך-שפּיץ הייבט זיך שטענדיק א רויך. פון ווייטנס זעען די כאטעס אויס ווי בערן-נארעס. ארום דעם יישוב א באפעסטיקטער קרייז מיט טיף אין דער ערד פארגראָבענע ביימערשטאמען וואָס דארפן שיצן מענטשן און פיך פון בערן איבערפאלן. צו מאָל האָט ער געזען אויסגעהאָנגען ביים צוגאנג צום יישוב א בערן-פעל, א סגולה קעגן אן אָנגריף פון ווילדע חיות.

די בערעכע שפּאנט מלכותדיק, בלייבט א רגע שטיין וואַרט אויף די קינדערלעך באשענקט זיי מיט א שמעק, מוררט א צופרידענע פון זייער אָנוועזנקייט, קראצט זיך אין דער שאָרסטיקער קאָרע פון אן אלטער סאָסנע און גייט לאנגזאם ווייטער. אנוש קוקט איר נאָך, זעט זי פארשווינדן אין געדיכטעניש פון וואלד, באוואונדערט די געטלעכע שאפונג, חידושט זיך וואָס מענטשן פארגעטערן די שאפונג און נישט דעם באשעפער. איבערן וואלד לייגט זיך א טיפע שטילקייט. אצינד ווען די בערעכע איז ווייט, אן איינגעשלאָסענע אין סודות-פולן געוועב פון ביימער און געוויקסן, פילט ער צו איר א דרך-ארץ וואָס שכנט מיט אומדייטלעכער מורא, נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין חשבון ווי נאָענט ער איז צו געצנדינעריי.

אויפן שפּיץ בארג איז דער הימל א טיפער, א לויטערער, כמעט אזעלכער ווי אין דער מדבר פון יהודה. דאָרט האָט אנוש פארבראכט א טייל פון זיינע יונגע יאָרן. בענה, דער פאָטער זיינער, רעכנט זיין אָפּשטאם פון נחמיה. ער האָט פיר זין און צוויי טעכטער. דער עלטסטער פון די זין, חנני פארנעמט א בכבודיק פּלאַץ צווישן די געלערנטע פון יבנה, דער צווייטער א סוחר און דער דריטער א גלאָז-גיסער וואוינען אין חברון צוזאמען מיט זייער פאָטער. אים,

דעם מעזיניק און ליבלינג האָט בענה ביי דרייצן יאָר אָפּגעפּירט אין איינער פון די ישיבות וואָס געפינען זיך אין דער מדבר פון יהודה, אין דער געגנט עין־גדי, נישט ווייט פון ים המלח. דאָרט צווישן נאקעטע, וויאָלעט־רויטלעך געפארבטע בערג האָט מען אים דערצויגן אין צניעות, גאָטס־פאַרכטיקייט און נשמה־דיקער ריינקייט. דאָרט, נישט ווייט פון ציון און קופער געגאָסענעם ים, אונטער דעם גליענדיקן הימל, האָט מען אים איינגערוימט, נאָך א צייט, סודות און רמיזות: דעם צוזאמענהאנג פון באגריפן ווי תפילה־טבילה, עבדה־עבודה, פון דערגענטערן די טבילה ביז צו דער מדרגה פון געבעט אין אָנוועזנקייט פון גאָט, פון דערהויבן יעדע טועכיץ צו דער מדרגה פון דינען דעם אלמעכטיקן און אומענדלעכן. נאָך דריי יאָר האָט אנוש באשלאָסן אריינטרעטן אין דער ישיבה־געמיינשאפט, זיך אָפּזאָגן פון וועלט און וועלטלעכקייט, זוכן דעם מהות פון געטלעכקייט אין נזירות. ווען בענה איז געקומען אהיימנעמען דעם מעזיניק — צייט געווען איבערגעבן די פאראנטוואָרטלעכקייט פאר דער שווערער שטוב — האָט אים באגעגנט א כמעט פרעמדער מאָגערער יונגערמאַן. ווי גאָענט סע זענען אים געווען די אָפּגעבערנטע הויט, די שוואַרצע האָר, די טיפע בלויע אויגן, דער שלאַנקער קערפּער איינגעהילט אין לייכטן ווייסן כאלאט פון פיין געשפינטער וואָל, האָט ער דאָך געפילט אז צווישן זון און אים איז אויסגעוואקסן א מחיצה. אן אויסוועג האָט זיך אים געדאכט וואָלט געווען אין ארויסרייסן דעם זון כאָטש אויף א צייט פון נזירות. לערנערס געפינען זיך אויך אין חברון. זיי פירן אן אנדער לעבן, זאָגן זיך נישט אין גאנצן אָפּ פון דער וועלט, פרייען זיך מיט מאָס פון רחבותדיקער טאָג־טעגלעכקייט. פאָרגעשלאָגן האָט ער אָבער א נסיעה. נאָך א פאָר טעג איז אים געלונגען איבעררעדן דעם ראש־הישיבה און ממילא דעם זון אז סע וואָלט כדאי געווען זיך באקענען מיט פעלקער און מנהגים. איינגערוימט האָט ער דמישק. די נסיעה איז באַשטימט געוואָרן אויף א יאָר שפּעטער.

אז אין נסיעות לויערט אומבאקאנטס און אומבאַשטימטס האָט קיינער פון זיי נישט געטראכט. אין יענע קאנטן און אין יענע צייטן האָט געהערשט א רעלאטיווער שלום צושטאנד.

כמארעלעך ווי שעפעלעך, געטראָגענע פון שטילע ווינטן, זאמלען זיך אין פוכקע סטאדעס צו פוסנס דעם בארג־שפּיץ, דעקן צו דעם טאָל. זיך דערפילנדיק אליין איבער די כמארעס, אין דער בלויער אומענדלעכקייט און קוקנדיק אויף דער פארעדיקער מילך וואָס אונטער אים, פאלט אנוש אן איין: יהוה שוכן בערפל. א לייכטער ציטער גייט איבער די אָדערן, דראָדלט די יונגע מוסקלען.

נישט אזוי דאָס הויזן פון גאָט אין דעם אָנגעהויפּטן, בלחש קאָכנדיקן נעפּל האָט אים צערודערט, ווי דער געדאנק אז ער אנוש געפינט זיך העכער. (אזא געפיל וועט מיט זעכצן אָדער זיבעצן יאָרהונדערטער שפּעטער, נישט זייער ווייט פון דעם זעלבן בארג-שפּיץ, צערודערן אויפן גאנצן לעבן דאָס געמיט פון ערשטן סאטמארער גוטן-יידן, א צערודערונג וואָס וועט איבערגעגעבן ווערן בי-רושה אלע סאטמארער גוט-יידישע געמיטער). ביי דעם געדאנק איילט אנוש צו דעם נישט ווייט ליגנדיקן לויטערן טייך, וועלכן די קומענדיקע דורות וועלן רופן פון דער הייליקער אננא. אָנגעקומען צום טייך זעצט ער זיך אויפן ברעג. נאָך א ווײַלע לאָזט ער דאָס בינטעלע ביים ברעג, נעמט דאָס העקל, גייט טיף אין וואלד, גראָבט א גריבל, באפרייט זיך פון מענטשלעכע באדערפעניש, פארשיט דאָס גריבל מיטן העקל, מענטשלעכע אומריינקייט זאָל זיך נישט וואל-גערן, נישט בלייבן אויפגעדעקט אונטערן הימל. ער זעצט זיך ווידער נישט ווייט פון וואסער, פרואווט צוזאמענגעמען געדאנק און געפיל, צוזאמענשמעל-צן אלץ פון וואָס זיין נפש באשטייט, רייניקן דורך תשובה און חרטה דאָס גע-מיט, לייטערן די נשמה, זיך גרייטן אזוי ווי דער סדר איז צו טבילה אין טיפן וואסער. נאָך א שעה זיצן מיט פארמאכטע אויגן, שלעפּט ער פון בינטעלע א שאַרסטיקן קאנאָפּליע האנטעך, ווארפט פון זיך די קליידער, נעמט ארום מיטן האנטעך די שמאָלע לענדן, נידערט לאנגזאם אין וואסער, טינקט זיך אונטער איין מאָל און איין מאָל, איין מאָל און צוויי מאָל, איין מאָל און דריי מאָל, אזוי ביז זעקס מאָל פאר אלע טעג פון דער באשאפונג. שווימט א צייט נאָזנדיק שעפּ-טשענדיק א תפילה. אזוי פראווועט ער ביחידות די עבודה פון טבילה מיטן גע-דאנק צו יענער צייט ווען ער האָט זי געפּראוועט מיט א מנין, ווען דאָס גע-בעט איז געזאָגט געוואָרן בקול רם. ארויס פון וואסער ציט ער פון בינטל א וויסן כאלאט פון ריינער וואָל, הילט זיך אין אים מיט באזונדערן תענוג. איינ-געהילט אין ריינער וואָל איז מען אליין ריינער, נענטער צו יענע נאָך וועלכע סע בענקט זיך אזוי ווייטיקלעך, ראוי צו פירן א שמועס וועגן אחרית הימים, פרואוון פארשטיין וואָס סע קאָן מיט זיך ברענגען א וועלט וואָס ווערט רעגירט פון אין שעטנז געפּאנצערטער רציחה. דער אחרית-הימים מאָלט זיך א ווילדער, אן אָפּשטויסנדיקער ווי די שקלאַפן-קליידער וואָס ליגן לעבן אים.

דאָ איז דער הימל בלוי. די בלויקייט זעט אויס לייכטזיניק, א מיט זיך אליין צופרידענע. דאָרט איבער דער געקווייטלטער, געפּייניקטער יהודה וויסטע, איבער דעם ים המלח, איז די בלויקייט א שווערע, אן אָנגעלאָדענע, אן איבער-צייטיקטע. דאָרט שפּיגלען זיך קופּערנע בערג און גרינע אָאזיסן אין געשמאָל-צענעם בליי. דאָרט דאכט זיך אז די וואָס שפּאצירן לענגאויס דעם ברעג גייען

אויף דער וואסער אויבערפלאך, א שפיל אזא מיט מענטשלעכער באגרענעצטקייט וואָס געבוירט געצנדינערײ. ביי דעם געדאנק באפאלט אים א טיפער טרויער און א שרעקלעכע אומבאהאָלפנקייט. ער דערמאָנט אין נחשון און חושם, ער דערמאָנט זיין אייגן אומגליק.

פונקט צום יאָר האָט בענה געשיקט דעם זון א שיין אויסגעפוצט קעמל באַ־גלייט פון איינעם פון די געטרייסטע דינער, צוויי קעמלן אָנגעלאָדענע מיט אלעם נויטיקן פאר א לאנגער נסיעה, צוויי לייב־מענטשן, א בריוו אין וועלכן ער האָט געוואונטשן הצלחה. געווען איז עס אין א צייט א שטילער און דער וועג קיין דמשק א זיכערער. אפשר דערפאר איז אזוי לייכט אָנגעקומען די גזלנים דער איבערפאל. קיינער האָט זיך אויף אים נישט געריכט.

פאר דעם אוועקפאָרן האָט אים דער ראש הישיבה געבענטשט, געגעבן אָנווייַ־זונגען ווי זיך אויפצופירן צווישן פרעמדע מענטשן, ווי אזוי אָפּהיטן די ביז איצט מיט אזוי פיל מי דערגרייכטע ריינקייט, געוואָרנט פאר אנשי בליעל, פאר די פארדאָרבענע מענטשן וואָס לעבן אין די שטעט. דער קליינער קאראוואן האָט געצירט אין וועג אריין צוזאמען מיט דעם זון אויפגאנג כדי דער זון אונטער־גאנג זאָל אים ברענגען צו די טויערן פון יריחו. ווען זיי האָבן זיך דערנענ־טערט צו דער שטאָט איז די זון נאָך געשטאנען גוטע דריי שפיזן הויך אויף דעם לויטערן הימל. מענטשן האָבן נאָך געארבעט ביי די זאלץ־גריבער, רעכטס פון וועג האָבן זיך געשפרייט זומפּן באדעקטע מיט קאמיש. פון ווייטנס האָט מען שוין געזען די טייטל און פייגן־ביימער פון גרויסן יריחו אָאזיס.

דער דינער האָט געמיינט אז נאָך אזא לאנגן וועג פון שווייגן וועט דער יונגער האר ווערן בארעדעוודיקער, געוואָלט פון אים ארויסבאקומען כאָטש איין וואָרט. געוואוסט האָט ער נאָך פון דער היים, פון בענהן אליין, אז דער זון איז א חכם מיט וועלכן די משפחה גרייסט זיך. אנוש אָבער האָט געריטן א שטומער, אן אין זיך פארטראכטער, עס האָט אויסגעזען גלייך ער וואָלט נישט זיין צופרי־דן מיט דער נסיעה. „שיין דער אָאזיס, מיין האר", האָט געפרואווט דער די־נער. „שוויינגן איז זיס", האָט נאָך א צייט געענטפערט אנוש און ווידער געני־דערט אין זיין חלום. דער דינער האָט זיך געמוזט באגנוגן מיטן געזאנג פון די יונגע לייב־מענטשן וועלכע האָבן דערציילט וועגן דעם וואָס זיי זעען אויף דער ערד און אויפן הימל. זיי האָבן געזונגען וועגן אלץ וואָס האָט זיך גע־שלייכט פאר זייערע אויגן. עס האָט אויסגעזען א נאריש געפלאפל וועגן א פויגל וואָס זוכט זיין רויב, וועגן א געבראָכענעם קאמיש, א שטיין אין וועג, א ווילדע ציג אויף די בערג, א קאראוואן וואָס לאָזט זיך אין וועג נישט טראכטנדיק צו

דער צופאַלנדיקער נאַכט. אנוש האָט זיך פון צייט צו צייט איינגעהערט אין זיי־ערע דערציילעכצן וואָס האָבן געקלונגען ווי א געזעגענען זיך מיטן אייגענעם קאַנט. די מעלאָפּעיע האָט זיך געגאָסן מאָנאָטאָן, געשפּרייט ארום אן אָנגעהוי־ערע ליידיקייט, און די ליידיקייט האָט געדאַכט אנושן די איינציק ווירקלעכע.

דעם צווייטן טאָג האָבן זיי פאָרגעזעצט די נסיעה לענגאויס דעם פרוכטבאַ־רן ירדן-טאָל. אויף דער זייט איז דער ברעג א נידעריקער, דאָס וואַסער לאָקט. האָט מען זיך אָפּגעשטעלט, געוואָרט דער האר זאָל פּראווען טבילה, אונטערגע־לענט דאָס האַרץ און גערוטן ווייטער. אויפן רוקן פון קעמל איז די באַוועַ־גונג אן אהין-און-צוריקעוודיקע, מאַכט מען אדורך דעם וועג צוויי מאָל, פרייט זיך דער בליק איין מאָל מיט דער רייכקייט פון ערד און איין מאָל מיט דער בלויקייט פון הימל, פרייט זיך דאָס אויג מיטן שאָטן פון ברייטע אָדלער-פליגל ציטערן די וויעס צוזאַמען מיט אומבאַשיצטע עופהלעך. פאַרכאַפּט פון פּיי־סאַזש איז אנושן נישט דערגאַנגען מער ווי נאָר דאָס פּרעפּלען פון די דינער דאָס דערציילעכץ האָט ער נישט געהערט. די ווערטער וועגן דער אָנוועזנקייט אָט דאָ נישט ווייט, פון א לייכטן קאַראוואַן וואָס ציילט דרייצן קעמלען נישט גע־לאָדענע און באַוועגט זיך פּאַראַלעל מיט זיי, ווען רעכטס און ווען לינקס מיט א באַזונדערער שנעלקייט זענען צו זיינע אויערן נישט דערגאַנגען. אין דער מעלאָפּעיע האָבן זיך געוועבט וואָרנענדיקע טענער, אָבער דער יונגער האר האָט נישט באַוויליקט זיי צו הערן און די דינער איז מער נישט איבעריק געבליבן ווי זיך פאַרלאָזן אויף דעם הארס חכמה. אנוש האָט נישט געהערט ווייל אין יענעם טאָג האָט ער זיך אויפגעפירט ווי א פאָרגייער פון די מיט כמעט צוויי טויזנט יאָר שפּעטערדיקע טוריסטן. פאַרזיכערט מיט אלעם נייטיקן פון פאָטער האָט די זאָרגלאָזיקייט געווירקט פאַרפירעריש. אמת, ווען נישט וואָלט עס אויך ווייניק וואָס געהאָלפן. זיי האָבן זיך געפינען ווייט פון א יישוב, די קעמלען זענען געווען שווער געלאָדן אזוי אז אנטלויפן, זוכן ערגעץ הילף, איז געווען אוממעגלעך.

שמואל טראַכט א רגע. ער שלאָגט זיך מיט דער דעה. צוויי וועגן עפענען זיך. ער באַטראַכט די צוהערער. פון זיי איז אָפּהענגיק וועלכן פון די צוויי וועגן ער זאָל באַטרעטן. ווייזט אויס ער האָט באַמערקט א געוויסע מידקייט. דער אי־בערגאַנג ווערט אימפּעטיק. וועגן איבערפאַל, וועגן דעם ווי אזוי די גזלנים האָבן זיך אויפגעפירט מיט אנושן און מיט זיינע באַגלייטער האָט קיין זין זיך לענגער אָפּצושטעלן. יעדער פון אייך קאָן זיך דאָס אליין פאָרשטעלן. די פּאַלי־צעס זענען פול מיט ביכער וועגן שקלאַפן האַנדל פון אלטערטום ביז אין די

מאָדערנע צייטן. שטענדיק זענען די שקלאַפן געווען מענטשן און אויך די הענדלער מענטשן, יעדער מיט זיינע אויף דער וועלט איינמאָליקע געפילן, יעדער מיט זיין אויף דער וועלט איינמאָליקער אכזריות. חוץ דעם האָבן מיר פאַר זיך נישט מער ווי איין נאכט אין וועלכער די געשיכטע פון אנוש און בעל-שם קאָן אָדער מוז דערציילט ווערן.

נאָך א צייט איז אנוש אָנגעקומען אין דער רוימישער געהילפס-ארמיי וואָס האָט באדינט די לעגיאָנען, וועלכע געפינען זיך אויף דער לינקער זייט דאנוביום אלס אָקופּאציע טרופּן פון לאנד וואָס רופט זיך דאקיא. שוין דריי יאָר זינט אנוש לעבט צוזאמען מיט האָלצהעקער, משא-טרעגער, טעסלער, קצבים, שטיין-ברעכער, אייזן-גיסער, מענטשן האָריקע פון וועלכע סע שפּארט טומאה, ביי וועלכע צייטפארטרייב איז משכב-זכר. איבערלעבן, זיך נישט לאָזן איבעררעדן פון יאוש העלפן אים זיינע יונגע יאָרן, זיין בטחון אז אין א טאָג וועט אפשר דאָך געלינגען זיין טאטן, זיינע ברידער, אָדער גאָר זיינע חברים פון געגנט עין גדי, אים אויסצולייזן.

אצינד, נאָך דער טבילה, זיצט ער איינגעהילט אין פון פיינער וואָל געוועבטן כאלאט, איינגעהילט אין בטחון אז א נס מוז געשען. נאָך א שעה ציט ער פון זיך דעם כאלאט, טוט ווידער אָן די פארהאסטע, עקלהאפטע קליידער און לאָזט זיך מיט לאנגזאמע טריט צום קאסטרא. מאָרגן איז יום-טוב. די רוימער זענען טאָלעראנט. די רוימער לאָזן יעדן בלייבן ביי זיין גלויבן. דערפאר וועלן זיך מאָרגן זאמלען אין ספּעציעלע פאר דעם טאָג געשאפענע צענטוריעס די יידישע זעלנער פון לעגיאָן און אויך די פון דער געהילפס-ארמיי. צענטוריאָן וועט זיין דער מגושמדיקער נחשון. זיין געהילף דער אונטערטעניקער תימנער חושם וועמענס נישטיקייט סע דארף מאכן בולטער נחשונס מאכט אין טאָג ווען ער רופט זיך אלוף. אלעף איז דאָס ערשטע אות, אלוף דער ערשטער פון טויזנט אָדער פון אזוי פיל וויפל סע בלייבן פון טויזנט. אלופים האָבן צוריקגעפירט זיינע עלטער-עלטער זיידעס פון גלות בבל. נחשון וויל אין דעם טאָג טראָגן אָט דעם טשין און דער רוימער קאטאָן איז נישט קעגן. קאטאָן ווייסט אז נחשון איז גרייט אויף אלץ אבי מע זאָל אים לאָזן זיך רופן אלוף כאָטש איין טאָג. לאָזט ער אים. קאטאָנען געפעלט בייצוזיין ביי דעם יידישן יום-טוב, נישט אזוי צוליב דעם ריטואל ווי צוליב באטראכטן נחשונען. קומט ער באגלייט פון א סוויטע, קלייבט אוים א בערגל פון וועלכן ער זאָל ארומנעמען מיטן בליק די עדה, זעצט זיך אויף א שטול און פילאָסאָפירט וועגן גרויסקייט און נישטיקייט פון מאכט. נחשונען באטראכט ער מיטן געוויסן און ברייטהארציקייט פון האר וואָס ווייסט אז ער איז געשיצט פון די געטער. סע געפעלט אים דער ספּעקטאקל

סע פארשאפט אים פארגעניגן צו זען ווי נאָך איידער עס באַוויזט זיך דער שאָטן פון מאכט הייבט שוין אָן די פאַרדאַרבונג, ווי אַזוי דער אָפּשיין פון מאכט צעשטערט דאָס געפיל פאַר לעכערלעכקייט. ווייל נחשון גיט זיך נישט אָפּ קיין חשבון ווי ווייט זיין קאָמאַנדעווען און בלאָזן זיך איז לעכערלעך, אויף וויפל זיין איינטאָניקער טיטל איז נישט מער ווי א דינער רויך וועלכן סע צע־טראָגט אָן איבערצולאָזן דעם מינדסטן שפּור, דאָס לייכטסטע ווינטל. דער ספעק־טאַקל וואונדערט קאַטאָנען נאָר אויף אַזוי פיל אויף וויפל ער האלט אז נח־שון איז א פעיקער זעלנער און וואָלט געדאַרפט פאַרשטיין.

ס'איז שבועות, דער יום־טוב פון מתן־תורה, דער טאָג ווען אין עמק קלייבט מען די ערשטע פרוכט. דאָ זעט דער יום־טוב אויס אויסגעלאסן. אָקסן, שאָף און צאַפּעס בראָטן זיך אויף שייטערס. א שרעקלעכער חלב־געשטאַנק פאַר־פלייצט דעם ארום צוזאמען מיט שכרות, זנות און פּוסטער גאווה. מיט נאַרישער דאַרשט נאָך גרויסקייט און שאַטנדיקער מאכט. אנושן וויל זיך אנטלויפן ער־געץ ווייט, ווייל דער עקל איז נישט צום איבערטראָגן. ער פילט זיך אליין, איינ־זאם אין א ווילד פרעמדער וועלט. ער באַטראַכט אויפמערקזאמער דעם אַנגע־זאמלטן עולם און באמערקט אז ער איז נישט דער איינציקער, אויך אנדערע עקלט נחשונס נאַרישער שפּיל, די פראגע איז נאָר אויף וואָס זיי זענען גרייט, וואָס זענען זיי אימשטאַנד צו טאָן כדי זיך אומקערן צום גלויבן אין ריינקייט, כדי צו דינען דעם וועלכן מע דאַרף דינען ווי פרייע מענטשן.

אין דעם מאָמענט זעט שמואל אויס ווי אן אמתער האָלצהעקער. אנושס וואָגלענישן אין רשות פון שקלאפן הענדלער האָבן זיך אים פארגעשטעלט קלאָר. אויב ער האָט מוּתּר געווען צו מאָלן זיינע ליידן איז עס גיכער געווען ווייל עס איז אויסגעקומען פּוסטע רייד, איבערחזרן באַקאַנטע געשיכטעס. דאָס מאָל אָבער איז ער נישט געווען בכוח אויסצודריקן די געדאַנקען און איבערלעבע־נישן פון יונגן מענטשן וועלכער איז אויפגעכאָוועט און אויפגעקלערט געוואָרן אין יענע ווייטע אין צייט און מהלך ישיבות. ער פילט זיי מיט אלע איברים, אָבער געפיל איז נישט געגנוג. אנושס געדאַנקען־גאַנג איז מיט עטלעכע מדרגות העכער. אהין קאָן ער נישט דערגרייכן. ווערט די געשיכטע וואָכעדיק.

סע האָט לאַנג נישט געדויערט און אין א נאכט האָבן זיך צוויי הונדערט אכט און פערציק מאן געלאָזט אין וועג אריין זוכן א מקלט. אין געפּלאָנטער פון בערג און טאָלן, געהילט אין געדיכטעניש פון אור־וועלדער איז נישט שווער געווען זיך אויסצובאהאלטן. אָנגעקומען אין טאָל וואָס געפינט זיך צווישן די בערג־שפּיצן וואָס טראָגן היינט די נעמען גאָטס־פינגער, ראַרעאו, סוהאַרט, טאָאַקאַ האָבן זיי באַשטימט אויפשלאָגן זייער יישוב אין דער געגנט. שווער צו

פארשטיין ווי אזוי עס איז זיי געלונגען מיטצוברענגען א ביסל פיך. די באפעל־קערונג אין דער געגנט איז געווען א קליינצאָליקע. צו צוזאמענשטויסן איז קיין מאָל נישט געקומען. דער משא־ומתן מיט די איינגעזעסענע איז געווען א לוי־זער, גיכער א צופעליקער. די גרים האָבן זיך געפילט אונטער שטענדיקער אויפ־זיכט. די ערשטע צייט האָט זי ארויסגערופן אומצוטרוי, אומזיכערקייט. זע־נען פארביי חדשים און יאָרן, פאמעלעך האָט זיך געשאפן אן אָנגעווערטערדיקע היימישקייט. די אָרטיקע באפעלקערונג האָט זיי נישט געטשעפעט און זיי, די פון רוימישער ארמיי אָדער שקלאפעריי אנטלאָפענע, האָבן זיך געפילט אין זי־כערקייט. זיי האָבן געבויט הייזער, געפלאסטערט מקוות. געשפינט וואָל, גע־גארבט פעלן, געמאכט פארמעט, געפירט זייער לעבן אזוי ווי זיי האָבן געלערנט פון זייערע עלטערן. קלאָר איז געווען אז דער יישוב קאָן קיין קיום נישט האָבן. נייע זענען נישט צוגעקומען. עמעצן איז איינגעפאלן פארצייכענען די נעמען פון די באפרייטע, פון די צום גלויבן אומגעקערטע, אויף א שטיין. דער געדאנק איז נישט געווען אנושס. א סימן דער ערשטער נאָמען איז געווען זיינער. אנטקעגנ־געשטעלט האָט ער זיך נישט, כאָטש מיט זיין אויטאָריטעט וואָלט ער דאָס גע־וען געקאָנט טאָן. אויב נישט צוליב זיין אייגענער שוואכקייט איז עס געווען מחמת דעם, וואָס פאר דער צייט איז ער געוואָרן אין א גרויסער מאָס טאָלע־ראנט פאר מענטשלעכער שוואכקייט בכלל.

אין דער געגנט האָבן זיי געלעבט זעקס און דרייסיק אָדער פערציק יאָר. דער טאָל האָט אָנגענומען זייער נאָמען „דער יידישער טאָל". דער קלאנג וועגן אָפטרעטן פון דער רוימישער ארמיי, וועגן איר צוריקציען זיך פון דאקיא איז צו זיי דערגאנגען, זענען זיי אָבער געווען צו אלט זיך ווידער צו לאָזן אין וועג. אפשר ווען זיי וואָלטן געווען איבערגעלאָזט די געגנט, אָדער אויסגעשטאָרבן איינ־ציקווייז וואָלט זיך א צייט נאָך זייער פארשווינדן אויך געווען אויסגעלאָשן דער נאָמען פון טאָל. איז אָבער געשען א קאטאסטראָפע. וואסערן האָבן זיך אומגעריכט א גאָס געטאָן, פארפלייצט דעם טאָל, אָפגעווישט אין עטלעכע מי־נוט דעם יישוב אזוי אז ס'איז קיין שריד ופליט נישט געבליבן, קיין סימן. אן אויפגעטרייסלטע האָט די באפעלקערונג לאנגע יאָרן דערציילט וועגן דעם יישוב און וועגן זיין אויסטערלישן אומקום. מיט דער צייט האָט מען דערציילט נישט מער ווי וועגן נשמות וואָס וואנדערן אין טאָל און אין די ארומיקע וועלדער און אז דאָס זענען די נשמות פון די אומגעקומענע. געשיכטעס וועגן וואנדערנ־דיקע נשמות דויערן יאָרהונדערטער.

אין יאָר פינעף טויזנט פיר הונדערט אכט און פופציק, אָדער טויזנט זעקס הונדערט אכט און ניינציק איז ביי א מעדזשיבעזשער וואסער-פירער גע־בוירן געוואָרן א יינגל. געוואקסן אין דחקות. אין מעדזשיבעז איז דחקות נישט געווען קיין אויסנאַם. כמעט אלע יידן האָבן געלעבט אין אָרעמקייט. פאַרשיידנ־ארטיק איז געווען נאָר דער צוגאַנג, דער סטיל, דער אופן פון אָננעמען דאָס קבצנות ווי א געשאַנק פון אייבערשטן. דער וואסער-פירער האָט אויפגענומען די אָרעמקייט כמעט מיט פרייד, ער האָט געהערט צו יענעם סאָרט מענטשן וועל־כע אייניקע רופן קבצן-הוליע. דאָס יינגל איז געגאַנגען אין חדר, געלערנט וואָס אלע האָבן געלערנט, אויסגעטיילט פון כלל האָט ער זיך מיט זיין ליבשאַפט צו דער נאַטור. א נישט געוויינטלעכע ליבשאַפט צו פעלד און וואלד, צו אלעם וואָס וואקסט, גרינט, בליט, צוויטעט און ברענגט פרוכט. שפּעטער לאַנג פלעגט ער פאַר־פאַלן ווערן אין די נאָענטע וועלדער, בלאָנדזשען איבער די ברייטע פעלדער. מענטשן האָבן געזאָגט, ער וואקסט עפּעס א ווילדער. געאַרט האָט עס ווייניק ווייל דאָך נישט מער ווי א וואסער-פירערס יינגל. זיין טאַטע האָט אים גערופן אנוש. סע האָט זיך אים געדאַכט אז דער דריטער נאָמען פון ערשטן פסוק פון דברי הימים פּאַסט אמבעסטן אלס צונאָמען פאַר זיין זון. פאַרוואָס? א וואסער-פירער פרעגט מען נישט, א וואסער-פירער נעמט מען אזעלכן ווי ער איז. ווען ער איז געוואָרן נאָענט צו די אכצן און זיין טאַטע האָט אָנגעהויבן טראַכטן צו א שי־דוך האָט דאָס יינגל גראָד געוואַנדערט אין וואלד. אין א נאַכט איז אים געקו־מען צו חלום אן אלטער ייד, אָנגעטאָן אין א ווייסן פון פיינער וואָל געוועבטן כאַלאַט, אָנגעגורט מיט א שטריק, אין גאַרטל א מאָדנע העקל. אנוש, האָט ער צו אים געזאָגט, נידער קיין דרום לענגאויס די קאַרפּאַטן-בערג, באַזוך דיך אין טאָל וואָס רופט זיך דער יידישער, דאָרט וועלן מיר זיך טרעפן. ווען ער האָט אויפגעוואַכט האָבן אים נאָך געקלונגען דעם אלטנס ווערטער אין די אוי־ערן. דער חלום איז געווען צו קלאָר אויף נישט צו פאָלגן, דער באַפעל צו שטרענג אים אויסצומיידן. ער האָט געפאָלגט, א לאַנגע צייט געוואַנדערט אין די וועלדער אָנגעקומען אין דער געגנט פון די וואַנדערנדיקע נשמות האָט ער דער־פילט זייער אָנוועזנקייט. געזען האָט ער זיי נישט. אין א טאָג האָט ער באַ־געגנט דעם אלטן. ווער ביסטו? האָט געפרעגט דאָס יינגל. איך בין דו, האָט גע־ענטפערט דער אלטער. ווי אזוי זשע זענען מיר צוויי? ווייל מיין תיקון איז אין דיר. נאָך וואָס האָסטו מיך גערופן? צוליב דעם תיקון. כ'פאַרשטיי נישט, האָט געזאָגט אנוש פון מעדזשיבעזש. אויף דעם פּלאַץ איז אומגעקומען אן עדה יידן. כ'זע זיי נישט. זיי קאָנסטו נישט זען ווייל זיי זענען אנדערע. פאַר וואָס זשע פיל איך זיי? ווייל אויך זייער תיקון איז אין דיר. רו פאַר זייערע נשמות וועס־

טו ברעננען דורך טבילה. מיינער וועט זיין דער לעצטער. פאַר וואָס דו דער לעצטער? ווייל אויפן שטיינערנעם טאָוול איז מיין נאָמען געווען דער ערשטער-זעקס מאָל וועסטו זיך טובלן פאַר יעדן איינעם. וויפל זענען זיי געווען? האָט געפרעגט דער קינפּטיקער בעל-שם און נישט באקומענדיק קיין ענטפער האָט ער פארשטאנען אז סע האָט אָנגעהויבן די צייט פון שווייגן. ער האָט נאָך א סך מאָל באגעגנט דעם אלטן. איבערקוקנדיק זיך איז געפלאָסן תורה פון ערשטן צום צווייטן, דרך-ארץ און געהאָרכזאמקייט פון צווייטן צום ערשטן. אזוי א זו-מער און א ווינטער ביז ער האָט אָנגעציילט טויזנט פיר הונדערט אכט און אכ-ציק מאָל טבילה. נאָך דעם טויזנט פיר הונדערט אכט און אכציקסטן מאָל האָט זיך דער אלטער מער נישט באוויזן און דער בעל-שם האָט געוואוסט אז ביידע נשמות האָבן זיך באהעפט, זיך צוזאמענגעשמאָלצן אין איינער וואָס האָט בא-קומען איר תיקון און איינצייטיק אויפגעפרישט דעם נאָמען פון טאָל און קוואל אויף נייע הונדערטער יאָרן.

כאָטש דאָס איז געווען איבעריק.

דעם בעל-שם׳ס תיקון... זאָגט שמואל א פארטראכטער.

— פאַר וואָס האָט דער בעל-שם געדאַרפט א תיקון, פרעגט איינער פון די יונגע האָלצהעקער.

— ווייל יעדעס מאָל ווען עס האָט אים עמעצער געזען זיך טובלען האָט זיך מטריח געווען דער עמוד-האש כדי צו פארשטעלן זיין נאקעטקייט. ער האָט נישט געוואוסט אז פאַר דעם נידערן אין וואסער דאַרף מען ארומנעמען די לענ-דן מיט א שאָרסטיקן קאנאָפּליע האנטעך. אז דערפאַר האָט ער זיך נישט דער-הויבן צו דער מדרגה פון ערשטן, זאָגט נישט שמואל.

— און וואָס זשע איז באשטאנען זיין תיקון, אנוש? שטייט צו דער יונגער האָלצהעקער. די פראגע דערשרעקט שמואלן, ער קוקט אין די אויגן פון דעם וואָס האָט געפרעגט, ער וויל עפּעס ארויסלייענען פון זיין בליק, שטעלט פעסט אז נישטאָ וואָס ארויסצולייענען און בארואיקט זיך. יענער האָט געזאָגט אנוש צופעליק.

אז ער האָט געהילט די לענדן מיט א שאָרסטיקן האנטעך, זיך געטובלט אין קוואל איין מאָל און איין מאָל, איין מאָל און צוויי מאָל, אזוי ביז זעקס מאָל, דאָס האָט שמואל אויך נישט דערציילט.

אין א קורצער צייט ארום אויפן וועג צוריק פון בית עולם, האָט דער יונ-גער האָלצהעקער געמיינט: זיך באָדן אין אייז-קאלט וואסער איז אן איינפאל פון.... א משוגענעם האָט ער נישט צוגעגעבן. עפּעס האָט געשטערט.

דאָס מיטן בית עולם איז אויף צו פאַרווישן שפּורן. אַז האָלצהעקער זאָל זיך צו געשיכטע נישט נעמען. פאַר געשיכטע שרייבער איז עס נישט קיין געפאַר. זיי ווייסן אַז געשיכטע האָט אָנצאָליקע וואַריאַנטן. אָבער האָלצהעקער דראָט די געפאַר אַריינצופאַלן אין פּלען פון זייער אייגענעם וואַריאַנט. דאָס איז אַ טויט געפאַר.

(די ווערטער האָט צוגעשריבן מיין טאָכטער ווען עס איז איר קלאָר געוואָרן אַז איר זיידע איז געווען אַ זייטיקער. אַז אויך אַזעלכע וואָס געפינען זיך מיט ברען אין ברען פון די געשעענישן זענען אייגנטלעך זייטיקע, האָט זי נאָך נישט געוואוסט.)

# 3

דעם דריטן טאָג אַז מע לעבט ווי אין ראָמאַנען. כאָטש די מענטשהייט איז אויסגעוואַקסן מיט געשיכטעס וועגן פּרויען-רויב, רופט אַזאַ געשעעניש אַרויס אַ באַזונדערן ציטער אַ מאָדנע געפיל אַזאַ. ווען די געשיכטע איז אָבער אַ פאַר־קערטע קומט עס אויס שרעקלעך קאָמיש. די שטאָט איז אַוועק כאָדאָראָם. עס איז געשען אַזוי נאַטירלעך אומגעריכט אַז מען איז געבליבן געפּלעפט פון דעם וואָס מע האָט נישט פאָרויסגעזען אַז אַזוי מוז זיך די געשיכטע ענדיקן, אַז ביידע ענדעס — סיי די טראַגישע, סיי די גליקלעכע — מוזן פאָלגן איינע דער צווייטער אַזוי ווי דער טאָג באַגלייט די נאַכט. אויסגעכאַפּט איז געוואָרן אַ בחור. און וואָס פאַר אַ בחור? כמעט דער שענסטער פון שטאָט. מאיר איז הויך, בלאָנד, מיט שוואַרצע אויגן, בייגעוודיק ווי אַ טראָסטענע. זאָל ער נאָך דערצו זיין אַ ביסעלע, אַ טשוטעטשקע קליגער וואָלט מען געקאָנט זאָגן ווי דאָס לידל זאָגט וועגן רייזעלען: יעדע מאַמע וואָלט זיך ווינטשן... איז ער אָבער אַזוי ווי ער איז, אָדער ווי אַ מאָלדעוויש ייִנגל זאָגט וועגן אים: נישט קיין גרויסער חכם און נישט קיין קליינער נאַר. כאָטש אַזוי האָבן זיך געפונען גענוג מאַמעס וועלכע האָבן אים געוואָלט פאַר אַן איידעם און בתולות פאַר אַ מאַן.

אפשר ווען מאיר זאָל געווען זיין נישט מער ווי אַ שיינער בחור וואָלט דאָס פאַרכאַפּן אים געווען אָפּגעגאַנגען שטיל. קיינער וואָלט נישט געווען באַמערקט זיין פאַרשווינדן פון שטאָט. אפשר וואָלט מען זיך נאָך אַ צייט דערמאָנט און אָפּגעקומען מיט: זע נאָר זע, מאיר איז אַנטרונען געוואָרן און קיינער האָט זיך

נישט געכאַפּט. האָט זיך אָבער מאיר ארומגעדרייט א בחור ביז... ביז מע האָט אים פאַרקנסט פאַר פייגען, א מויד מיט געקרויזטע האָר, גראָבע ליפּן און דער־צו א באַרעדעוודיקע. זי אַליין און אויך די שכנים האַלטן אַז זי איז א קלו־גע. זינט זי האָט צו זיך פאַרקנסט מאירן האָט זי באַקומען א טראָגיקן גאַנג, אַן אַרויסרופערישן. נישט חס וחלילה ווייבעריש אַרויסרופנדיק. ניין. זי ווייסט אַז דאָס וואָלט איר נישט געפּאַסט. צו דעם פעלן איר אי דאָס געשטאַלט — זי איז א ביסל צו ברייט אין די היפטן — אי דאָס פּנימל. איר אַרויסרופערישקייט איז פון א קריגער נאָכן אָפּהאַלטן א נצחון. ביז אַצינד איז איר זיג געווען אָנערקענט פון אַלעמען, איבערהויפּט ווען זי האָט אים געפירט אונטערן אָרעם צו דער פאַבריק, אָדער גלאַט אַזוי איבער די גאַסן אויף א שפּאַציר.

מאירס פאַרשווינדן נאָך דעם וואָס ער איז אַזאַ לאַנגע צייט פייגעס חתן, האָט אויפגערודערט די שטאָט, א טרייסל געטאָן דאָס שטייענדיקע וואַסער, אַ־רויסגערופן כוואַליעס שטראָמען אויף וועלכע קיינער האָט זיך נישט גערעכנט. אין שפּיל זענען אַריינגעצויגן געוואָרן אַזוי פיל כוחות אַז סע האָט זיך גע־דאַכט אָט, אָט און סע וועט אויסברעכן אַן אמתע מלחמה. מע האָט געוואָלט ווי־סן ווי אַזוי ס׳איז געשען. ווער האָט מאירן אַוועקגעפירט, ווער האָט אים, ווי סע זאָגן די אַמעריקאַנער, „געקידנעפּט". עס איז נישט קיין היגער אופן. אַל קאַפּאָנעס זענען אויפן באַלקאַן נישטאָ. העכסטנס אַזאַ איינער ווי דער געווי־סער טערענטע וועלכער האָט פאַרפירט דאָ נישט לאַנג א גבירס א טאָכטער ער־גען אין די דונאַיער לאָנקעס, אָפּגעהאַלטן א לענגערע צייט און מע האָט זיך נישט געקאָנט פאַנאַדערקלויבן צי איז געווען דער שולדיקער ער, אָדער גאָר זי, דעם גבירס טאָכטער, וועלכע האָט געוואָלט זיך מאַכן א סאָרט רעקלאַמע, מע זאָל וויסן אַז אין לאַנד עקזיסטירט אַזאַ מין אינדיווידואַליטעט וואָס זוכט א חתן לויט איר שטאַנד. מע האָט געוואָלט וויסן ווי אַזוי איז עס געשען פייגע זאָל פאַרלירן דעם קאָנטראָל אויף איר דעראָבערט גוט? ווער האָט זיך געקאָנט אַריינמישן? אַוועקרויבן א גבר ווי מאיר איז נישט קיין שפּילעכל. זאָל ער גאָר געווען פאַרשווינדן פון זיין אייגענעם ווילן? וואָס פאַר א כוח האָט אים געצוי־גן און וואוהין? צי קאָן מען דערלויבן אַזאַ פּרעצעדענט זאָל בלייבן אָן פּאָלגן?

אַז אַזאַ פּרעצעדענט קאָן מען נישט דערלויבן זענען געווען איינשטימיק אַלע שטראָמונגען פון עקסטרעם רעכטס ביז עקסטרעם לינקס. די פון רעכטס ווייל זיי זענען רעכטע און די פון לינקס ווייל נישט אין דעם באַשטייט זייער לינקקייט. (דאָס איז געווען דער ערשטער פאַל אין דער געשיכטע פון אָרגאַ־ניזירטן קלאַסן קאַמף ווען געזעלשאַפטלעכע לינקע כוחות האָבן זיך אַרויס־געזאָגט מיט דער גאַנצער קראַפט פאַר אויפהאַלטן די באַשטייענדיקע

אָרדנונג. לערנענדיק פון אָט דעם פאַל וועט מיט יאָרן שפּעטער — אויב עס איז קיין טעות אין די זיבעציקער יאָרן אָננעמען די זעלבע שטעלונג — אַ פיל גרעסערער אָרגאַניזירטער געזעלשאַפטלעכער כוח אין מערב אייראָפּע.)

די פּאַראַנטעזע איז צוגעשריבן פון אַ האַנט וואָס האָט גע־נישטערט אין טאַטנס פּאַפּירלעך. אָן אַנאָנימע האַנט, אַזאַ.

האָט מען אָנגעהויבן פאָרשן, זוכן, זיך דערשלאָגן צו אַ וועג וואָס זאָל פירן צו מאירס באַהעלטעניש, דערגיין דעם פּאַרוואָס פון זיין אַנטלויפן. נאָך אַכט און פערציק שעה האָבן די אונטערזוכונגען דערפירט צו פאָלגנדע פּראַג־מענטאַרע אינפאָרמאַציעס:

יאָסל בעל־עגלה: יאָ, ער האָט אָפּגעפירט מאירן צום וואָקזאַל. ניין, מאיר איז נישט געווען אַליין. מיט אים איז געפאָרן איינע אַ שוואַרצינקע, אַ ביז גאָר חנעוודיקע; מע קאָן זאָגן אַ זייער, זייער שיינע. דעם גאַנצן וועג האָבן זיי גע־לאַכט און... דאָ האָט מען געמוזט יאָסלען אַ פּרעס טאָן ווייל ער האָט זיך פּאַטי־קעט און בשום אופן נישט געוואָלט זאָגן און... וואָס. סוף כל סוף האָט ער זיך געלאָזט איבעררעדן און אַרויסגעזאָגט דאָס שרעקלעכע וואָרט — זיך געקושט. יאָסלס קווענקלען זיך איז געוואָרן פאַרשטענדלעך. ער האָט מורא געהאַט אַז דערוויסנדיק זיך וואָס עס איז געשען אין זיין בויד וועלן בכבודיקע יידישע טעכ־טער, און נישט נאָר טעכטער, מער נישט וואַגן אַרויפטרעטן אין זיין פיאַקער, זיך אָפּזאָגן מיט אים פאָרן צום וואָקזאַל אפילו ריזיקירנדיק פאַרשפּעטיקן די באַן. יאָסל האָט זיך טועה געווען. נאָך דער געשיכטע האָבן מיידלעך אָפּגעגע־בן פּריאָריטעט דווקא זיין ברישקע. צי זיי האָבן פון דעם געהאַט אַ באַזונ־דערע הנאה איז שווער צו וויסן.

פון יאָסל בעל־עגלה'ס גבית עדות איז געבליבן נישט מער ווי די שעה ווען מאיר איז אָפּגעפאָרן און אַז בילעטן האָט ער געקויפט ביז דער נאָענט־סטער שטאָט. זיינע אָפּשאַצונגען וועגן דעם שיינקייט האָט מען נישט גענומען אין אַכט. מיט אומרעכט. יאָסל איז דווקא יאָ אַ מבין.

אַ מיידל: מאיר איז אַ קלאָץ. מע קאָן מיט אים טאָן וואָס מע וויל. ווער ווייסט וואָס פאַר אַן אויסגעלאַסענע מויד סע האָט אים פאַרשיכורט און פאַר־פירט. אוועק איז ער תיכף נאָך דער אַרבעט ווען מע האָט אויסגעצאָלט דעם אַ־וואַנס. ווער ווייסט וואָס פאַר אַ שליוכע עס האָט אים פאַרטשעפּעט.

פון מיידלס גבית עדות האָט מען גאָרנישט צוריקגעהאַלטן. פייגע איז גע־ווען קעגן. זי האָט נישט געקאָנט דערלאָזן מע זאָל אַזוי דערנידעריקן מאירן,

איר חתן קאָן נישט אוועק מיט א שליוכע. ווייל זי האָט אָפּגעשטויסן אזא מענ־לעכקייט מיט ביטערע טרערן, האָט מען זי געפאָלגט.

בוקע, מיט א לייכטן שמייכל: מיר דאכט אז די טעג איז געווען צו גאסט ביי חייקען אירע א חברטע פון דער שכנישער שטאָט. עס איז אָבער נישט מענ־לעך פון דעם זאָל מען צו עפּעס דערגיין ווייל חייקעס חברטע איז א באמאנטע.

בוקעס שמייכל, כאָטש אן עטוואָס הוזקדיקער, האָט געווירקט.

חייקע, א וועבערן, א שטילינקע: יאָ, א חברטע פון דער שכנותדיקער שטאָט איז ביי מיר געווען צו גאסט. א שלאנקע, מיט צוויי שורות ציין רייגער העל־פאנטביין. מאיר איז צופעליק אריינגעקומען אויף א מינוט. נישט מער ווי איין מינוט. גערעדט האָבן זיי נישט. מאיר איז נישט א בארעדעוודיקער. די חברטע מיינע, וואָס איז געקומען צו גאסט האָט אויף אים געקוקט נישט מער ווי העכס־טנס פערציק סעקונדן, אזוי פיל וויפל מאיר איז געבליבן אויף דער שוועל.

די צוויי שורות ציין האָט מען אויך נישט גענעמען אין אכט. ס'איז שווער צו דערגרונטעווען דעם באוועג־גרונט פון פרויען אָפּשאצונגען. געבליבן איז מען ביים כישוף וואָס האָט געשפּיזט פון דער חברטעס אויגן, ווייל אזעלכע שפּיזן טרעפן צו מאָל דאָס הארץ.

יאָסל בעל־עגלה ביי א גלעזל משקה: וואָס רעדט איר? צי ער איז געווען אויפגעלעגט? אוודאי איז ער געווען. אזאן אפּותיקה טרינק־געלט! דער גרעסטער פּויץ גיט דאָס נישט.

דאָס האָט פייגען בארואיקט. ער וועט בלייבן אָן געלט וועט ער זיך אומ־קערן. די „שליוכע" וועט אים נישט אויסהאלטן. פייגע האָט אָנגעהויבן לייגן קאָמפּרעסן צו די אויגן סע זאָל אָפּגיין דאָס געשוווילעכץ פון אזוי פיל וויינען. מאירס מוטער האָט עס ארויסגעבראכט פון די כלים. דאָס ביסל בידנע געלט צעטראסקעט ער, דער אָפּגעריסענער נאר מיינער, סע רינט אים צווישן די פינ־גער און ביזן לוין זענען נאָך געבליבן גאנצע צען טעג. עס איז שוין דער דרי־טער טאָג זינט ער איז נישט אהיים געקומען און דער צווייטער אז ער גייט נישט צור ארבעט, אז אָך איין וויי.

א שכן, א קרעמער: מען מוז עפּעס טאָן. אוועקגעפאָרן און דעם חוב פון יע־נער וואָך נישט באצאָלט. מע וואָלט זיך געדארפט דערוויסן וויפל ער האָט געגעבן טרינק־געלט יאָסל בעל־עגלה. טרינק־געלט איז אָפּנארעריי, בעטלעריי, קאָן מען דאָס רעכענען עלעהיי גנבה.

יאָסל בעל־עגלה: א קרענק, א פייג וועל איך אים געבן. ער רייסט סיי ווי די הויט. זיינס האָט ער באקומען פון אפריערדיקע חובות מיט זיין איבערזאלצן

די פרייזן און מיט צושרייבן אין קאָנט-ביכעלע. ער מיינט אוודאי, דער אויס-וואורף אז מע קען אים נישט, מע ווייסט נישט.

א צווייט מיידל: מאיר איז נישט שולדיק. ווער סע קען עטלען ווייסט. וואָס זשע, עס איז עפּעס א סוד. יענער פאַרשוין. איר מאַן מוז זיך נעבעך מאַכן נישט ווייסנדיק וועגן אירע אלע מעשים. לייטישע מענטשן וואָלטן געדאַרפט ראַ-טעווען. אן עבירה מאיר. אויב עטל האָט אויף אים געקוקט פּערציק סעקונדן איז געווען געגנוג זי זאָל זאָגן אלץ וואָס זי האָט געוואָלט. ווער סע קען עט-לען ווייסט וואָס איר בליק קאָן. און ווער וועט גאַראַנטירן אז סע זענען געווען נישט מער ווי פערציק סעקונדן. סע האָט אים עמעצער געהאַלטן ביים דפק? אפשר חייקע? סע קאָסט מיך א לאַך. זיי האָבן זיך דאָך נאָך א מאָל באַגעגנט טאַקע ביי חייקען אין שטוב. און נישט נאָר איין מינוט. דאָס וואָס חייקע ווייסט נישט איז קיין וואונדער. עטל האָט זי געשיקט נאָך א סוכה-שער, פאַרלאָזט אייך אויף עטלען.

געפאָרן ברענגען מאירן איז איינער וואָס האָט ליב א שטיף טאָן. אראָפּ-גייענדיק פון וואַגאָן האָט ער זיך געלאָזט גלייך צו יאָסל בעל-עגלה, געהייסן פירן איבער דער גאַנצער שטאָט מע זאָל וויסן אז מאיר איז דאָ, אז ער איז צוריק-געקומען צו דער כלה. באַצאָלט די דראָשקע האָט ער נישט. געזאָגט אז מאיר האָט באַצאָלט מיטן טרינק-געלט פון ערשטן מאָל.

פייגע איז היינט אדורכגעגאַנגען די גאַס מיט איר טראָציק זיגערישן גאַנג. די חופּה, זאָגט זי, וועט זיין פון מיטוואָך איבעראַכטטאָג.

...אָפּגעהוליעט דער פייגע-מאיר ראָמאַן. זיי וועלן קינדלען און לעבן אזוי ווי פייגע וויל. א בידנע לעבן מעג זיין מיט רייכע ראָסל-פליישן, שווער מעבל און גילדענע אויערינגלעך. בלאָטע. בלאָטע, בלאָטיק, זומפּ. דאָס אייניציקע וואָס שיינט אין ברודיקן טאָג איז איר קערפּער. מע איז געקומען קוקן ווי אויף א בייז-וואונדער. ווילד פרעמדע פאַרשוועכן מיט אָנפאַרשעמטן נייגיר איר סאַ-מעטענע הויט. זי ליגט א נאַקעטע, א צעשניטענע. א בלוטיקער שניט אין לע-בעדיקן גוף איז שרעקלעך, אן אָנבלוטיקער אין טויטן איז גרויזאַם. וואָס טויג פאַלמעסן ווען מע ווייסט דעם פאַרוואָס? דאָך פאַלמעסט מען.

צוויי קאָזלעס, דריי לאַנגע ברעטער צוגעדעקטע מיט א ווייס ליילעך, זי א נאַקעטע און דער דרויסן א טריבער.

פאַר אָפּעליאַס סוף האָב איך פאַרמאָגט טרערן, פאַר אַננאַ קאַרעניניאַס שלוקעכצן, פאַר איר פינצטערע פוסטעקייט.

פלוצלינג האָט זיך ארויסגעריסן א שטיק פון מיין לעבן, געבליבן א בלינדער שפאלט. אנאסטאסיא — א נאָמען געהייליקט פון הייליקע. אפשר איז זי גאָר געווען די ערשטע? מיר צו דער גאס און זי מיט איר פאָטער, דעם גלח, הינטער אונדזער שטוב. אין א גרוים הויף א קליין הייזעלע. עס איז גאָרנישט אזוי קליין — דריי צימערן. דאָס הויף מיט די אלטעביימער פארקלענערן דאָס שטיבעלע. א גרינער דאך, גרויסע געקעסטלטע פענצטער און הינטער זיי א סוד. אזוי איז געווען פון אָנהייב. דער סוד האָט זיך פאמעלעך אנטפלעקט. צו ערשט מיט אנאסטאיאס שפילערייען און טועכצן. נאָך א צייט מיט עאוזשענען, מיט זיינע קומעכצן און גייעניישן, זי האָט אים געשענקט די זון מיט די פלאנעטן, דעם הימל מיט די שטערן, די ערד מיט אלע אירע שיינקייטן. כ'ווייס עס פון איר. מיר האָט זי דערציילט און סע האָט מיר געדאכט — דער שטראל פון אירע אויגן האָט עס פארראָטן — אז זי קאָן נישט אָפשאצן וויפל זי האָט אים געשענקט. עאוזשען דער בעל הבית פון אזוי פיל וועלטן האָט פון איר געוואָלט אן אנקער, א שטיין.. דאָס פליען האָט אים געשווינדלט. ער האָט געזוכט א פלאץ זיך צו זעצן ווי די טויב פון נח'ס תיבה. א שווארצע טויב. אנאסטאסיא האָט געזען א ווייסע. דעם שטיין האָט זי נישט פארמאָגט. איר פאָטער, דער גלח, גרייט זיך צום גאָטס-דינסט. ער וויל נישט אָפטרעטן אנדערע די תפילה מחמת פאר זיי אומפארשטענדלעכע איבערלעבענישן. אים זענען זיין טאָכטערס סודות אנטפלעקטע. ער האָט געלייענט אין איר הארץ, געמיטן אירע בליקן ווייל ער האָט געוואוסט אז העלפן האָט נישט געקאָנט און קאָן נישט קיינער. נישט פריער און נישט אצינד. אויך נישט עאוזשען. אפילו ווען ער זאָל וועלן.

דאָס מיט פייגע-מאיר, וואָלט געקאָנט זיין כילם איבערדערציילן די געשיכטע. דאָס ווייטערדיקע מוז זיין צילקעם. סע פאסט צו איר אופן.

בוקע, דער זעלבער וואָס מיטן חוזק צו דער גרויסער אוואנטורע צוליב וועלכער א שטאָט איז געגאנגען כאָדאָראָם, איז געבליבן א רעטעניש. מער פון אנדערע. ביי אנדערע געפינט זיך עפעס אויף יענער זייט מעשהלע, אָבער זיי זעען אוים צו זיין די זייטיקע, ארייגגעטאָגענע אין מעשהלע גופא. נישט אזוי בוקע. א סטעגעלע פון זון אָפגעברענט און פון רעגן געברוינט היי, אזוי זעט אוים דער בארג האָר אויף זיין קאָפ. א מיטלוואוקסיקער, בלייבט ער אין זכרון א קליינעקער. אפשר איז שולדיק דערין זיין נעזל — קינדיש געטאָקט, שפיציק מיט א קליין

האַרבעלע. אפשר דער באַרג האָר וואָס אויפן אָרט ער זאָל אים ציען אין דער הייך מאַכט ער אים נידעריקער, קלענער.

א וועלט מיט מיידלעך זענען פאַרליבט אין בוקען ביז איבער די אויערן. פאַר וואָס? וועגן מיידלעך ווייס איך כמעט גאָרנישט. פאַר מיר זענען זיי אַלע וועסטאַלקעס. נישט צניעות ווי סע פּאַסט יידישע טעכטער נאָר וועסטאַלקעס. געצנדינערישע נזירות. נישט אָפּגעטאָנענע נאָר אָפּגעשלאָסענע. נישט אזעלכע וואָס האָבן זיך, הילנדיק אין שלייערן, אָפּגעטאָן פון דערוועלטיקייט, נאָר אָפּגעשלאָסענע פון נסיונות אפילו אין זונותדיקער נאַקעטקייט. און אויפן אזא פון פאַרשטיין מיידלעך און וועסטאַלקעס. אפשר א פאַרקערטער.

ווען בוקע איז נאָך געווען א קינד פלעגט ער בויען און לאָזן פּאַפּירענע שיפלעך אויף פון דעכער געזאַמלטע ריטשקעלעך. אַמליבסטן ווען דער רעגן האָט זיך געענדיקט מיט א זון. געוואָלט אז זיינע זאָלן שווימען אַמווייטסטן, פלעגט ער זיי מיטהעלפן אויסבלאָזנדיק די לונגעלעך. ווייזט אויס צוליב רום. א פּאַפּירענער האַלבע מינוט דויערנדיקער רום. א סך שפּעטער — שוין א דערוואַקסענער, שוין אזא וואָס וועט קאָנען זיין א טאַטע פון קינדער — וועט ער ווידער מאַכן פּאַפּירענע שיפלעך. שטייענדיק אויף דער וואַך מיט א ווי ער לאַנגער ביקס, ווי נאָר סע וועט אָנהייבן רעגענען, וועט ער אָנגרייטן א פּאָר שיפלעך און ווען סע וועט זיך באַווייזן א ריטשקעלע זיי לאָזן אויפן מוטנעם וואַסערל אין פרעמדע דערפער, צווישן פרעמדע מענטשן, אויף פון פרעמדע סטריכעס רינענדיקע טראָפּנס. נישט צוליב רום, פאַר בענקשאַפט. עסנדיק שפּאַנישע „סאַנדיאַס" וועט ער נישט פילן דעם טעם פון היימישן רומענישן אַרבוז, סע וועט זיך אים דאַכטן אז דער רומענישער איז זאַפטיקער, שמעקנדיקער, אַפּעטיטלעכער. וועט ער מאַכן פּאַפּירענע שיפלעך זיי אָפּלאָזן אויף פון סטריכע זיך גיסנדיקן ריטשקעלע, אָנגעלאָדענע מיט געדאַנקען וועגן דער ווייטער פּאַפּירענער היים. דורכזיכטיקע געדאַנקען — א שוואַרם קערפּערלאָזע איין מינוט לעבנדיקע ליבעלעס. אָבער דאָס וועט זיין שפּעטער אין דער צייט פון זיין ערשטער מלחמה. אפשר וועט ער נאָר מיט דעם בלייבן, אָדער נאָר דאָס מיטברענגען פון זיין ערשטער מלחמה צו וועלכער סע וועט אים רייסן נישט דער רום, נאָר א נישט פאַרשטענדלעכער רוף. אין דער צווייטער — וואָס וועט שוין נישט זיין אין גאַנצן זיינע אָדער נישט נאָר זיינע — וועט ער ווידער גיין פריוויליק. דאָס מאָל מער מחמת פליכט כדי צו באַשטעטיקן די ערשטע, אָדער ווייל אז מע זאָגט אַלעף מוז מען זאָגן בית, צי אפשר ווייל סע וועט גיין אין ראַטעווען די וועלט און בוקע וועט נישט קענען פאַרשטיין אַנדערש ווי: אויב סע גייט אין ראַטעווען די וועלט מיינט מען אויך אים. און אויב די וועלט איז א קליינענקע,

א שוואכנקע מוז מען זי דאָך אוודאי ראטעווען. דאָס וועט זיין נאָך שפּעטער און דאָס לעצטע מאָל, ווייל פון זיין צווייטער מלחמה וועט ער מער נישט צוריקקומען.

אצינד ארבעט ער אין פאַבריק און וואוינט אין א בוידעם-שטיבל. אמאָל איז דער בוידעם געווען א שפּייכלער. אהער פלעגן קומען פּויערים לעבן שווער גע-לאָדענע וועגענער געשלעפּטע פון גרויסע אָקסן מיט קורצע הערנער אָדער פון א דריישפּאַן מיט ברייטע גריוועס, קריכן אויף דער לייטער מיט פולע זעק און זיך אומקערן מיט ליידיקע באַגלייט פון א דין כמארעלע שטויב. טאָמער איז דער פאָ-רעך געוואָרן געדיכטער, פלעגט וואָלף הערצאן — דער תבואה הענדלער און בעל-הבית פון שפּייכלער — ווערן אויפגערעגט (אויפרעגן זיך האָט ער נישט גע-טאָרט דאָס הארץ) און שרייען: וואָס האָסטו מיר דאָרט אָנגעבראכט וואסיליע, פאָרעך צי ווייץ? ווייץ האָב איך ביי דיר באַשטעלט, נישט פאָרעך! דעמלט פלעגט מען ברענגען א ברעזענט, אויסליידיקן א פּאָר זעק און אויב וואָלף האָט געפּסקנט: פאָרעך, האָט דער פּויער געמוזט איבערוועגן דעם ווייץ צו מאָל טאַ-קע דאָ אויפן פּלאַץ. נישט תמיד. נאָר אין יענע טעג ווען וואָלף הערצאן האָט זיך געפונען אונטער א רחמים שטערן. אונטער אזא שטערן איז ער אָבער זעל-טן געשטאנען, געוויינטלעך פלעגט ער הייסן ווידער אָנפולן די זעק און פאָרן אהיים איבערוועגן.

צו יענער צייט האָט אין בוידם-שטיבל געוואכטיקט דער שומר, דער זעלבער וואָס פלעגט ביי טאָג שעפּלען דעם ווייץ ער זאָל זיך נישט אָנצינדן. אצינד איז דער בוידעם פוסט, אין שטיבל וואוינט בוקע אין די ברע-טערנע ווענט א פּאָר מייזלעך. זיי קראצן די ברעטער און דערציילן ניסים וועגן וואָלף הערצאן. פאר זיי איז ער נאָך דער אמאָליקער נגיד, דער געוועזענער בעל-צדקה, דער וואָרט-זאָגער אין שיל, אין גאס און צווישן מענטשן. דאָס דערפאר ווייל די מעשיות זענען געירשנטע. דערציילן, דערציילן זיי גלייך סע וואָלט גע-שען אצינד און בוקע פרעגט זיך צי זיי זענען דער ערשטער דור וואָס דערציילט איבער אלטע געשעענישן, אדער יענע מייזלעכס וועלכע האָבן נאָך פארכאַפּט דעם שפּייכלער א פולן, אייניקלעך צי אוראייניקלעך. ער ווייסט נישט ווי לאַנג א מויז לעבט. אָט טאַנצן זיי און פישטשען פאר פרייד — זאב זאנוויל בן ברוך נתן האָט מנדר געווען אן אויוון ברויט פאר אָרעמלייט און אכט מאָל ח״י מזו-מן פאר דער קהילה, פון די ברויטן קאָן עפּעס אָפּפאַלן פאר אונדזער איינעם; ביים בייגל-בעקער איז יענע וואָך געווען אן עכטער מייזן-באַל, געטאַנצט אויף טישן און בענק, אָפּגעגריזשעט צוויי הונדערט אכט און אכציק בייגל. דעם בע-קער איז נישט געגאַנגען אין די בייגל. געזעסן שבעה. ס׳האָט זיך ביי אים גע-

פּעלט דער בכור. געווען בײַ די סאָלדאַטן און נישט אויסגעהאַלטן. אַ שוואַכער אַזאַ. מע זאָגט אַז שוואַכע נעמט מען נישט, איז האָט מען יאָ גענומען. זאָל מען נישט געווען נעמען דעם בײַגל־בעקערס זון וואָלט געמוזט גיין וואָלפּס זון. צווישן די ברעטער הײבט זיך אָן אַ געלויפּעניש. געקומען אַ גאַסט, אַ מויז פון סקורניקס קרעטשמע. פון די ראַפּטן מיט פּאַסטראַמע און וואורשט האָט זיך אויסגעלאָזט, זאָגט זי, אַ בוידעם. זינט סקורניק האָט אָנגעזעצט בלאָזט אין די סקלאַדן דער ווינט. אָנגעזעצט האָט ער צוליב אַ שישי. די מײַז טאַנצן פאַר ניי־געריקייט: ששי ששי גאָר?! אָפּגעקויפט האָט דעם שישי סקורניק. אַוודאי האָט עס וואָלף הערצאַן פאַרדראָסן. געזאָגט האָט ער גאָרנישט. זאב זאנוול בן ברוך נתן וועט נישט אָנהייבן פירן מחלוקת מיט אַן אויפגעקומענעם קרעטשמער. ער האָט נישט מער ווי אָנפאַרטרויט איינעם אַ פּלאַפּלער אַז דער ווײַן בײַ סקורניקן איז געשמדט, אַז מיט די שטײַערן איז בײַ אים נישט פויגלדיק. אייניקע האָבן געזאָגט אַז סע שמעקט מיט מסירה, איז עס אָבער אַ ליגן. בײַ אַלעמען יאָ, אָבער נישט בײַ וואָלף הערצאַן. ער אַז ער טוט עפּעס ווייסט ער וואָס ער טוט. בײַ אַ ייִדן וואָס טוט אַלץ פאַר כלל איז אפילו אַ מסירה קיין מסירה נישט. דאָס ווייסן אפילו מײַז.

היינט פאַרוויילן אים נישט די מײַזן־דערציילעכצן. ער ליגט מיט אָפענע עטוואָס פאַררויטלטע אויגן. איינשלאָפן קאָן ער נישט. דער זייגער ווײַזט דרײַ און שייע איז נאָך נישטאָ. עפּעס איז ווײַזט אויס געשען.

שייע איז דער דריטער פון פינעף ברידער. דרײַ פון זיי זענען זינגערס. שייע איז אַ צווייַ מאָל וואונדער־קינד: אַלס זינגער און באָקסער. באָקסן באָקסט ער ווען ער האָט קיין ברירה, און קיין ברירה האָט ער ווען אַ שוואַכנקער גע־פינט נישט אַן אויסוועג פון קרײַז אין וועלכן סע נעמען אים די יאַטלעך אויפן וועג אַהיים פון שול. דעמלט וואַקסט אין אים אַ כוח וואָס קאָן בײַקומען די גאַנצע וועלט. דעמלט ווערן זײַנע פויסטן בלײַערנע. אַנדערש בײַ דער פּיאַ־נינע ווען איבער ווײַסע קלאַווישן שפּרייטן זיך מעווע־פליגל און איבער שוואַרצע נידערן מיט אימפּעט אָדלערס.

ווען דער קריזיס פון סוף צוואַנציקער און אָנהויב דרײַסיקער יאָרן האָט זיך אַרײַנגעריסן אין יאַסער הינטערגעסלעך, אָרעמקייט האָט געוואַקסן, בלאָטעס זענען געוואָרן טיפער, ברויט אויף טישן זעלטענער, קינדער פּנימער בלאַסער איז ער אין איינעם אַ טאָג געזעסן אַ פאַרלוירענער בײַ דער פּיאַנינע. צוויי עלטערע] פרויען] שכנות, זענען געבליבן שטיין זיך אָפּרוען לעבן אָפענעם פענצטער און איינצייטיק הערן שייעס שפּילן. דערפילנדיק זייער אויפמערק־זאַמקייט האָט ער געשפּילט פאַר זיי און ווען אים האָט זיך געדאַכט אַז ביידע

אַלטע יידענעס פליען מיט אים אין אנדערע וועלטן, האָט ער דערהערט א טיפן קרעכץ, א שרעקלעך מידן, און א יידענע וואָס זאָגט: נו, נו, א וועלט כוואָרעט און זיי שפילט זיך, פארשפילט זאָל עס זיי ווערן אזוי ווי מיר, ווילן זיי פארגעסן אין פיאנינעס. אין גאנצן א פופצניעריקער, צי אפשר ווייל א פופצניעריקער האָט שייע פון דעמלט אָן זעלטן געשפילט. ער האָט געזוכט און געפונען א פלאַץ אין קרייזן וואָס האָבן זיך גערופן: דער יונגער לעניניסט, דער רויטער קעמפער, אָדער פשוט דער ייגנטלעכער. ער האָט אָנגעהויבן וואנדערן פון שטאָט צו שטאָט כדי אויסמיידן די סיגוראנצע, אָבער נישט שטענדיק איז אים געלונגען, אזוי אז א יאָר האָט ער „אקטיווירט” און צוויי געזעסן. אקטיווירן איז פאר אים געוואָרן אן אופן פון זינגען. אצינד איז ער אראָפּגעקומען מיט א שליחות. (מיט שליחות קומט מען שטענדיק אראָפּ). אָנזאָגן אז ויהי בעלות השחר, אז אין דער צייט ווען דער מאָרגנשטערן באווייזט זיך מיינט מען קאיאָר.

בוקע שלאָפט נישט, ער וואַרט אויף שייען. ער ווייסט נישט אז איינער פון די וואָס זענען גערופן געוואָרן אויף דער פארזאמלונג האָט זיך ארייַנגעכאפּט צו דער סיגוראנצע זאָגן אז אים האָט די געשיכטע צוגעגעסן, אז ער וויל נישט האָבן צו טאָן מיט געזעסענע, אז ער וויל נישט וויסן וואָס דער מאָרגנשטערן טראכט ווען ער באווייזט זיך אויפן הימל, ער האָט דעם הימל אויף תשעה און ניינציק כפרות, און אז שייע וועט ווידער מוזן זיצן. אז א צייט וועט שייע נישט שפילן און זינגען. שטערן וועט אים דער מאָדנע פארראט זשום, ער וועט וועלן דערגיין דעם סוד פון פארשידנארטיקייט אין דער יצירה פון איין און דעם זעלבן מין באשעפעניש. כאָטש ווייט פון מיסטיק, וועט ער רופן צו הילף יענזייטיקע כוחות און אנטדעקנדיק אז אָן פארשיידנארטיקייט הערשט מאָנאָטאָנע פוסטעקייט וועט ער זיך ווידער צעזינגען אויף אלע קולות.

א באנאלע געשיכטע מיט א באנאלן סוף. וואָלט זיך בוקע געוועזן אומקערן פון זיין צווייטער מלחמה וואָס איז געוועזן נישט נאָר זיינע וואָלט די געשיכטע געהאט א נאָך באנאלערן סוף. א סך שפעטער האָט שייע געפּרואווט געפינען דעם מהות פון ליכט און שאָטן און קומענדיק צום אויספיר אז לעמפּלעך פארקויפט מען פאר א שיבוש האָט זיך זיין חלום אויסגעחלומט און זיין געזאנג האָט זיך אָנגעהויבן קאטשען אויף צוריק — צו הינטער מיט גראטעס געקאָוועטע פענצטער. געפרעגט פון עמעצן צי ער דערמאָנט זיך אין בוקען און זיין ווארטן אויף אים גאנצע נעכט, האָט ער געענטפערט: זאָל נישט געוועזן זיין בוקע וואָלט מען זיך געקאָנט נעמען דאָס לעבן.

דערמאָנענדיק זיך אין בוקעס טשופּרינע, אין שטורעם וואָס
האָט אונטער איר געבושעוועט האָט דער זיידע צוגעשריבן:
פ״נ איז נאָך באנאלער, און דאָך אזוי סודותדיק פארטראכט...

# 4

דער שפּיל אויפֿן מיסט-פּלאַץ וואָס הינטער דער איזראַעליטישער שול, דעם טעמפּל און שעכט-הויז האָט זיך געענדיקט. געשען איז עס נאָכן צוזאַמענבראָך פֿון אימפּעריעס מיט מאָדנע נעמען: אַטלאַס, עווערעסט, קילימאַנדשיאַראָ. אויסגעקליבן די נעמען האָט מען אויף דער נייער קאַרטע וואָס דער שול-דירעקטאָר האָט געבראַכט נאָך אַ לאַנגער שלאַכט מיט די פֿאָרשטייער פֿון קהילה. זיי האָבן נישט געקענט פֿאַרשטיין וואָס טויג אַ נייע קאַרטע ווען די אַלטע איז נאָך כּמעט ניי. דער ערד-קיילעך איז דאָך געבליבן דער זעלבער. די נייע וועלט-פֿאַרטיילעכץ איז זיי ווייניק אָנגעגאַנגען. כאָטש אַזוי איז מען געקומען אַ קוק טאָן, זען אויף וואָס מע האָט אויסגעגעבן געלט. געקומען איז מען מיט אָדער אָן אָן אויסרייד. דער בעל-הבית פֿון גרויסן שניט-געשעפֿט מיט אַ טאָפּלטן פֿאַצאַד, מיט אַ שילד אויף וועלכער סע שפּיגלען זיך קוביסטישע אותיות: „לא בוהושאנו" איז געקומען מיטן אויסרייד צו פֿאַרהערן די תּלמידים, זען ווי זיי האַלטן אין דער עבֿרי. צוליב דעם האָט ער דריי מאָל איבערגעקוקט דעם ערשטן פּסוק פֿון מה טובֿו, אויפֿן וועג אין שולע געקויפֿט דריי פּליטלעך ביליקן שאָקאָלאַד — פֿינעף און צוואַנציק גראַם יעדעם פּליטקעלע. אַריינגעקומען אין קלאַס איז ער באַגלייט פֿון דירעקטאָר. דער לערער — דער העברעישער — האָט געהייסן אויפֿשטיין. לא בוהושאנו האָט זיך אַ דריי געטאָן איבערן קלאַס, זיך אָפּגעשטעלט אַ רגע לעבן דער קאַרטע, געמאַכט אַ גרימאַסע, ווי איינער רעדט: סע האָט זיך כּמעט גאָרנישט געענדערט, אַרויסגעוואָרפֿן געלט, געבעטן מע זאָל אים געבן אַ שטיקל קרייד, אָנגעשריבן אויפֿן שוואַרצן טאָוול דעם פּסוק מיט דריי גרייזן, זיך אויסגעדרייט מיט אַ ברייטן שמייכל צו די תּלמידים, געפֿרעגט ווער סע וויל לייענען, צוגעזאָגט פֿאַר איבערלייענען אַ שיינעם פּרייז. אורי האָט אויפֿגעהויבן צוויי פֿינגער נאָר אויפֿן אָרט פֿון לייענען אָנגעוויזן די דריי גרייזן. די הוצפּה איז געווען שווער צו באַשטראָפֿן, אַרויסדרייען האָט מען זיך געקאָנט מיט אַ נאָך ברייטערן שמייכל. אַזוי האָט טאַקע געטאָן לא בוהושאנו, דערפֿאַר אָבער האָט מען אויך געקאָנט פֿאַרקלענערן דעם פּרייז און צוויי פּליטקעלעך האָט ער געלאָזט אין קעשענע.

געקומען איז אויך דער קירזשנער פֿון דער גרויסער גאַס פֿאַר וועמענס געשעפֿט דער טראָטואַר איז שטענדיק פֿאַרוואַלגערט מיט שוואַרץ און גרוי באַקוטשמעטע הילצערנע קעפּ. ער האָט קיין פּסוק נישט צוגעגרייט, שרייבן מיט יידישע בוכשטאַבן קאָן ער ניט. אַריינגעקומען, געוואָרפֿן אַ קוק אויף דער פֿאַרביקער

קארטע, זיך געוואונדערט וואָס אזוי פיל בלוי, פארשטאנען אז אויב סע געפעלט דעם דירעקטאָר דאַרף עס אויך אים געפעלן און אוועק א צופרידענער. פון אָט דער קארטע האָבן עטוואָס איבערגעוואקסענע תלמידים — דער לעצטער דור איבער דער מלחמה אין שולע פארשפּעטיקטע — געקליבן צוגעמען: מאָטל — אטלאס, יאנקעלע — קילימאנדשיאראָ און אורי — עווערעסט. יעדן האָט גע־דאכט אז ער האָט אויסגעקליבן דעם שענסטן, דעם קלינגענדיקסטן פון די צו־נעמען און אז דאָס גיט אים דאָס רעכט צו באהערשן די גרעסטע טייל פון מיסט־פּלאַץ, פון גאָלדגרובן וואו סע וואלגערן זיך אזוי פיל רייכטימער: מעסער־קלינגלעך, טאבאק־פּושקעלעך, אָפּגעריבענע מטבעות, קנעפּלעך, צאָן־רעדלעך ספּרונזשינעס, אלטע בריוו, אָפּגעבליאקעוועטע פאָטאָגראפיעס פון קינאָ־אק־טיאָרן, וועלט־בארימטע גזלנים, אָפּגעקרוינטע מלכים, קרעלן צווישן וועלכע מע וואָלט געקאָנט געפונען א פּערל, צי גאָר א בריליאנט. דער שפּיל האָט זיך געענדיקט. מאָטל האָט זייער גיך פארגעסן זיין צונאָמען, קיין צייט געהאט פאר שפּי־לן, ער איז א גאנצן טאָג פארנומען מיט צעבלאָזן די קוילן אין מנשה שניידערס פּרעסלעך. ער איז דאָרט א לערניינגל, טראָגט דאָס מיסט, וואשט די פּאָדלאָגעס און בלאָזט די פּרעסלעך, אלץ אזעלכע ארבעטן וואָס געהערן צום ערשטן יאָר שניידעריי. יאנקעלע איז מיד, ער האָט קיין צייט צום אויסשלאָפן זיך. אין פאבריק מוז מען לויפן נאָך איידער סע באווייזט זיך דער טאָג און אהיים קומט ער מיט דער נאכט אויף די פּלייצעס. אָן זייערע איז אויך אורים צונאָמען אָן איבעריקער. אין פאבריק האָט מען אים נישט געשיקט, צו א שניידער אָדער שוס־טער אלס לערניינגל נישט געגעבן, ער גרייט זיך אין גימנאזיע און איינציטיק פארברענגט ער א פּאָר שעה אין טאָג לערנענדיק ביי זיין טאטן, דעם שוחט, א בלאט דאָס אָדער יענץ. ווייל ער גרייט זיך אין גימנאזיע רופן אים שוין שוועסטער און ברידער דער סטודענט אונדזערער, פארגעסן נישט זיך א ווערטל טאָן אז דאָס געהער זיך אָן מיט פאראזיטיזם, נאָר וואָס קאָן מען טאָן אז מע וויל האָבן א געלערנטן אין דער משפּחה; טאָלערירן אים אין קרייז פון די על־טערע (גלייך ער איז שוין א געלערנטער) וואו ער זיצט מיט אן אָפן מויל און הערט זיך איין צו זייערע שמועסן און דערציילעכצן, אָדער זוכט הינטערגעסלעך אין וועלכע מע קאָן פליען אין הימל אויף א פייערדיקן רייטוואָגן ווי אליהו הנביא. דעמלט האָט זיך אויך ארויפגעלאָזט אין שטאָט דער ערשטער יידישער גרויסער פּאָעט. אייגנטלעך איז ער שוין געווען אין שטאָט זינט א לענגערער צייט. ביי קרעצו אין קרעטשמע — ביים קוזיסט, ביי דעם וואָס האָט געזאָגט אז יידן זענען חוץ אלעם אויך פרעמדע, אז מע דאַרף זיי ארויסטרייבן פון לאנד און געהאלטן א ספּעציעל צימערל, א מין חדר מיוחד, פאר יידישע טרינקער

ווייל זיי זענען נישט פּשוטע שיכּורים נאָר אינטעליגענטן — ביי אים אין קרעטש-מע אין יענעם חדר מיוחד, האָט שוין זינט א צייט וויגדער געזונגען „פּרונדזע ווערדע זע נאָר זע, און דאָס האַרץ גייט אויס פאר וויי" איבער דער סצענע האָבן שוין געוואַנדערט זיינע יעזוסן באַגלייטע פון לייזיקע, גאַסנמיידלעך פון פּאָעטן, צלמים מיט עקדות און פאָרגעשטעלט האָט מען זיך אים, דעם גרויסן פּאָעט, לויט זיינע אייגענע ווערטער: „גלויביק ווי א קינד, זינדיק ווי א גאָט, הפקר ווי א ווינט און שיין ווי נאָר א חלום קאָן זיין שיין".

אָנגעקומען איז ער אין א ווינטיקן פאַרנאַכט. אַראָפּ פון וואַגאָן א הויל-קעפּיקער, מיט די הענט אין געלעכבערטע קעשענעס פון אן אָפּגעריבן ווינטער-מענטעלע, א בוך אונטערן אָרעם, א צעשויבערטער קאָפּ האָר אויף א כמעט אָנגוף, א שוואַרצער קוואַל בלויע האָפענונג, און א בלויער קוואַל שוואַרצע טרערן. אָפּגעוואַרט אויפן וואָקזאַל האָבן אַלע: מאָלדעווישע, סיגעטער, באָרשער, באַ-סאַראַבישע קינדער, בוקאָווינער אינטעליגענטן, פּוילישע מיט אן אפּיטראָפּסעס שמייכל דרויסנדיקע, אָפּגעוואַרט אין דער היים — נישט אַלע מיט דעם זעלבן ציטער — האָט דאָס הויף, דער פאַבריק דירעקטאָר, דער רב אין בית המדרש. אין שטאָט האָבן אָנגעהויבן בושעווען זיינע צעשויבערטע מוחות; יונג האָט טראָ-נירט דער „זיידע", מלא חן האָט שפּאַצירט די „גאָלדפאַדעניאַדע", מע איז געוואָרן יורשים פון א טראַדיציע און סע האָט זיך צעפּלאַקערט א מחלוקת אי-בער דער ירושה. טיילגענומען האָבן אַלע, נאָר פּנחס האָט געמאַכט אן אָנשטעל אז אים גייט די גאַנצע געשיכטע נישט אָן, אז זי ליגט אים אין דער לינקער פּאַה.

— א פויגל.

— אפשר א פּאַווע, האָט אַלטער געפּרוּווט פאַראינטערעסירן דעם טאַטן. כּדאַי א קוק טאָן.

— ט'האָסט'ר א מעשה! אפשר קומען אויף אייערע פאַרזאַמלונגען?

— ווער זאָגט? כ'איל דיר אים ברענגען אהיים.

און ער האָט אים געבראַכט. די מאַמע האָט געפּלאַמט. דריי טעג צוגעגרייט באַלאַבישקעס, וואַרעניקעס, א רויטן באָרשט, א מתנגדישן קוגל. דעם פּאָעט האָט זיך געגלוסט, ווער קאָן וויסן פאַר וואָס, זען אין פּנחסן דעם חלף פון קאַלניקס האַלצשניט צו שטיינבאַרגס משל און ווייל דאָרט איז דעם חלף'ס שאַרפקייט האַק-מעסעריש האָט דער שוחט געמוזט זיין אויב נישט אין גאַנצן שטומפּיק איז כאָטש א מיט שטומפּיקייט געקנעטענער.

פּנחס האָט פאַרשפּעטיקט. געקומען איז ער פון בוינע א מידער. א לאַנג-יעריקע מידקייט פון דער מלאכה, מיד פון טראָגן א שווערן קויבער מיט ביינער

און לונגען. געקומען איז ער באַגלייט פון יאָסעלע דעם שטאָט-נאַר — זיין גע־וויינטלעכער אונטערהעלפער אין בוינע-טעג. האָט מען זיך אָפּגעגעבן דעם גע־העריקן שלום עליכם, איינער א מידער פון טאָג און פון אַלעמען און איינער א ביסעלע בגילופין.

— ווי אזוי קלינגט די ברכה וואָס איר מאכט איבערן חלף?

וואונדערט עס פנחסן. נישט אזוי די שאלה ווי איר פאַלן צווישן זיי ווי א וואַרנעטשקע.

— האַלטן מיר הייסט עס ביי שולחן ערוך, דער ענטפער איז א צווויידייטיקער. לאָזן דעם גאסט פארשטיין ווי ער וויל, געבן א מעגלעכקייט פארגעסן אין דער שאלה. איז אָבער דער גאסט צוגעשטאַנען.

— ס'איז נישט מעגלעך א שוחט זאָל נישט וויסן.

איז עס געוועזן צום אויפהייבן א ברעם. וואו זשע נעמט מען רבי יוחננס קוק? נישט חס וחלילה צום הרגענען. ניין! גלאַט איבערצושרעקן. זוכט ער שלום.

— וויל זיך אפשר אונדזער גאסט (דאָס לעצטע וואָרט נישט אויף צו דער־מאָנען ביסט אַן אורח און אַן אורח וואָלט געדאַרפט שאנעווען דעם מכנים, נאָר כדי מאכן דעם שמועס א לייכטערן, א פשוט עמך ווערטלדיקן) באקענען מיט יאָסעלען, און נישט וואַרטנדיק דעם ענטפער: זאָג נאָר יאָסעלע, וויפל פיס האָט א פערד?

— צוויי פון פאָרנט און צוויי פון הינטן.

— און צוזאמען?

— דריי, זאָגט יאָסעלע פול וואונדער. ער פארשטייט נישט פאַר וואָס די פראַגע. ווער ווייסט נישט אז צוויי מיט צוויי איז דריי?

— און צוויי פערד, יאָסעלע?

— אויך אזוי.

דעם פּאָעט געפעלן די ענטפערס. יאָסעלעס וועלט פאַרשאַפט אים פארגע־ניגן. אָבער נאָר א רגע-פארגעניגן. ער וויל זיך אומקערן צו דער ערשטער פראַגע, שטוינט ער. פאַר אים שטייט נישט דער חלף וועלכן ער האָט דערוואַרט.

— געקומען איז מען דאָך („איז מען" האָט געהערט צו כיבוד אורחים: כּע האָט געקאָנט הייסן אַלע וואָס אַרום טיש) אַלס קולטור-טרעגער, איז אָט א פּעלד צום אַקערן, און פּנחס האָט אָנגעוויזן יאָסעלע דעם שטאָט-נאַר.

שוין אויף דער גאַס האָט דער פּאָעט געוואָלט איינרעדן אַלטערן אז עס איז

א טעות. נישט נאָר א טעות נאָר א געפּאַלשעוועטע עקזיסטענץ. ניין, פּנחס האָט נישט סמיכות, ער איז א פאַלשער שוחט.

א געגרייזטע געשיכטע. דער כראָניקער האָט נישט פאַר שטאַנען. געווען זענען אלע פיר: אליעזר, יעקב. משה און איציק. געקומען זענען זיי נישט צוליב מיר, נאָר צוליב זוגתי צירל ז״ל. און נישט נאָר צוליב איר באַרשט וואָס האָט געהאַט אלע טעמים, נאָר צוליב דער שכינה וואָס האָט גערוט אויף איר און אויף אלעם וואָס זי האָט באַרירט. איך האָב נישט געהאַט דעם זכות דאָס צו זען, זיי האָבן דאָס באַמערקט פון ערשטן בליק. מע דאַרף האָבן די גאָב צו זען און זיי האָבן זי געהאַט. משה איז געבליבן דער איינציקער וואָס קאָן עדות זאָגן.

...דריי מלאכים האָבן געבראַכט שרהן די בשורה אז זי וועט געבוירן א קינד, דריי קליינע בודעלעך האָבן אָנגעזאָגט דאָס קומען פון גרויסן בודא, דריי שטערנזעער האָבן געוואָרנט פּרעהן פאַר דעם משה געפאַר, דריי מלאכים זענען געקומען צו לוט אים ראַטן אנטלויפן פון סדום (אין חומש רעדט זיך וועגן צוויי אָבער אויך לויטן חומש זענען עס געווען די זעלבע וועלכע האָבן געבראַכט שרהן די בשורה), דריי שטערנזעער האָבן זיך דערוואוסט וועגן ישוס געבורט, דריי וויסנשאַפטלער האָבן וויסנשאַפטלעך באַגרינדעט די (אָביעקטיווע) נויטווענ־דיקייט צו פאַרוואַנדלען אן אומגערעכטע וועלט אין א (סוביעקטיוו) גערעכטער, דריי כינעזער וועלן פּרואוון פונסניי באַגראָבן דעם פילאָסאָף קאונג־פו־טזע דריי מאָל אכט יאָרהונדערטער נאָך זיין אוועקגיין אין אנדערע וועלטן, דריי מענטשן פון פאַרשיידענער עלטער האָבן זיך אין משך פון עטלעכע חדשים באַזעצט אין שטאָט מיטברענגענדיק א נייע לופט, א נייעם אָטעם. גערופן האָבן זיי זיך וועל־וויל פּרעס, משה כהן אדער משה טשואַלעו און לייבל שיין. זיך ארומגעקוקט, איז זיי דער היזיקער עולם געפעלן. א ווילדער עולם וואָס וואָלט זיך לאָזן צאַ־מען. ווען געלונגען צאַמען קאָן ער ווערן א נוצלעכער מאַטעריאַל, דער נויטיקער כוח צו פירן די גרויסע מלחמה. און זיי האָבן, יעדער אויף זיין אופן, געפלאַכטן די בייטשן.

אלה תולדות וועלוול. שטאַמען שטאַמט ער פון פּאָדעלוי. דאָ האָט זיך באַ־זעצט נאָך זיין עלטער־עלטער־זיידע יעקוב־משה. געגרינדעט א שוסטער דינאַס־

טיע. אָפּגעקיניגט דרייסיק יאָר און געלאָזט דריי זין, אלע שיסטער, צוויי פון זיי בעזדיטניקעס. דער מיטלסטער פון די דריי, וועלוולס עלטער-זיידע, האָט געהאט צוויי זין און דריי טעכטער. דערמיט האָט ער אויסגעשפּילט די בכורה אָבער נישט פּרנסה. חתונה מאכן דריי טעכטער פון שוסטעריי און דערצו אין פּאָדעלוי דאַרף מען זיין א קינצלער. און וועלוולס זיידע האָט נישט אונטער־געפירט. ער האָט זיך ארויסגעוויזן א קינצלער. ער האָט געפונען די סמעקאלקע, דעם נויטיקן איינפאל. אזוי ווי ער האָט געהערט צו א דור וואָס האָט נאָך גע־לערנט אין חדר, האָט ער געוואוסט די געשיכטע פון לבן און יעקב. ער האָט נישט מער ווי זי א ביסעלע געענדערט און נישט אָן דערפאָלג. אויפגענומען לערניינגלעך האָט ער נאָר מיט א תנאי: בבתי, איך וועל דיך לערנען מלאכה און דו וועסט ביי מיר אָפּנעמען פון קאָפּ אן עול. נישט דעם גאנצן, נישט מער ווי א טייל, א דריטל: איינע פון די טעכטער. ביים לערניינגל וואָס האָט געפּטרט דעם עלטער-זיידן פון דער מעזינקע איז געבוירן געוואָרן איין זון — וועלוולס פאָטער. פון זיידן איז וועלוועל געבליבן דער פאמיליען נאָמען. פון אָנהייב איז עס געווען א צונאָמען. א נאשער, א ייד א שרעקלעכער בעל-תאווה אויף עסן איז געווען זיין זיידע, האָט מען אים גערופן זרח פרעס. מיט דער צייט האָט מען דעם צונאָמען פארדייטשט. ווייזט אויס אין יענע צייטן האָט א בלאָז געטאָן א דייטש ווינטל איבער פּאָדעלוי. אזוי איז פון פרעס געוואָרן פרעסקאָ. ווען עס איז געקומען צום רעגיסטרירן דעם שוסטערס בן יחיד האָט זיך דעם נאָטאר געוואָלט א שפּאס טאָן, א שפּיל טאָן מיט דעם יידנס נאָמען, און נישט פרעגנ־דיק פארשריבן פרעסמאן. אזוי איז עס געבליבן ביז דער צייט ווען א שטאר־קער מזרח ווינט, כמעט א שטורעם, האָט פארטראָגן אלע רעגיסטראציע ביכער און געשאפן מעגלעכקייטן צו פארריכטן אלטע פעלערן. דאָס איז געשען א סך שפּעטער. פון טאטן זיינעם האָט וועלוול געירשנט דעם חלום צו ענדערן דעם גורל פון דער וועלט. משה פרעסמאן האָט אייגנטלעך געוואָלט נישט מער ווי נאָר אז זיינע קינדער זאָלן נישט פארברענגען, אזוי ווי ער, דאָס גאנצע לעבן אויף א שוסטער בענקעלע לעבן א נידריק טישל מיט הילצערנע פלעקלעך צוויי־שן די ציין. אפשר איז דער גורם פון חלום געליגן אין דעם וואָס נאָך דער גרויסער מלחמה, דער ערשטער, האָבן יידן באקומען רעכטן. געוואָרן בירגער פון לאנד, זיך א לאָז געטאָן זוכן נייע פּרנסות. אפשר אויך דערפאר ווייל די יידן פון די געגנטן וועלכע מע האָט גערופן „דאָס אלטע קעניגרייך" האָט מען לייכ־טער צוגעלאָזט צו נייע פּרנסות איידער די אָפּשטאמיקע פון קאנטן מיט וועלכע דאָס לאנד האָט פארקיילעכדיקט די גרענעצן. פאר יידן זענען געוואָרן צוגענגלעך די אָפיציעלע שטאטס-שולעס און מע האָט טאקע אָנגעהויבן שיקן קינדער אין

די קלאַסן. משה פרעסמאַנס פאַרדינסטן האָבן אָבער נישט געקלעקט דערויף. אָפּגעשפּאָרט פון זיין חלום צו ענדערן דעם גורל פון זיין משפּחה האָט ער נאָר דאָס וואָס די מיידלעך זענען געבליבן זיצן אין שטוב אָדער ביים פענצטער, געוואַרט און ארויסגעקוקט אויף חתנים וועלכע האָבן זיך נישט באוויזן און די יינגלעך האָבן זיך מיט גרויס מי ארויפגעארבעט ביז צו דער מדרגה פון פאַרקויפער אָדער קומים ווי מע האָט זיי גערופן אויף דער מאָלדעווע. זייער ארבעט איז נישט באַשטאַנען אזוי פון פאַרקויפן — דערצו איז געווען געגנוג א גאַנצע וואָך דער קרעמער אליין און אין יאַריד טעג, דער קרעמער מיטן ווייב — ווי פון שלעפּן קונים פון דער גאַס. דאָס האָט זיי פאַרביטערט ביז גאָר און די פאַרביטערונג האָט זיך פאַרוואַנדלט אין טיפער פאַראַכטונג צו אלעמען וואָס האָט זיך אָנגעקערט מיט בעלי-מלאכות ווייל סע האָט געשמעקט מיט זייער טאַטנס לא-יצלחקייט. דער חלום וועגן אן אנדער גורל איז געוואָרן וואָס אַמאָל פאַרווישטער, נעפּלדיקער, אָבער נישט די האָפענונג אז דורך דעם נעפּל מוז זיך אין א טאָג דורכרייסן א זון-שטראַל. די האָפענונג איז געוואַרן ממשותדיקער ווען דער שטראַל האָט באַקומען דעם נאָמען וועלוול. מיטן צושטייער פון דער גאַנצער משפּחה איז געלונגען האַלטן וועלוולען א צייט אין גימנאַזיע וואָס אין דער שכנישער געוועזענער פירשטן-שטאָט יאַס.

האָט אָבער וועלוול אנטוישט אַלע אויף אים ארויפגעלייגטע האָפענונגען. ער האָט זיך פאַרחברט מיט יינגלעך פון די טעקסטיל פאַבריקלעך וואָס זענען געוואַקסן אויך אין יאַס ווי פּיטשעריטשעס נאָך א רעגן. קיינעם נישט געפרעגט, קיינעם גאָרנישט געזאָגט און אריין אין איינעם פון די פאַבריקלעך. דאָרט אָפּגעארבעט א קורצע צייט ווייל גאָר גיך האָט מען אים ארעסטירט פאַרטיילנדיק אומלעגאַלע פלוגבלעטלעך און פאַרמשפּט אויף זעקס חדשים. פאַר דער משפּחה איז עס געווען א שרעקלעכער קלאַפּ, ווייל נישט נאָר דער שפּיגל איז געוואָרן אויס שפּיגל נאָר אויך די האָפענונגען האָבן געפּלאַצט ווי א זייפן-בלאָז. און נאָך מער דעמלט ווען באַפרייענדיק זיך פון תפיסה איז וועלוול נישט געקומען א היים נאָר פאַרשווינדן געוואָרן ערגעץ אין אן „אונטערערד".

דער ארעסט, די זעקס חדשים תפיסה האָבן וועלוולען קלאָר געמאַכט אז אין אַלגעמיין איז זיין טאַטנס חלום נישט געווען קיין פּוסטער אז דער אומגליק איז באַשטאַנען אין זיין ווערטלאָזיקייט, קליינלעכקייט, באַגרענעצטקייט. עס איז אים קלאָר געוואָרן אז ענדערן די וועלט קאָן מען און מע דאַרף, אז לאָזן די וועלט אזא ווי זי איז ווען אן אנדערע שטייט דאָ נישט ווייט און וואַרט, וואָלט זיין כמעט א פאַרברעכן. ער האָט זיך גאָר גיך איבערצייגט אז גרייכן צו אָט דער אַנדערער וועלט קאָן מען נאָר מיט פאַרביטערטן קאַמף, אז דער דאָזיקער קאַמף

פֿאָדערט נישט מער ווי אָרגאַניזירונג און אַז ער וועלוול, איז איינער פֿון די אויף וועלכע סע פֿאַלט די פֿליכט, איינער פֿון די וואָס זענען גערופֿן, וואָס דאַרפֿן, מוזן און קאָנען אָרגאַניזירן די נייטיקע כוחות. די דאָזיקע איבערצייגונג האָט געהאַט אַ געוואַלדיקע השפּעה אויף דער ווייטערדיקער אויסשטאַלטונג פֿון זיין כאַראַקטער און באַנעמונג. ער האָט באַקומען אַ באַזונדערן חוש פֿאַר היעראַרכיע און דיסציפּלין, אַ חוש וואָס האָט אין גאַנצן געפֿעלט דעם עולם וועלכן ער האָט געפֿונען אין שטאָט וואו ער האָט זיך באַזעצט. דאָ איז די אַטמאָספֿערע געווען אַ פֿאַניעבראַטסקע, דאָ האָט דאָס געזעלשאַפֿטלעכע לעבן געהאַט אין זיך עפּעס פֿון פֿאַרבראַשיתדיקן תהו ובהו. כדי צו מאַכן אַ ביסעלע אָרדנונג האָט געפֿעלט דאָס וואָרט. נאָר מיטן וואָרט קאָן מען אַריינטראָפֿן די נייטיקע אָרדנונג, נאָר אויף אַזאַ אופֿן וועט זיך די היזיקע וועלט אונטערגעבן און פֿאָלגן. וועלוול האָט געוואוסט פֿון זיין אייגענער דערפֿאַרונג אַז טאָג-טעגלעכע באַגריפֿן וועלכע האָבן כמעט קיין שום ווערט, באַקומען אַן אַנדערן באַטייט, אַ באַזונדערן זין ווען מע צווינגט זיך איבער זיי פֿאַרטראַכטן. וואָס קאָן זיין פּשוטער ווי אַ מעסער. הונדערט מאָל אַ טאָג באַנוצט עס יעדער איינער, מיליאַרדן מאָל די מענטשהייט, אָבער זיך פֿאַרטראַכטן דעריבער טוט כמעט קיינער נישט. בשעת דעם פֿרישטיק אָדער מיטאָג-עסן פֿאַלט קיינעם נישט איין אַז שניידן ברויט וואורשט און פּרוכט מיט אַ מעסער הייסט אַ געוויסער גראַד ציוויליזאַציע, אַז נישט שטענדיק האָט מען באַנוצט ביים טיש מעסערס, אַז פּרעה, משה, פּעריקלעס און יעזוס האָבן געריסן מיט די ציין שטיקער פֿון אַ געבראָטענעם שאָפּס-זודיק, פּונקט אַזוי ווי העגריק דער אַכטער און דאָס נאָר דערפֿאַר ווייל עס איז זיי נישט איינגעפֿאַלן.

וועלוול האָט נישט געדאַרפֿט לאַנג זוכן כדי צו געפֿינען דאָס פּלאַץ וואו סע זאַמלען זיך מענטשן וואָס מע קאָן אַרויפֿפֿירן אויפֿן וועג פֿון זיך פֿאַרטראַכטן איבער דעם באַטייט פֿון די ווערטער מיט וועלכע זיי וואַרפֿן זיך איבער דעם גאַנצן טאָג. אַריינגעקומען אין קולטור-ליגע איז ער אין אַ שבת פֿאַרנאַכט. עס איז אַ צייט ווען מע איילט זיך נישט. זונטיק שלאָפֿט דער פֿאַבריק-פֿייפֿער קאָן מען מיט אים שלאָפֿן לענגער. דאָס שילדל וואָס אויף דער טיר איז אַ געשריבנס אין רומעניש, רעדן רעדט מען יידיש. דאָס איז די שפּראַך פֿאַרן עולם וואָס האָט זיך געזאַמלט פֿון אַלע עקן לאַנד. דאָס יידיש רעדן האָט וועלוולען נישט זייער געפֿעלן. סע האָט פֿון אָנהייב געהייסן זיך באַגרענעצן. אָבער אָפּלאָזן דאַרף מען נישט. אַריין אין זאַל, זיך אַרומגעקוקט און זיך אוועקגעזעצט ביים טישל וואָס האָט אויסגעזען נעענטער צום פּרעזידיום. מיט קיין סך זיך נישט טועה געווען. עס איז געוואָרן דאָס פּרעזידיום טישל, ווייל דער וואָס האָט אין יענעם אָוונט

דערציילט וועגן א בוך און א געשעעניש האט זיך צוגעזעצט לעבן וועלוולען. א פנים חדשות האט ער געוואלט וויסן פון וואנען א יונגערמאן נעמט זיך. אזוי איז געשען וועלוול זאל אומגעריכט איבערשפאנען עטלעכע שטאפלען פון א נאך נישט עקזיסטירנדיקער לייטער וועלכע האט אנגעהויבן ווארפן א שאטן נאך איידער זי האט זיך באוויזן. א נישט געאיילטער האט דער עולם געהאט פראגעס און רעפליקעס ביז שפעט אין דער נאכט. וועלוול האט זיך איינגעהערט. צו מאל א שאקל געטאן מיטן קאפ. דאס האט נישט געהערט צו זיין שטייגער, אבער די אנגעהיצטע אטמאספערע האט אים פארכאפט. נאך דעם האט ער זיך פירגעווארפן זיין נישט באהערשן זיך. מיט אומרעכט. ער האט נאך נישט גע-וואוסט אז זיין צושאקלען פון יענעם טישל ביי וועלכן ער האט זיך צוגעזעצט אן א שום מיין, האט אין דעם זעלבן אוונט געהויבן מיט נאך א שטאפל העכער.

דאס ערשטע ווארט איבער וועלכן וועלוול האט געראטן זיך פאר-טראכטן איז געווען לוין. ער האט געעצהט געפינען אן ענטפער אויף די פראגעס: וואס איז אזוינס לוין אין אלגעמיין, פון וואנען שטאמט ער, זינט ווען און אין וועלכע באדינגונגען איז זיין טענדענץ זיך צו פאראלגעמיינערן, וואס שטעלט ער מיט זיך איינגנטלעך פאר, צי איז ער דער אויסדרוק פון א ווערט און אויב יא וועמענס ווערט. אזוי האבן זיך אריינגעשלייכט און אנגעהויבן מוטשען די מוחות ווערטער ווי ווערט, פרייז, מער-ווערט, פראפיט. צוזאמען מיטן פארשטיין ווערטער זענען געוואקסן אויטאריטעטן וועמענס כוח עס איז באשטאנען און וועמענס השפעה עס איז געליגן אין נוצן און אויפקלערן אט די ווערטער. פון פארשטייער און אויפקלערער האט זיך פאמעלעך אפגעקליבן אן עליט, א נייער סארט פני.

שפעטער איז געקומען משה כהן אדער משה טשוקאלעו. א הויכער, א דא-רער, מיט אן אסקעטיש פראמינענטער נאז און מיט א שטארן בליק וואס האט ארומגענומען גרויסע שטחים פון א פארגליווערטער וועלט. אזא איז פאר אים געבליבן די וועלט פון די שלוש סעודותן אין דער דראהאאיער שניידערי-שער שיל. אן אנגעהויערע שיסל פארגליווערטער, שיטערער קלייאיקער מארך מיט אינדזלען ארויסשטארצנדיקע ביינדלעך נאך וועלכע סע יאגן זיך פון על-טער, ארעמקייט און קרענק צעקרומטע פינגער. ער האט מיטגעבראכט די דעפי-ניציע פון עליט, פון יענע אויסדערוויילטע וואס קאנען און מוזן מיטשלעפן מאסן אין דער שלאכט פאר א נייער וועלט. אגרופנדיק אט דעם עליט אוואנ-גארד, אדער גאר מיט אן אלטערטימלעכן נאכטעם פראלעטאריאט, איז פאר אים קיין מאל נישט אויסגעוואקסן דאס אטלעטישע געשטאלט פון א הערקולעס אדער א שמשון הגיבור, נאר ניריקע ביינערדיקע פינגער איבער א פאלימעסיק

כאַלאַדרעץ. אין אַזעלכע מאָמענטן פלעגט זיין בליק ווערן באַוועגלעכער, ווייזט אויס כדי מע זאָל נישט באַמערקן דעם ביטול וואָס באַזעצט זיך אין זיינע אויגן; דער ביטול מיט וועלכן הערשל בעל-עגלה — דער דאַראַהאָיער אויפגעקומענער גביר וואָס פלעגט זיצן ביים שלוש-סעודות אויבן אָן כדי צו באַשיינען דעם טיש מיט זיין נייער שווארצער קאַפּאָטע — האָט געקוקט אויף די קרומע פינגער.

הערשלען רופט מען דער בעל עגלה כאָטש ער האָט אין זיין לעבן נישט אָנגעטריבן א פערד אָדער אין א וואָגן געשפּאַנטע אָקסן. ניין. געווען איז ער א שניידער, אנדערש וואָלט ער נישט געשאָלעשידעסט אין דער שניידערישער שיל. א וואנדער-שניידער געגאַנגען איבער דערפער און גענייט מיט שיטערע שטעך בורקעס פון גראָבן געוואַנט פאַר אָרעמע פּויערים. אזוי געקריגן באַקאַנטשאַפט ביז עס איז אים איינגעפאַלן ווערן א פארמיטלער צווישן פּויערים וואָס האָבן פערד, אָקסן און וועגענער מיט די שטעטישע תבואה-הענדלער. מיט דער צייט אליין געקויפט א פּאָר פערד, געדונגען אָן אָנטרייבער: פּאַמעלעך איז געוואַקסן די צאָל פערד, אָקסן און וועגענער און אויך ער אין די אויגן פון שטאָט און אויך אין די אייגענע אויגן. געוואָרן א מענטש, האָט ער זיך אָנגעהויבן זאָרגן פאַר עולם הבא. דערפאַר די שלוש-סעודותן ביי וועלכע ער קוקט מיט ביטול אויף די צעקרומטע פינגער, ווייל סע גלייבט זיך אים נישט, ווייל סע מוטשעט אים דער געדאַנק צי מיט אָט די סעודות קאָן מען זיך טאַקע דערשלאָגן צו א שטיקעלע עולם-הבא. משה כהן׳ס ביטול איז א שווערערער, א טיפערער. עפּעס האָט אים אונטערגעזאָגט אז אָט דער כוח מיט וועלכן ער האָט צו טאָן איצט איז נישט מער ווי אַן איבערגאַנגס כוח, א זייטיקער — ווייל א יידישער. די צייט וואָס מע פארברענגט מיט אים איז א האַלב פארלוירענע. די אמתע קראַפט ליגט ביי אנדערע און קומען צו זיי מוז מען אויף אומוועגן. דאָס האָט אים פאַרשאַפן עגמות נפש, סע האָט ביי אים ארויסגערופן א האַלעוועשקע-שנאה צו אָט דעם מישטיינס געזאָגטן אוואנגארד, א שנאה וואָס וועט מיט דער צייט באַקומען איר אמתע רייפקייט אָננעמענדיק די פאָרעם פון וואולגארן אנטיסעמיטיזם. אָבער דאָס וועט זיין מיט א לאַנגער צייט שפּעטער, דערווייל האָט ער געמוזט אָפּווייקלען זיינע קענטעניישן אין אָט דער שטאָט וואָס איז לויט זיין מיינונג אפילו דעם נאָמען שטאָט נישט ווערט.

אויך משה כהן האָט מיטגעבראַט א שלל מיט ווערטער וואָס האָבן געדאַרפט פארברייטערן דעם האָריזאָנט, טריפן גלויבן אין הייסע בלוטן. אייניקייט אין אקציע, נאַטירלעכע און צייטווייליקע פארבינדעטע, אינדוסטריע, לאַנדווירט-

שאפט און פרייז-שער האָבן צעפלאַקערט און געפּריסיקט אילוזיעס און געמי-
טער. אין דער לופט האָט זיך דערפילט א שטרייק-ווינטל און משה'ן איז איינ-
געפאלן אז אן אינטערעסאנטער און באלערנדיקער פאָרשפּיל וואָלט געווען
געפונען א שונא און אים „פּאָליטיש" ליקווידירן. קאָנקרעטע ביישפּילן האָבן
מער קראפט ווי טויזנט טעאָרעטישע לעקציעס. דער גורל איז געפאלן אויף אן
אנדער משה, אויף משה מונטיאַנו דעם סאָציאַליסט.

אין אָנהייב צוואנציקער יאָרן א יונגער טיפּאָגראַף, האָבן משה מונטיאַנון
א נעם געטאָן אונטער די אָרעמס די שטורעמווינטן פון יענע צייטן און אוועק-
געזעצט אויף איינער פון די הארטע בענק וואָס אין באַקעור סאָציאַליסטישן
קלוב. געזעסן איז ער דאָרט נישט לאנג ווייל סע האָט זיך געמאכט א שידוך
מיט א דרוק-מאשין וואָס האָט צופעליק געטראָגן דעם נאָמען פריידע, מיט א ליפּ-
טשיק נומער אכט. דאָס איז געווען דער נדן וואָס איר טאטע האָט אָפּגעשפּאָרט
אין דער צייט פון דער מלחמה ווען דער ערשטער אייגנטימער פון מאשין האָט
געמוזט מאכן א ויברח. דעם ערשטן אייגנטימער האָט זיך פארגלוסט באווייזן
זיינע דייטש-קענטעניש בעת מע האָט דורכגעפירט א ראָטע דייטשע געפאנ-
גענע, האָט ער געפּרואווט א שמועס טאָן און דווקא אויף דייטשמעריש. עמעצער
האָט געפרעגט, וואָס זאָגט ער? איז עס געווען גענוג ער זאָל מוזן פארשווינדן.
פריידעס פאָטער האָט אָפּגעקויפט דעם מאשין אויף נישט צום באדארפן און
איינצייטיק ארויסהעלפן א מענטשן בשעת צרה. שפּעטער האָט זיך ארויסגעוויזן
אז עס איז א שיינער נדן פאר אן אָרעמען טיפּאָגראַף. אזוי איז געשען אז
משה מונטיאַנו זאָל זוכן א פלאץ וואו מע דארף א טיפּאָגראַפיע, דאָס פלאץ
געפונען דאָ אין שטאָט, זיך באזעצט צוזאמען מיט פריידען און ווייל ביידע
האָבן געדענקט די פארזאמלונגען פון באַקעור סאָציאַליסטישן קלוב זאָלן זיי
זיך אָפּט מאָל ארייַנכאפּן אין קולטור-ליגע טיילנעמען ביי א דערהויבענעם שמו-
עס. דאָ איז געשען דאָס אומגליק. אין יענעם אָוונט ווען משה כהן האָט בא-
שטימט אז מער פארשפּעטיקן טאָר מען נישט, אז מע מוז געפינען דעם ביישפּיל
מיט א ממשותדיקן שונא, האָט זיך זיין בליק אָפּגעשטעלט אויף משה מונטיאַנו,
דערזען דאָס ביינדל אין דער שיסל פארגליווערניש און אויסגעשריגן: אָט זיצט
ער דער סאָציאַל-פאשיסט, דער לאקיי פון אלוועלטלעכן אימפּעריאַליזם, זיין
צונג שפּייט סם, זיין אָטעם שטינקט מיט פארראט. משה מונטיאַנו איז בלייך
געוואָרן. ס'האָט אים אָפּגענומען דאָס לשון. אזוי בלייך וועט ער ווערן מיט יאָרן
שפּעטער, ווען קיינער אָדער כמעט קיינער וועט אין אים מער נישט זען דעם
ערגסטן שונא פון וועלט פראָגרעס. דאָס לשון וועט אים אָפּנעמען א קליין שטי-
קעלע חזיר-פליייש. שולדיק וועט דערין זיין פּנחס, דיין זיידע. סע וועט זיך געפי-

נען א מחנה יידן פון דער מאָלדעווע און פון וואָלעבײ פּאַרשיקטע אין א געגנט וואָס וועט א צײַט טראָגן דעם נאָמען טראַנסניסטריע, פאַרנעמענדיק א גרויסן טייל פון די קאַנטן וואָס זענען באַקאַנט געווען בײַ יידן פון מזרח־אייראָפּע אלס קאַמענעץ־פּאָדאָלסק אָדער פּאָדאָליע. כמעלניצקים, און שפּעטערע צייטן האָבן דאָרט געזאַמלט חוץ אוקראַינער, אויך פּאָליאַקן, טאָטערן מאלדעוואַנעס דייטשן וואָס זענען געווען איינציק אין שנאה צו יידן. לעבן איינעם א שטעטל וואָס הייסט עד היום וואפּניאַרקע (אויף נישט צו פאַרגעסן פון ביידע צדדים) האָבן די רו־מענישע באַערדן געשאַפן א געטאָ און א לאַגער פאַר יידן אָפּשטאַמיקע פון רו־מעניע. דאָ האָט מען אויך באַזעצט א מענגע מענטשן פון אונדזער שטאָט און צווישן זיי אויך משה מונטיאַן. אַלע אהין געבראַכטע האָבן געוואָלט איבערלעבן און אויף איבערצולעבן האָט מען געמוזט פאַרשאַפן דער עיקר מיט וואָס צו דערהאַלטן דעם גוף און אין אים אויף וויפל ס׳איז מעגלעך די נשמה. צווישן די אָנפירער פון געטאָ און לאַגער איז אויך געווען איינער פון די דרײַ אַמאָל אָראָפּגעקומענע אין שטאָט זאַמלען כוחות וועגן דער וועלט־פאַרענדערונג, נעמ־לעך — וועלוול. ער האָט מיט זיך געבראַכט די תפיסה איבערלעבונגס דער־פאַרונג וואָס איז באַשטאַנען פון: אַלע צוזאַמען און אויסגעקליבענע צוזאַמען און באַזונדער. גערופן האָט מען די דערפאַרונג קאָלעקטיוו, און דער קאָלעקטיוו פלעגט פאַרטיילן איין מאָל אין צוויי טעג א כזית שפּעק. אַזוי ווי פּנחס האָט דעם שפּעק, דאָס חזיר־פלייש, נישט געגעסן ווייל ער האָט געהאַלטן אַז עס איז נאָך פאַר אים ווייט פון פּיקוח־נפש פלעגט ער אים איין מאָל געבן משהן פאַר זיין זינדל און איין מאָל כאַסקלען פאַר זיין ברידערל. אַזוי א וואָך און צוויי, אַזוי א חודש און דריי, ביז דעם טאָג אין וועלכן זיי זענען, נאָך דעם פאַרטיילן שפּעק, אויסגעוואַקסן ביידע יעדער מיט דער טענה אַז די ריי איז זיינע, דאָס הייסט נישט זיינע נאָר דעם ברידערלס אָדער דעם זינדלס. ווען פּנחס האָט דער־פילט אַז דאָס קאָן דערפירן צו א גרוים מחלוקת, און מחלוקת אין ·אַזעלכע באַ־דינגונגען איז א געוואַלדיקע סכנה, אויף דער זעלבער מדרגה ווי פּיקוח נפש און דערצו כהרף־עינדיק אויסגעפונען אַז שטרענג פאַרבאָטן איז עסן חזיר־פלייש, אַז וועגן שלינגען האָט קיינער גאָרנישט געזאָגט אַז שלינגען איז נישט איינגעשלאָסן אין איסור און אַז נאָר אויף אַזאַ אופן קאָן ער אויסמיידן דאָס מחלוקת־געפאַר האָט ער מיט גרוים מי און איילעניש אַראָפּגעשלונגען דאָס שטיקל האַלב רויע חזיר־פלייש, באַהאַלטן דעם גורם פון מחלוקת אין זיינע אינ־געווייטן מיט דער האָפענונג אַז סע וועט דויערן נישט מער ווי א פּאָר מינוט ביז ער זאָל קאָנען צוהעלפן די קישקעס זיך א דרייי טאָן און אַרויסוואַרפן דאָס טרפות פון מאָגן. זענען זיי אָבער געשטאַנען, געקוקט איינער צום צווייטן מיט

רוגזה אוןביידע אויף פּנחסן מיט גרויס וואונדער, ביז דאָס אראָפּגעשלונגענע האָט זיך פּאַרפּעסטיקט אין מאָגן און צוריק ארויפּברענגען איז געוואָרן אוממעג־לעך. דעמלט וועט זיך איבערהזרן משהס בלייך ווערן; ווען ער וועט זען ווי דאָס שטיקעלע שפּעק פאַרשווינדט אין פּנחס׳ס אָנצאָניק מויל וועט ער בלייך ווערן ווי אצינד אין קולטור־ליגע און סע וועט אים אָפּנעמען דאָס לשון.

דערהערנדיק אז איר משה איז גאָר דער הויפּט שונא פון וועלט־פּראָגרעס, זענענדיק זיין בלייכקייט האָט פריידע אים געוואָלט פּאַרטיידיקן, האָבן זיך אָבער ביי איר ווי אויף להכעיס אויסגעלאָזט אלע נייטיקע ווערטער און עס איז איר מער נישט געבליבן צום טאָן ווי נעמען דעם מאַן אונטערן אָרעם און אָפּפירן אהיים. נאָך דעם וואָס זי האָט אים באַלייגט מיט קאָמפּרעסן און דאָס לשון איז אים צוריקגעקומען האָט זי פּאַרשאָלטן די קולטור־ליגע, אָפּגעגעבן א שבועה דאָרט מער קיין מאָל די שוועל נישט אריבערטרעטן, ממש געצוואונגען משהן ער זאָל זיך אָנשליסן צו אָט דער שבועה. משה האָט דאָס געטאָן מיטן קול פון א גוסס און דערמיט איז די שבועה געוואָרן הייליק.

ווענן לייבל שיין, דעם דריטן שטערנזעער, איז ווייניק צום דערציילן. ער איז געבליבן אין גאנצן א פּאָר וואָכן, אָבער אין דער קורצער צייט האָט ער איבערגעלאָזט א טיפן קאַרב, געמאכט א גרויסן רושם. עס איז אים געלונגען, ווי קיין אנדערן, עפענען האָריזאָנטן וואָס האָבן געבלענדט די ראיה. פּאַרברייטערנדיק דעם פּראָנט פון שאנכאי ביז טשיקאַגאָ, פון פּרעטאָריא ביז העלסינ־פאָרס, האָט ער א טרייב געטאָן אין די מוחות אן אויסטערלישן קאַרוסעל, גערופן צום כישוף פלי איבער א וועלט אָן גרענעצן, ווייל אויב עפּעס איז קרום, איז עס אויף דער גאנצער וועלט, אזוי אז די וואָס שטרעבן אויסגלייכן די קרומקייט מוזן האנדלען צוזאמען נישט אין אכט נעמענדיק גרענעצן, פּאַרקערט, זיי דאַרפן א שפּיי טאָן אויף אָט די בורזשואזע אויסטראכטענישן. ווי מאָדנע עס זאָל נישט קלינגען, זיין רעטאָרישער אימפּעט האָט איבערצייגט אז ער מיינט דאָס ערנסט.

...זיי רופן מיך די ווילדע. דאָס צונעמעניש פּאַסט מיר נישט. א ווילדע מוז זיין א שלאַנקע, אויב נישט א הויכע איז כאָטש א מיטלוואוקסיקע מיט א טענ־דענץ צו הויך און איך בין גיכער מיט טענדענצן צו קליין. א ווילדע מוז זיין א רירעוודיקע — קוועקזילבער. ווענן מיר קאָן מען נישט זאָגן אז כ׳בין א שווער־רירעוודיקע, אָבער ווייט, זייער ווייט פון קוועקזילבער. קוועקזילבער, כאָטש א קליינענקע איז לעני קאָלער. דאָס צונעמעניש שטאמט אָבער נישט פון מיך פאַר־גלייכן מיט דער אקטריצע. סע שטאמט פון קאָנקרעטערע, פּשוטערע זאכן. כ׳־האָב נישט ליב שטוב־ארבעטן. אין פאבריק קאָן איך בלייבן אפילו א גאנצן

מעת-לעת, פונקט אזוי ווי פריער ביים ציין-טעכניקער. דעם ציין-טעכניקער האָב איך יאָ פארלאָזט פון א מין ווילדקייט ווענן. סע האָט מיר אויסגעזען א צו אינטעליגענטישע ארבעט אין א צייט ווען א וועלט — און אין דער וועלט מיינע ברידער — שטרעבט זיך פראָלעטאריזירן. כאָטש אזוי האָב איך אויך דאָרט געקאָנט בלייבן נעבן ספירט-לעמפל און גיפס-פאָרמען צען און פופצן שעה א טאָג אָן איבערייס. וואשן געפעס, צי נאָך ערגער א באַליע מיט די ברידערס שמוציקע וועש, אָדער שמירן מיט ליים געמישט מיט פערד-קויט די ערדענע פאָד-לאָגע האָב איך נישט ליב. דאָס פארגעניגן בין איך מוחל מיין שוועסטער פערל. אנומלט האָבן מיר געהאט פון וואָס צו לאכן. תישעה-באב האָט זי זיך אויס-געקליבן אלס דעם בעסטן טאָג צו גיין מיטן קויטיקן וועש צום טייך. ביי איר האָט דאָס געהייסן נישט בלויז גיין וואשן, נאָר אויסדריקן איר פראָטעסט קעגן דער וועלט אזא ווי זי איז (היינט וואָלט מען זאָגן עטאבלישמען, א סאָרט שטרי-כל אונטער א פעריאָד, די וועלט זאָל וויסן אז מע איז נישט מער דאָס וואָס געווען, אוים גלייבן אין און וואַרטן אויף משיחן. דאָס פלאַץ פון יעדן באוואוסט-זיניקן מענטש איז מיטן פאָלק און אין סאמע מיט פון פאָלק. און וואו זענען די ברייטע מאסן אויב נישט מיט וואַש-ברעטלעך און הילצערנע קלאפערס ביים טייך?) האָט זי גענומען פארטאָג, דער טאטע זאָל נישט זען, דאָס וועש און אוועק צום טייך. אויב בגנבה האָט זי נישט געקאָנט מיטנעמען דאָס בלעכענע ברעטל, באָטש זינט מע לעבט בהרחבהדיק, אלע חוץ דעם מעזיניק (דער מעזי-ניק איז א קאפיטל פאר זיך) ארבעטן און פארדינען, געפינט זיך דווקא יאָ אזא ברעטל ביי אונדז. געריבן האָט זי דאָס וועש אויף דער פולקע, דאָס הייסט הע-כער פון קני. דער טאָג א הייסער, די זון ברענט, די זייף עסט זיך איין אין דער ווייסער הויט, קאָן מען זיך פאָרשטעלן וואָס פון דעם קומט ארויס. די גאנצע נאכט האָט זי געהאלטן אין איין קרעכצן, מיר האָבן געלאכט, די מאמע האָט זי געראטעוועט ליינגדיק קאמפרעסן מיט זויער-מילך אויף דער פון זון געברענ-טער הויט און זי, פערל, האָט פארביסן די ליפן, זיך געסטארעט אונדז נישט פארשאפן פארגעניגן. דער טאטע האָט נישט מער ווי א וואָרף געטאָן: דאָס האָס-טו דיר פאר תישעה-באב. דער אמת איז אז סע האָט אים זייער פאדראָסן. ער האָט נישט ליב געהאט דאָס טייטלען מיטן פינגער און אזא געשעעניש האָט געהערט צו יענע וואָס רופן ארויס געשטרעקטע פינגער. נישט אזוי פון פרומ-קייט ווענן, נאָר וויל מע האָט נישט ליב געשטערטע פירעכצן.

אייערנעכטן בין איך ווידער אוועק אָן א זיי געזוגט. כ'האָב געוואוסט אז מאנטשו, דער פידל-שפילער, איז אויף דער גאס. ער איז מוזיק-לערער אין שולע,

אויך אין דער איזראעליטישער. דאָרט זענען די לידלעך אנדערע, זאָגט מען אז דער קוועטש קומט ביי אים ארוים א שקאָצישער. ער הייסט א בכבודיקער קלעזמער. אפשר ווייל נישט א ציגיינער צי גאָר דערפאר ווייל ער איז א שטו־דירטער. צו מאָל קומט מיר אוים טשיקאווע, נישט פארשטענדלעך די באציאונג פון מענטשן אין אלגעמיין און פון יידן בפרט לגבי קלעזמער און זינגער. פאר וואָס יידן בפרט? ווייל זיי רופן זיך עם נגינה, גרייסן זיך מיט דודן און מיט זיין הארפע, קומט צו א פידלער אָדער מעג זיין אפילו א חזן איז דער כבוד מיט אן אונטער־געדאנק, באהאלטן גרינגשעצעריש. כ'האָב מיך נישט אָפגענארט, מאנטשו האָט שפאצירט אויף דער מיט גאס מיט זיין געוויינטלעך פייערלעך איג־נאָרירן אלץ וואָס סע טוט זיך ארום אים. סע האָט אויסגעזען ער טראָגט דעם קאָפּ אויף דער הייך פון צווייטן שטאָק און קומט פון דאָרט מיט גוטמוטיקן בי־טול אויף גאָר דער וועלט. מיך האָט ער באמערקט. זענען מיר אוועק שפאצירן, גלאַט אזוי. אָן א ציל. ער האלט ווייזט אוים אז כ'בין נאָך א קינד און האלט מיר לעקציעס וועגן מוזיק און מוזיקער. הערט מען אים קוקט אוים אז מוזיק איז די גרעסטע דערגרייכונג פון מענטש. דאָס איז, זאָגט ער, די העכסטע מדרגה פון מענטשלעכער שאפונג, נאָר דורך און אין מוזיק באגעגנט זיך דער מענטש מיט זיין באשעפער, דורך מוזיק קאָן ער אפילו ווערן א שותף צור באשאפונג. מאָדנע און אינטערעסאנט. מיר זענען אוועקשפאצירט ווייט הינטער דער שטאָט ארומ־געגאנגען א צייט אין וואלד. אומגעקערט האָבן מיר זיך מיטן זון־אונטערגאנג. די מאמע האָט מיך באגעגנט א ברוגזע: שוין ווידער מיטן שייגעץ, האָט זי גע־זאָגט שיער נישט וויינענדיק. איר עגמות־נפש האָט מיר ווי געטאָן, אָבער נאָר א מינוט. וואָס ווייסט זי וועגן מוזיק?

היינט בין איך ווידער פארשוואונדן. עס איז געווען אזא שיינער פארנאכט אז יעדער נאָרמאלער מענטש האָט זיך געמוזט ספאלאָשן. גלייכגילטיק האָבן געקאָנט בלייבן נאָר אזעלכע וואָס האָבן קיין שום געפיל פאר דער נאטור וואָס האָט זיי געבוירן. גלייך זיי זענען פרעמדע אויף דער וועלט. מאָדנע ווי אלע זענען געבליבן גלייכגילטיק צו אָט דעם פארנאכט. ער האָט זיי נישט באריִרט. אנדערש וואָלטן מיר זיי געווען באגעגנט אויף דער לאָנקע, און אויף דער לאָנ־קע איז קיינער נישט געווען חוץ מיר מיט מלכהן. ניין עס איז נישט אמת. געווען זענען אויך א פּאָר שקאָצימלעך וואָס האָבן געהיט די טשערדע. זיי האָבן אָבער דעם פארנאכט נישט באמערקט, זיי זענען געווען פארנומען מיט טרייבן אהיים די קי; אָדער זיי האָבן גאָר געהערט צום פארנאכט. אָן זיי וואָלט ער אפשר נישט געווען אזעלכער.

איך האָב געקוקט אַ באַצויבערטע, אַ שטומע, נישט געפונען ווערטער אויס־צודריקן דאָס וואָס געשעט. מלכה יאָ. זי האָט גערעדט מיט זיך און געמיינט אויך מיך, זי האָט זיך נישט געטרויט מיר שטערן דעם כישוף רופנדיק מיך ביים נאָמען. זי האָט געפּליסטערט ווי אַ וואַסערל: פון עק הימל ציט צווייפּל, שפּרייט זיך לאַנגזאַם פאַרדעקנדיק ספּקותדיקע בלויקייט; ליכט־נישט־ליכט ני־דערט פאַמעלעך אויף ערדן, פּערל־שטויב פּויזעט שפּילעוודיק אין די הייכן, אין חלל בלאָנדזשען דריבנענקע טראָפּעלעך קייטלען זיך אין פרעג־צייכנס: יאָ רעגן נישט רעגן.

היינט האָב איך זי נאָך מער ליב באַקומען. כ'מיין אַז אויך איר געפעלט פאַרברענגען מיט מיר. מיר האָבן זיך אַזוי פיל צו דערציילן. אָט וואָלט איך זיך וועלן דערמאָנען. וועגן וואָס האָבן מיר אַזוי פיל גערעדט? קאָן איך מיך בשום אופן נישט דערמאָנען. אייגנטלעך איז עס נישט אַזוי וויכטיק. דער עיקר מיר פילן זיך גוט. מיר גייען באַנאַנד און פילן אַז אַזוי מוז זיין, אַז ווען נישט וואָלט געמוטשעט אַ בענקעניש, אַ נישט גאַנצקייט אַזאַ. עס איז מיר שווער צו געפינען אַ קלאָרן ענטפער. מיר דאַכט אַז אפילו ווען כ'געפין וואָלט ער געווען־איבעריק. מיר, ווייניקסטנס איך, דאַרף אים נישט. מיט אַן ענטפער וואָלט אונ־דזער פריינדשאַפט באַקומען אַן אַנדער אויסזען, אַ שוואַכערן ווי איןווירקלעכ־קייט, כ'מיין ווי אין אונדזער ווירקלעכקייט, אַן אָפּגעבליאַקעוועטע פון ענט־פער. מע רופט אונדז די צוויי חברטעס, די סיאַמעזע שוועסטער. מעגלעך אין צווייטן איז אַ טראָפּן אמת. עס איז אַ פאַרפּלאָנטערניש אַזאַ. אויפפּלאָנטען האָט קיין זין. ס'איז נישט מעגלעך. ווייץ צייטיקט זיך אין דער זון, פּיסטאַש־קעס אין שאָטן, אונטער דער ערד. מע זאָגט אַז אונדזער הברן זיך איז צוליב אַלטערן ווייל מלכה איז פאַרליבט אין אים. כ'גלייב קוים. צווישן מלכהן מיט אַלטערן איז יאָ עפּעס מאָדנע, אַנדערש וואָלטן זיי זיך נישט אַזוי פיל געשפּיל־קעט. נאָר שטעך־ווערטלעך. אָט זיצן זיי טעג און נעכט, רעדן, רעדן אָן טאָלק און אָט מיידן זיי אויס איינער דעם צווייטן אַ וואָך און נאָך מער. אין די טעג ווען זיי מיידן זיך האָב איך דאָס געפיל אַז זיי זענען נענטער ווי ווען זיי זיצן גאַנצע נעכט צוזאַמען.

...הימל און ערד, די גאַנצע נאַטור שוויצט. צו ערשט האָט געצויגן לענגאַויס דעם טייך אַ געדיכטער שמוציקער שוים, נאָך דעם האָבן אים געהילט אויפגע־בלאָזענע וואַטע־קנויטן. מאָנטיק אין דער פרי האָט ארומגענומען שטאָט, טאָל און בערגלעך אַ נעפּל. דינסטיק האָבן זיך אויסגעשיילט פון נעפּל דריבנענקע טראָפּנדלעך, קאַפּען זיי שוין אַ וואָך צי צוויי, דרינגען דורך אָפּגעריבענע פּאָל־

טאָעכלעך, קעלטן די פיס, פרירן די נשמה. שווער צו פארשטיין ווי אזוי אזא וועטער האָט דערוואַרעמט געמיטער. אָנגעהויבן האָט עס פארטאָג. די סירענע האָט געקלאפט אין די פענצטער מיט א מוראדיק רעווען, נישט גערופן צור ארבעט נאָר צו אן איבערקערעניש, צו עפעס אויסערגעוויינטלעכס. אין מאָרגן־גרוי האָבן שאָטנדיק געאיילט סילועטן, פון גאסנווינקלען זענען אויסגעוואקסן באוועגלעכע סטראשידלעס; איציק שניידער איז ארויס פון שטוב אין די גאטיעס, זיך געדרייט אהין און אהער אויף דער מיט גאס לאָזנדיק נאָך זיך א גערויש פון אן איבערגעקערט פלעשל. וואונדערלעך, ס'איז נאָך נישט געשען איציק שניידער זאָל דאָס טאָן אָסיען צייט און דערצו פארטאָג. זיינע א געוואוינהייט איז אין הייסע זומער־נעכט, פארן שלאָפן גיין זיך ארויסכאפן אויף דער גאס געצן דעם פון טאָג אָנגעהיצטן פאָרעך. ווייסט מען און מע מיידט אים אויס. אָבער שפעט אָסיען און דערצו קאיאָר? זיך אומקערנדיק אין שטוב איז ער שטיין געבליבן א רגע אויף דער טיר זיך איינגעקוקט אין דער גרויער גאסקייט, דערקענט א שאָטן אָדער עס האָט זיך אים נאָר געדאכט אז ער דערקענט אים און א וואָרטשע געטאָן מיט זיין אויטאָריטארישן קול א ביז גאָר ברוגזער: „דער רוח זאָל דיך נעמען מיט מיין כאצקעלע אין איינעם!” כאצקעלע דאָס איז זיין זון, אויך א שניידער, א סאָציאליסט פון די וואָס זענען נישט, ווי משה טשוקאלעו זאָגט, לאקייען פון אלוועלטלעכן אימפעריאליזם, נאָר געטרייע דינער פון פאָלק און היימן קאָמוניסטן. כאָטש יאנקעלע שניידער, כאצקעלעס פריינד, ביידע געלערנט שניידעריי אין דעם זעלבן ווארשטאט רופט כאצקעלען אויף חוזק, פון קנאה ווייל ער, יאנקעלע איז א טרוס, א פחדן: „די מילטער פלייש, זעט נאָר מיט וועמען מע וויל איבערקערן א וועלט!” האָט עס אויסגעזען אז כאצקעלע האָט דווקא יאָ עפעס צו טאָן מיט דער פאבריקס משונהדיקן רעווע; טאָאדערע דעם באָדנערס הויף האָבן געקערט געלע שטראלן ליכט, עס האָט דאָרט געהילכט א ווידערקול פון אלטע פעסער און צעפאלענע קלעפקעס; אהרון שוסטער האָט מיט א נישט געוויינטלעך איילעניש געקלאפט הילצערנע פלעקלעך איך אן אלטער פאָדעשווע, גערירט די גאנצע צייט מיט די ליפן, געשעפטשעט א תפילה אויף זיין אופן, א תפילה אזא וואָס זאָל העלפן זיין בן יחיד אבעלען זיך ארויסדרייען פון דעם געטומל אָן א מום, אבעלע האָט זיך קוים ארויפגעארבעט זינט א קורצער צייט געוואָרן מיט גאָטס הילף מאגאזיאָנער, זאָל אים חס־וחלילה נישט געשען קיין שלעכטס. דער פאבריקס טויער א פינצטערער, פאררינגלטער, שווארצער. פון יענער זייט, אין פאבריקס־הויף רעוועט די סירענע, פון דער זייט, פון דער דרויסנדיקער, זאמלט זיך א המון קוטשמעס, פוראשקעס, קאפעליושן, בערעטקעס. ער קומט פון ארבעטער־קאָלאָניעס, ארומיקע דערפער און שטאָט. צוזאמען מיטן טאָג האָט אויסגעוואקסן, געבראכט פון א נאָענטער שטוב, א קיך טישל. אויפן טישל איז ארויפגעשפרונגען משה טשוקאלעו, איבערגעחזרט

וועלוולס ווערטער וועגן לוין און פּראָפיט, זיינע אייגענע וועגן פּראָלעטאַריער און אָרעמע פּויערים, וועגן פרייז-שער, וועגן אחדות. געוואָרנט פאַר סאָציאַלפאַשיסטן און געהייסן אויסוויילן אַ קאָמיטעט. געראָטן דער קאָמיטעט זאָל זיין אַ וואָס ברייטערער, געמיינט אַז וואָס צאָלרייכער איז בעסער. ווען מע האָט אויסגערופן מיין נאָמען האָב איך דערפילט ווי איבער דער הויט לויפט אַ ציטער און אַ וואַרעמקייט. די ידיעה האָט געגרייכט אַהיים פאַר מיר. נאָך האַלבער נאַכט, ווען כ׳בין אַהיימגעקומען איז דער טאַטע נאָך געזעסן מיט אַ ספר לעבן פינפער לעמפּל. ער האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן נייגעריק גלייך ער וואָלט וועלן אַנטדעקן עפּעס נייעס. וואָס ער האָט אַנטדעקט ווייס איך נישט, נאָך אַ פּאָר מינוט האָט ער געזאָגט נייטראַל: „ביסטו הייסט עס אַ קאָמיטעטשיק. אַלטער דער קאָמיטעטשיק״. נישט געוואַרט כ׳זאָל עפּעס זאָגן אָדער מיט וואָס סע זאָל זיין רעאַגירן אויף זיין אויפנעם, פאַרלאָשן דאָס לעמפּל, מיך געלאָזט שטיין אין דער פינצטער, ווייל זיינס האָט ער געטאָן. ער האָט געוואַרט אויף מיר ווייל געוואָלט אַ מעסט טאָן מיט אַ נייטראַלן בליק, אַצינד אַז ער האָט געמאָסטן דאַרף ער דאָס ליכט נישט האָבן. אויב כ׳דאַרף ליכט צום שלאָפן גיין, קאָן איך אָנצינדן דאָס לעמפּל, זיין צייט צום שלאָפן גיין איז געווען אַ פריערע. איינשלאָפן איז געווען שווער, פאַר די אויגן האָט געפינקלט אַ נצחון-קרוין.

## 5

אויפן פּלאַץ וואָס פאַר דער פאַבריק האָבן אויפמאַרשירט סאָלדאַטן, מיליטערישע קיכן אויף נידעריקע רעדער, לאַנגע רייעס צעלט-סקעלעטן פון אַמאָליקע ביקסן מיט זילבער-מאַטע באַנגעטן; איבער פייערן האָבן געדוכנט קורצע פּויערישע פינגער, אַרום נצחון האָט זיך געזאַמלט אַ נעפּל. משה כהן איז אָפּגעפאָרן. זיך אויף גיך אָפּגעזעגנט, געזאָגט אַז דאָס איינציקע וואָס קאָן און וועט העלפן איז אויסדויער און אַז צוליב דעם מוז מען זיין אויפמערקזאַם מיט די אַרבעטער פון די שכנישע דערפער. פּויערים, האָט ער געוואָרנט, האָבן נישט דעם נייטיקן אויסדויער, זיי זענען וואַקלדיקע. אויפן וואָקזאַל האָט די פּאָליציי אַרעסטירט אַ שליח, אַ סאָלידאַריטעטס-טרעגער, קאָנפיסקירט דאָס געלט וואָס מ׳האָט ביי אים געפונען — הילף פאַר די שטרייקנדיקע. נאָך דריי טעג הענגען מיט געבונדענע הענט אויף אַרונטער האָט מען אים אָפּגעפירט צום וואָקזאַל, אויפגעזעצט מיט אַ באַגלייטער. אַן אַנדער שליח, וועלכער האָט זיך אויפגעהאַלטן אין אַ שכניש שטעטל, האָט איבערגעגעבן נישט זייער קלאָרע אָנווייזונגען. די איבערבערענגערין איז געווען צילקע, האָט מען זיך געבייזערט, געזאָגט אַז אין דער אומקלאָרקייט איז זי שולדיק, זי פאַרשטייט נישט דעם עיקר ווייל זי

איז נישט געווען אויפמערקזאם, ווייל סע פליען איר פייגל אין קאָפּ. אויפן ביי־
זערן האָט זי נישט געענטפערט, געפאָרן אין שכנישן שטעטל און פאַרגעוואָרפן
דעם שליח אז ער איז א פחדן. פאר וואָס קומט ער נישט אליין רעדן מיטן קאָ־
מיטעט? פאר וואָס קומט ער נישט א קוק טאָן זען מיט די אייגענע אויגן וואו
מע האלט מיטן שטרייק? דער שליח, א מיטלוואוקסיק־שווארצינקער, א נאָך גאָר
יונגער, האָט ווייזט אויס נישט געוואָלט בלייבן אין צילקעס זכרון א טרוס, אז
זי וועט בלייבן אין זיין זכרון א מוטיקע איז ער געווען זיכער (מיט כמעט א
האלב יאָרהונדערט שפּעטער וועט דער זעלבער שליח פרעגן צופעליק אורין צי
ער האָט געהערט וועגן איינער צילקע, א שוחטס טאָכטער. זי איז פארלוירן גע־
גאנגען, וועט ער זאָגן מיט א טשיקאווע דרינדש אין קול, ווי אין וואסער. אורין
וועט אויסזען די שטימע א פארבענקטע, וועט מיינען אז די בענקשאפט איז
נאָך זיין אייגענער, דעם געוועזענעם שליחס, יוגנט און וועט ענטפערן פּשוט
אזוי ווי מע ענטפערט איינעם וואָס פרעגט וואו איז די אפטייק — דאָ אויפן
ווינקל. שוין צוויי יאָר אז זי וואוינט דאָ נישט ווייט. דאָס פלעמעלע וואָס וועט
אויספולן דעם געוועזענעם שליחס שווארצאפּלן וועט איבערצייגן אורין אז די
בענקשאפט איז גאָר נאָך ביידנס יוגנט אפשר מיטן טראָפּ אויף צילקעס און סע
וועט אים וואונדערן וואָס אזא פארוואָרצלטע. ער וועט נישט ווישן אז די בענק־
שאפט איז נאָך ביידנס א בליק פון דעמלט ווען אירע ליפּן האָבן ארויסגערעדט
לייכטזיניק פחדן און פון די אויגן האָט זיך געקייקלט א טיפער גלויבן אז עס
איז נישט אזוי און א הייסע היימישקייט, היים ווי די לאווע פון דעמלט אקטיוון
ווולקאן עראָס). האָט ער געזאָגט קום, און ביידע האָבן זיך געלאָזט אין וועג.
געפאָרן א שטיק וועג אויף א לאסט־אויטא, ביז קאָנסטאנטין, אזוי האָט מען גע־
רופן דעם שווארצינקן שליח און ווי סע האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויזן איז
עס געווען זיין אמתער נאָמען, האָט זיך באטראכט. געפרעגט צי די שטאָט איז
ווייט, און ווען צילקע האָט געענטפערט: דאָרט וואו מע זעט די עלעקטרישע לעמפּ־
לעך, האָט ער געהייסן דעם שאָפער אָפּשטעלן און זיי זענען ביידע אראָפּ פון
לאסט־אויטאָ. דאָס נעפּל האָט שרעקלעך גענעצט, די ערד איז געווען אויפגע־
ווייכט, קאָנסטאנטין האָט אויסגעטאָן די שיך געזאָגט אז אין שטאָט מוז מען
אריין ריינע, מע זאָל נישט זען פון ערשטן בליק אז זיי קומען פון ערגעץ. דאָס
מאָל האָט צילקע געלאכט אויף א קול און געזאָגט אז אויך די שטאָט איז א
בלאָטיקע. ער אָבער האָט געטאָן זיינס. געווען איז עס פרייטיק צו־נאכט און ציל־
קע האָט אים געפירט אהיים, צום טאטן ער זאָל דאָרט אָפּווארטן ביז זי וועט
געפינען דעם קאָמיטעט. אויפן טיש האָבן געברענט ליכט, דער אויוון א געהייצ־
טער, האָט זיך קאָנסטאנטין צוגעשטעלט ווארעמען די פלייצע און געטראכט

אז דער שטרייק איז גאָר ווייזט אויס א יום-טובדיקער, צי האָבן גאָר אפשר די פאבריקס בעלי-בתים פאר דער צייט וואָס ער האָט זיך געשלעפּט מיטן קאמיאָן איבער בלאָטיקע וועגן נאָכגעגעבן אלע פאָדערונגען, אפשר איז די מלחמה א געענדיקטע. דערווייל איז דער טאטע געקומען פון שיל, געמאכט קידוש, געזאָגט: אויף אלטערן וועלן מיר נישט וואַרטן; געזאָגט: מילא, וועט זיין אנו מתירין, וועלן מיר מקבל שבת זיין און גיין צו טיש מיט אן אורח א שייגעץ. האָט מען זיך געזעצט צו טיש.

קאָנסטאנטין האָט געגעסן, געשמייכלט און בארעדעוודיק געשוויגן.

שפּעטער האָב איך געפאָדערט מע זאָל צילקען באשטראָפן כאָטש מיט אן אויסרייד, אָדער א פאָרוואורף, ווייל ווי אזוי ברענגט זי צו אונדז אין שטוב דעם שליח און דאָס, נאָך דעם וואָס זי האָט אָפּגעטאָן. זי האָט געזאָגט אז מיין רוגז איז נישט ווייל זי האָט עפּעס אָפּגעטאָן נאָך ווייל איך וויל מיך מאכן וויכטיק אלס קאָמיטעטשיק, אז איך וויל מיט דעם אונטערשטרייכן די ראָלע וואָס איך שפּיל און דאָס פּלאַץ וואָס כ'פארנעם אין דער קלאסן-אקציע. דאָס האָט מיך פארדראָסן ווייל סע האָט געהייסן אויסטייטשן צום שלעכטן אָדער גאָר חוזק מאַ-כן פון ערנסטע זאכן. אין קאָמיטעט האָב איך מיך אליין נישט געקליבן און אויב אזא המון האָט צו מיר צוטרוי מוז דער פיינט קאָנצענטרירן זיינע כוחות קעגן. דאָס ליגט זיך יעדן אויפן שכל און קיינער קאָן נישט לייקענען. אזוי אז איך בין באשטאנען דערויף מע זאָל זי באשטראָפן און נישט נאָר ווייל זי האָט געבראכט דעם שליח צו אונדז אהיים אין א עת סכנה, נאָר איבערהויפּט אין שטאָט אין א מאָמענט ווען דער קאמף האָט אנגענומען שארפערע פאָרמען און אין אזא מאָמענט, אין אזעלכע אומשטענדן איז פיל גרעסער דאָס געפאר מע זאָל אים ארעסטירן; דאָס וואָס וואָלט געווען א גרויסער קלאפּ פאר אלעמען. און דאָס אלץ נאָך דעם וואָס זי האָט אָפּגעטאָן מיט צוויי טעג פריער ווען די ארבע-טער פון א שכנישן דאָרף האָבן געוואָלט אריין אין פאבריק אונטערן שוץ פון זעלנער און מיר האָבן זיך אנטקעגנגעשטעלט. די זעלנער האָבן געמאכט א קרייז ארום די פּאָטענציעלע שטרייק-ברעכער און מיר האָבן געפּרואווט דורכברעכן דעם קרייז. אזוי האָט געדארפט זיין. דאָס אלץ האָט מען געדארפט אָפּטאָן בא-דאכט, מיט שכל, סע זאָל נישט קומען צו פּראָוואָקאציעס, אָדער צו ארויסטרע-טונגען וועלכע מע וואָלט געקאָנט באטראכטן אלס פּראָוואָקאציעס. אין אָט אזא לאַגע ווען די נערוון זענען אָנגעשטרענגט ביז גאָר, רייסט זי פלוצים ארויס פון די הענט ביי א זעלנער דאָס געווער, און... סע האָט געקאָנט קומען צו א שיסעריי, צו א בלוט באָד. ס'איז געווען גענוג מע זאָל אונדז אלע באשולדיקן אין א בונט, אז מע זאָל אונדז אָנוואַרפן דעם שטעמפּל אויפשטענדלער. אן אויפשטאנד ווען

די אַרבעטער זענען נישט גרייט צו אַן אַקציע פון אַזאַ פאַרנעם. דאָס הייסט דאָך ערגער פון אוואַנטורע, דאָס קאָן מען אָנרופן אַנאַרכיע וואָס וועט פאַרמשפּט פון ביידע צדדים. אמת, זי האָט באַצייטנס אוועקגעוואָרפן די ביקס און איז פאַר־שוואונדן אין המון. אָבער דאָס האָט זי געטאָן פאַר מורא, ווייל זי האָט זיך דערשראָקן פאַר דער ביקס און נישט ווייל זי האָט איינגעזען איר אומפאַראַנט־וואָרטלעכן אַקט און חרטה געקריגן. און אפילו ווען סע זאָל יאָ געווען זיין ווייל זי האָט חרטה געקריגן...

...משה כהן איז געווען גערעכט. האָבן מיר זיך אָבער נישט גענוג פאַר־טראַכט איבער זיינע ווערטער און דערפאַר נישט געווען גענוג וואַך, פאַרלוירן די רעוואָלוציאָנערע וואַכזאַמקייט און דאָס ערגסטע איז געשען. שווער זיך צו פאַנאַנדערקלייבן אין סאָציאַלן געוועב. נישט אומעטום געפינט זיך אַ בקי, זאָל כאָטש געווען בלייבן משה כהן; איז ער אוועקגעפאָרן. ער זאָל געווען זיין דער־ביי וואָלט ער זיכער געווען דערפילט דאָס געפאַר. אין אַ שכנישן דאָרף, אַן אַנדערס, נישט דאָס וואָס האָט פּראָוואָצירט דעם צוזאַמענשטויס מיט די סאָל־דאַטן. אין יענעם לעבן נישט מער ווי עטלעכע צענדליק פאַבריקס־אַרבעטער, אין דעם געפינען זיך עטלעכע הונדערט, אַלע וועבער. מע רופט זיי די נאָלערס ווייל יעדער פון זיי טראָגט אַ נאָל אין כאַליעווע. אַ טראַדיציע אַזאַ באַ זיי. דאָס דאָרף זייערס ליגט אַ מהלך פופצן קילאָמעטער פון שטאָט. אין פאַבריק קומען זיי יעדן אינדערפרי רייטנדיק אויף ביציקלען לענגאויס דעם ביסטריצאַ טייך. גע־זונטע חברה, סע שפּאַרט פון זיי מיט גבורה. דאָס יאָר האָבן זיי געפייערט נאָך אַ לאַנגן איבעררייס, דעם נאָלן יום־טוב. זינט כ'בין געדענק איך נישט זיי זאָלן געווען פייערן דעם יום־טוב. אַצינד בלייבנדיק אַזאַ לאַנגע צייט אין דאָרף, לעבן די הייזער איז זיי איינגעפאַלן פייערן דעם יום־טוב און דאָס נאָר ווייל מיר האָ־בן פאַרלוירן די נייטיקע וואַכיקייט, זיך נישט אָפּגעגעבן אַ חשבון צו וואָס דאָס קאָן דערפירן, זיך נישט פאַרטראַכט אַרום דעם אַז אויפלעבן אַ טראַדיציע וועמענס אָנהייב סע פאַרלירט זיך ערגעץ אין טומאַן קאָן אָדער מוז פאַרטומאַ־נעווען די געדאַנקען. אין דאָרף האָט זיך געיאַוועט איינער מיט לאַנגע האָר, אַ שאַרפן בליק, גרויסע וואָנציעס, פּויעריש געקליידעט. געקומען איז ער פאָרשן די קוואַלן פון נאָל־טרעגעריי. נעגאַנגען פון שטוב צו שטוב, געזעסן גאַנצע נעכט אין שמועס מיט זקנים פריסעקנדיק דערביי מיטן בליק מיידלישע געבליטן און אויפבלאָזנדיק ביי די יונגנטלעכע אַ בענקשאַפט נאָך אור־יום־טובים. אויסגע־פונען האָט ער אַז די טראַדיציע איז אַ טויזנטעריעריקע, אַז אין יענע צייטן איז טראָגן אַ נאָל געווען אַ צייכן פון דערוואַקסנקייט, גבורה און זעלבסטשטענ־דיקייט. באַקומען דאָס רעכט צו טראָגן די נאָל איז געווען פאַרבונדן מיט אַ קאַמ־

פליצירטן ריטואל. יעדעס יאָר, אָנהייב ווינטער, פלעג פאָרקומען דער פאַרמעסט
באַטייליקט האָבן זיך ייִנגלעך פון ווייניקסטנס צוועלף יאָר. די פאַרשפּילער,
אָדער בעסער געזאָגט די וועלכע האָבן נישט געקאָנט אויספירן די פאָדערונגען
פון פאַרמעסט האָבן געקאָנט טיילנעמען אין קינפטיקן יאָר. מער ווי דריי מאָל
האָט מען נישט געטאָרט טיילנעמען. ס'איז א סברה אז נאָך א לאַנגיעריקער מל-
חמה מיט נאָענטע און ווייטע שבטים, אָדער נאָך אן עפּידעמיע וואָס האָט אָפּ-
געקאָסעט די גרעסטע טייל מענער פון שבט וועמענס אור-אוראייניקלעך סע וואו-
נען אין דאָרף עד היום האָט מען א צייט מוותר געווען אויפן יום-טוב ווייל
סע זענען געבליבן צו ווייניק מענער. אזוי איז געשען אז אין מיטן דאָרף זאָל
מען אוועקשטעלן א דריי און דרייסיק איילן הויכע נאָל — א הונדערטיעריקער
יאָדלע-שטאַם טיף איינגעגראָבן אין דער ערד. ביים סאַמע שפּיץ א מענגע האַ-
טשיקעס צו וועלכע מע זאָל צוטשעפּען די זעלבע צאָל נאָלן וויפל צוועלפיעריקע
ייִנגלעך סע זענען פאַראַן אין דאָרף. דער פרעמדער האָט געפּועלט ביים גלח ער
זאָל דעם יום-טוב הייליקן (ער זאָל געווען זאָגן אז דאָס איז זיין הייליקער חוב),
איינגערוימט דעם קרעטשמער ער זאָל אראָפּלאָזן נאָך עטלעכע אנטלען וויין
אין קעלער, צוגערעדט דעם לערער ער זאָל צוגרייטן געהעריקע טענץ; דער קאָ-
וועל האָט געשמידט נאָלן איינע שענער פון דער אנדערער, די נאָלן האָט מען
אויפגעהאַנגען אויפן שפּיץ שטאַם א טאָג פאַר דעם פאַרמעסט כדי יעדעס ייִנגל
זאָל זיך אויסקלייבן די נאָל וואָס געפעלט אים, ער זאָל פאַרגעדענקען אויף וואָס
פאַרא פּלאַץ זי געפינט זיך פּינקטלעך כדי זי קאָנען אָפּטשעפּען מיט פאַרמאַכ-
טע אויגן. טאַקע אין דעם איז באַשטאַנען דער פאַרמעסט: זיך דראַפּען מיט
פאַרבונדענע אויגן ביזן שטאַם-שפּיץ נעמען די נאָל און זיך צוריק אראָפּלאָזן
אין דער צייט וואָס דער אָרקעסטער שפּילט פאַר אים א קורצן וויוואַט. אויב
זיין קלעטערן, נעמען די נאָל און זיך אראָפּלאָזן פון שטאַם דויערט מער איד
עס א סימן פון נישט דערוואַקסנקייט, באַקומט ער נישט די נאָל און מוז וואַר-
טן א גאַנץ קיילעכדיק יאָר כדי ווידער טיילצונעמען אין פאַרמעסט און פּראָק-
לאַמירט ווערן בפני עם ועדה, פאַרן גאַנצן דאָרף, אז יאָ, ער פאַרדינט דעם
טיטל מאַן. זונטיק נאָכן גאָטס-דינסט אין הילצערנעם קלויסטערל האָט דער גלח
געבענטשט די נאָלן, באַשפּריצט מיט געהייליקט וואַסער, מיידלעך אין לאַנגע
ווייסע קליידלעך אויסגענייטע מיט פילפאַרביקע בלומען האָבן געצויגן א ברייטן
קרייז, אין אָרקעסטער פון די בעסטע פליטן-שפּילער, מיט וואַלד-געטער מאַסקן
האָבן געשפּילט די וויוואַטן און די צוועלפיעריקע ייִנגלעך האָבן געקלעטערט
אין עקסטאַז נאָך די אויפגעהאָנגענע נאָלן; ביים אראָפּקומען מיט דער נאָל אין
דער האַנט און נצחון פרייד אין האַרץ אויפגענומען געוואָרן מיט א גרויסן פּאַ-

קאָל רויטן וויין וועלכן, דער נייער מאַן, האָט געמוזט אויסטרונקען אין איין אָטעם. נאָך דעם וואָס אַלע יינגלעך האָבן אראָפּגעבראכט די נאָלען, זיי געטראָגן מיט שטאָלץ אין דער כּאָליעווע פון לינקן שטיוול; נאָך דעם וואָס מע האָט אויס-געטרונקען צוועלף אנטלען וויין האָט דער פרעמדער געפרעגט צי מיינען נישט די פארזאמלטע אז דאָס הילצערנע קלויסטערל איז צו אָרעם און קליין פאר א-זעלכע פייערונגען. דאָס דאָרף האָט געענטפערט מיט איין קול. האָט דער פרעמדער צוגעשוואוירן א פון ציגל און שטיינער געבויעטן קלויסטער נאָך אין קומענדיקן יאָר אויב זיי נעמען אויף זיך מאָרגן אריינפאָרן אין פאבריק, רייטנדיק אויף זייערע ביציקלען, באוואָפנט מיט זייערע נאָלן, און זיך נעמען ווי דער שטיינער איז און ווי סע פאסט פאר מענער צו ערלעכער ארבעט, זיך מער נישט לאָזן פארפירן פון פרעמדע און בייזוויליקע אויסוואוקסן.

מאָנטיק, נאָך דעם וואָס פיר הונדערט וועבער פון שכנישן דאָרף רייטנ--דיקע אויף ביציקלען, מיט אויסגעשטרעקטע נאָלן זענען אריינגעפאָרן דורך די ברייט צעעפנטע פאבריקס-טויערן איז געוואָרן קלאָר אז דער שטרייק איז פאר-לוירן. דער דירעקטאָר האָט באפוילן אז ער איז גרייט אויפצונעמען און פארהאנד-לען מיטן שטרייקס-קאָמיטעט און אונדז באשטעלט אויף מאָרגן. דעמלט איז מיך באפאלן א ישרעקלעכע מידקייט, א צעשרויפטקייט ביז גאָר; די הענט און פיס האָבן אָפּגענומען, האמערס האָבן געקלאפט, הארמאטן האָבן געשאָסן, די הויט האָט געברענט אין פלאמען. די מאמע האָט געלייגט קאָמפּרעסן, גערופן א דאָקטער, האָט ער געראָטן איבערליגן א פּאָר טעג, געזאָגט אז עס איז אויף א נערוון-גרונד. נאָך האלבער נאכט איז אריינגעקומען דער טאטע, זיך אוועקגע-זעצט אויף א בענקל און געקוקט צום זון. ס'האָט אויסגעזען א פארזאָרגטער אי-בער מיין געזונט צושטאנד. לאנג געקוקט אויף מיינע ליידן מיט קוים פארשטמו-דעטע אויגן, זיך לאנגזאם אויפגעהויבן, א מאך געטאָן מיט דער האנט, זיך גע-לאָזט צו דער טיר, זיך באטראכט, אומגעקערט און זיך ווידער צוגעזעצט, סע שלאָפט זיך נישט, האָט ער געזאָגט געלאסן. מיט טיפן ערנסט, א פאר אים נישט געוויינטלעכער. עס איז צום פארשטיין. פארלוירן... הייסט עס אז סע האָט אויך געקאָנט געשען אזוי. האָסטעך א סימן. אוודאי איז פרייליכער ווען מע געווינט. קאָן מען דען שטענדיק געווינען? א שווערער טאָג מאָרגן. וואָס זאָג איך מאָרגן? ס'איז שוין היינט. אָט באלד מוז מען גיין. הרגענען וועט מען קיינעם נישט. נישט אזוי רופט מען צום הרגענען. אָנקלאפּן די ביינער? מן הסתם יאָ. האָט מען דאָס אויך געדארפט פּאָרויסזען. געזעסן ווייטער א שווייגנדיקער, א קוק געטאָן אויפן זייגער. „יאָ, אזוי זעט עס אויס באלד וועט מען מוזן גיין״.

ביי דער דירעקציע האָט געוואַרט די פּאָליציי. דער קאָמיסאַר האָט מיר אויס־געזעצט א צאָן, א פּאָדערשטן, ווייזט אויס כדי מע זאָל זען און ווי־סן. דער ווייטיק איז אַ דערטרעגלעכער. קוק איך אויפן טאַטן דאַכט זיך מיר אז מיטן צאָן וואָלט דער ווייטיק געווען א סך גרעסער. א נישט דערטרעגלעכער.

— וואָס טוט מען מיט אים? וויפל איז דער שיעור?

צירל חזרט איבער די פראַגע צום הונדערטסטן אָדער צען טויזנטסטן מאָל. פרעגן, פרעגט זי די שפּיזלעך. שטענדיק ווען עפּעס מוטשעט זי נעמט זי אַ־רויס פון שופלאָד די שפּיזלעך מיט א האַלב אָדער דריי פירטל אויסגעאַרבעטן זאָק. העקלען זאָקן איז נישטאָ מער פאַר וועמען, חוץ פנחסן וועלכער טוט צו מאָל אָן וואָלענע זאָקן אין באַזונדער פּראָסטיקע טעג אָבער אויך דעמאָלט ציט ער זיי איבער די האָנטשעס. ער טוט דאָס זעלטן ווייל ליבערשט זענען אים האָנטשקעס — שמאַטעס אַזעלכע אין וועלכע פוּיערים וויקלען די פיס.

— וואָס וועט זיין דער סוף? וואָס איז צום טאָן? פרעגט צירל זיך אַליין און כאָטש זי פרעגט זיך וואָלט זי וועלן פנחס זאָל עפּעס זאָגן, זאָל אויפהערן גיין הין און צוריק איבער דער קיך בייסנדיק די לינקע וואָנציע. און אפשר וואָלט געווען גלייבער ער זאָל טאַקע גאָרנישט זאָגן, ווייל אויב זאָגן וועט ער ווייסט וואָס פאַר א קללה סע קאָן זיך אַרויסכאַפּן פון זיין מויל. פאַר קללות האָט צירל מורא, קללות שרעקן זי, זי האַלט זייער פון „סע־זאָל־נישט־אויסגערעדט־זיין". וואָלט ער אָפּקומען מיט א „לאָפּנען זאָל ער", וואָלט געווען ווי סע נישט איז אָבער ווער קאָן וויסן וואָס ער וועט אַרויסברענגען פון די ליפּן און איינמאָל אַרויסגערעדט זאָל עס ווערן א נישט צום באַוועלטיקנדיק געפאַר.

וואָס טוט מען מיט אים, מיינט זי אורין, דעם מעזיניק, דעם אויף וועל־כן זי האָט אָנגעהאָנגען אַלע אירע האָפענונגען, דער וואָס האָט געדאַרפט ווערן דער גרעסטער רבי, דער בעסטער חזן, דער באַרימטסטער רעוואָלוציאָנער, דער שכלדיקסטער פילאָסאָף, דער טאַלאַנטירסטער שרייבער, דער בכבודיקסטער סוחר, דער שענסטער בעל־הבית, דער לייטישסטער פון אַלע לייטישע און אויב עפּעס זאָל ער גיין צום שייטער מיט א בלייכן שמייכל. און דאָ אַזאַ אומגליק. אַזאַן אָנהייב. מיט אים האָט עס נישט געדאַרפט געשען. מיט די אַנ־דערע, מיט פעדלען, מיט אַלטערן איז נישט אַזוי געשען. זיי זענען אַרויס מיט צעקלאַפּטע ביינער, „ווייי איז מיר", מיט אונטערגעשלאָגענע זייטן, „און אָך איז מיר", מיט צעבראָכענע ריפּן, מיט לאַמטערנס אונטער די אויגן אָבער מיט וואָס פאַרא זיכערקייט אין זייער אייגענעם איך. סע האָט פון זיי אַראָפּגערעדט: „איך בין שטאַרקער ווייל כ'בין גערעכט. א גלויבן צעשטערט מען נישט מיט קלעפּ,

איבערצייגונגען ווערן נישט פאַרברענט אויף שייטערס", אַט אזעלכע זענען זיי פון דאָרט צוריקגעקומען. נאָך צוויי יאָר אָפּזיצן, יאָרן וועלכע האָבן אויסגעזאָגט די נשמה און דאָס האַרץ, איז אַלטער געקומען כמעט א פילאָסאָף און נישט פון די וואָס קוועטשן בענק, נאָר א בענקאיבערקערער. און ער... כ'האָב אים תמיד געזאָגט אַז עס איז נישט פאַר אים, אַז גענוג צוויי, איבערגענוג דריי. צילקע האָט מיך אויך באַשאָנקען און נישט איין מאָל מיטן „עטאַפּ", זאָל ער זיך כאָטש אָפּגעבן מיט ערנסטערע זאַכן. כע הייסט ערנסטע, האָט שוין חרטה איר מאַמע נשמה, וואָס חלילה, זיי גיבן זיך דען נישט אָפּ מיט ערנסטע זאַכן? אויף זייער אופן. זיי זענען דען חס-וחלילה שיכורים, קאָרטן-שפּילער? גאָט באַהיט. אזוי רעדט זיך. אָבער פאַר אים איז עס נישט געווען. און אצינד...

פּנחס פרעגט זיך נישט וואָס טוט מען מיט אים, נאָר וואָס האָט ער געמאַכט פון זיך? דאָס וואָס מע טייטלט אים מיטן פינגער האַרט פּנחסן מער ווי דאָס וואָס ער אַליין טייטלט זיך. ער זאָל אָפּטאָן אַזא זאַך! נישט אויסגעהאַלטן ווען עס איז — לויט פּנחסן דאַכט זיך — נישט געווען וואָס אויסצושטיין. אַ-היימגעקומען איז ער מיט אַלע איברים נישט באַרירטע. אפילו א האָר פעלט אים נישט. פרעגט זיך: ווי אזוי פאַלט מען אזוי? ווי אזוי טוט א מענטש נישט א טראַכט וואָס עס איז אויף יענער זייט מויער? אַז דאָרט וואַרטן חברים, פריינד, קאָלעגן אַלע מיט דער איבערצייגונג אַז ווער, ווער אָבער אורי וועט נישט אונטערפירן. מע קאָן זיך אפשר צו מאָל נישט רעכענען מיט מענטשן, אָבער אָפּנאַרן זייער גלויבן אין דיר, עס איז דאָך א פשוט פאַרברעכן. ער איז דאָך נישט מער א קינד. א בחור, א וואַרגעלע פון ניינצן יאָר טראָגט אויף זיך אחריות. דערצו האָט ער דאָך געהאַט פון וועמען צו לערנען. מע האָט פאַרנומען אַלטערן, איז ער צוריקגעקומען מיט אויסגעזעצטע ציין דערפאַר אָבער מיטן גאַנצן נצחון, א מענטש מיט לייטן גלייך. און דאָס צווייטע מאָל ווען ער האָט געדאַרפט אויסשטיין די פּייניקונג פון אַזאַ איינעם ווי ראָטענבערג, ימח שמו. אויך דערצו געפינען זיך יידן. געפינט זיך א ייד מוז ער אויך אין דעם זיין א אתה-בחרתנודיקער, מוז ער זיין דער ערגסטער שלעגער אין לאַנד. ווער האָט נישט געהערט וועגן דעם קאָמיסאַר ראָטענבערג? נאָר ביים געדאַנק-צו באַגעגענען ראָטענבערג צווישן די סיגוראַנצע מויערן גנעמט אָן א גרויל, וואַרפט אָן א שרעק אויף גרעסערע גבורים ווי אַלטער, און ער האָט אויסגעהאַלטן. קומט דער תכשיט און טוט אָפּ אזעלכעס. צוויי פעטש און אַלץ פון זיך ארויסגעשליידערט. סע קומט אויס זאָגן ער זאָל זיך פאַר די אויגן נישט באַווייזן. צו אַלדע רוחות זיינע מישטיינס-געזאָגטע איבערצייגונגען וועלכע האַלטן קיין צוויי פעטש נישט אויס. וואָס פאַרא סאָרט מענטש איז ער? יאַכלעך, ראָסל-פליישלעך, פּיציע

קאָכט זי אים און האלט אין איין יאָמערן: וואָס טוט מען מיט אים? גוט אויספאטשן און ארויסווארפן פון שטוב, ער זאָל פארזאָגן אויף קינדס-קינדער זיך נישט צורירן צו אן ארבעט פאר וועלכער מע דארף האָבן דאָס וואָס אים פעלט. דער אמת איז אז אורי איז טאקע נישט אויסגעשטאנען. צוויי פעטש און א פּאָר שלעק מיט א פריטקעלע האָבן אים ווייך געמאכט ווי א שיטערע מאמעליגע, ארויס פון דאָרט איז אורי אן אויף שטענדיק צעקאליעטשעטער, אָבער אָפּזאָגן האָט ער זיך נישט געקאָנט. ער האָט נישט געקאָנט ווייל נאָר ווייטער גייענדיק אויף דעם זעלבן וועג האָט ער געהאט די האָפענונג צו באקומען אן ענטפער אויף דער פראגע וואָס האָט זיך באזעצט ווי א פליגעלע אין סאמע מח, געשוואכט דאָס הארץ געווייכט די קני ווי נאָר סע האָט זיך באוויזן דאָס קלענסטע געפאר. דער שרעקלעכער געדאנק סע זאָל זיך נישט איבערחזרן האָט אים געטריבן איבער דער וועלט. געוואָרן א וואנדערער, א סאָרט גלאָבטראָטער. כל זמן ער איז געווען אין פאלעסטינע האָט מען פון אים געוואוסט. ער פלעגט שרייבן בריוו פון בענקעניש. דאָס האָט געדארפט זיין דער אויסדרוק פון זיין ליבע צו טאטע-מאמע. מיט דער ליבע זיינער האָט ער זי געהרגעט. צירל האָט געלייענט די בריוו איין מאָל און נאָך א מאָל, און מערערע מאָל, שווער געאָטעמט, געדרייט די שפּיזלעך, אויסגענייט כל-ערליי טישטיכער, לויפערס און נאָך אזעלכע ווער-ווייסט-וואָסן, האָבן שפּיזלעך און נאָדלען געדאָלבעט איר שוואך הארץ ביז אין א נאכט ווען זי האָט איינגענייט פאר אים, פאר אורין, צוויי העמדער אין א שטיקל ווייס לייוונט און צוזאמען מיטן לעצטן שטאָך אויסגעהויכט די נשמה.

„יאָ, עפנט פּנחס און פארמאכט א פאראנטעז, זי איז געשטאָרבן ווי א צדקת, זיך געלייגט אין בעט און אויף אייביק איינגעשלאָפן, ווי א הייליקע".

אזוי זענען אוועק יאָרן. געזאָגט האָט מען אז ער איז געגאנגען זיך שלאָגן אויף פרעמדע פראָנטן אין פרעמדע מלחמות; געזאָגט האָט מען ער איז געפאלן טאקע אין אָט דער מלחמה; געזאָגט האָט מען אז עס איז א ליגן, ער איז נישט געפאלן, ער לעבט ערגעץ אין לאגערן; שפּעטער אז ער האָט זיך געשלאָגן ערגעץ דאָ נישט ווייט אין די בערג און די זשאנדארן האָבן אים אָפּגעשאָסן. דערגאנגען זענען די ידיעות צו פּנחסן צוערשט אין שטאָט, שפּעטער אין די פארשידענע לאגערן וואוהין מע האָט אים פארשיקט. אויך אים האָט מען פארנומען אין צייט פון דער מלחמה, פארשיקט אין א לאגער ערגעץ אין די קארפּאטן. דאָרט האָט ער באגעגנט א פאר אים נישט אין גאנצן פרעמדע וועלט. געוואוינט צו דעם עולם איז ער געווען פון יענע צייטן ווען צירל פלעגט זיי אויפנעמען מיט א מאליסניק אָדער מיט א שיסל געזייערטס — געזייערט קרויט

און ארבוזעס ווי ביי צירלען האָט מען ביי קיינעם נישט געפונען. באַטראַכט האָט זי דעם עולם עלעהיי די חסידים וואָס פלעגן קומען אין שטוב פון איר זיידן, דעם רוזשינערס און אייניקלס חסיד. א נייער סאָרט חסידים וואָס גלייבט אין יושר. אין לאַגער זענען זיי געווען זייער פאַרשיידענע: א רויטער פּרינץ, אוני-ווערסיטעטסט פּראָפעסאָרן, אַדוואָקאַטן, פאַרדעכטיקע טיפּן צווישן זיי אייגער וואָס האָט זיך אָנגעגעבן אלס רבל מיט א באַזונדערער שליחות. אין די נעכט פלעגט ער טראַכטן צו זיינע קינדער; איז געקומען צו אורין האָט זיך דער שטע-רן געריגצלט טיפער. פּנחס האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין די איינגעשפּאַרטקייט מיט וועלכער ער האָט זיך צוגעטשעפּעט צו א וואָגן פאַר וועלכן ער טויג נישט. „וואָס וויל ער דערמיט באַווייזן?" האָט זיך געפרעגט פּנחס און דער ענט-פער איז נישט געווען לטובת דעם מעזיניק. ער האָט אים חושד געווען אין אוואַנטוריזם, אין פּוסט-לויפעניש נאָך ווילדע חלומות, און האָט זיך טועה געווען.

אורי האָט געוואַנדערט, געזוכט א באַווייז אַז ער קאָן זיין מיט מענטשן גלייך. יעדער באַווייז האָט אָבער אויסגעזען דער נישט ריכטיקער. דער פּנים אל פּנים מיטן קעגנער האָט זיך נישט איבערגעחזרט אויף דעם זעלבן אופן און ער איז נאָך אַלץ נישט געווען איבערצייגט צי א פּריטקעלע קאָן אים נישט ווי-דער ווייך מאַכן. אפשר דערפאַר איז ער געבליבן א זייטיקער אפילו דעמלט ווען ער האָט זיך געפינען אין סאַמע ברען פון געשעעניש. אפשר האָט אים דאָס געהאָלפן נישט אָנאייגענען א זיכערקייט וואָס דערלויבט משפּטן, בא-שליסן דעם גורל פון ווילד פרעמדע אין גאַנצן נישט פאַרשטאַנענע מענטשן. פּנ-חס האָט נישט געהאַט פון וואַנען צו וויסן אַז דעמלט ווען מע האָט געזאָגט אורין ער זאָל איבערנעמען דעם באַפעל איבער דריי גרופּן, איבער א דריטל ראָטע, האָט אורי געענטפערט: „אַליין גיי איך, אָבער שיקן אַנדערע קאָן איך נישט!" אַז אַזאַן ענטפער האָט מען געטייטשט אלס איינעם וואָס קומט פון א זייטיקן און מיט דעם געצויגן איבערן קאָפּ דעם דינעם פאָדעם אויף וועלכן סע הענגט די דאַמאָקלעס שווערד.

אָבער דאָס איז געווען שפּעטער.

באַמערקונג מיט א כעמישן בליישטיפט: א סך שפּעטער. דאָס וואָרט „א סך" צוויי מאָל אונטערשטראָכן.

...געוויינטלעך שווייגט ער. א מאָדנע שווייגן. די גאַנצע צייט מאַכט ער מיט די ליפּן, זאָגט תהילים פאַר זיך. גאַנצע טעג זאָגט ער תהילים. ווען וועלט-

זאכן רעדט ער נישט. ער הערט זיך איין און קומט אָפּ מיט א צי טאָן די אויגן לעפּלעך אָדער מיט א הייסעך. דערציילט מען מופתים דבקעט ער זיך, א שטיל, דין, פארשעמט דבקהלע: אי אי, אי, אי. אצינד לערנט ער אויך משניות.

רבי אלטערל האָט מער ווי לייגן תפילין, דאַווענען און זאָגן תהילים נישט געקענט. אין א טאָג האָט זיך געיאָוועט אין בית המדרש א ייִנגעלע און אוועקגעזעצט לערנען. רבי אלטערל האָט צוגעהערט, כמעט מקנא געווען און סוף כל סוף געבעטן מיט א דרך ארץ גלייך דאָס ייִנגעלע וואָלט זיין אן אלטער און ער א ייִנגעלע „וואָלסט אזוי גוט זיין מיך לערנען א משנה“. פארשעמט האָט דאָס ייִנגעלע געזאָגט יאָ און אים געלערנט גלייך סע וואָלט לערנען פון אים. אזוי ביז בעלמעס האָבן אין גאנצן פארטונקלט רבי אלטערלס ראיה און ער האָט געמוזט לערנען אויסנווייניק. אזוי איז ביי רבי אלטערלען געוואָרן משניות תורה שבעל פה. אין א צייט ארום האָט מען אויסגעשניטן די בעלמעס און משניות איז פאר אים ווידער געוואָרן געשריבענע תורה. אצינד קוקט ער דורך גראָבע גלעזער מיט אָנגעהויער גרויסע אויגן ביז ער ווערט מיד. דעמלט לייגט ער אוועק דאָס ספר און זאָגט תהילים. רבי אלטערל מוז צוריקגעווינען א פארלוירענע צייט. יענע ווען ער איז געווען א ניקאָלאיעווסקע סאָלדאט, א פּאָימאלע, א געבאפּטער אָדער א פארקויפטער. זינט ווען ער איז געבליבן אויף שטענדיק אין בית המדרש איז שווער צו זאָגן. מע דערציילט פארשיידענע מעשיות אָבער וועלכער ס׳איז דער אמת ווייסט קיינער נישט. אפשר אלע. ווייזט אוים אז אָפּמאַך מיט זיך אליין נאָך פון אָנהויב וועגן דעם נישט צו רעדן. אפשר ווייל אין אָנהויב האָט מען נישט געטאָרט. ער שלאָפט אויף א באנק אין בית המדרש, אונטער דער באנק איז זיין גאנץ האָב און גוטס: אן אלטער קאָזשוך, א קאָלדערע, א פּאָרל ריין וועש, דער טלית און תפילין, א לייבצודעקל, א פּאָר טרוקענע שטיקלעך ברויט. מיטאָג-עסן שיקט מען אים פון הויף, פון רבינס מאָלצייטן, נישט שיריים נאָר א גאנצן מיטאָג. רבי אלטערל איז אין חשבון פון די באשטענדיקע קעסט-מענטשן, ער געהערט צום הויף ווי דעם רבינס משפחה, ווי דאָס בית המדרש, עלעהיי א יושב, עלעהיי א גר, כאָטש קיין גר איז ער נישט. געווען א סך יאָרן אין דער צארישער ארמיי, יאָרן וועגן וועלכע ער רעדט נישט. זאָגט מען צו מאָל טאָמסק, סעוואסטאָפּאָל, קאווקאז, קרים, ציטערט א ברעם. נישט פון בענקשאפט, נישט פון שנאה, נישט פון יאוש, סתם א ציטער, גיכער א שיין פון בלאָנדזשענדע כמארעלעך, פון שלאבריקע טריט אין אָנענדלעכע מארשן באנלייטע פון: סאָלאָוויי, סאָלאָוויי פּטיאשיטשקא... ווייזט אוים אז איין מאָל בשעת דעם געזאנג איז אים פּלוצים אייגעפאלן אז סאָלאָוויי איז א פייגעלע וואָס זינגט נישט אין שטייגל, זיך פארטראכטנדיק דעריבער ארונטערגעבליבן פון עשא-

לאָן נישט ווייט פון אַ שטעטל. אויף די גאַניקעס ציגן און מיידלעך מיט נאָכן צוואָגן מיט סעראָפין געשמירטע האָר. דאָ איז ער געבליבן, דאָ האָט ער באַשלאָסן אַז געגנוג דינען עבודה זרה, גענומען אויף זיך אַלע סכנות און זיך דערשלאָגן אַהער וואוהין דעם צאַרס האַנט האָט דעמאָלט נישט געגרייכט. ווייל געווען איז עס שלום־צייט. אין צייט פון שלום איז דאָס לענדל געווען אַזעלעכס וואָס האָט זיך נישט געלאָזט באַהערשן נישט פון טערקישן סולטאַן, נישט פון עסטרייך־אונגערישן קייזער און קעניג און אויך נישט פון אַלרוסישן צאַר. דאָ האָבן זיך זייערע הענט באַגעגנט, געפּאָרשט אָבער אָנכאַפּן זיך נישט געטרויט ביז... „ביז" האָט געהייסן מלחמה. דעמאָלט ווען רבי אַלטערל האָט זיך אַהער דערשלאָגן איז געווען אַ צייט פון שלום און ווען די מלחמה האָט אָנגעהויבן איז ער שוין געווען אַן עלטערער ייד, אַ תהילים זאָגער אין בית המדרש, צו דער תורה פלעגט מען אים אויפרופן אברהם בן אברהם. עלעהיי אַ גר, כאָטש קיין גר איז ער נישט. ווייזט אויס אַן אָפּמאַך אַזאַ נאָך פון אָנהייב, פון די ערשטע טעג ווען ער האָט באַשטימט בלייבן דאָ, געפּרעגט און דער רבי האָט געזאָגט מעגסט. אַצינד זיצט ער אָפט ביי פּנחסן אין שטוב צוזאַמען מיט אַ האַלב טוץ חסידים און הערט זיך איין צו זייערע מעשיות, צו זייער מופתים דערציילן. געוויינטלעך שווייגט ער נאָר אַ שטיל, פּאַרשעמט דבקהלע: אי אי, אי, אי. דאָס מאָל דערציילט ער און יידן הערן אַ ביסעלע פונאַוויבנאַראָפּיק. אפשר ווייל אַ זיידענע זשיפּעצע האָט ער קיינמאָל נישט געטראָגן. געווען, זאָגט ער אַ שרעקלעכע שרפה. שייך אַ שרפה, האַלבע שטאָט האָט געברענט. דער ווינט האָט צעבלאָזן דאָס פייער, די פלאַמען זענען געקראָכן פון איין הויף אין צווייטן, אָנגעגליִעטע שטיקער בלעך זענען געפלויגן אַ מהלך פון כמעט האַלבע מייל, זיך געזעצט ווי פייערדיקע פייגל אויף הייסע דעכער און דער ווינט האָט געטאָן זיינס, אַ דריי געטאָן אין געווירבל און געטריבן די אָפּגעזונדערטע פייערן צו די וואָס אין דער מיט. אַ שרעק. געשען איז עס אַ פּאָר שעה נאָכן צופאַלן פון דער נאַכט. מיטן געדראַנק צו קאַיאָר, צו מאָרגנדיקער אַרבעט און דאגות זענען מענטשן איינגעשלאָפן ווי קלעצער, כאָטש שפּאַלטן אויף זיי אויסגעקאָרטשעטע וואָרצלען. און דאָ די שרפה. קיינער ווייסט נישט פון וואָס סע האָט זיך גענומען. זומער, וואַסער אין די קרעניצעס ווייניק און דאָס וואָס קומט דורך רערן ווי אויף להכעים שוואַך, אָן כוח. ניין, מיט וואָס צו לעשן איז כמעט נישטאָ. העלפן קאָן נאָר איין גאָט. וואָלט מען ווייסן ווי אַזוי און פון וואו סע האָט אָנגעהויבן וואָלט נאָך געווען אַ האָפענונג. וואָס טוט מען אָבער אויב אַ רויטער האָן, אויב עמעצער האָט דאָס געטאָן אומיסטן, בייזוויליק מיט אַ געדאַנק וואָס האָט געקאָנט דערצערענען דעם אַלמעכטיקן? וואָס טוט מען דעמאָלט?

מענטשן קוקן זיך איבער, זיי קענען נישט פארשטיין רבי אלטערלס אופן דערציילן. מאָדנע געדאַנקען ביי אים. אויב א ייד איז דערגאַנגען דערצו אז ער מוז, הערט גאָט אויף צו זיין א מלא רחמים? וואָס זשע, ער ווייסט נישט? אָבער איבערשלאָגן קאָן מען נישט, פרעגן איידער ער האָט געזאָגט וואָס ער האָט צו זאָגן, פירט זיך נישט. וואַרט מען, און רבי אלטערל דערציילט ווייטער. לויפט מען צום רבין בעטן, פרעגן, באַשווערן. דער רבי דרייט זיך איבערן הויף קוקט אויפן ברענענדיקן הימל און גאָרנישט. קיין וואָרט. שווייגט וואַרט אויף א סימן, א ווינק. ביז דער סימן וועט זיך נישט באַווייזן איז נישטאָ וואָס צו זאָגן. אָפּ־רעדן מענטשן צו ראַנגלען מיט די פלאַמען וועט ער נישט כאָטש ער ווייסט אז העלפן קאָן מען נישט. דאָס פייער שפרייט זיך, סע קנאַקט, סע רוישט, סע שלינגט איין האָרעוואַניע, סע לאָזט הונדערטער מענטשן אָן א דאך, צווישן זיי אלמנות, יתומים. אָט באַלד וועט עס ארומנעמען די שניידערישע שיל. מע וואַרפט זיך צום ארון קודש ראַטעווען די ספרים, מע טראָגט זיי אין הויף. דער רבי קוקט פארלעגן: רבונו של עולם קוק אויף דיין פאָלק ישראל, אפשר פאַר־שטייסטו, איך פארשטיי שוין גאָרנישט. געפּעלט דעם רבונו של עולם דעם רבינס תמימות, טוט ער א שמייכל, ברעכן איין דעכער, פאַלן צוזאַמען ווענט, מיליאָסן פינקען פליען צום הימל, א פייערווערק. דעמלט איז דער רבי פּאַמעלעך ארויס אויף דער גאַס, אנטקעגנגעגאַנגען דעם פייער און דאָס פייער האָט געמיטן זיינע טריט, צוזאַמענגעפאַלן און מער קיין כאָטש באַרירט.

רבי אלטערל, דער ניקאָלאַיעווסקע סאָלדאַט, דערציילט זיין חסידישע גע־שיכטע אין א שבת פארנאַכט. ארום טיש זיצן א האַלבער מנין צי א האַלב טוץ איבערגעצייטיקטע חסידים, טרינקען פיר און צוואַנציק שעה אין אויוון געקוואָסעטע טיי צובייסנדיק קליינענקע האַרטע שטיקעלעך צוקער, דבקהן זיך קוים, דירן קוים זייערע אָפּגעבליאַקעוועטע בערד. רבי אלטערל האָט געפּרוּווט זיך באַהעפטן מיט פלאַמען וועלכע האָבן דאָ קיין מאָל נישט געברענט, נישט פארשפרייט קיין איבעריקע היץ, מיטן פייער וואָס ברענט נאָך ערגעץ אין פוילן און פּאָדקאַרפּאַטסקי רוסי. ער האָט נישט געוואוסט — פונקט ווי אלע ארום טיש זיצנדיקע האָבן נישט געוואוסט — אז ערגעץ טליעט אָן אומזיסטיקע שנ־אה צו דער פאַררויכערטער טיי, א שנאה וואָס וועט זיך פארוואַנדלען אין דער שרעקלעכסטער שרפה. אין א ווינקל איז געזעסן אלטער יוסף — ער האָט שוין געטראָגן ביידע נעמען, דער נאָך וועלכן מע האָט צו פרי א נאָמען געגעבן האָט זיך געפּעלט, האָט מען שוין געמענט — געלייענט דעם יענצייטיקן בעסטסעלער „בוב און מיידל" איינצייטיק אויפגעכאַפּט אָפּגעריסענע פראַזן פון רבי אלטערלס דערציילעכץ. זעענדיק ווי רבי אלטערל קוקט מיט פון די גראָבע גלעזער

פארגרעסערטע אויגן אויף די צוהערער, ער וויל וויסן צי האָט ער מיט זיין געשיכ־טע חס וחלילה עפּעס פארשוועכט, איז אלטער-יוספן איינגעפאלן אז דער גילגול פון דער שרפה איז ווייל דעמלט זענען נאָך דעם אלטנס אויגן געווען באדעקט מיט בעלמעס. דערפאר ווייסט ער נישט אז די שרפה האָט גורם געווען א פינפער לעמפל וואָס א זונה האָט געוואָרפן א שיכורן קונה וועלכער האָט נישט געוואָלט אָדער נישט געהאט צו באצאָלן דעם פרייז, אז אָנגעהויבן האָט די שרפה פון וואסילעס הייזל מיט רויטע פירהענגלעך און פארברענט געוואָרן זענען אין גאנצן צוויי אומגליקלעכע כאטעס.

...פערל פאָלעמיזירט, זי מוסרט. אמאָל איז איר פאָלעמיק געווען פאר ע־פּעס, היינט איז זי פאר עפּעס אנדערש און קעגן דעם פאר וועלכן זי איז אמאָל געווען פראָ. אמאָל האָט עס געהייסן: וואָס קוקט איר ווי אויף א בייז וואונדער? איר האָט נאָך אזעלעכס נישט געזען ווייל איר האָט זיך נישט איינגעקוקט. שטענ־דיק האָט דאָ עקזיסטירט א האָרעפּאשנער עולם וואָס האָט אויסגעהאָרעוועט ברויט מיט ביטערן שוויס. היינט האָט דער זעלבער עולם באשטימט זיך לאָזן אין זיין הײם, אויסקעמפן א היים. ער וויל מער נישט פּאָגראָמען, ער וויל מער נישט שטיין אומבאוואָפנט אנטקעגן צעווילדעוועטע מחנות. וואָס וויל מען פון אונדז? איז מען סוחרים הייסט מען פּיאווקעס, איז מען בעלי-מלאכות אָדער ערד-ארבעטער הייסט מען פרעמדע. אָנגעטראָגענע געצנדינגער. געצנדינער מיינט מען אונדז וואָס דינען א גאָט וועלכן זייער גאָט האָט געדינט. דורות לאנג געליטן מיט געבויגענע קעפּ, מיט האָפענונג אין א שטומען הימל. גענוג. מע דארף קושן די פיס ביי אָט די יאטן, די האָלצהעקערס און ציגל מאכער. זיי וועלן טרוקענען זומפּן, זיי וועלן האקן וועגן אין פעלז, זיי וועלן צוגרייטן א היים פאר הירדיקע און א מקום מקלט פאר פּחדנים. זיי אנטדעקן אייער געשיכטע, אייער פארגאנגענהייט און אייער צוקונפט. אייער אמתע געשיכטע איז די וועגן וועלכער סע דערציילט שמואל האָלצהעקער. ער געפינט אייער שורש אין די וועל־דער פון לאנד, א שורש וואָס קיינער וויל נישט אָנערקענען. דארף מען נישט. און נישט נאָר מע דארף נישט, סע ווערט א חוב זיך אומקערן צום אמתן, צום וויטן שורש וועלכן קיינער קאָן נישט אָפּלייקענען. זיי, אָט די חלוצים, אויף וועל־כע איר קוקט מיט א קלוגערישן שמייכל וועלן אייך אומקערן דעם כבוד און די ווערדע וואָס איר האָט פארלוירן. לאָזט געמאך מיט אייערע באָבע-מעשיות וועגן גלייכבארעכטיקונג, וועגן אינטער, סאָץ, און קאָסמאָ. סע וועט נישט העל־פן. צוויי טויזנט יאָר אז מיר זענען דאָס איינציקע ציל-ברעט פאר כל-ערליי אויסוואורפן. קוילען יידן איז א מצוה און אלע וואָרפן זיך זי מקיים זיין. ניש־

טאַ א טפח ערד אויף דער אַלטער וועלט, פון אַטלאַנטישן ים ביז אוראַל וואָס זאָל נישט האָבן איינגעזאַפּט יידיש בלוט. קומט א מגפה קוילעט מען יידן, איז א טרוקעניש קוילעט מען יידן, איז א פאַרפלייצונג קוילעט מען ווידער יידן. רעוואָלוציע צי קאָנטער-רעוואָלוציע, ווער איז שולדיק? לאָמיר זיין די שולדיקע פאַר אַלעם ביי זיך אין דער היים. אם אשכחך איז געווען אַמאָל, היינט האָבן מיר זיך דערמאָנט.

אזוי האָט זי פאַלעמיזירט אמאָל מיט ברען און פנחס האָט געקוקט אויף זיין עלטסטער טאָכטער מיט אומרו: פון אזא ברען וועט עס צו קיין שידוך נישט קומען. און עס איז טאַקע נישט געקומען. שפּעטער האָט זי אויסגעדרייט דעם דישל. אצינד הייסט עס: וואָס איז פאַר א לויפעניש? וואוהין לויפט מען שוין ווידער? דאָ זענען מיר געבוירן, דאָ מוזן מיר אויסקעמפן אונדזערע רעכטן. סע גייט אונדז נישט ערגער ווי דעם גאַנצן פאָלק. דער זעלבער יאָך, די זעלבע שונאים, די זעלבע בלוטזויגער און דאָס בלוט וואָס זיי זויגן איז איינפאַרביק ביי יידן ווי ביי נישט יידן: רויט. וועט דאָס זיין די פאָן וועלכע וועט אונדז פירן אין שלאַכט. אַלע, האַלצהעקער, ציגל-מאַכער, וועבער און שניידער צוויי מאָל עקספּלואַטירטע אומבאַוואוסטזיניקע יינגלעך און מיידלעך. ווער דאַרף די זומפּן און די נאַקעטע בערג. אין נאָמען פון א צוריק מיט א צוויי-דריי-טויזנטיעריקער מעשה איז מען מקריב די בעסטע יוגנט. בלייבן גלייכגילטיק טאָר מען נישט. סע זענען אונדזערע כוחות און מיר וועלן זיי צוריק דעראָבערן, ארויסרייסן פון פינצטערניש, פון אונטער קאָנסערוואַטיוו-דעמאַגאָגישער השפּעה. דאָ, דאָ. אַלע צוזאַמען אקסל ביי אקסל וועלן מיר אויפהייבן א מויער וועלכן די בורזשואַזיע וועט נישט קאָנען ברעכן. אַלץ הענגט אָפּ פון אונדז, פון אונדזער ווילן איבערצוקערן דעם צעפוילטן, פאַרשאַלטענעם רעזשים. היינט האָבן מיר א קלאָרע אידעאָלאָגיע, היינט ווייסן מיר וואָס מיר ווילן, היינט האָבן מיר א קלאָרן ציל, נישט פאַראַן אזא כוח וואָס זאָל ברעכן אונדזער ווילן. אַמאָל האָט מען פאַרסמט מיט רעליגיע, היינט פּרואווט מען דאָס זעלבע מיט בורזשואַזן נאַציאָנאַליזם. גיט א קוק אין שכנישן לאַנד, אהין וואו סע הערשט ברודערשאַפט, וואו סע ווערן מקוים די ווערטער פון נביא פאַר וועלכן אַלע פעלקער זענען גלייך, קינדער פון דער זעלבער נאַטור...

פערל פאַלעמיזירט און שרהלעך, ציראַלעך, יאַנקעלעך, סרוליקלעך, אראָפּגעקומענע פון שטעטלעך און דערפער הערן, גאַפן, און וואַרטן דעם מאָמענט ווען זיי וועלן זיך קאָנען מקריב זיין פאַר אָט דעם אַלעם וואָס האָט נישט קיין קלאָרע קאָנטורן, אויף א מזבח פון וועלכן סע הייבט זיך שוין א רויעכל און זיי האָבן מורא זיי וועלן חס וחלילה פאַרשפּעטיקן. פנחס הערט זיך צו מאָל איין

און טראכט אז־א גרויס געפאר לויערט אויף זיין שטוב, אָבער זאָגן, זאָגט ער גאָרנישט. ער טוט מעכאניש א שפיי אויפן שווארצן שארפשטיינדל, שמירט דאָס שפייעכץ מיטן פינגער, פירט דאָס קליינע חלפל — דאָס וואָס ער באנוצט צו קוילען עופות, לעמעלעך און ווען סע מאכט זיך א ברית; מלע זיין מיט א בריטווע און מציצה מיט א רערל וועט ער שפעטער — צוויי מאָל רעכטס און צוויי מאָל לינקס. דאָס חלפל באקומט זייטלעך, פארלירט דעם פאָדעם, ווערט אָפגעשטעלט מיט אלע פישטשעווקעס, אלץ פון זיך, ווייל פנחס׳ס גע־דאנקען זענען ערגעץ אנדערש. שווערע לאסטן דריקן זיינע אקסלען, וואָס שווע־רער די לאסט אלץ שמעלער די אקסלען. ער קען נישט פארשטיין ווי אזוי עס איז געשען. עפעס א מאָדנע לאנג ביי אים אין שטוב, מיט זיין הויזגעזינד. ניש־טאָ וועמען פירצואווארפן, נישטאָ דאכט זיך מיט וואָס צו שעמען, נישטאָ מיט וואָס צו בארימען, צו לויבן, איבערצוגעמען. צירל פלעגט דווקא יאָ טענהן: זע, וואָס סע געשעט מיט די קינדער! האָט ער געקוקט און גאָרנישט געזען. ווי־בערישע נארישקייטן. אצינד זעט עס אויס אז זי איז גאָר געווען גערעכט. דאָס וואָס ער האָט געמיינט אז סע קאָן דערפירן צו איבערגעמעכצן איז ביי בעל־הביתישע מענטשן קיין כבוד. אפשר זענען זיי גערעכט. אפשר איז אזא דער סדר, אפשר איז אזוי געבאָטן. אזוי האָבן געלעבט זיידעס און עלטער־זיידעס, דארף זיין אזא דער שטייגער, דארפן אזוי לעבן אייניקלעך און אור אײ־ניקלעך. געזעצטע מענטשן זאָרגן וועגן א שטוב, מעבל, פרנסה, צירונג, חתונות בריתן. זיין משפחה איגטערעסירט גאָרנישט. עס איז עפעס קיין משפחה נישט. אָט צעפליען זיך אלע פון נעסט, פאָרן אין אנדערע שטעט, ארבעטן דאָרט אין פאבריקן, גלייך די היגע פאבריק איז קיין פאבריק. דאָ ארבעטן אויך מענטשן׳ יונגווארג, קיין שלעכטע קינדער. געמוזט פארלאָזן די היים ווייל סע האָט נישט געקלעקט אויף ברויט, זענען זיי געקומען אהער; א טייל האָט אראָפּגעבראכט די עלטערן, זיך באזעצט און זיצן. ביי אים איז עפעס א ווילדער צוזאמענשטעל. געשיקט די עלטערע קינדער לערנען, געטראכט א תכלית. וואָס איז דערפון גע־וואָרן? גאָרנישט מיט נישט. צו ערשט א מלחמה, דערנאָך א רעוואָלוציע, גע־בליבן זענען זיי נישט אהין נישט אהער. דאָס שטודירן אָפּגעלאָזט, עפעס ענדיקן אפילו נישט געטראכט. פערלען האָט זיך פארגלוסט ווערן א שניידערקע, האָט מען געקויפט א ניי־מאשין, געמיינט צו לייטן. זוכט זי גאָר א צימער אויף אן אנדער גאס, פארלאָזט די שטוב, מיט טאטע־מאמע שטייט איר נישט אָן. געקו־מען דער בעל משל, געזאָגט: „א שארפער חלף האָט הצלחה, אי ער קוילעט, אי מע מאכט אף אים א ברכה", איז עס איר געפעלן, ווייל זי נישט האָבן צו טאָן מיטן חלף און מיט זיין הצלחה. זי איז ווייזט אויס בלינד געוואָרן. זי זעט

נישט דאָס דחקות אין וועלכן מע לעבט פון חלף? פּנחס ווייסט אז דאָס פאַרלאָזן די שטוב האָט אייגנטלעך אן אנדער מיין. זי וויל זיין פריי, זי מוז דרישענען, מוז דערציען די וועלט. דער יונגער עולם רופט זי „באָבעשי" און דערצו מיט דרך ארץ. איר איז עס ניחא. איר געפעלט עס. זיידע און באָבע איז ביי זיי א גרויסער יחוס, רופט מען עמעצן דער אלטער איז עס א געוואלדיקער כבוד. אים, פּנחסן, שטעכט עס אין הארץ. זי איז עלטער פון זיי מיט א יאָר, צוויי, אפשר דריי; הייבט מען אָבער אָן זאָגן באָבע, הייסט עס אן אלטע מויד, א פאַרזעסענע. ביז ווען וועט זי אזוי זיצן אליין? קומען צו איר מיידלעך. יינגלעך זיצן אָפּ גאנצע נעכט, האָט די שטאָט וואָס צו רעדן. מע האָט זיי אויף א גוט-אָרט מיט זייערע רעדעכצן, עפּעס אנדערש ווייסן זיי סיי ווי סיי נישט. עמי-הארצים, גראָבע יינגען. אין א ספר קוקט מען נישט, א בוך איז באָבע מעשיות, א נעדאנק אפּיקורסות. פרעג זיי צי ווייסן זיי וואָס הייסט אפּיקורסות? עסן א גאנץ יאָר פּעטע הינער, געשטאָפּטע קאטשקעס, פּרעגלען שמאַלץ, גענדזענע גריוון, ווארעניקעס, שפּילן קאָרטן, שארן זיך צום שכנס ווייב, פאסטן יום כפּור האלבן טאָג, אין דעם באשטייט זייער יידישקייט, זייער גאנצער געדאנקען-גאנג. גאָר וואָס העלפט דאָס מיר? וואָס וועט פון איר ווערן? האָט אָנגעהויבן אריינקומען דער העברעישער לערער. א פארזעסענער אלמן. חתונה געהאט מיט אן עלטער מיידל איז זי פּלוצים אָפּגעשטאָרבן און פון פארזעסענעם בחור געמאכט א פארזעסענעם אלמן. ער איז דער שטאָטס אינטעליגענט, דער טרעגער פון מאָדערניזם. אזא קהילה און אזא קהל. פאר אלעמען האָבן זיי א מענטש וועלכן מע צאָלט חודש-געלט. פאר לערנען — דעם רב, פאר לייענען שבת אין דער תורה — דעם שוחט, אויף זיין אן אינטעליגענט — דוד דעם העבריש-לערער. ער שטעלט מיט זיך פאָר דעם פּראָגרעס. א שטיקל ציוניסט, האלבער סאָציאַליסט מיט קאָמוניזאנטן אונטערשלאק, וואָס דארף מען מער? אלץ אין איין פארשוין. ביליק און יעדער איז צופרידן. אמאָל איז די שטאָט קיין שטאָט נישט געווען אויב זי האָט נישט געהאט איר אייגענעם משוגענעם, היינט מוז זי האָבן אן אינטעליגענט. האָט זי אים. האָט ער אָנגעהויבן אריינקומען. דאָס הייסט אריבערטרעטן די שוועל וואנט ער נישט. סע וואָלט געווען צו פיל, סע וואָלט געקאָנט הייסן פּערלס אן אָנהענגער. דאָס קאָן ער זיך נישט דערלויבן. זיין ווערט באשטייט פון נישט-אָנהענגערשאפט, פון דעם וואָס ער איז אומאָפּהענגיק. אָפּיציעל איז ער מיט קיינעם נישט, אָפיציעל איז ער נישט מער ווי א שאָקל מיטן קאָפּ און א שמייכל וועלכע מע קאָן טייטשן ווי אזוי מע וויל. סע קאָן הייסן יאָ, יאָ, וואָס איז ווייניקער פון יאָ; סע קאָן אויך הייסן ניין, ניין וואָס איז מער פון ניין; סע קאָן אויך הייסן: מעט זען. אזוי בלייבט מען אין גוטע באציאונגען מיט

יעדן, אזוי קאָן מען האָפן ווערן דירעקטאָר אין דער איזראעליטישער שולע. א פוסטע האָפענונג. דער שטיינגער איז אז אין דער איזראעליטישער שולע זאָל נישט זיין דירעקטאָר דער העברעיש לערער. דאָס וואָלט געמינערט דעם רוף פון דער שולע. דירעקטאָר דארף זיין דער רומעניש-לערער, דאָס פארשאפט פרעס־טיזש. א לערער פון רומעניש איז א לערער, דער פון העברעיש איז א מאָדערנער מלמד. עברי לערנט מען נישט פון א סידור נאָר פון א ביכל מיט לידלעך, אָ־בער מער פון עברי איז עס נישט. קוקט מען טאקע אויפן לערער ווי אויף א מלמד און א מלמד זאָל ווערן דירעקטאָר איז נישט געהערט געוואָרן, יידן וועלן דאָס נישט צולאָזן.

האָט דוד אָנגעהויבן קומען געוויינטלעך פארנאכט, ער האלט אז דער בין השמשות באגינסטיקט אים. כאָטש אין שטוב גייט ער נישט, קומט ער אָנגעטאָן ווי פאר א וויזיט. אָפּשטעקן א וויזיט קאָן מען נישט אבי ווי. דיסקרעט גע־קעסטלטע טונקעלע הויזן, א ווייס רעקל און פארשטענדלעך א רויטער קראוואט. געוויינטלעך קומט ער באגלייט פון א היימישן, פון איינעם וועלכן סע פאסט א־רויסרופן פון שטוב און ער בלייבט ביים גאנעק. ווייל אן אינטעליגענט קושט ער די האנט, פארפירט א שמועס וועגן שטיינבארגס א משל, מאנגערס א ליד, ווייזט ארויס בקיאות, פארשטענדעניש פאר מאָדערנער ליטעראטור, פאר ענינים וואָס באשעפטיקן דעם יונגן דור, טוט דערביי א קראץ די וואָנציע, א גלעט דעם פליך, פארציט די ליפּן, פארגלאָצט א ביסעלע די אויגן ווי איינער וואָס רעדט נישט אין דער וועלט שפּאָרט יעדעס וואָרט, וועגט די געדאנקען. טיפע געדאנקען (פּנ־חס הייבט א ברעם האלב חוזק, האלב ערנסט). דער לערער האָט באַ־מערקט אויף יענער זייט פענצטער קלענערע ברידער און שוועסטער, סע דאכט זיך אים זיי חוזקן, אפשר איז צו אים דערגאנגען צילקעס געלעכטער, זי לאכט מיט א קוויטש. זי באהערשט זיך נישט פּרואווט אפילו נישט. וויל זיך לאכן, לאכט זי. פּנחס גיט א לייכטן קרעכץ. אָפּלאכער זענען זיי. מע זאָגט אז דאָס האָבן זיי בירושה פון מיר. איין גאָט ווייסט אז אָן אָפּלאכער, א חוזק מאכער איז ער נישט. נישט מער א טבע אזא ביי אים צו זאָגן וואָס ער טראכט אין א וועלט אין וועלכער מע זאָגט אלצדינג נאָר נישט דאָס וואָס מע טראכט. דאָ נישט לאנג האָט שאול רעדנדיק פון איינעם א שרייבער א גאנצער גאון ביי זיי, ציטירט יענעמס א מימרא (פון האומר בישם אומרו האלטן זיי דווקא יאָ): „די שפּראך איז אויף צו באהאלטן וואָס מע טראכט”. אויך מיר א א חכ־מה. עס איז א געדאנק פאר קיסרים, מיניסטאָרן אָבער נישט פאר פשוטע מענ־טשן. כאָטש אזוי האלט מען אים פאר א חוזק מאכער. לויבט ער, לויבט ער נישט, זאָגט ער גלאט א מיינונג נעמט מען דאָס אָן פאר א שטעך־ווערטל, אלס

דעם שוחטס א שפּיציקע חכמה. א מין אָפּלאָכן פון אַלץ און פון אַלעם. וואָס דאַרף מען מער, צירל, דאָס אייגענע ווייב, מע לעבט אונטער איין דאַך אַזוי גוט ווי פינף און דרייסיק יאָר, זאָגט זי דאָך אויך: ביי דיר קאָן מען נישט וויסן ווען דו מיינסט עס ערנסט און ווען א ווערטל. דוד האָט אויפגעהערט קומען — וואָלט דאָס געווען צום דערליידן, א שידוך וואָלט סיי ווי דערפון נישט געוואָרן — האָט ער אָבער אָנגעהויבן אונטערהאַלטן אין שטאָט א בזיון, בזיון און אַז א בזיון איז ערגער פון אַלעם ווייסט דאָך אפילו א קינד. זיצט ביי זיך אין צימער וואָס אויף דער אַנדערער גאַס און גרייט פון דאָרט דאָס וועלט־איבערקערעניש. עס איז א פּאַרמעסט. פּנחס שמייכלט ביטערלעך. אוודאי איז עס א פּאַרמעסט. ס׳איז זאַבאַוונע צו זען ווי דער עולם קוקט איר אין מויל ווען זי מאַכט א פּויסט, פּאַטאַקעוועט, ריטמירט אירע דרשות, אירע סיכסוכים מיט דער וועלט און מיינט זי קאָן באמת איבערקערן אָט די וועלט. מילא, א כפּרה די וועלט, אָבער וואָס וועט זיין דער תכלית?

אָט שאול. אָפּגעחלוצעוועט. פּנחס דערמאָנט זיך אין שאולס ערשטן אויפטריט אויף דער שטאָט סצענע. אָנגעטאָן מיט א פּרענטש צוגעשפּיליעט ביזן האַלדז, פיר קעשענעס אויבן שמאָלע אונטן ברייטע, הויזן גאַליפע, שטיוול, א היטל מיט א גלאַנציקן דאַשעק האָט שאול אויסגעזען ווי א משיח בן יוסף. פאַר די היגע יידן ווי א בעל עגלה. אהיימגעקומען אויף יום־טוב האָט ער זיך אריינגעכאַפּט אין שיל. געוואָלט זען ווי אַזוי מע פּאַרברענגט דאָ שמחת תורה. זאָגט פּנחס, וואָס וואָלט זיין זאָלסט ארויסהעלפן. גייט שאול אין וואָכעדיקן שילעכל נעמט ארויס פון ארון א תורה איז עס פאַר די היגע א בייז וואונדער. זעט אויס ווי א שיינגעץ און לייענט מיטן טראָפּ, רופט אויף מיט א ניגון און לויט ער לייענט קאָן מען מיינען ער פאַרשטייט וואָס ער לייענט. איז עס טאַקע טשיקאַווע. א באַווייבטער, די שניר א קלוגע, זאָגט מען א שלעכטע, ביידע ארבעטן. ווי לאַנג קאָן ארבעטן א מענטש אין פאַבריק? וואָס איז עס פאַר א תכלית ביידע זאָלן ארבעטן. די פּויערים פון די דערפער ארבעטן אָפּ א צייט, קויפן צו א שטיקל ערד, א פערד, א קי, פאַרפונדעוועון די ווירטשאַפט; איז נישט די פאַבריק האָט ער זיין אייגענע בעל־הביתישקייט, אָבער אַזוי. דערצו איז ער קראַנק, א מאָדנע קרענק, זיפצט פּנחס, דאָקטוירים וויסן נישט וואָס צו זאָגן; געעפּנט, געשניטן, צו געזונט איז עס נישט געקומען, טאָג אויף טאָג ווערט ביי אים די נאָז שפּיציקער, דער גאַנג שווערער, די הויט בלייכער, דאָס בלוט פאַרשווינדט...

איבערגעשלאָגן די געדאַנקען האָבן געשרייען פון גענדז. ניין, סע זענען נישט די גענדז וואָס פּאַשען לעבן ריטשקעלע. סע געשעט זיי זאָלן פּלוצים אָנהייבן לויפן, פליען און שרייען, זיי דערשרעקן זיך אָן א פאַרוואָס, דאַכט זיך

אין אַנדייט, א סימן סע געשעט עפּעס וואָס מענטשן זענען נישט אימשטאַנד צו פאַרשטיין; פּויערים זאָגן: די היץ, אָדער סע לאָזט זיך א שטורעם. דאָס מאָל קומען די געשרייען פון הירש-בער רענדארס וועגעלע אין איבערגעלאָדנס מיט געגנדז. וואָס פּלוצים א גאנצע טשאַטע געגנדז, הירש בער, פרעגט פּנחס גייענדיק מיטן חלפּל אין האַנט. איר גרייט שוין גריוון אויף חנוכה צי שמאַלץ אויף אי־בער א יאָר פּסח? ס'א לאַנגע מעשה, און הערן איז נישטאָ וואָס, זאָגט צוויי־דייטיק הירש-בער, פּרנסה. פּנחס איז נישט צוגעשטאַנען. אז א מענטש קומט אָפּ מיט אזא ענטפער, דאַרף מען מן הסתם נישט פרעגן, הירש-בער וועט מיט גע־גנבעטע געגנדז נישט קומען. געענדיקט אָפּשעכטן די געגנדז איז פּנחס געבליבן שטיין לעבן שטיבל, געקוקט אויף דעם מיט מיסט אָנגעוואָרפענעם משופּע וואָס נידערט צום וואסערל, געפּרואווט ווידער אָנבינדן די געדאנקען. סע האָט אים געדאַכט עפּעס וויכטיקס וועגן זאַכן וואָס האָבן א בלוטיקע שייכות מיט זיין הויזגעזינד, וואָס פינקטלעך זיך נישט געקענט דערמאָנען. הירש-בער האָט גע־זוואָרפן די לעצטע גאנדז וואָס האָט נאָך געצוקט אין וועגעלע, געאיילט אויף דער קאָזלע און מיט אימפּעט א טרייב געטאָן דאָס פערדל. פּנחס האָט געוואָלט פרע־גן וואָס איז אזא איילעניש, איז שוין נישט געווען ווען און שוין האָט זיך געלאָזט הערן דער רעש פון א צווייטן וואָגן. געקומען איז דער יינגסטער פון די האבערס, פון דער משפּחה קצבים ביי וועלכע סע האָט אמאָל געאַרבעט אַרעלע, יענער וואָס מיטן קאלאַראַשער אָדער קעשענעווער פּאָגראָם. פון ווייטנס געוואָרפן א בליק צו הירשבערס וועגעלע, א זאָג געטאָן: האַ, און געבעטן פּנחסן מוחל זיין און מיט אים אראָפּפאָרן אין בוינע, ער מוז נאָך היינט שעכטן א קעלבל.

— וואָס פּלוצים מיטוואָך? אויף שבת פלעגט מען קוילענען דאָנערשטיק פאַרנאַכט, איבערהויפּט זומער אין די היצן. וואָס האָט אייך אלע אָנגעכאַפּט אזא איילעניש?

— א קונה בעט דאַרף מען אַנטקעגנקומען.

פּנחס האָט זיך געפרעגט וועד סע קאָן זיין דער קונה, ווער גרייט א טיש גלייך א חתונה. סע זענען דאָך די דריי וואָכן. אָנגעהויבן חשבונען, האָט דער קצב איבערגעשלאָגן:

— וואָס זאָגט איר אויף הירש-בערן? געכאַפּט א מציאה.

— וואָס פאַרא מציאה?

— ס'הייסט? איר ווייסט נישט. ס'איז אן עפּידעמיע האָט ער געקויפט בחצי חינם. איר האָט נישט געפילט אז סע זענען נישט געהאָדעוועטע געגנדז? פּנחס האָט דווקא יאָ געפילט, געטראַכט עס איז נישט דער סעזאָן פון געשטאָפּטע געגנדז

אָבער אז סע קאָן זײַן אַן עפּידעמיע איז אים נישט געקומען אויפֿן געדאַנק.

— זאָג נאָר משהלע, אַזוי האָט מען גערופֿן דעם ייִנגסטן פֿון די דרײַ קצבֿים-ברידער, זאָג נאָר דײַן קעלבל וואָס אײַלסט זיך דערפֿון פּטור ווערן איז נישט אַמאָל אַ פּגירה? אין וועלכן דאָרף איז אַן עפּידעמיע אויף בהמות?

— שוחט, האָט זיך משהלע שיער נישט איבערגעצלמט, וואָס רעדט איר? מיר, די האַבערס, וועלן אַזעלעכס טאָן? פֿון הײַנט קענט איר אונדז?!

אַהיימגעקומען איז פּנחס אַ מידער. לאַנג געוואַשן די הענט, אָפּגעדאַוונט אויף גיך מנחה, סע האָט אָנגעהויבן צופֿאַלן די נאַכט, געזאָגט צירלען זי זאָל שיקן די שטיקלעך וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פֿון בוינע, דעם בײַגל-בעקער, געדאַוונט מעריבֿ אונטערן פֿרײַען הימל, לעבן דער זומער-קיך, זיך אַוועקגעזעצט אָפּרוען אויף אַ קלאָץ, געקוקט אויף תּמוזדיקע שטערן. סודות, סודות. ניין, צו קיין תּכלית קומט עס נישט.

וואָס פֿאַר אַ תּכלית?

# 6

...דאָס לעמפּל איז אַראָפּגעצויגן. צירל זיצט אויף אַ טאַבורעט אָנגעשפּאַרט אין וואַנט, די אויגן פֿאַרמאַכט. אין פֿאַרעליק אַ בוך, די שפּיזלעך ציטערן, שטריקן אַ חלום. מיד פֿון אַ לאַנגן זומערדיקן טאָג, פֿון טאָן צוויי אַרבעטן אויפֿאַמאָל, לייענען און שטריקן, האָט זי אַראָפּגעצויגן דעם קנויט און אײַנגעדרימלט. פֿון באַרג גיסט ליכט. פֿון ים ליכט טײַלט זיך אויף אַ באַקאַנט געשטאַלט. עס איז אַבֿרהם. יונג, שלאַנק, שוואַרצחנעוודיק, מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל. דאָס באַגעגעניש פֿרייט אים מע זעט לויטן גאַנג. ער שפּאַנט קוים, פֿאַרלענגערט דאָס פֿאַרגעניגן פֿון זיך דערגענטערן. גייט ער און שטייט אויף אַן אָרט. אָדער דער אָפּשטאַנד וואַקסט. זי וואָלט אַנטקעגנגעלאָפֿן קאָן זי נישט. די פֿיס זענען געליימט. זי איז געפּענטעט מיט אַ גילדן קייטעלע. דאָס קייטעלע אַרום די פֿיס האָט איר אָנגעטאָן אַבֿרהם און אַצינד דערווײַטערט ער זיך מיט אַ לײַכט חוזק-שמייכעלע. וואונדערט עס זי. זי ווייסט אַז אַבֿרהם איז אַ גוטער, אַבֿרהם וועט איר אַזעלעכס נישט אָפּטאָן. אָט קערט ער זיך אום. עס איז נישט מער ער. די פֿיס האָבן זיך באַפֿרײַט, אַצינד וואָלט זי אים געקאָנט נאָכלויפֿן, אָניאָגן, שטיין אַ רגע איינער אַנטקעגן צווייטן און דערפֿון הנאה האָבן, איז ער פֿאַרשוואונדן אָן אַ שפּור. אויפֿן אָרט וואו ער איז אַנטרינען געוואָרן האָט זיך באַוויזן די מאַמע, אַ יונגע, אַזוי ווי זי איז געווען ווען זי איז געשטאָרבן, אָבער אַ רואיקערע, אַן אַנדע-

גותדיקערע. צירל פארשעמט זיך. נישטאָ מיט וואָס זיך צו שעמען, זאָגט די מאמע, אזא איז אונדזער גורל. אויך איך האָב ליב געהאַט א פעטער אברהם. איך האָב אים דען ליב געהאַט? פרעגט צירל. ווערט די מאמע אירע בייז און עס איז נישט מער די מאמע, ס'איז גאָר פערל א צעשויבערטע, מיט א שרעק־לעכן בליק און א מאנצבילש קול. באלעגאָלעס, זאָגט זי, מאכן נישט די רעוואָ־לוציע. זיי פירט מען אין איר אריין. דאָס קול איז א באשיימפערלעכס. צירל ציטערט אויף. פנחס רעדט פון שלאָף: אוי די ביינער, קלאָגט ער, אוי ברעכן זיי. דרייט זיך איבער און שנאָרכט ווייטער. צירל נעמט דאָס בוך פון פאָדעליק לייענט נאָך א מאָל דעם טיטל: „איינעמס א וועג” דערמאָנט זיך דעם סיפּור המעשה, זיצט א רגע אין פארלעגנהייט, מיינט אז צוליב דער מאמען וואָלט כדאי געווען לייענען קריאת־שמע אָבער טוט דאָס נישט, שטריקט דעם זאָק און טראכט צו צילקען. עס איז שפּעט און צילקע איז נאָך נישטאָ. וואו קאָן זי זיין אזוי שפּעט אין דער נאכט? באלד וועט אָנהייבן טאָגן און זי איז אלץ נישטאָ. א צייט איז געווען ערגער. פלוצים זיך פארחברט מיט מאנטשו. א קלעזמער. מענטשן האָבן אפילו געזאָגט אז ער איז נישט א קלעזמער נאָר א מוזיק לע־רער, געענדיקט די קאָנסערוואטאָריע, גענומען א דיפּלאָמע אויף פידל־שפּילן. וואָס עס האָט זיך איינעם געחלומט אלע נעכט פון א גאנץ יאָר. א ידיד ישר־אל. אויך מיר א גליק. בעסער וואָלט ער זיי פיינט געהאַט, בעסער שוין אן אנ־טיסעמיט, ווייסט מען אז דאָס איז עס, האָט מען מיט אים קיין משא ומתן. אזוי זאָל גאָט אָפּהיטן צו וואָס דאָס קאָן דערפירן ווי ביי טוביהן נעבעך. דעם אמת געזאָגט א שיינער שייגעץ, ער וואָלט זיך געקאָנט חברן מיט וועמען ער וויל, האָט ער גאָר אויסגעקליבן צילקען. איין גליק סע האָט לאנג נישט געדויערט. אים האָב איך גאָרנישט געזאָגט, נישט געוואָלט פארשאַפן עגמת נפש, געמיינט ער ווייסט נישט. לאָזט זיך אויס ער האָט יאָ געוואוסט. נאָך דעם וואָס די מעשה האָט זיך געענדיקט טוט ער אין א טאָג א זאָג, גלאַט אזוי אין דער וועלט אריין: ווייזט אויס אז א שייגעץ וועט זי אין שטוב נישט ברענגען. נו, לאָמיר דאַנ־קען גאָט דערפאר. ווער ווייסט צי עס איז געווען אויף ערנסט צי אזוי זיינס א זאָגעכץ. מיט אים קאָן מען קיין מאָל נישט וויסן. אצינד איז א לאזער צום טיש. אמת, א קלוגער, א געלייענטער, דער שפּיגל פון דער משפחה. זאָל זיי, די האָצ־מאנס, וואויל באקומען. מיר זעט ער אויס אן אויסוואורף. פול מיט איכן ווי א מילגרוים מיט קערלעך. יעדער איך זיינער איז דער בעסטער; אזוי דער קענער, אזוי דער זשלאָב. שיכורט ער, איז עס ווי א פּאָעט (צוליב דעם ווייזט אויס טראָגט ער זיך ארום מיטן בילד אויף וועלכן ער זיצט ביי איין טיש מיט איציקן); שפּעט ער פון אלץ און פון אלעם איז ער א רעוואָלוציאָנער. אויך מיר אן אויפ־

טו. זיך אוועקישטעלן יום־כיפור אנטקעגן דער שיל עסן א זעמל באַלייגט מיט שינקע און פאַרדויכערן א פּאַפּיראָס הייסט בא אים א רעוואָלוציאָנער. א זשלאָב דאָס יאָ. מוז זי זיך דווקא מיט אים פאַרחברן, קיין בעסערן נישט געפונען. אַרע־לע דער פלייש־העקער איז דאָך מער מענטש פון אים, שוואַכער אויף דער עברי, קאָן מען צולערנען.

„אוי, דאָס הארץ“, קלאָגט פּנחס פון שלאָף.

מיט אַזעלכע קינדער איז א וואונדער סע פּלאַצט נישט, טראַכט צירל. דער שלאָף האָט זיך אָפּגעטאָן. עס איז שוין דאָנערשטיק. פרעג איך צי ווייסט ער וואָס כ׳לעב איבער. אנומלט האָט זי געפּרואווט א שמועס טאָן וועגן תּכלית, מאַכט ער: „וואָס ווילסטו, ווי ביי מענדלען?“ מענדל איז אויך א שוחט, האָט אויך קינדער, זענען זיי אַלע צוזאַמען. אויך ביי אים איז די עלטסטע א שניי־דערקע, וואַרנט מיט די עלטערן, מע רעדט איר שידוכים, סוף כל סוף וועט זיך צוקלייבן. ביי מיר, רעד אויב דו האָסט ווענען. א מין ווילדקייט. „וואָס זשע, ביי מענדלען איז שלעכט?“ „ווער זאָגט שלעכט“, ענטפערט ער מיר, „ביי מענג־דלען איז גאָרנישט“. „רבונו של עולם, וואָס וועט זיין דער תּכלית?“ צעלאַכט ער זיך גאָר. „תּכלית, זאָגסטו? ווער ווייסט וואָס עס איז אַזוינס תּכלית?“ אָט, א חכם.

צירל לייגט אַוועק דעם זאָק מיט די שפּיזלעך. אויף צילקען וועט זי זיך נישט דערוואַרטן.

— אוי, כ׳איל דיך הרגענען, הרגענען וועל איך דיך.

— אפשר וואָלט שוין זיין גענוג מיטן הרגענען!

ווען פּערל איז נערוועז טראָגט זי נישט איבער אויסדרוקן ווי הרגענען, שפּאַלטן, רייסן, האַקן, ברעכן, ברענען, שטעכן, שניידן, אפשר איז עס דערפאַר ווייל אין אַזעלכע מאָמענטן זענען ביי איר די פילעכצן אָנגעשפּיצטע, ווערטער בילדלען זיך, באַקומען א קאָנקרעטן אויסזען, און אַלץ איז געוועוודט קעגן אומ־באַהאָלפענע מענטשן, קעגן שוואַכן קערפּער. היינט איז זי נערוועז, היינט דאַכט איר דער רעש צו גרויס. דאָס אומאויפהערלעכע קומען און גיין, מאַניקס פּלאָנטערן צווישן אַלעמענס פיס ברענגט זי אַרויס פון די כלים.

מאַניק אין גאַנצן דריי א האַלב יאָר, מיט א קוטשעראַווע בלאָנד קעפּל דרייט זיך איבערן ענגן צימער ווי א באַלעבייסל. ער איז ביי זיך מער פון אַלעמען. קריכט אויף ביידע דיוואַנעקלעך, אויף אַלע דריי טאַבורעטקעס, דרייט דאָס הענטל פון ניי־מאַשין, פּרואווט איבערשטעלן פון פּלאַץ דאָס פּרעסל, סאָרטעוועט נישט געפּאָרטע לעפל, גאָפּל און טעלער, וויל זען וואָס סע קאָלאָקאָטשעט אין טעפּל

אויף דער הייסער פּליטע, האָט וועגן יעדן א פראגע, רופט זיי אלע ביים נאָמען מישט זיך אין זייערע ענינים, שרעקט מיט צו פיל וויסן אין א שטוב וואו קיינער דאַרף כמעט גאָרנישט וויסן. בעט פּערל עמעצן עפּעס ברענגען פון מאַרק ווייסט מאָניק אז מע דאַרף נאָכלויפן דערמאָנען: זאָלסט למען השם נישט פאַר-געסן; רעדט מען שטיל, אויפן אויער, וואָרנט מאָניק א צי טוענדיק ביי די הויזן אָדער ביים קליידל: סע בלייבט צווישן אונדז. לאַכט מען, פרעגט מען זיך: וואָס טוט זיך אין דעם קעפּעלע? טוט מען דאָס א גלעט מיט אן אומבאַשטימטן צי-טער. א קינד קאָן אמאָל פאַרראַטן, א קינד קאָן א זאָג טאָן אזעלעכס אז א גאַנצע גאַס זאָל חרוב ווערן, אוועק מיטן רויך. זאָגט מען אים: מאָניק, שווייג! שטעלט ער אָן די בלויע אויגן און פרעגט: פאַרוואָס? ס'איז דען א פּאָליציי-אַגענט? נאָר פּאָליציי-אַגענטן זאָגט מען גאָרנישט. ביי אזעלכע ענטפערס כאַפּט אים סאַשא מיט זיינע ביינערדיקע הענט, קוועטשט אים צו דער ביינערדיקער ברוסט, וויגט דאָס קינד מורמלענדיק: אוי, כ'איל דיך הרגענען, הרגענען וועל איך דיך!

סאַשא זיצט דעם גאַנצן טאָג, פון קאַיאָר ביז שפּעט אין דער נאַכט אויף איינעם פון די דיוואַנעקלעך און שווייגט. ער איז נישט פון די וואָס גייען און קומען. א יושב אוהל איז ער. אָפּגעזעסן א יאָר פופצן אין תפיסה האָט מען זיך געוויינט אים וויסן א הינטערקראַטעסדיקן. אזוי פריינד, אזוי פיינט. נישט לאַנג אז ער איז באַפרייט געוואָרן און באַזעצט ביי פּערלען. דאָ וועט ער איבערוואַרטן. דערווייל איז בעסער ער זאָל זיך נישט זייער אָפּט באַווייזן אויף דער גאַס, נישט דערמאָנען ווער מע דאַרף נישט אז ער איז פריי. דאָ קומען און גייען מענטשן וועט ער זיך ווידער געוואוינען מיט דער וועלט, הערן מענטשן רעדן. זען מיט וואָס זיי קליידן זיך. פאַר די פופצן יאָר וואָס ער האָט פון איר גע-פעלט האָט זיך די וועלט געענדערט. זי טראָגט מער נישט געקעסטלטע רעקלעך מיט קאָלירטע הויזן. אנדערש איז אצינד געפאַרבט די וועלט. זי טראָגט נישט מער האַרטע קאַפּעליושן און אויך נישט שטעקעלעך מיט פון ביין געשניצ-טע הענטלעך. א נייע וועלט, א פּשוטערע, א זיכערערע, א באַרעדעוודיקע. באַרע-דעוודיק, איז זי געווען, לויט סאַשא דערמאָנט זיך, אויך דעמלט ווען ער האָט זי פאַרלאָזט, ווען ער איז אוועק אָפּזיצן די יאָרן צו וועלכע מע האָט אים פאַר-משפּט. פאַרמשפּט האָט מען אים ווייל ער זאָל געוועזן אָנפירן מיט א פּויערים אויפשטאַנד. קוקט מען אויף סאַשאן קאָן מען זיך שווער פאָרשטעלן וואָס ער האָט אזוינס געזאָגט די פּויערים אז זיי זאָלן אויפשטיין. ערגעץ נישט ווייט פון פּרוט איז באמת געווען א פּויערים אויפשטאַנד. דאָס געדענקען די דאָרטיקע איבערהויפּט יענע וואָס זיצן נאָך אצינד, יתומים און אלמנות האָבן שוין מן

הסתם פארגעסן. וועלכע עס איז געווען סאשאס שולד אין אויפשטאנד איז שווער צו פארשטיין. ער רעדט נישט וועגן דעם, ער רעדט אין אלגעמיין. נישט. דאָס שווייגן האָט ער אָפּגעשפּאָרט אין יענע פופצן יאָר אָדער נאָך מער וואָס ער איז געזעסן. זיכער מער. דעם גרעסטן טייל פון די פופצן יאָר איז ער געווען איזאָלירט, איינער מיט פיר ווענט. א שטומע וועלט פול ווידערקולות און משונהדיקע קלאנגען, א וועלט אין וועלכער די צייט ווערט געמאָסטן מיט אנדערע מאָסן. דערפאר איז שווער צו מאכן א סך־הכל, זאָגן ער איז געזעסן אזוי פיל און אזוי פיל. נישטאָ קיין מאָס. פון דעמלט שטאמט זיין נישט פון נאטור געגעבן שווייגעניש. געבליבן אָן ווערטער דריקט ער אויס זיינע געפילן, ווען זיי גיסן איבער די ברעגעס ציענדיק צו זיך מאָניקן מיט ביינערדיקע הענט און מורמלענדיק: כ׳איל דיך הרגענען, הרגענען וועל איך דיך...

א מאָרגנע געשיכטע מיט מאָניקן. לאך איך זאָגט מען ווידער כ׳בין א ווילדע. וואָס דאָס האָט צו טאָן מיט ווילדקייט ווייס איך נישט. א העלד נאָך איידער ער האָט דערזען די ליכטיקע וועלט. זיצן איז אין אונדזער משפּחה נישט א נאָווענע. אָבער אוועק זיצן אין דריטן חודש האָט פון אים געמאכט א העלד נאָך אין דער מאמעס בויך דעמלט האָט ער געטראָגן דעם נאָמען „עס" אָדער „דערמיט". אזוי האָט מען וועגן אים גערעדט ווען מע האָט אויסגעוואויגן די ווארייאנטן פון דעם וואָס סע וועט ווייטער געשען. זיצט זי מער ווי א פּאָר וואָכן וועט מען „עס" מוזן לאָזן; אויב זי וועט אָפּזיצן א פּאָר חדשים פרעגט זיך אוודאי און אוודאי וואָס מע וועט טאָן „דערמיט". געטראכט האָט מען נישט אזוי צו פּערלען ווי צום אומבאשטימטן מין. ווייל אויב א מיידעלע איז גאָרנישט. וואָס טוט מען אָבער אויב א יינגעלע? ווען פּערל איז ארויסגעקומען איז זי געווען אין אכטן, אזוי אז א סך ווארטן האָט מען נישט גענדארפט. דעם נאָמען מאָניק האָט מען געגעבן נאָכן זיידן פון טאטנס צד און צער גידול בנים האָט מען געטראכט איבערגעבן דעם זיידן פון דער מאמעס. דערפאר איז דער טאטע געקומען אזוי אומגעריכט. געמיינט האָט ער סע וועט אָפּגיין גלאט. ער וועט דאָס קינד יידישן, בלייבן א פּאָר טעג ביז סע וועט זיך פארהיילן און נאָך דעם מעגן זיי אים ברענגען ווען זיי ווילן. צירל וועט זיך צאצקען. א קוק געטאָן, פעסטגעשטעלט אז דער בחורעץ איז א געזונטער און געהייסן גרייטן. דאָ האָט אויסגעבראָכן די מלחמה. פּערל וויל גאָר דאָס קינד נישט יידישן. איר קינד דארף זיין א בירגער פון א נייער וועלט אין וועלכער יידישן איז א ווילדקייט.

דער טאטע איז געבליבן אין פארלעגנהייט. פּערל וויל ארויספירן דאָס קינד פון דער משפּחה. ווארפן א שוואך באשעפעניש אָן אן אידענטיטעט אין אן אידענטיפיצירטער וועלט. דער טאטע פון קינד, איינער פון די וואָס האָבן, אויב

נישט אליין געפלאָכטן איז כאָטש ·געהאָלפן פלעכטן בייטשן צום צאמען ווילדע חברה, זיי פירן אויף אָרגאניזירטע וועגן, האָט דערלעדיקט די געשיכטע פשוט· קאלטבלוטיק, געלאסן, בארעכנט האָט ער געלאָזט הערן זיין קול: וואָס איז דער טאראראם? וואָס מאכט מען אזא פּאָרעדך? מיין זון, און איך האָב געזאָגט· ניין!

דעם טאטן האָט געוואונדערט דער שאַרפער „מיין”· א מענטש שלאָגט זיך מיט א גאנצער וועלט צוליב צעשטערן די אייגנטום-פונדאמענטן און אזא חוש פאר „מיין”, אזא שטרענגן ארויסרייד גלייך ער וואָלט שיסן מיט הארמאטן צו באשיצן „זיין” אייגנטום· טשיקאווע, כמעט קעגן דער טבע· אזוי בין איך, די ווילדע, געוואָרן סנדק און קוואטער נישט וויסנדיק וואָס איך ווער· ווען דער טאטע האָט געזאָגט: „אנו, טאָכטער, לאָמיר אָנקוקן דעם בחור” איז מיר נישט איינגעפאלן אז ער קאָן וועלן עפּעס אנדערש ווי א ·קוק טאָן, זיך געזעגענען· די מכשירים וואָס ער האָט צוגעגרייט האָב איך נישט באמערקט כאָטש זיי זענען געווען אויסגעשטעלט צו דער האנט אויף איינעם פון די דריי טאבורעטן· האָב איך גענומען מאָניקן אראָפּגעצויגן די ווינדלען מע זאָל זען זיינע ראָזעווע פולקעלעך און שוין האָט א בליץ געטאָן די בריטווע· אין א סעקונדע איז מאָניק געוואָרן א ייד און איך דאָס ערשטע מיידל סנדק און קוואטער אין דער לאנגער מילה געשיכטע·

צוויי שורות: צילקע איז טאקע געווען א ביסעלע ·ווילד·
דעריבער ווייזט אויס האָב איך פארגעסן מציצה· מבולבל גע-
וואָרן·

פ.

...פנחס הערט זיך ·איין צו צירלס אָטעם· א פּאָר מאָל האָט אים געדאכט ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, זיך געגרייט אראָפּשפּרינגען פון בעט, א קוק טאָן נענטער וואָס עס איז געשען און דערהערנדיק איר רעגעלמעסיק דעכען געבליבן ליגן מיט אָפענע אויגן· ער טראכט, ציט פאסיקלעך פּרוואווט מאכן סך-הכלען· אצינד קרעכצט זי· ווען זי קרעכצט איז אים בעסער, א סימן זי לעבט, חוץ דעם הערט מען עמעצן· די לאנגע וואגאָנמעסיקע, דריי-צימערדיקע וואוינונג איז געוואָרן צו גערואם, פּוסט· געבליבן נישט מער ווי זיי ביידע· אלטער איז אין תפיסה, פאר-משפט אויף כמעט דריי יאָר, אויך פערל איז אין תפיסה· וועגן צילקען הערט מען אז זי איז אין וועג אהיים· אמאָל פלעגט מען זאָגן געשיקט פאָר־עטאפּ· זשאנ-דארן פירן פון איין שטאָט אין דער אנדערער, פון איין דאָרף אין צווייטן· שאול ליגט אין קבר· דער איינציקער וואָס איז געבליבן נאָענט אין זיין אייביק

שווייגן. גייט מען צו מאָל א קוק טאָן האָט מען דעם איינדרוק ער שמייכלט. דער זעלבער שמייכל ווי דעמלט ווען ער האָט דערציילט ווי אזוי סע וועט אויסזען דער סוף. ויהיה בסוף הימים, האָט ער אָנגעהויבן זיצנדיק מיט פּנחסן אין סוכה דעם לעצטן טאָג חול המועד, ווען סע וועט קומען די צייט וועט זיך דאָס פּיסטל ווידער עפּענען. מער פאַרוואַקסן וועט עס נישט. דער דאָקטער וועט פּרואוון מאכן א גוטמוטיקע מינע, ווי איינער רעדט „מ'האָט אזעלעכס געזען", אריינשטעלן א סאָנדע. די סאָנדע וועט שוין בלייבן ביזן סוף. גיין וועל איך מער נישט קאָנען, וועט מען מוזן ברענגען דאָס נאכט-טעפּל צום בעט. נאָך דעם וועלן אָנהייבן ווייטיקן, שרעקלעכע ווייטיקן, וועט מען מוזן מאכן איינשפּריצן מיט פּאַנטאָפּאָן, א סאָרט מאָרפיום. צו ערשט איין מאָל אין מעת לעת, נאָך דעם צוויי מאָל, נאָך דעם אלע זעקס שעה, שפּעטער אלע דריי שעה. וועל איך שלאָפן און חלומען. מאכן די אינעקציעס וועט קומען דער דאָקטער און איך וועל אים באַגעגענען מיט א שמייכל, מיט א ווערטל. אזוי דאַרף מען אויפנעמען א גאסט. ער וועט דעם שמייכל נישט קאָנען פאַרלײדן, ער וועט מיינען אז איך ווערטל מיך ווייל דער סוף איז מיר פאַרהוילן; ביז ער וועט זיך אָפּגעבן חשבון אז ס'איז נישט אזוי, אז מיר איז קלאָר אין וואָס דער סוף באַשטייט. וועט ער דאָס נישט איבערטראָגן און זאָגן אז עמעצער פון שטוב וואָלט געדאַרפט לערנען מאכן די איינשפּריצן, פּערל אָדער צילקע. סע וועט אים נישט איינפאַלן אז זיי וועלן נישט קאָנען, אז דאָס וועט מוזן טאָן דווקא די מאמע. אז איר גורל וועט זיין אָפּסמען, לאַנגזאַם טויטן די פּילעכצן, די חושים פון איר כמעט עלטסטן זון. זי וועט דאָס טאָן, נישט מיט א גוטמוטיק טעמפּן שמייכל, ווי דער דאָקטער, נאָר מיט איינגעהאלטענע טרערן. דו טאַטע וועסט צוקוקן און פּאַמעלעך ווערן בעסער. וועסט מער קיין מאָל נישט זאָגן לאָפּגען זאָלסטו, וועסט מורא באַקומען פאַר דער האַרטקייט פון וואָרט. אלץ איז געשען אזוי ווי שאול האָט דעמלט געזאָגט. נאָך אין דעם זעלבן אָווגט, ערב הושענא-רבה האָט זיך דאָס פּיסטל געעפנט. אציַנד ווען פּנחס גייט צו מאָל אויפן בית-עולם א קוק טאָן אויפן קבר, פּראָפּילירט זיך אויף דער אויבערפלאַך פון שטיין א שמייכל, שאולס לעצטער שמייכל.

צירל קרעכצט צו אָפּט. אפשר וואָלט מען געדאַרפט רופן דעם דאָקטער. ס'איז דער זעלבער וואָס האָט זי געלערנט מאכן שאולן די איינשפּריצן. צירלען שטעלט ער פּיאַווקעס הינטער די אויערן. ער זאָגט דער בלוט־דרוק איז גרויס דאַרף מען לאָזן בלוט. לאָזט ער און דערמאָנט זיך בשעת מעשה ווי אזוי ער האָט זי געלערנט טעמפּן די פּילעכצן פון זון, אים אויפהאלטן אין א געמוטשעטן שלאָף.

— פּנחס, דו שלאָפסט נישט? די פראַגע פּולט אָן די שטוב מיט אומרו.

— סע שלאָפט זיך עפּעס נישט.

— חשבונסט. ארויסגעקומען נישט ווי ביי לייטן.

— ווער זענען די לייט ביי וועלכע ס'איז יאָ ארויסגעקומען ווי ביי לייטן? ענטפערט ער געלאסן, אראָפּקריכנדיק פון בעט און אָנצינדנדיק א דרייער לעמפּל.

— אלע, חוץ אונדז.

— כ'ווייס, זאָגט פּנחס ארויפציענדיק א פּאָר הויזן.

— ס'איז שוין טאָג? פרעגט צירל מיט אן אין גאנצן וואך קול. זי וואָלט וועלן סע זאָל טאָגן. דער טאָג טוט אָפּ די ווייען און מיט זיי די שווערע געדאנקען.

— ניין. צו טאָג איז נאָך ווייט. סע שלאָפט זיך נישט וועל איך פּרואוון אריינקוקן אין א ספר. וואָס טויג דאָס ליגן מיט אָפענע אויגן? פרעגט ער אָנטועגדיק א פּאָר וואָלענע זאָקן. אויפן אָרט פון קוקן אין א ספר ציט אין א מעשה־ביכל הייבט ער אָן זיין געוויינטלעכן אָנרוישיקן שפּאציר איבערן צימער. צירל קאָן נישט ליידן וואָס ער דרייט זיך א באַזאָקנטער. סע דערמאָנט אין שבעה.

— אין זאָקן איז א מחיה, זאָגט פּנחס אויף זי צו בארואיקן, ס'איז עלעהיי יום־כיפּור. טראכטן טראכט ער עלעהיי תשעה־באב.

אזוי דרייענדיק זיך פון איין צימער אין צווייטן הייבט אָן זיין ערשטע רעדע צו צירלען. די נייע צוואה, דעם נייעם טעסטאמענט, האָט ער קיין מאָל נישט געלייענט, די רעדעס פון אפּאָסטאָלן זענען אים פרעמד, בעל־דרשערס האָט ער נישט האָלט. ער פילט נישט מער ווי א נייטיקייט זיך צו טיילן מיט געדאנק און דאָס וואָס ער האָט צו זאָגן מוז געזאָגט ווערן אצינד און די איינציקע וועלכע איז אימשטאנד אים צו פארשטיין און גלייבן איז צירל.

„אונדזער בראשית האָט אויסגעזען א ליכטיקער. איבערגעגאנגען א טייך, געלאָזט פליסן א וואסער צווישן אונדז און אלעם וואָס געווען פריער. אָנגעהויבן א לעבן מיט און צווישן מענטשן וועלכע האָבן אונדז געפעלן מיט זייער פּשטות און ערלעכקייט. אויפגענומען געוואָרן מיט נשיאת חן. געווען גליקלעך אין קליינינקע צימערלעך, אויף ברייטע פעלדער און וואנדערנדיק אין געדיכטע וועלדער. שלום האָט געוווינט פון דער וועלט וואָס מיר האָבן אויסגעקליבן, אין וועלכער מיר האָבן געלאָזט פאלן גרויסע טראָפּן שוויים איבער פריש גענאַקערטע בראָזדעס. געבראכט קינדער אויף דער וועלט, זיי פארוויגט מיטן געדאנק אז זי איז זייערע. זיי געהאָדעוועט מיט וואָס מ'האָט געהאט און געמיינט אז בעסערס איז אויף דער וועלט נישטאָ. געלויבט דעם בורא עולם פאר זיין גרויסקייט און ברייטהארציקייט. דער פּרוזדור, דאָס פּירהויז אין וועלכן מיר האָבן זיך געפונען איז געווען אָנגעמאָסטן דעם גן־עדן וואָס אויף דער אנדערער זייט. איז געקומען

דאָס ערדציטערניש, האָט שרעקלעך צעטרייסלט כמעט אָן אונדזער וויסן. מיר זענען געבליבן ביי ידע שור קונהו וחמור אבוס בעליו, ווייטער געשטאַנען ביי דער קאָרעטע און מעלה־גירהט דאָס בידנע ביסל שטרוי. זענען די קינדער אונטערגעוואַקסן, פון זיי האָט אָנגעהויבן שטראַלן אַן אַנדער ליכט. און די וועלט האָט באַקומען אַן אַנדער פּנים. גאָרנישט ווי ביי לייטן. ביי לייטן שפּאַנען קינדער אין געשפּאַן פון די עלטערן, אויף די פון זיי געשפּרייטע וועגן; וואַקסן קליינע טאַטע־לעך און ווערן נעבעכדיקע באַלעבייסלעך, חזרן איבער דאָס וואָס געווען ביז גאַל־איבערקערעניש, ביז מאָגן־איבערדרייעניש. אָן שום ענדערונג, אָן א מאָרגן, אָן א א חלום. נישט אַזוי האָט זיך דאָס אויסגעלייגט ביי אונדז. נישט מיר האָבן פאַר זיי געשניטן סטעזשקעס, זיי פּרוּוון אונדז פּלאַסטערן שליאַכן. נישט מיר האָבן געגרינדעט א דינאַסטיע, זיי מיט זייערע טועכצן האָבן געמאַכט פון אונדז א דינאַסטיע. כ'שווער דיר, רוימט מיר איין גאָט, אַז דו וועסט זיך נישט האָבן מיט וואָס זיך צו שעמען. וואָלטן מיר דאַכט זיך געדאַרפט מיטהעלפן כאָטש מיט אונדזער פאַרשטענדעניש".

פּנחס האָט זיך לאַנג געדרייט איבער די דריי וואַנאָנען־מעסיק צעשטעלטע צימערן, א סימבאָל פון זיין אייביק וואַנדערנדיקער משפּחה, א שווייגנדיקער. ווייטער איז אים אַליין געווען אומפאַרשטענדלעך. מוטשען צירלען מיט פראַגעס האָט ער נישט געוואָלט. ס'האָט אָנגעהויבן טאָגן. צירלען האָבן באַפרייט פון זייער קלעם שווערע געדאַנקען. צוגעדעקט האָט זיי א שרעקלעכער ווייטיק: אויב ער רעדט אַזוי מענטשלעך, א סימן זיינע לײַדן זענען נישט צום איבערטראָגן.

נאָך אָט דער רעדע האָט פּנחס, אויספּאָלנדיק שאולס נביאה, קיין מאָל אין זיין לעבן מער די ווערטער „לאָפּנען זאָלסטו" איבער זיינע ליפּן נישט געבראַכט. אין זיין בליק האָט זיך באַזעצט די שאַרף פון א חלף.

## 7

פון די יידן וואָס האָבן זיך געפינען אין דאָרשע אין דריטן יאָר פון דער צווייטער וועלט מלחמה, איז כמעט קיינער נישט לעבן געבליבן. אין א טאָג האָט מען אלט און יונג געפירט צום נאָענטסטן וואָקזאַל, געלאָדן אין פראַכט־וואַגאָנעס און אָפּגעפירט. אין יענע צייטן האָבן פראַכט־וואַגאָנעס געפירט אין אייביקייט. לעבן געבליבן זענען נאָר די וועלכע האָבן זיך אין יענעם טאָג נישט געפינען אין שטעטל. קאָנען זיי דערציילן פון דעם וואָס געשען

פריער און אויך א ביסעלע פון דעם וואָס עס איז היינט. ווען היינט ווייניק, ווייל דאָרשע איז ווידער נישט מער ווי א פינטעלע ערגעץ אויף דער געאָגראַפישער קאַרטע. עס איז נישט מער ווי א דאָרפס-שטעטעלע צווישן מיט פעט גראָז אָדער טיפן שניי באַדעקטע בערג. פאַשען דאָרט זומער קי, גיבן געדיכטע מילך מיט א געררוך פון פריש גראָז און ווינטער טרייבט דאָרט יינגוואַרג סקי, פרישט די געבליטן. דאָרשע איז ווידער א פינטעלע אויף א מאַפע אָבער א ביסעלע אַנדערש. אמאָל האָט דאָרט געבלאָזן צווישן אַנדערע ווינטעלעך אויך א יידיש ווינטל. מיט דעם האָט עס זיך נישט אויסגעטיילט פון אַנדערע שטעטלעך און דערפער און דערפאַר געבליבן אומבאַקאַנט כמעט ווי אַצינד. אפשר נאָך ווייניקער ווי איצט. דעמאָלט האָט זיך נאָך די וועלט נישט געלאָזט אין די בערג טרייבן סקי. אַזאַ פאַרגנומעכץ האָט געהערט צו אַנדערע געגנטן. א שם-דבר איז דאָרשע געווען א קורצע צייט, אין גאַנצן א פּרייטיק צו נאַכט, א שבת מיט אן אָפּהילך פון עטלעכע וואָכן אין דער וועלט און ביי די דאָרשער יידן ביז זייער פאַרשווינדן, ביז מע האָט זיי געלאָדן אין פראַכט-וואַגאָנען. נישט פריער און נישט שפּעטער איז דאָרשע קיין שם-דבר נישט געווען. שפּעטער נישט, ווייל דאָס וואָס געשען האָט אָפּגעווישט דעם פריער מיט דער „קורצער צייט" מיט אַלעם; נישט פריער ווייל דאָס לעבן האָט זיך דאָרט אָפּגעוויקלט פון אין-סוף צו אין-סוף אויף שפּעט-האַרבסטיקן שפּינוועבס.

געלעבט האָבן אין דאָרשע יידן ערד-אַרבעטער, סוחרים, שניידער, שוסטער, קירזשנער, רימער, שמוגלער ווי אומעטום אין מאַראַמאָרעשער געגנטן. געפירט האָבן זיי א געוויינטלעך יידיש לעבן מיט דאגות פּרנסה, מיט פאַרגרוויטע האָר. אויסגעבן טעכטער, חתונה מאַכן זין, דירה געלט און פיש אויף שבת גרוי-ען די האָר און קנייטשן די הויט. דאָרשער פאַרברענגענכצן: וואַרפן א העלצל אויף א מחלוקת פייערל, באַרעדן, אָפּרעדן, אויסקאָנקורירן א שטאָט אויף ימים נוראים, אויסקויפן אן עליה, פאַרקנסן א יתומה, אַלץ אַזעלכע טאָג-טעגלעכע פאַרגעניגנס. נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה ווען דאָרשע האָט אָנגעהויבן געהערן דעם לאַנד וועלכן סע געהערט אויך היינט האָבן זיך אויך דאָ באַוויזן פאַרשיידענע שטרעמונגען. אייניקע פאַרבענקטע נאָך דעם אַלטן „קייזער-רייך", א סאָרט דעמאָדירטע ראָמאַנטיקער ביי וועלכע דער קרעכץ האָט געטראָגן באַקן בערד מיט אן אויסגעראַזירטער גאָמבע; אַנדערע מיט נייגונגען צו א נייער פון מלחמה געבוירענער מדינה מיט א מאָדנער סטרוקטור: א קיניגרייך אָן א א קעניג, א רעפּובליק מיט א רעגענץ, דער רעגענט אן אַדמיראַל אָן א פלאָט, אָן אן אויסגאַנג צום ים. כאָטש אַזוי, צי אפשר טאַקע דערפאַר האָבן זיך געפונען אַזעלכע — און נישט ווייניק — וועלכע האָבן דווקא געוואָלט אָנגעהערן

צו אָט דער מאָדנער מדינה. גערופֿן האָט מען זיי אירערענטיסטן אָדער רעוויזיאָניסטן. כּלפּי אָט דער שטרעמונג האָט זיך די רעגירונג באַנומען מיט באַזונדערער אויפֿמערקזאַמקייט, מיט א באַזונדערן טאַקט. פֿאַרשמעלערן זייער השפּעה האָט מען געפּרואווט דורך סטימולירן אַנדערע נישט ווייניקער שאָוויניסטישע שטרעמונגען, אָדער גאָר אַזעלכע וואָס האָבן געזוכט א וועג צו אייניקייט. אָן אייניקייט מיט אויסנאַמען. דער אויסנעם זענען פֿאַרשטענדלעך געווען יידן. נישט ווייל זיי האָבן געגעבן זיי אַלעמען א גאָט אין וועמענס נאָמען אַלץ ווערט אָפּגעטאָן. ניין! ווייל מע וויל אַז זיי, די יידן, זאָלן אים האָבן געקרייציקט. האָבן זיך יידן אָנגעהויבן פֿילן אָפּגעזונדערט, אויסער די שטרעמונגען, און דערפֿאַר אָנזעעוודיקער. צו בלוט פֿאַרגיסונג איז עס א צייט נישט געקומען, אָבער אויסשליסן אַזאַ מעגלעכקייט האָט מען נישט געקאָנט.

אין דאָרשע האָט געלעבט איינער קוראַסאָוו. א בעל-גוף, ברייטע פּלייצעס, גרויסע הענט, רויטע באַקן באַזוימטע מיט א געלער באַרד, לאַנגע אַפּאָסטאָלישע האָר. א שווערער מיט אויסטערליש לייכטע באַוועגונגען. א גבר. אָנגענומען אין אָקס ביי די הערנער און אים איבערקערן מיט איין דריי איז ביי קוראַסאָוון א שפּילעכל. באַקאַנט אין די דערפֿער אַרום דאָרשע אויף א מהלך פֿון נייַנציק מייל. (ס'איז אפשר א ביסעלע א גוזמא, אין זכרון בלייבן די גרייסן גרעסער און די הייכן העכער). די באַפעלקערונג אין קאַנט איז אַזעלכע וואָס סיניאַקעס מאַכן קיין איינדריק און בלוט שרעקט נישט. דאָס געהער צום טאָג-טעגלעכן אינאיינעם מיט דער „פּאַלינקאַ", דעם דריי מאָל געברענטן בראָנפֿן. זונטיק און חגאות גייט דאָ די זון אונטער א בלוטיקע, מיט איינעם אָדער מערערע דערשטאָכענע. שטעכערס און דערשטאָכענע הילן די שאָטנס וואָס באַגלייטן די זון אין איין אייביקן סוד. די פּאָליציי מישט זיך נישט: אויספּלאָנטערן וועט מען זיך אַליין. אַזוי איז איינגעפֿירט פֿון קדמונים.

באַוויייזט זיך קוראַסאָוו ביי פֿאַרברענגעכצן קלעפּן אין אים אַלע בליקן, באַוואונדערט קינד-און-קייט זיין דובינע. אונטן א שמאָלע וואַקסט זי אין דער גרעב א סוקעוואַטע, פֿאַרענדיקט מיט א קינציק געשניצטן הונט-קאָפּ, פֿון יענע קודלעוואַטע הינט וואָס באַגלייטן פּאַסטוכער זומער אין די בערג און האַרבסט אין די סטעפּעס. קוראַסאָווס יחוס-בריוו איז אין די קאַנטן א מאַהדיקער, צי גאָר א טויזנטדיקער. הייבן, הייבט ער אָן נאָך אין כמעלניצקיס צייטן ווען אין די אוקראַינישע סטעפּעס האָבן זיך אויפֿגעהויבן גאַנצע מחנות און זיך געלאָזט אין דער וועלט אָן א ציל. געוואַנדערט. געצויגן יאָרן לאַנג ביז אָנגעקומען אין די בערגיקע געגנטן און זיך באַזעצט. זייער שפּראַך האָט מיטן וועג און מיט דער צייט געזאַמלט פֿרעמדע אויסדריקן און ווערטער, ניי געפֿורעמט די אַלטע.

געבוירן א נייע שפּראַך ענלעך צו דער אַלטער, אָבער אַן אַנדערע. געבליבן איז דאָס בלוט און אין בלוט א טלי פון שנאה געירשנט פון כמעלניצקין. האָט דער טלי געטליעט א שטילער, א פריסיקדיקער. אזא איז קוראַסאָווס יחוס-בריוו. דאָס נייע ביי קוראסאָוון באַשטייט אין דעם וואָס ער האָט פארלאָזט די בערג, זיך באזעצט אין דאָרשע, געבויעט אַן איינציקמערדיקע שטוב, געעפנט א קרעטשמעלע-בראָנפן טרייבט ער אליין אין פינצטערע נעכט, לעמער ברענגט ער פון זיין איי-גענער סטינגע וואָס אין די בערג, קומען פויערים ציט עס זיי צו קוראַסאָווס קרעטשמעלע. סע שמעקט חלבדיקער.

אין יענעם פרייטיק האָט מען געקאָנט באמערקן אין קוראַסאָווס קרעטשמע א גרעסער געטומל ווי אין אַנדערע טעג. זענען אָבער יידן געווען פאַרנומען מיט מקוה, צימעס און שבת-גרייט. ווען זיך געכאַפּט איז אויסגעקומען פריקרע. געמיינט האָט מען ביי קוראַסאָוון איז א שמחה, האָט פאַרדראָסן וואָס די כאלי-אסרע איז פרייטיק אין א טאָג ווען יידן הענגען די לאָדן פריער. אז עס איז נישט מער ווי א כאליאסרע האָבן עדות געזאָגט די פייערן אויפן הויף און די פעטע לעמער וואָס מע האָט געדרייט איבער די שייטערן, געשפּריצט מיט קנאָבל-וואסער און דער ריח האָט פארפלייצט דאָס שטעטל. געוואונדערט האָט נאָר וואָס פאַרנאַכט-צו האָט זיך באַוויזן א טוץ רייטנדיקע זשאַנדאַרן. שפּעטער האָט מען געזאָגט אז דאָס איז געווען דער צייכן אז מע מעג, א ווינק פון די העכערע אינסטאַנצן אז יאָ. די זשאַנדאַרן זענען פאַרשוואונדן, יידן זענען געגאַנגען אין שיל מיט א מאָדנע געפיל און ווען דער הונט וואָס אויף קוראסאָווס דובינע האָט זיך אריינגעריסן דורך א פענצטער האָט מען שוין געוואוסט אַלעס אָבער עפּעס טאָן — אויב דאָרשער יידן זאָלן אפילו געווען טראַכטן אז מע קאָן עפּעס טאָן — איז געווען צו שפּעט. אויסגעהרגעט האָט מען אין יענעם פרייטיק צו נאַכטס און אין יענעם שבת — ביז סע האָט זיך ווידער באַוויזן דער טוץ זשאַנדאַרן — אין גאַנצן דריי און צוואַנציק יידן: אַכט אַלטע, פינעף קינדער אין וויג, צען מיידלעך. וויפל זיי האָבן פאַרגעוואַלדיקט האָט מען פּינקטלעך נישט געוואוסט חוץ די וועלכע סע האָט געווירט פון זין. אָפּגעברענט האָבן צוויי געסלעך.

„פאַר די הייזער, באַמערקט א לעבנגעבליבענער, איז קיין זאָרג נישט געווען. כמעט אַלע פאַרסטראַכירטע און צו יענער צייט פלעגט מען די פאַרזיכערונג אויסצאָלן ביז א קרייצער".

א זומער-נאַכט, בעטן, קאָבריצן און גלאַט שמאַטעס וואַלגערן זיך אַרום אָנלופּטיקע הייזקעס, מענטשן קרעכצן צום הימל בעטנדיק א ביסעלע מער לופט און דער הימל ענטפערט מיט א הייזעריק פאַלנדיקע שטערן באַהעפטנדיק שוואַכע נשמות מיטן אין-סוף. אין אַזאַ זומער-נאַכט זענען געזעסן אויף הילצערנע

אָדער ערד-טרעפּ, געהילטע אין פינצטער יינגלעך מיט מיידלעך זיך קוים צערט-לענדיק, די היץ האָט אָפּגענומען די כוחות אפילו צום לאַסקעווען און שלאָפן גיין איז געווען א שאָד, א רעגן מיט שטערן קאָן מען נישט פארלאָזן. דעמלט האָט דאָס דאָרשער נישט לעבנגעבליבענע יינגל — דער זעלבער וואָס האָט אמאָל געלערנט אין א סיגעטער ישיבה און שפּעטער ארייגעוואָרפן געוואָרן אין א פראכט-וואגאָן — נישט מער געסטראשעט נאָר טאקע דערציילט די געשיכטע מיט אָדער פון דער דובינקע.

„אין דאָרשע האָט געוואוינט א דובינקע. קיינער האָט זיך נישט אָפּגעגעבן מיט איר געשיכטע. שטייט אין א ווינקל אָדער וואלגערט זיך אויפן בוידעם אן אויסגעטרוקנטער צווייג, מעג זיין א געשניצטער, געוויינט מען זיך מיט אים. ארויסוואַרפן איז אן עבירה, פארטראכטן זיך ארום דעם האָט קיין זין נישט. קיינער פאָרשט נישט דעם גורל און אָפּשטאם פון דובינעס. א שאָד. באמת א שאָד. זאָל זיך עמעצער געווען פאראינטערעסירן מיט דער געשיכטע פון דער דאָרשער דובינע וואָלט ער אפשר פאָרגעזן יענעם פרייטיק צו נאכטס און יענעם שרעקלעכן שבת. אפשר וואָלטן די געשעענישן פון יענער נאכט און יע-נעם טאָג נישט געווען אויסגעזען אזוי שלום-אשיק, אזוי אונטערטעניק ווי דעם תהילים-יידנס פאָרשטעלונגען וועגן קאליגולאס ווילן אוועקצושטעלן זיין אָפּ-שפּיגלונג אין בית המקדש און וועגן יודייער וועלכע האָבן געענטפערט מיט שטרעקן די העלדזער אין וועג פון רוימישע לעגיאָנען.

„ווי אויסטערליש סע זאָל נישט קלינגען, די געשיכטע פון דער דאָרשער דובינע הייבט אָן אין כמעלניצקים צייטן און נישט נאָר ווייל אלטע מעשיות פארשיקט מען צו כמעלניצקים צייטן. דעם ימח-שמוניקס חיילות האָבן געיאָגט איבער אוקראינער סטעפּעס, זיך געשלאָגן מיט פּוילישע פּאנעס, חרוב געמאכט און פארברענט יידישע שטעטלעך, פארשניטן צענדליקער טויזנטער יידישע לעבנס, געראובט יידיש האָב און גוט. א יאָמער האָט געצויגן איבער פּאָדאָליער קהילות, פרייד איבער די כוטערן. קאזאקן פלעגן אהיים קומען פארברענגענען זונטיקן אָדער חגאות אָנגעלאָדענע מיט רויב, פּאָכענדיק בלוטיקע שווערדן וואָס האָבן עדות געזאָגט אז דער טאטע איז א העלד וואָס ווייסט נישט פון שרעק. קינדער פלעגן זיצן מיט ברייט צעעפנטע אויגן, זיך צוהערן פארכישופטע צו קאָזאקן דערציילעכצן וועגן פון אונטן ארויף געעפנטע בייכער, וועגן געשטאָכענע וויין-אנטלען און בוימל-פעסער, וועגן פעדערן-שטורעמס, וועגן אויף צווייען געשפּאָלטענע קעפּ אין פלי פון פערד, מיט געלעכטער וועגן פארגעוואלדיקטע אָנצייניקע רבקה'ס און אויף שפּיץ שפּיז געטראָגענע יאנקעלעך. אלץ אזעלכע מעשהלעך וואָס צינדן קינדערישע פאנטאזיע, צעפלאקערן דעם באגער צו סא-מעוועןֹ מיטן טאטן, באווייזן אזא גבורה ווי ער, און נאָך מער.

„דער גאַנצער כּוטאָר ווייסט אַז פון טאַראַסיוקן וועט אַזאַ גבור נישט אויס־וואַקסן. דער פון חזיר אָפּגעפּרעסענער אויער בעת ער איז נאָך געליגן אַ געווינ־דלטער אין מילטער האָט דווקא יאָ צוגעזאָגט אַ שיינע צוקונפט. פון זיין שפּע־טערדיקן אופן מוטשען קעץ, רייצן הינט און זיך אָנטשעפּען אין פערד האָט אָנגעקוואָלן נישט נאָר זיין מוטער. דאָס פון חזיר גורם געוועזענע מומעלע האָט זיך ארויסגעוויזן אַ געבענטשטס. ער וועט אויסוואַקסן אַ לייט. האָט אָבער טאַ־ראַסיוק צו פיל געמוטשעט אַן אַלטע שקאַפּע און איר טריט האָט אָפּגעלייגט דאָס לינקע פיסל. דעמלט איז קלאָר געוואָרן אַז פאַרפאַלן, אַן איבעריקער לייט וועט פון אים נעבעך נישט ווערן. קלאָר איז דאָס געווען אַלעמען חוץ טאַראַ־סיוקס שטרעבונגען. אַ באַזונדער פייערל האָבן אין אים געצונדן קאַזאַקישע דער־ציילעכצן, אַ האָפענונג אַז סע וועט געשען אַ נס און ער וועט ווערן דער בעסטער רייטער, דאָס וואָס אַנדערע באַווייזן מיט שווערדן און שפּיזן וועט ער באַווייזן מיט אַ דובינקע. זאַווערוכעדיקע נעכט האָבן אין זיינע חלומות גענעסט כּל־ערליי דובינעס און אין זומער־נעכט פלעגט ער האַקן צווייגן פון וויינשל, נוס אָדער פלוימען־ביימער, שניצן פון זיי דובינקעס. די ערשטע צייט פלעגט די מאַמע אָנשרייען: מאַכסט אַ תל פון די ביימער, דער טאַטע וועט אַהיימקומען וועט ער דיר אַזוי און אַזוי; מיט דער צייט אָבער האָט איר אָנגעהויבן געפעלן דעם קינדס אַרבעט, די פאַרשיידנאַרטיק געפלאָכטענע בייטשן און שטעקעלעך. ווען טאַראַס איז אַלט געוואָרן דרייצן יאָר האָט ער זיך דערלויבט אַזעלכס וואָס האָט די מוטער זיינע דערשראָקן אויף טויט. טיף אין גאָרטן האָט טאַראַסיוקס פאָטער געפלאַנצט אַ צענדליק נוס־ביימלעך. טאַראַסיוק האָט שוין לאַנג געוואָרפן אַן אויג אויף איינעם פון אָט די ביימעלעך וואָס איז געוואַקסן לויט זיין פאָרשטע־לונג וועגן בוים פון וועלכן ער וועט אַמאָל אויסאַרבעטן די אמתע דובינע, אַן עטוואָס בויגעוודיקע, אַ לייכטע, געדייאיקע, אויסהאַלטנדיקע דובינע, מע זאָל זי קאָנען אַ דריי טאָן מיט איין האַנט איבערן קאָפּ דער סוויסטש זאָל זיך לאָזן הערן אויף אַ ווערסט, זי זאָל זיך אַראָפּלאָזן מיט אַזאַן אימפּעט אַז דריי קעפּ זאָלן צעדרויבלט ווערן, מיט איין קלאַפּ, ווי פאָרעך. די מאַמע באַמערקט אַז סע ציט אים צום ביימעלע אָבער דעם מיין, די כּוונה פאַרשטייט זי נישט. עס איז געווען פאַרשטענדלעך, אַ פּשוטע הנאה ווייל דאָס ביימעלע איז שיין געוואַקסן. דער־שראָקן אויף טויט האָט זי זיך ווען זי האָט זיך געכאַפּט אַז טאַראַסיוק איז נישט געקומען עסן, פאַרשטאַנען אַז זוכן דאַרף מען אים אין גאָרטן וואו ער כּאָרעט זיך אַ גאַנצן טאָג און דערזען דאָס ביימעלע אַן איבערגעקערטס און טאַראַסיוקן אַרבעטנדיק דעריבער מיט באַזונדערער כּונה. אַצינד, האָט זי אויסגעשריגן און אויפגעהויבן אַ ביטער געוויין, איז אַן ענדע מיטן קינד, זיין טאַטע וועט אים

דאָס נישט מוחל זיין, ער וועט אים האַקן מיט דער שווערד אויף שטיקער ווי א הייפּטל קרויט.

„מיט טאַראַסיוקן איז גאָרנישט געשען. ווען די קאַזאַקן זענען אַהיימגעקומען פון א שלאַכט מיט די פּוילישע פּאַנעס איז זיין פאָטער נישט געקומען. דערציילט האָט מען אז געשלאָגן האָט ער זיך ווי א קאַזאַק, געפאַלן א צעשניטענער פון א פּוילישער שווערד. דריי טעג נאָך דער שלאַכט, ווען מע האָט זיך אומגעקערט אויף דעם זעלבן וועג איז לעבן קבר נאָך אַלץ געשטאַנען דאָס פערד. בשום אופן זיך נישט געלאָזט רירן פון אָרט. אוממעגלעך געווען ברענגען דעם אָגער אהיים איבערצוגעבן דער אַלמנה. געבליבן טרויערן ביים קבר ביז ער וועט אויסגיין פון הונגער. נאָך אָט די געשעענישן איז טאַראַסיוקס פאַרביסנקייט אַרויסצובאַקומען פון ביימעלע א דובינע וואָס זאָל איבערלעבן דורות, זאָל דרויבלען אזוי פיל קעפּ מע זאָל פון זיי קאָנען אָנהויפן א קורגאַן, אַן אמת קאַזאַקישן קבר, געוואָרן נאָך גרעסער. דאָס האָט גערדאַרפט זיין זיין צושטייער צו פאַראייביקן דעם פאָטערס אָנדענק. האָט ער געטרוקנט דאָס ביימעלע אין שאָטן פון דער שטרויענער סטריכע סע זאָלן זיך חס וחלילה נישט יאויען שפּעלטעלעך; אויסגעוואויגן יעדן דריטן טאָג מיט שוואַכע הענט, אויכגעקלאַפּט די גאַנצע לענג מיט דאַרע פינגער, זיך צוגעהערט צום קלאַנג, געפּרואווט די בויגעוודיקייט, אזוי ביזן טאָג ווען ער האָט באַשטימט אז מע מעג שוין אָנהייבן. צוגעגרייט מעסערלעך און דלאָטלעך האָט ער זיך גענומען צו דער אַרבעט. געשניצט האָט ער שווערדן, שפּיזן און רייטער. יעדן טאָג פאַרן שלאָפן גיין פלעגט ער באַטראַכטן דאָס אָפּגעטאָנענע און פאַרענדיקן מיט א קאַרב. ווען עס איז געקומען צו די וואָרצלען איז ער א לאַנגע צייט געבליבן אין פאַרלעגנהייט זיך נישט געקאָנט רעשען צי זאָל ער שניצן א קאָפּ פון א פערד אָדער פון א קאַזאַק. באַטראַכטנדיק קנייטשן און אויסוואוקסן האָט זיך באַוויזן א קאָפּ פון א קודלעוואַטן הונט. טאַראַסיוקן איז עס געפעלן. די וועמענס קעפּ מע דאַרף דרויבלען האָבן מורא פאַר הינט. דער געדאַנק האָט אַרויסגערופן א שלעכט געלעכטערל. עס איז געווען דאָס איינציקע מאָל וואָס טאַראַסיוק האָט געלאַכט זינט ער האָט אָנגעהויבן שניצן די דובינע. געענדיקט די אַרבעט האָט ער אין א שרעקלעך הייסן טאָג. פאַרטיפט אין אַרויסבאַקומען א בייזן קוק פון בלינדע אויגן האָט ער נישט באַמערקט ווי סע הויפן זיך כמאַרעס, ווי סע דערנענטערט זיך דער שטורעם. ווען דער ווירבל־ווינט איז אָנגעקומען אין כוטאָר האָט ער א לעצטן גלעט געטאָן דעם הונט־קאָפּ, מיט באַדויערן אָפּגעריסן פון אים זיין פאַרכישופטן בליק און זיך געוואָלט לאָזן אין שטוב, זיך באַרימען פאַר דער מאַמען מיט זיין אַרבעט פון כמעט א יאָר. ער האָט זיך פּאַמעלעך אויפגעהויבן פון דער ערד א שפּאַן גע־

טאָן פון האַנט אין וועלכער ער איז געזעסן אָנגעשפּאַרט, דער ווירבל-ווינט האָט אַראָפּגעריסן אַ ציגל פון קוימען און אים געוואָרפן אויף טאַראַסיוקס קאָפּ. געפונען האָט מען אים דרוקנדיק די דובינע צו דער פּלאַטשיקער ברוסט.

„וועגן גילגולים האָבן די איינוואוינער פון כוטאָר ווייניק געוואוסט, און נאָך ווייניקער וועגן גימטריות. ווען מע האָט אָנגעציילט דריי הונדערט פיר קאַרבן, די צאָל טעג וואָס טאַראַסיוק האָט אַוועקגעלייגט די נשמה אויסצושניצן די דובינע איז קיינעם נישט איינגעפאַלן אַז זיי באַטרעפן אַזוי פיל וויפל דאָס וואָרט „יש״ד״ און אויך נישט אַז ער האָט געקאָנט איינהויכן אין איר זיין לעצטן אָטעם און לאַנגיאָריקן באַגער. איינשטימיק זענען געווען אַלע אַז מע דאַרף אונטערטראָגן די דובינע אַלס מתנה פון יונגן פאַרשטאָרבענעם קאַזאַק דעם סאָטניק און אַזוי האָבן זיי געטאָן. דריי קאַזאַקן, צוויי אַלטע און איינער אַ יונגער, זענען דעם צווייטן טאָג אַוועקגעריטן אין שכנישן כוטאָר וואו סע האָט געוואוינט דער סאָטניק, איבערגעבן די מתנה. צוריקגעקומען, האָבן זיי מיטגעטיילט דעם פאַרזאַמלטן עולם אַז דעם סאָטניק איז די דובינע זייער געפעלן און אַז ער דערמאָנט טאַראַסיוקס פאָטער צום גוטן. פון דאָ האָט די דובינע אָנגעהויבן איר שלשלתדיקן וועג.

„אלה תולדות הדובינע: דער סאָטניק האָט זי געלאָזט בירושה דעם זון, דער זון האָט זי געשענקט דעם כעטמאַן, דער כעטמאַן האָט זי געשענקט אַ פּריץ, דער פּריץ אַ פּוילישן פּאַן; דער פּאַן האָט זי פאַרוואָרפן אין שטאַל (וועגן קעפּ-שפּאַלטן האָט ער געלערנט בעסערע, ציוויליזירטערע מיטלען,) פון שטאַל האָט זי אַוועקגעגנבעט דער קאָניושניק און פאַרזעצט פאַר אַ פלעשל בראָנפן; דער קרעטשמער האָט זי געשענקט אַ בראָנפן-פאַבריקאַנט ביי וועלכן זי האָט באַשיינט אַ ווינקל פון עס-צימער גאַנצע דריי דורות. פון דאָ האָט זי ארויסגעטראָגן אַן אוקראַאינער בעת אַ פּאָגראָם אָבער צו שפּעט אַז זי זאָל זיך נאָך קאָנען באַטייליקן; דער אוקראַינער האָט זי אויסבאַהאַלטן ביז זיין לאָזן זיך אין וועג, וואַנדערן; בעבעכעם אויף אויספולן זיין וועגעלע זענען געווען צו ווייניק האָט ער מיטגענומען די דובינע אויף נישט צום באַדאַרפן. פאַרקויפט האָט ער זי אין אַ טראַקטיר ערגעץ אין גאַליציע. פון דאָ איז זי אָנגעקומען, ווידער אַלס מתנה, צו אַ צוקער-פאַבריקאַנט. לאַנג איז זי דאָ נישט געשטאַנען, כאָטש דער פאַבריקאַנט האָט זי געשאַצט אַלס קונסט-ווערק. די סיבה איז באַשטאַנען אין דער מורא וואָס דער הונט-קאָפּ האָט אָנגעוואָרפן אויפן איינִיקל, אַן אייניקל וואָס האָט זיך געשניטן אויף ישיבה בחור. אַזוי איז זי אָנגעקומען צו קוראַסאָווס עלטערזיידן און זיך באַזעצט נישט ווייט פון דאָרשע. דעם ציטער וואָס וועט איר ברענגען דעם תיקון האָט זי דערפילט איבערקומענדיק אויף דער האַנט פון לעצטן

קוראסאָוו, איבערהויפּט ווען ער פלעגט מיט איר ארויסגיין שפּאצירן איבער דאָרשער גאסן. פלעגט ער זי א דריי טאָן איבערן קאָפּ האָט מען געהערט דעם סווישטש אויף א מהלך פון איבער א מייל. דעם אמתן תיקון האָט די דובינע באקומען אין יענעם פרייטיק צו נאכט ווען דער הונט־קאָפּ האָט זיך ארייַנגעריסן אין שיל, געפאלן מיטן אימפּעט פון טאראסיוקס שנאה אויף דאָרשער יידישע קעפּ און דעם צווייטן טאָג, שבת, ווען זי האָט געיאָגט איבער די גאסן. צעשמע־טערט פרויען, אויסגעזעצט שויבן און הינטיש געשטשורעט אויף יידישע קינ־דערלעך.

„ווען די זשאנדארן האָבן זיך באוויזן אײַנצופירן אָרדנונג האָט קוראסאָוו געמיינט אז גלייכער איז ווארפן די דובינע אין פייער וואָס האָט געלעקט יידישע הייזקעס. מיט דעם האָט זיך געענדיקט דער דובינעס וועג נאָך צוויי הונדערט אכציק יאָר וואנדערן און לעבצן נאָך א תיקון. נישט ווייל סע זענען קיין פּאָג־ראָמען נישט געווען נאָר ווייל זיי האָבן זי אויסגעמיטן. אזא איז געווען איר גורל. אונטער דעם לעצטן קוראסאָווס האנט האָט זי געלעבט אין גאנצן דרייצן יאָר. וואָלט מען זי געווען פארברענט מיט א פּאָר טעג פריער... האָט זיך אָבער קיינער נישט אָפּגעגעבן מיט פאָרשן דעם אָפּשטאם, גורל און תיקון פון דובינעס. אצינד איז צו שפּעט“.

אזוי האָט פארענדיקט זיין דערציילן וועגן דאָרשער פּאָגראָם א דאָרשער נישט לעבנגעבליבענער אין יענער צייט ווען ער פלעגט בגנבה פארלאָזן א קאָנספּיראטיווע זיצונג און זיך ארייַנכאפּן אין א שילעכל דאווענען מנחה.

15טן דעצעמבער (אָן א יאָר). ווי קומט אהער דאָס וויי־טערדיקע איז ניט צום פארשטיין. ווער האָט געקאָנט א־ריינשמוגלען צווישן די פּאַפּירן א בוהושער געשעעניש. אלע דריי — ציפּעלע, ארעלע און איציקל — האָבן דאָרט געארבעט א צייט. זאָל דאָס איינער פון זיי געווען שפּרייטן אויף פּאַפּיר? ארעלע זיכער נישט. איציקל? וואָלט ער זיך אליין אוועק־געשטעלט א ביסעלע אנדערש. קומט אויס ציפּעלע, איז אָבער דער אופן שרייבן א מאנצבילישער.

18טן דעצעמבער. כ׳מיין ס׳איז שאולס.

..ארעלע שווייגט. שולדיק אין דעם איז אפשר זיין אויסזען, זיין גוף. אויס־זען זעט ער אויס ווי זיין מלאכה, א פלייש־העקער. שטייט ער אין יאטקע ביים קלאָץ צווישן מיט מעסערס, העק, פריידיקעס און זודיקעס באהענגטע ווענט איך

ארעלע, ער: גרויס ברייט, סוקעוואטע. טעכערט ער א פריידיק שפארט פון אים מיט קראפט. קומט ער אָבער צווישן מענטשן איז ארעלע נישט מער ער. סע נעמט אים אָפּ דאָס לשון מיט וועלכן ער פאררעדט אלע יידענעס וואָס קומען אין יאט-קע. סע באהערשט אים א מאָדנע שעמעוודיקייט, און אומבאהאָלפנקייט אזא וואָס סאמעוועט מיט זיין מיידלשן נאָמען. אייניקע רופן אים ארעלע נארעלע, דאָס אָבער נאָר צום פעסטען. זאָגן ערנסט אז ארעלע איז א נארעלע קאָן מען נישט. נישט נאָר ווייל ער איז עס באמת נישט, נאָר ווייל אפילו אין זיין שע-מעוודיקייט זעט ער נישט אויס אזעלכער. זיינע אויגן פארראטן עס און אויך א טשיקאווע מענטשלעכע געטריישאפט צו אלעמען.

אראָפּגעקומען איז ארעלע פון קעשענעוו. געהערט א פאבריק האָט ער פאר-שטאנען אז אין פאבריק זענען דאָ ארבעטער וואָס עסן צו מאָל א שטיקעלע פלייש. זאָל דאָס שטיקעלע זיין אפילו קליין זענען זיי, די ארבעטער, א סך; ארום א פאבריק זענען דאָ אזעלכע וואָס עסן פלייש יעדן טאָג און ווי ווייניק זיי זאָלן נישט זיין, עסן זיי אי אָפּט אי נישט קליינענקע שטיקעלעך. ארעלע האָט זיך נישט אָפּגענארט. אויפגענומען אויף ארבעט האָבן אים די דריי ברידער האבער און דער פאָטער זייערער, דער אלטער האבער. א משפּחה קצבים, אלע הויכע, אלע דארע, אלע רייטער. דער אלטער האבער רייט נישט מער. אמאָל איז ער געווען א באריממטער רייטער, אצינד האלט ער א פערד אין שטאל אויף זיין נאָ-מען אָבער רייטן רייט ער נישט מער. סע שטערט אים דער פוס. ווען נישט דער פוס וואָלט ער אפשר געריטן עד היום, טראָץ דער עלטער. די עלטער אָנערקענט ער נישט, אָבער דעם פוס האָט ער קיין ברירה. דער לינקער פוס געבליבן פאר-שטארצט נאָך דעם וואָס דאָס פערד האָט אים צוגעקוועטשט צו א מויער. מע זאָגט אז ס'איז געשען בעת ער האָט געוואָלט אָפּשפּארן דעם וועג א יונגער אל-מנה. צו אלט געווען פאר אזאן אוואנטורע אָדער עאופראָסינע די אלמנה א צו גליטטשעקע. פאקט איז אז פון דעמלט רייט ער נישט מער. דערפאר רייטן אלע דריי זין זיינע און אויף נישט פשוטע פערדלעך. דריי כמעט ראסע-פערד, נישט דיין בלוטיקע, אָבער דאָך ראסיקע. איינס שענער פון אנדערן, א מחיה צו קוקן. דריי אָגערס איינער נאראוויסטער פון אנדערן, פאראן אין דער שכנישער שטאָט א מיידל, אן אכצניעריקע, קומט זי פון דאָרט צו גאסט נאָר צוליב אָנטייען פון די פערד. זיי רופן ביי איר ארויס, זאָגט זי, א מאָדנע געפיל, א ציטער אזא, א דראָזש וואָס לויפט איבערן לייב ווי זאָדעוואסער. זי זאָגט עס פשוט אָבער אויף אייניקע מאכן אירע ווערטער א באזונדערן איינדריק; סע דערמאָנט געשיכטעס מיט גרויסע עקאטערינעס און נישט קלענערע מאריע-טערעזעס און שרעקן, שרעקט נישט דאָס קיניגלעכע אין אירע פילעכצן ווי דאָס געפיל פון אייגענער

נישטיקייט. צוזאמען רייטן די ברידער צוויי מאָל אין יאָר ווען דאָס הויף פאָרט אין די בעדער א וואָך פאר שבעה-עשר בתמוז און ווען סע קומט צוריק פאר שבת-נחמו. אין יענע טעג זעען די ברידער אויס ווי מוסקעטירן נישט ווייסנדיק צי אזעלכע האָבן אמאָל עקזיסטירט. וויסן ווייסן זיי אז סע איז א גרויסער כבוד צו רייטן די ערשטע, עפענען דעם וועג דער הייליקער קארעטע באוואָפנטע מיט גרויסע פאקלען.

א קורצע צייט נאָך דעם וואָס זיי האָבן אויפגענומען ארעלען צור ארבעט האָבן זיי אים געפרואווט אָפרעדן פון חברן זיך מיט אזעלכע פון וועלכע סע בלאָזט א גרינגשעצעריש ווינטל לגבי פליישיקע פרנסות, איז אָבער ארעלע פון יענע שטילע עקשנים וואָס זאָגן נישט ניין און נישט יאָ און טוען זייערם. צווינגען האָבן זיי אים נישט געקאָנט, אָפזאָגן א גוטן ארבעטער האָט נישט געלוינט. יאטקעס האָבן זיי צוויי, איין מענטש אין יאטקע איז צו ווייניק און דער אלטער האבער איז צו אלט. איז עס געבליבן דערביי. די אָוונטן פלעגט ארעלע פארברענגען מיטן פאבריקס עולם. אוועק פון קעשענעוו איז ער נאָך נישט געראָטענעם פאָגראָם און חברה האָט ליב צו הערן ארעלעס וואריאנט, ארעלע לאָזט זיך אָבער שווער איבערצייגן. וויל מען ער זאָל דערציילן איז בעסער סע זאָל אים בעטן א מיידל און דאָס מיידל זאָל זיין ציפעלע. איר האָט ער קיין הארץ אָפצוזאָגן. ציפעלע איז א קליינענקע, מיט גרויסע אויגן און קורצע צעפעלעך. צווישן מגושמדיקן ארעלע און דער רוחניותדיקער ציפעלע ציט א פאָדעם א נישט געזעען שפינעלע. ציפעלע ווייסט אז ארעלע דערציילט מיט א תנאי. די באדינגונג באשטייט אין דעם אז איציקל זאָל אוועקשטעלן זיין געשיכטע אין סאָציאל פאָליטישן קאָנטעקסט. (דער אויסדריק איז ווייט נישט ארעלעס, ער איז פאר אים א ביסעלע פרעציעז, אָבער דער אינהאלט איז בערך דער). בעט ציפעלע ארעלען מיטן מויל און דער קוק זוכט איציקלען, דעם שענסטן פון די בחורים פון גאָר דער וועלט. אז איציקל איז דער שענסטער ווייסט מען פון ליפקאן און יעדינעץ ביז סאטמאַר און גרויסווארדיין. קוקט אויף עמעצן איציקלס שיינקייט — און קוקן קוקט עס געוויינטלעך אויף פרויענצימער — ווערט פריקרע אויפן הארצן, באהערשט א פארלעגנהייט, א נישט זיכערקייט אזא מיט זיך. א נישט זייער הויכער אָבער זייער פראָפּאָרציאָנירטער, מיט קויל-שווארצע אויגן, שטענדיק אויסגעגלעטע פעך-שווארצע האָר, צוויי שמאָלע שפאניש-מעסיקע באקן-בערד און דינע וואָנצעלעך איבער סענזועלע ליפן — דוגלאס פערבאנקס; זיין שיינקייט פרעגט קיינער נישט אָפ. איינציקע זאָגן א טאָק, אנדערע א צערולניק איז עס מחמת אייפערזוכט; דאָ אויך אזעלכע וואָס זאָגן א קליינשטעטליקער דאָן זשואַן, איז עס איבערטריבן: אויב אזא שיינער בחור בלייבט

נישט געטריי איז עס זיכער נישט זיין שולד. צו גרויס די נסיונות. גערעכט זע־נען אפשר די וואָס צווייפלען אין זיין חכמה. ווער זשע קאָן מעסטן חכמה? דאָס וואָס מע טוט צו מאָל א וואָרף: א פוסטע כלי, קאָן מען דאָך נישט פירוואר־פן איציקלען. יעדער האָט רעכט אויף א מיינונג. ווי אזוי סע זאָל נישט זיין ארעלע האָט ליב איציקלען. סע געפעלט אים איציקלס שניט, זיין אופן רעדן. איציקל רעדט פאמעלעך, וועגט יעדעס וואָרט און איז זיכער אז ס׳איז דאָ וואָס צו וועגן. דערצו לאָזט ער זיך נישט בעטן. אז איציקל דערציילט פשטלט ער. געוועזן איז א צייט, זאָגט ער, פון שווארצער רעאקציע. די אומצופרידנקייט פון די ברייטע מאסן איז טאָג־טעגלעך געוואקסן. די בורזשאזיע האָט געבראכט צו דער מאכט די פארביסנסטע שונאים פון ארבעטס מענטשן בכלל און ארבע־טער קלאס בפרט. די בורזשואזע פּאָליטישע פארטייען האָבן געשטרעבט איינ־שפאנען די מאסן אין רייטוואָגן פון די קאפיטאליסטיש־פריצישע אינטערעסן מיט נאציאָנאַל שאָוויניסטישע און דעמאגאָגיש־פארפירערישע לאָזונגען אפע־לירנדיק צו נאציאָנאַל־ראָמאנטישע טראדיציעס. דאָ שטעלט זיך איציקל א רגע אָפּ, איבערכאפן דעם אָטעם. סע וואונדערט אים אליין דער אופן ווי סע קייק־לען זיך אָן אויפהער אזעלכע שיינע ווערטער פון זיין מויל; סע וואונדערט אים אויך זיין זכרון, איין מאָל געלייענט אין דער צייטונג און אלץ פארגעדענקט. אין יענער צייט איז געווען אינגערן מיניסטער ווע ווע. איעדער דערמאָנט זיך זיין פריצישע גאָמבע, זיין פרצוף באפוצט מיט גאָלדענע פענסנע. צענדליקער טויזנטער הייזער האָט מען דעמלט אויסגעליידיקט ביזן לעצטן פאָדעם, אלץ אויסליציטירט בחצי־חנם אויף צו באצאָלן שטייערן. טויזנטער מענטשן האָבן אָנגעפולט די תפיסות. אין יענע צייטן האָט זיך ביי אונדז באוויזן א העלד ווי הירש לעקערט, אָבער א געוואקסענער און געכאָוועטער אויף אנדערע ערדן. נישט צווישן קאטוילישע קאָשטשיאָלן וואָס שטעכן מיט די שפיצן צירוס־כמארעס, וועלכע ווארפן שרעקלעכע שאָטנס אויף שמאָלע מיט שווארצן קיזלשטיין גע־פלאסטערטע געסלעך. ניין. אונדזער לעקערט האָט פון קינדוויייז געבידעוועט אויף בלאָטיקע געסלעך פון וועלכע עס האָבן ארויסגעקוקט ווי בייכיקע לבנות אָרטאָדאָקסישע ציבעלעס וואָס דערמאָנען א שטארק גלעזל היימיש געברענטן בראָנפן, קרייענדיקע הענער און שיכורע גלחים. גערופן האָט מען אים אברהם, געשטאמט האָט ער פון א משפחה אָרעמע מענטשן ביי וועלכע הונגער האָט גע־הויזט יאָרן־לאנג ביז אין זייערע אויגן האָט זיך באזעצט א ווילד פייערל און אין געמיט א מאָדנע עמפינדלעכקייט. אפשר דערפאר האָט אברהם באשטימט אז אים איז אָנגעשריבן צו זיין דער קנאי, דער וואָס דארף נקמה נעמען פאר אָנצאָליקע פאָלקס־ליידן, פאר הימל־שרייענדיקער אומגערעכטיקייט. ער איז דער

אויסדערוויילטער וואָס דאַרף וועקן, מיט זיין מסירת נפש, די ברייטע מאסן צו אקטיווען ווידערשטאַנד, הייבן די קעפּ, זיי העלפן שפּאַנען מיט אויסגעגלייכטע רוקנס, זיך נישט לאָזן טרעטן פון רוצחישע שטיוול, אויסשרייען א „געוואַלד!"
אז סע זאָלן אויפציטערן הימלען. צו דעם האָט אפשר צוגעהאָלפן אויך דאָס וואָס שוין א צייט אז אברהם האָט געפונען אן אלטן פון א רוסישן אָפיציר פאַר־וואָרפענעם נאַגאַן אין דער צייט ווען די ערשטע וועלט-מלחמה האָט זיך פאַר־וואַנדלט אין רעוואָלוציע. האָט אים אברהם גערייניקט פון זשאַווער, פאַרשאַפן דריי קוילן און געוואַרט דעם פּאַסיקן מאָמענט. אז דער מאָמענט מוז קומען האָט ער נישט געצווייפלט. שיסן האָט ער געוואָלט דווקא דעם אינערן מיניסטער. אז ער וועט זיך אין א טאָג באַווייזן אויף יאַסער גאַסן איז ער געווען זיכער, זיין ווילן נקמה צו נעמען מוז אים ברענגען אין דער אַלטער מאָלדעווישער שטאָט.

צי זיין פאַנאַטישער ווילן האָט אים געבראַכט, צי אַנדערע פּשוטערע ענינים איז נישט וויכטיק. פאַרשריבן אין דער געשיכטע בלייבט דער פאַקט אז אין א טאָג האָט מען אָנגעזאָגט דעם בכבודיקן וויזיט און אברהם האָט אָפּגעוואַרט דעם פּאַראַד וואָס די פני פון שטאָט האָבן אָרגאַניזירט לכבוד דעם מיניסטער. נאָכן פּאַראַד האָט דער מיניסטער באַגלייט פון א צאָלרייכער סוויטע זיך גע־לאָזט צום פּאַר אים איינגעאָרדנטן גאָטס-דינסט. נישט ווייט פון קלויסטער איז געשטאַנען אברהם און ווען דער בלויער אויטאָ איז אָנגעקומען אין זיין ריכ־טונג האָט ער ארויסגענומען פון קעשענע דעם נאַגאַן און אָפּגעשאָסן דריי קוילן פּונקט אַזוי פיל וויפל מיט כמעט דרייסיק יאָר צוריק הירש לעקערט.

אין אַלטער רעוואָלווער, שוואַכע קוילן האָבן זיי נישט מער ווי צעדרויבלט די שויב פון אויטאָ. דער מיניסטער איז געבליבן לעבן, געוואָרן פּאָפּולער צוליב דעם אטענטאַט און דעם יאַט האָט מען פאַרמשפּט אויף אַנדערטהאַלב צענדליק יאָרן, נישט פאַרגעסנדיק צוצוגעבן אז ער איז א ייד און בעסערס קאָן מען פון יידן נישט דערוואַרטן. אויסגענוצט דעם אטענטאַט האָט מען צום צע־שפּילן אן אנטיסעמיטישע קאַמפּאַניע און אין ראָש פון אָט דער קאַמפּאַניע צוגע־גרייט א פּאָגראָם אויף קעשענעווער יידן. חוץ אינערן מיניסטער איז ווע ווע געווען פּראָפעסאָר און ווי א סך אַנדערע פּראָפעסאָרן א פאַרביסענער אנטיסעמיט מיט פּרעטענציעס אויף וויסנשאַפטלעכער באַגרינדונג; ער האָט געהאַט השפעה אויף א טייל פון סטודענטנטום ווי באַוואוסט א קליינבירגערלעך-פּאָליטיש-וואַקלענדי־קער עלעמענט וואָס לאָזט זיך אָן איבעריקע שווערוקייטן אריינציען אין אַזעלכע אַוואַנטורעס; האָט מען באַשטימט דעם טאָג, באַשטעלט דעם נייטיקן עשאַלאָן וואַגאָנען פאַר א פּאָר הונדערט סטודענטן וועלכע זאָלן זיך אויפן פּלאַץ פאַר־אייניקן מיט די אָרטיקע סטודענטן און אָפּריכטן א פּאָגראָם. קיין גרויסע תורה

איז עס נישט. אָט אזוי האָט אויסגעזען די לאגע אין יענע טעג, פארענדיקט איציקל דעם סאָציאַל-פּאָליטישן קאָנטעקסט.

כאָטש דער עולם ווייסט אז פארכאפּט פון זיין איינענער דרשה האָט איציקל א ביסעלע פארמישט די יוצרות, אז נישט אלע אָנגעוואָרפענע דאטן שטימען מיט דער ווירקלעכקייט, זאָגט קיינער קיין וואָרט. סע הארט זיי נישט אז אזוי. רעאקציאָנערע מיניסטאָרן האָבן קיין מאָל נישט געפעלט, אויספארקויפן האָב און גוט ביים אָרעמען עולם אויף צו באצאָלן שטייערן איז זינט יאָרן א טאָג־טעגלעכע דערשיינונג, פּראָפעסאָרן און סטודענטן אנטיסעמיטן זענען אין לאנד נישט קיין יוצא מן הכלל, איז וואָס אויב א איציקל האָט א ביסעלע פארבויגן די ווירקלעכקייט? אויפן סמך פון זיין רעדע גרייט זיך קיינער שרייבן געשיכטע. דער עיקר איז ארעלעס געשיכטע און פאר ארעלעס דערציילן איז עס גענוג און ווי אָנגעמאָסטן.

ארעלע גיט א מאך מיט דער האנט גלייך ער וואָלט אָפּגעטריבן א פליג וואָס דערקוטשעט אים שוין א לענגערע צייט. א פגירה אויף זיי. געקומען זענען זיי מיט דער אלעקסאנדראָווסקי, דאָס הייסט אמאָל האָט מען די גאס גערופן די אלעקסאנדראָווסקי, נאָך אלעקסאנדר דעם ערשטן אָדער דעם צווייטן, דער רוח ווייסט זיי וויפל זענען זיי געווען. אלץ איינס — קאָבילעס. היינט הייסט די גאס א־לעקסאנדרו טשעל בון. ווייזט אויס א קלענערער פריץ. די גאס האָט זיך דערפון נישט געביטן, אלץ אזא ברייטע. האָבן זיי זיך צעלאָזט ווי א טשערעדע פון פעלד־פליגן געביסענע אָקסן. געקומען זענען די דריי עשאלאָנען וואָס האָבן זיי גע־בראכט איינער נאָכן צווייטן. מע האָט נישט אוספייעט זיך אויסלאָדן פון ערשטן און שוין איז אריין דער צווייטער און תיכף נאָך אים דער דריטער. ארויס פון וואָקזאל זענען זיי מיט געזאנג. דווקא נישט שלעכט געזונגען. אז גיט ייִנג־ווארג וועט דען זאָל זינגען? גייען זיי זינגענדיקע ביזן סאָבאָר. ווער קען נישט דעם קעשענעווער סאָבאָר? דעם גלאָק וואָס הענגט ביים ארייננאנג אין גאָרטן וואָס ארום דעם סאָבאָר? א בוהאי, ער וועגט מסתם וויפל דריי פּאָר אָקסן מיט די וועגענער מיט אלעס. האָבן זיי זיך דאָרט אָנגעהויבן ווי פליגן, איר וועט מיר מוחל זיין, אויף א ביין אין א זומערדיקן טאָג. געוואָרט האָבן זיי אויף די היגע סטודענטן. גלחים האָבן געפּראוועט א סלוזשבע, א גאָטס דינסט. לאנג געפּרעפּלט, נאָך דעם האָט דער בישאָף אליין געבענטשט, א גאנצער יום-טוב. געענדיקט זענען זיי ווידער ארויס אויף דער גאס. גאָרנישט. זיי שרייען איז מען געוואוינט דערצו, שטענדיק שרייען זיי. פּאוואָליענקע האָט מען זיך אָפּגעגעבן א חשבון אז זיי שרייען „זשאָס זשידאני". ווערט אוודאי פריקרע אָבער כל זמן זיי שרייען נאָר איז צום איבערטראָגן. זיי וועלן זיך אויסשרייען וועט עס נעמען

אַן עק. לעמער מעקען אויך נישט מער ווי נאָר ביז זיי ווערן מיד. האָט אָבער
אַ פּליגעטאָן אַ שטיין און צעבראָכן די גרויסע שויב וואָס צווישן די צוויי לייבן
ביים אריינגאַנג אין דער נאַציאָנאַל-באַנק. ווייזט אויס על פּי טעות. זאָל דער
שטיין געווען טרעפן די שכנישע וויטרינע וואָלט גאָרנישט געשען. זי איז יאָ
אַ יידישע און דאָס וואָלט געהערט צום פּראָגראַם, ווי מע זאָגט, פון אַ פּאָגראָם.
דער צווייטער און דריטער שטיין האָבן זי טאַקע צעבריזגעט אויף פּיצפּיצלעך.
דעם ערשטן האָט ווייזט אויס געוואָרפן אַ לעפּיש. וואָסזשע, צווישן זיי, אַ פּגירה
אויף זיי, געפינען זיך נישט ליימענע הענט? דער עיקר, אין דער לופט האָט
זיך דערפילט אַ בייז ווינטעלע. פּינקטלעך קאָן איך נישט זאָגן, צי די פּאָליציי
האָט זיי אַ קערעווע געטאָן אויף צוריק און לינקס צו דער אַרמעאַנסקע, צי יידן
גבירים האָבן אַ קלינג געטאָן וואוהין מע דאַרף, געגעבן צו פאַרשטיין אַז צע־
שטערן די הויפּט גאַס איז קיין געשעפט, אַז אויב מע מוז שוין יאָ, זענען דאָך
פאַראַן אויך הינטערגעסלעך: צי גאָר דער ווינק דערויף אַז צווישן די סטודענטן
געפינען זיך צו פיל פּויערים געקומענע אויפן זונטיקדיקן יאַריד און אויב מע
האָט אָנגעהויבן, מעג זיין נישטווילנדיק, מיט בענק איז נישט גוט, נישט נאָר
נישט גוט נאָר סע קאָן זיך אויסלאָזן גוט פּאַסקודנע. ווי אַזוי סע זאָל נישט
געווען זיין, זיי האָבן זיך געלאָזט מיט דער אַרמעאַנסקע, פון דאָרט צום אי־
לינסקע מאַרק און דאָ איז געוואָרן קלאָר אַז מע מוז די חברה באַגלייטן. האָבן
העקערס, שוסטער און שניידער ייִנגלעך, שמאָרעוואָזניקעס, קעשענע גנבים
זיך אַ לאָז געטאָן איבער דעכער, פלינק ווי קעץ, נענטער צו זייערע שטיבער.

פון אילינסקי מאַרק צעצווייגן זיך אַלע יענע געסלעך אין וועלכע סע וואוינט —
אַזוי זאָלן וואוינען די כפל-שמונהדיקע פּאַרקויפטע שקורעס — עמך, דער אָרע־
מער עולם, מענטשן האָרעפּאַשניקעס. די מחנה סטודענטן האָט זיך געריררט אי־
בער די געסלעך, פון פאָרנט עטלעכע מיט פאָנען און הינטער זיי די טשערעדע
וואָס האַלט אין איין רעווען און אויף די דעכער אונדזער חברה באַוואָפנט, יע־
דער מיט וואָס ער האָט געפונען. געמיינט האָט מען זיי וועלן אַזוי אָפּזינגען
ביזן אַלטן וואָקזאַל און פון דאָרט צו אַלדע רוחות. אַ געשעפט האָט מען מיט
זיי. אויב זיי גלוסט זיך זינגען און שרייען „זשאָס זשידאַני”, זאָלן זיי. דער
עיקר זיי זאָלן אונדזערע הייזקעס נישט באַרירן. האָבן אָבער די הינטערשטע
רייען זייערע אָנגעהויבן וואַרפן שטיינער אין די פענצטער. פון אַ שטיין ביז
אַ שוועבעלע איז נישט ווייט און אַז אויף אָנצונדן אַ שטאָט איז גענוג איין
שוועבעלע ווייסט קיינער נישט בעסער ווי אונדזער עולם. אויב אַזוי, האָט עס
געהייסן, מוז מען מאַכן אַן ענדע. איבערגעיאָגט זייער פּראָצעסיע האָבן דווקא
אַ פּאָר העקערס, אַרעלע גיט אַ מאַך מיט דער האַנט גלייך ער וואָלט אָפּגעטריבן

א פליג. אראָפּ פון די דעכער און זיך געלאָזט אויף א באַנגעניש אין וועלכן שמועסן שמועסט מען ווייניק. ווען דער שווארצער ייִנגאַטש געזונט ווי א ביק און די געלע טעלעצע (ציפּעלע ווארפט ארעלען א צאָרנדיקן בליק, קיין גראָבער ייִנג דארף מען נישט זיין.) וועלכע זענען געגאַנגען אין דער ערשטער ריי האָבן ארויסגעלאָזט פון די הענט די פאָנען און זיך א כאַפּ געטאָן ביי די בלוטנדיקע בייכער, פון די דעכער זענען געפלויגן כל־ערליי מכשירים חוץ ציגל פון די קוימענעס. האָט די גבורים אָנגעכאַפּט אזא פּאַניק אז זיי זענען געלאָפן ווי ספּאַלאָשעטע פערד אלע צום אלטן וואָקזאַל וואו סע האָבן אויף זיי געווארט די דריי עשאַלאָנען.

אָפּגעפאָרן זענען זיי מיטן צופאַלן פון דער נאַכט, אָדער נאָך שפּעטער. צעשלאָגענע, האָט אין די סטודענטן געזאָטן די רציחה, א פּגירה אויף זיי. אויף צוריכטמאכן זייער דורכפאַל האָבן זיי זיך געגעבן אַן עצה. פאָרט גע־לערנטע מענטשן. אָנגעקומען קיין קאַלאַראַש. דאָס שטעטל איז געשלאָפן, האָבן זיי זיך דאָס מאָל געשלייכט פאָרזיכטיק און אונטערגעצונדן. וואָלט עס נישט געווען אין מיטן נאַכט קאָן מען זיך אויף קאַלאַראַשער חברה פארלאָזן. אָבער אזוי...

געשען איז עס טאַקע בערך אזוי. נאָך געווען א צייט ווען ייִדן זענען געווען א סך און פּאָגראָמען האָט מען געמאַכט ווי לאַטוטניקעס, ארבעט פון דילעטאַנטן. דער ענין איז א ביסעלע פריקרע. מיט דער „שחיטה שטאָט” איז אויף בלוט מיט בלוט געוואַקסן א מדינה וואָס בלוטיקט. אָבער אזוי דערציילן. כ'דער־מאָן מיך ארעלען און ציפּעלען, זיי פלעגן אָפּט אריינקומען. די מאַמע האָט זיי אויפגענומען מיט גרויס כבוד, און זי האָט זיך אין מענטשן זעלטן אָפּגענאַרט. זיי געשאַצט און זיי זי. נישט אזוי דער טאַטע. ביי אים איז אַלץ געווען פאַרבייגייענ־דיק, אפילו דער מאַמעס אָנוועזנקייט.

די טעג געווען ביים טאַטן, גיט ער פּלוצים א פרעג: און די מאַמע? זי נעמט נישט אָנטייל אין דעם שמועס? זי איז דאָך אויך אַן אונדזער יאָרהונדערטיקע. — די מאַמע וויל קדיש און קדיש בין איך נישט בכוח צו זאָגן. — האָסט א טעות, האָט ער געענטפערט א ריר טוענדיק דעם שטײַן, זי וויל נישט קדיש, זי וויל בלויז דאָס קול. פרואוו א רוף טאָן ווע‍סטו זען ווי זי וועט תיכף קומען מיט די מעשענע לייכטער און מיט א גאָט פון אברהם גלאַנצנדיק פּנים. מיט דעם ענדיקט זיך א

בינטל פּאַפּירן. ווייטער איז א שרעקלעכער תוהו-ובוהו. דאָ גע־
פינט מען א חוץ גאַנצע דערציילונגען אָפּגעריסענע קוויטעלעך,
פּאַרצייכענונגען אויף קאַלענדער בלעטלעך, בריוו. מע האָט
דעם איינדריק אז די טייל פארנעמט די גאַנצע ברייט פון בלו־
טיקן גאַרטל וואָס צעטיילט דאָס יאָרהונדערט כמעט אין צווייען
און א גרויסע טייל פון זיינע מיט רויטע שפּרענקעלעך באַ־
שפּריצטע הויזן (אויב דער סוף מוז זיין אונטן ביי די פּנר-שיך)
אָדער פון זיין פּאַרמעטענעם מוח (אויב עס איז דערלויבט
ארויסטראָגן דעם מת מיטן קאָפּ פאָרויס).

# 8

ליבער טאַטע, נאָר וואָס אריבערגעטרעטן די שפּאַניש-פראַנצויזישע גרע־
נעץ. לעבנגעבליבן הייסט עס. אין וואָס דאָס גליק באַשטייט וועלן מיר זען.
כ'וואָלט געפרעגט וואָס טוסטו, וואָס טוען שוועסטער און ברידער האָט קיין זין
כל זמן כ'וויים נישט וואוהין דו וואָלסט געקאָנט ענטפערן. מע טרייבט אונדז.
נאָר עס איז צום דערליידן. אורי.
צוגעשריבן מיט אייגענער האַנט: און ווי אין וואַסער אריין.

*

קאַלענדער בלעטל — 28 נאָוועמבער 1941
ביטער. פון די קינדער קיין ידיעה. עס איז א סברה זיי האָבן זיך עוואַ־
קואירט. וואוהין, ווי אזוי? ביז וואַנען זענען זיי דערגאַנגען? וואָס האָט זיי
געטויגט דאָס לויפן? וואָס איז אזוינס געשען מיט דיינע דרכים ר'ב'ש'ע? עפּעס
גאָרנישט מענטשלעך.

*

יום זה מכובד מכל הימים... פאַר וואָס דער טאָג פון רו? פאַר וואָס דער טאָג
פון פוילענצן? סע קומט אוים אז יצירה שטייט אויף א נידעריקערער מדרגה פון
רו. מאָדנע, ביז נאָר מאָדנע. אָדער באַקומט דער טאָג-אזא ווערט ווייל ער איז
נאָך די איבעריקע, נאָך די טעג פון שאַפונגס-אויסגעמאַטערטקייט?
קטונתי...

*

— ווײַן נישט? ווײַן נישט זאָג איך דיר!

ווײַנען ווײַנט דער זעלבער מאָניק וואָס פלעגט מיט נישט מער ווי דרײַ יאָר צוריק ארויסרופן מיט זײַנע בלאָנדע קוטשערן גוטמוטיק שמייכלען.

— ווײַן נישט! כ׳בעט דיך ווײַן נישט. בעטן בעט זיך בײַ אים פערל. געבליבן אין צווייען מיט דער האָפענונג אז מע וועט נאָך אמאָל זײַן דרײַ. נאָך א שווערן טאָג ארבעט געקומען אין שטוב א פארפרוירענע און די שטוב איז אויך א פארפרוירענע. דער ווינט האָט זיך געשטילט אָבער דער פראָסט קוועטשט ווייטער דעם קוועקזילבער ביז פערציק. געבראכט מיט זיך דעם פאַיאָק, די ראַציע ברויט אויף א גאנצן מעת-לעת. גענומען דאָס האלבע קאלופל גלייך פון אויוון. פייכט. זייער פייכט, ביז מע קומט אין שטוב פארלירט עס די העלפט פון וואָג. מע דארף זײַן א קונצנמאכער אָפצושפּאָרן א שטיקעלע סע זאָל בלײַבן פארן קינד אויף מאָרגן. הוץ דעם מוז מען אליין אויך א ביסן כוח אויף מאָרגן, אנדערש קאָן מען בלײַבן אויך אָן דער האלבער פייכטער „בוכאנקע”. מאָניק קאָן ניט איבערטראָגן דאָס גרימען פון ליידיקע געדערים, ווײַנט ער.

— ווײַן נישט, בעט זיך בײַ איז פערל. כ׳בעט דיך, ווײַן נישט.

— מאמע, עסן דאָס שטיקעלע ברויט טאָר מען נישט, זאָגט ער כליפּענדיק, אָבער ווײַנען, נישט מער ווי ווײַנען מעג מען דאָך.

האָט זי אויך געוויינט אין דער שטיל.

*

דעם יונגנמאנס צוגאנג איז א פון-אויבן-אראָפּעדיקער. אזא איז ער אויסער פּוילן. אין פּוילן איז עפּעס אנדערש. אין פּוילן זענען אלע פּאָליאקן, אפילו די נישט יידן, אויסער פּוילן איז עפּעס אנדערש. דאָ פילט ער זיך א מין פּרימוס אינטער פּארעס מיטן אקצענט אויף פּרימוס, מיט א טראָפּעלע גרינגשעצונג לגבי די פּארעס. אויפן ערשטן בליק דאכט זיך א מין גאווה. איז עס א טעות-ניין. עס איז פּשוט א יידיש-פּוילישער שטריך צו זײַן א ביסעלע מער אתה-בחרתנוניק פון אלע אנדערע, א פון הימל אראָפּגעפּאלענער שטריך ווי צום בײַשפּיל בײַ די זין פון אפרים די סין. א סימן אזא. זיך אָנגעהיימישט מיט; רוכעניש שטומפּיק-עברידיקן עולם דערצייל ער זיך צופּאסנדיק צו זייער ניוואָ.

אין לאָדז לעבט א ייד רופט מען אים רבי שעפּסל דער זיידענער. זיידענע באָרד און פּאות, א זיידענער קארטוז, א זיידענער קאפּטן, זיידענע זאָקן, זיידן

וועש הילן אין קילקייט א זיידענע הויט. קיין פּאָדעם שעטנז. דאַוועגען דאַווּנט ער אין באַלוטער שיל, אין דער זעלבער אין וועלכער אַז מע קומט אַריין ערב ראש־השנה בלייבט מען א רגע מיט א פאַרכאַפּטן אָטעם. פון א הימלדיקן ארון קודש קוקן צוויי עכט גילדענע לייבן מיט פייערדיקע צונגען, אויף די פּאָדערשטע לאַפּעס טראָגן זיי א בריליאַנטענע קרוין. צווישן די לייבן מיט פּערל באַזוימטע לוחות און מיט סאַפּירן געשריבענע עשרת הדברות. ארום דעם פּרוכת א צוויי טפחים ברייטע זוים פון שווערן רויטן אַטלאַס און לאַנגע טונקל־געלע וואָלענע פּראַנדזן. נאָר דער נאָמען פון דעם וואָס האָט אויסגעגעבן א פאַרמעגן צו באַ־שענקען די שיל מיט אַזאַ פּרוכת לכבוד ימים נוראים איז געשריבן מיט פּשוטע כמעט אָרעמלעכע אותיות: נדב רבי שבתאי בן יעקב. רבי שעפּסל האָט נישט אויסגעפּוצט די דייטשע שיל וואוהין סע קומען די לאָדזער מאַגנאַטן אפילו יום כיפּור צו פאָרן מיט דער קאָטש, בלייבן אין גאַנצן א פירטל שעה אין מזרח, אויף דער שפּיגל־באַנק מע זאָל זען אַז זיי האָבן אָפּגעגעבן גאָט זיינס, און פאָרן אהיים, אויך מיט דער קאָטש, צופרידענע וואָס אָפּגעפּטרט דאָס באַגעגעניש מיטן בייזן בורא עולם; ער האָט אויך נישט באַשאָנקען מיט דעם ארון קודש און פּרוכת די אַלטשטאָטישע שיל וואו סע דאַווענען סוחרים, קליינע פאַבריקאַנטן, דאָק־טוירים, אַדוואָקאַטן; אויסגעקליבן האָט ער דווקא די באַלוטער שיל, אָנטון מיט דעם א פאַרגעניגן דער יידישער אָרעמקייט. עס איז אים נישט איינגעפאַלן אַז דעם געדאַנק האָט אים געקאָנט אונטערזאָגן דער בעל־דבר, אַז אייגנטלעך האָט ער געוואָלט באַפּוצן זיין אייגענעם נאָמען מיט א מיליאָנען פּרוכת ווי מע באַ־צירט להבדיל מיט אבנים טובות דאָס אייגענע ווייב.

גאָט האָט באַשאָנקען רבי שעפּסלען מיט איינער פון די גרעסטע טעקסטיל־פאַבריקן. שטאַמען, שטאַמט ער דווקא פון א באַשיידענער משפּחה. די פאַבריק האָט ער געירשנט פון שווער. פירט ער זי, די פאַבריק, מיט גאָטספאָרכטיקייט. יידן אויף דער אַרבעט נעמט ער נישט אויף, ער וויל נישט זיי זאָלן ביי אים אין פאַבריק מחלל שבת זיין. אייניקע זאָגן אַז דאָס איז ווייל ער וויל נישט האָבן צו טאָן מיט דעם עמא פּזיזא, מיט דעם קוועקזילבער־פאָלק וואָס האָט קיין רו און לאָזט אויך אַנדערע נישט רוען, איז עס אָבער נישט אמת. ער האָט עס דווקא יאָ געמיינט לשמה, ער האָט באמת נישט געוואָלט דערלאָזן דערצו יידן זאָלן זינדיקן אין זיין פאַבריק. כאָטש אַן אויסרייד האָט ער געקאָנט געפינען ווייל שבת איז די פאַבריק נישט זיינע. יעדן פרייטיק פאַרן גיין אין מקוה לאָזט רבי שעפּסל רופן דעם סטרוזש, דעם שומר וואָס היט דעם אַריינגאַנג אין פאַבריק און פרעגט אים:

— וואָס וואָלסטו זאָגן מאַטשעק, ווען אָפּקויפן די פאַבריק?

— ווי קאָן איך מיך דערויף פאַרמעסטן! וואונדערט זיך יעדן פריטיק דער סטרוזש.

— דיר מאַטשעק פאַרקויף איך ביליק, שמייכלט גוטמוטיק רבי שעפּסל. דער שפּיל געפעלט אים. מאַטשעקן האָט ער געפונען אַלס שומר נאָך ביי זיין שווער, ווען ער, שעפּסל איז אַראָפּגעקומען אהער נאָך אין גאַנצן אַ יונגערמאַן. „אַ געטריייער ערל", פלעגט לויבן דעם שומר דער געוועזענער בעל הבית און מאַטשעק איז נישט נאָר אַ געטרייער נאָר אויך אַ קלוגער. ער ווייסט אַז דער שפּיל געהערט צום פּאַנ'ס גרייטן זיך צו שבת באמית ער זיך מיטשפּילן ווי אַזוי ער פאַרשטייט.

— פּאַן, גאָט איז מיר אַן עדות, צלמט זיך מאַטשעק, אַז כ'פאַרמאָג נישט מער ווי דריי זלאָט. אין קעשענע האָט ער נאָר צוויי, ער ווייסט אַז דאָס איז דער יעדערוואָכיקער פּרייז, ער ווייסט אָבער אויך אַז אַזאַ איז דער שפּיל וויל ער נישט שטערן דעם פּאַן שעפּסל אין פאַרגעניגן.

— דריי זאָגסטו, חזרט איבער רבי שעפּסל מיט אַ דריבנע געלעכטערל, דריי זלאָטעס איז דאָך אַ וועלט מיט געלט. ביסטו גאָר הייסט עס אַ נגיד, מאַטשעק. איך וועל דיין עשירות נישט אויסנוצן, מער ווי צוויי וועל איך ביי דיר נישט נעמען, זאָגט רבי שעפּסל געבנדיק מאַטשעקן אַ פּאַטשיילע און נעמענדיק ביי אים די צוויי זלאָטעס. אַזוי ווערט אָפּגעשלאָסן דאָס געשעפט און רבי שעפּסל ווערט באַפרייט פון וואָכעדיקע זאָרגן און דאגות, פון עולם-הזהדיקע טועכצן און קאָן זיך איבערגעבן מיט גוף און נשמה אין גאָטס רשות און אין דינען אים. שבת צו נאַכט נאָך הבדלה לאָזט ער ווידער רופן דעם סטרוזש און קויפט ביי אים אָפּ די פאַבריק פאַר גאַנצע פיר זלאָט.

אַזוי גיט זיך רבי שעפּסל אָפּ דעם גאַנצן שבת נאָר מיט גאָט זאַכן, שבת איז די פאַבריק נישט זיינע, ער קאָן זיך פאַרלאָזן אויף מאַטשעקן.

„אין לאָדז, דערציילט ווייטער דער יונגערמאַן, נישט ווייט פון דער באַלוטער שיל לעבט אַ ייד רופט מען אים חיים זאַלמען דער וועבער. אין לאָדז לעבן אַ שיינע פאָר טויזנט וועבער יידן, אָבער „דער וועבער" רופט מען גאָר חיים זאַלמענען און דאָס זינט ער איז מער קיין וועבער. וואוינען, וואוינט ער אפשר נאָך היינט אויף דעם אָרעמען געסל וואו אין דער מערהייט שטיבער גייט מען אריין אַראָפּנידערנדיק עטלעכע טרעפּ. פינצטערע הייזקעס מיט פייכטע ווענט, מיט אַ שטענדיקן שימל גערוך. קעלערס. אָפט מאָל וואוינען אין אַזאַ הייזקע צוויי און נאָך מער פאַמיליעס. אין אַזאַ שטוב איז חיים זאַלמען אויפגעוואַקסן, חתונה געהאַט, געבליבן אַן אַלמן און דער טאַטע פון אַ יונגער, שיינער, שוואַכנקער יתומה. אָפּגעאַרבעט יאָרן שלעפּנדיק מיט אַלע כוחות שאַפטן אין אַ נאָפּלעכער לופט, האָט

ער איז א צייט אַנגעהויבן הוסטן און נאָך אַן אַנדער צייט שפּייען בלוט. ווייזט אויס צו פיל געשפּיגן האָבן די אָדערן, מוסקלען, און ביינער דערפילט אז אין חיים זאַלמענען איז געבליבן צו ווייניק בלוט און אויפגעהערט דינען. ביי די גרעסטע אָנשטרענגונגען איז אים נישט געלונגען צוקלאַפּן דעם שום צוואַנציק מאָל אויף איין סאַנטימעטער און אַזוי ארום געבליבן אָן אַרבעט. באין ברירה האָט זיך חיים זאַלמען געלאָזט איבער די הייזער. זינט ער האָט אָנגעהויבן בעטן נדבות האָט אים די וועלט אָנערקענט אַלס וועבער און רופט אים נישט אַנדערש ווי גאָר חיים זאַלמען דער וועבער.

פון בעטלען איז שווער אויסצוהאַלטן צוויי דערוואַקסענע מענטשן, צאָלן דירה געלט, אָפּגערעדט מיט וואָס צוצודעקן די נאַקעטע הויט. דאָס טעכטערל, די יתומה, דאָס שוואַרצאַפּל פון אויג איז אונטערגעוואַקסן. דאָס דחקות האָט אָנגעהויבן ארויסקוקן פון אירע אויגן־לעכער. דאָס שוואַכע, בלאַסע טעכטערל האָט זיך געקלאַמערט אין לעבן און אַזוי ווי אין שטוב איז נישט אַריינגעקומען אפילו א שטיקל ברויט איז זי ארום דאָס זוכן אויף דער גאַס. אַזוי איז די יתומה געבליבן אָן א נאָמען. גערופן האָט מען זי דאָס שיינע גאַסן־מיידל. פון חיים זאַלמענען האָט געטריפט בלוט, אָבער זאָגן איז נישט געווען וואָס און נישט וועמען. פלעגט געשען, חיים זאַלמען קומט אהיים פאַרנאַכט מיט ליידיקע הענט, דאָס טעכטערל זאָל זאָגן: טאַטעשי, כ׳האָב דיר עפּעס צוגעגרייט צום איבערבאַפּן, און ער זאָל קיין מוט נישט האָבן זאָגן דער פון קעלער־שטיבל אין נאַכט זיך שלייכנדיקער טאָכטער: טאָכטער לעבן, וואָס טוסטו? ער האָט געשוויגן כאָטש אין אים האָט עס געשריגן ווי אין א גיהנום.

צו שוואַך געווען דאָס טעכטערל פאַר וואַנדערן איבער די גאַסן גאַנצע נעכט און דערצו צו שטום. עס האָבן איר געפעלט די ווערטער מיט וועלכע מע שעלט די וועלט און איין מאָל אויסגעשאָלטן ווערט גרינגער אויפן האַרץ. האָט זיך איר פאַרביטערקייט אָנגעזאַמלט, געפלאָסן אין אירע בלוילעכע אָדערן, פאַר־מעלעך פאַרסמט, ביז זי האָט אָנגעהויבן שפּייען בלוט און געבליבן צוגעקאָוועט צום געלעגער. דעמלט האָט חיים זאַלמען איינגעלייגט וועלטן, געלאָפן איבער די גאַסן, שטיין געבליבן א צעהושטער לעבן אָפענע טירן און פון זיין גאַנצן נפש האָט עס געשריגן: העלפט, ראַטעוועט! די הילף איז געווען א לייבן טרוקן ברויט, צו מאָל א שטיקל געזאַלצענער הערינג, זעלטן א מטבע מיט וועלכער מע האָט געקאָנט קויפן א גלאָז מילך. וואָלט ער געווען קאָנען, וואָלט ער געווען איבער־געגאָסן דאָס ביסעלע חיונה וואָס האָט אין אים געצאַפּלט אין זיין טעכטערלס אָדערן. א לאַנגע צייט האָט אים געמוטשעט דער געדאַנק ווי אַזוי זיך דערשלאָגן אויף אַרבעט אין אַ פאַבריק. דאָרט זענען די וועבשטילן מעכאַנישע, דער ווע־

בער טוט נישט מער ווי בייטן שיצן, די מאַכינע ווערט געשלעפּט פון א מאָטאָר אזוי ווּאָלט ער אפשר דאָך געקאָנט ראַטעווען די טאָכטער. דער שטויב? נו איז וואָס? דערפאר אָבער וואָלט געווען א האָפענונג זי ארויסרייסן פון בעט, פון נאָ־סן קעלער־שטיבל, אוועקשיקן ערגעץ וואו זי האָט נישט דעם צונאָמען, וואו זי וועט זיך קאָנען פאָרשטעלן מיט איר אייגענעם נאָמען. און אזא שיינע און ליב־טיקע ווי זי איז...

אין איינעם א פרייטיק האָט ער אָפּגעוואַרט רבי שעפּסלען ביים ארויסגאַנג פון באָד, אים בעטן ער זאָל רחמנות האָבן און לאָזן ארבעטן אויף איינע פון די פיר צי זעקס טויזנט שטילן וואָס ער פארמאָגט. א געוואַשענער, א געטובל־טער, אויפן וועג זיך צו באַהעפטן מיט געטלעכקייט וועט רבי שעפּסל נישט אָפּ־זאָגן.

— רבי שעפּסל, האָט חיים זאַלמען קוים געשטאַמלט זיך דערנענטערנדיק צו דעם פון באָד ארויסגייענדיקן רבי שעפּסל, ראַטעוועט! ביי מיר אין שטוב גייט מען אוים פון הונגער. שלעפּן א האַנט שטיל קאָן איך נישט אָבער...

רבי שעפּסל האָט אים געוואָלט געבן א נדבה. א זוך געטאָן אינסטינקטיוו אין קעשענע, זיך דערמאָנט אז פאַרן גיין אין מקווה האָט ער אויסגעליידיקט די קעשענעס און זיך געפילט א ביסעלע געפאַלן וואָס ער קאָן נישט קומען צו הילף, מקיים זיין א מצוה און דערצו אזא מצוה: צדקה תציל ...ווייזט אוים דער־פאַר האָט זיין קול עטוואָס געציטערט בעת ער האָט זיך כמעט אַנטשולדיקט:

— כ'וואָלט אייך מיט עפּעס געהאָלפן, האָב איך נישט ביי זיך. בנאמנות כ'האָב נישט, האָט ער כמעט געבעטן מחילה ביי חיים זאַלמענען און חיים זאַל־מען האָט כמעט פארשטאַנען רבי שעפּסלס פארלעגנהייט. אָבער ארבעטן אין פאַבריק, האָט רבי שעפּסל געזאָגט כמעט ברוגזלעך, אין פאַבריק מוז מען דאָך ארבעטן שבת. ניין, אזעלעכם קאָן איך נישט דערלאָזן. זאָגט אליין...

חיים זאַלמען האָט נישט געוואוסט וואָס צו זאָגן און עס איז געבליבן ביי דעם וואָס געווען.

אויף מאָרגן, נאָך א לאַנגן הונגעריקן שבת איז חיים זאַלמען געגאַנגען צו מנחה אין דער אַלט־שטאָטישער שיל, געהאָפּט א שלוש סעודות פון וועלכן ער וועט עפּעס אָפּשפּאָרן פאר דער טאָכטער. ער האָט זיך נישט אָפּגענאַרט. חוץ א שטיקל הערינג און צוויי רעפּטלעך חלה איז געלונגען איינוויקלען אין דער פאַטשיילע א ביסל קוגעל. געבליבן ווייזט אוים ביי עמעצן כמעט דער גאַנצער קוגל האָט מען אים געשיקט פאר אָרעמע־לייט. כאָטש דאָס האַרץ האָט אים גע־חלשט פאר הונגער האָט ער זיך צו דעם אַלעם נישט צוגערירט אַלץ געלאָזט פאר דער טאָכטער ווי א סימן טוב פאר דעם אָנהויב פון א בעסערער צייט. ער

האָט געאײַלט אַהײם. סע האָט זיך אים געדאַכט אַז ער טראָגט אין פּאַטשײלע דאָס בעסטע אין דער װעלט, געדאַכט האָט זיך אים אַז נישט ער גײט נאָר ער שװעבט כאָטש די פֿיס האָבן אים קוים געשלעפּט. אױפֿן װעג האָט אים אָנגע־כאַפּט אַ שװאַכקײט, ער האָט דערפֿילט אַז די כּוחות פֿאַרלאָזן אים װען ער זאָל נעמען אין מױל נישט מער װי אַ ברעקעלע חלה אַרױסזװינגען דערפֿון אַ ביסעלע כּוח ער זאָל חלילה נישט פֿאַלן אױף דער גאַס און נישט דערלעבן טראָגן דער טאָכטער די רפֿואה... ער איז בײַגעשטאַנען דעם נסיון און זיך נישט צוגערירט.

אין אַלקער האָט חיים זאַלמען געגנידערט אַ נישט געװײנטלעך באַרעדעװ־דיקער. אַרױסלײגנדיק װאָס ער האָט געבראַכט אין פּאַטשײלע האָט ער נישט אױפֿגעהערט לױבן די מאכלים. אױסגעלײגט האָט ער זײ אױף דעם אײנציקן טאַבורעט זיך װאונדערנדיק װאָס די טאָכטער שענקט אים נישט כאָטש אײן װאָרט פֿון באַטײליקונג אין יום־טובֿ. צוטראָגנדיק דעם טאַבורעט צו איר בעט האָט ער פֿאַרשטאַנען אַז איר שװײַגן איז אױף אײביק. אַ רגע איז ער געבליבן אַ דערשיטערטער, נישט געקאָנט באַנומען דאָס געשעענע. געקוקט צו דער טאָכ־טער, צום עסן, די געדאַנקען האָבן זיך אין גאַנצן צעמישט, דאָס אײנציק װירק־לעכע זענען געװען די אױסגעלײגטע מאכלים און ער האָט אַלץ אײַנגעשלונגען. נאָך דעם זיך צעװײנט אױף אַ קול און דאָס קול איז געבליבן אין אַלקער.

אַ טאָג שפּעטער, זיצנדיק שבֿעה, װען ער איז מיד געװאָרן פֿאַרשעלטן דעם טאָג פֿון זײַן געבױרן, זײַן שװאַכקײט און שיפֿלות אױפֿצועסן דאָס װאָס האָט געדאַרפֿט זײַן דער טאָכטערס ביסן און מחלל געװען איר טױטע אָנװעזנקײט איז אים אײַנגעפֿאַלן אַז ער װאָלט אפֿשר געװען געדאַרפֿט פֿרעגן רבי שעפּסלען װאָס ער טוט מיטן שבתדיקן רוח. מע װײסט דאָך אַז מאַטשעקן גיט ער נישט מער װי צװײ זלאָטעס, זאָל געמאָלט זײַן אַז דאָס איז דער גאַנצער רוח פֿון איבער אַ מעת־לעת? אָבער אָפּװאַרטן רבי שעפּסלען בײַם אַרױסגאַנג פֿון באָד און אים שטעלן די דאָזיקע פֿראַגע, האָט ער נישט אָפּגעװאַרט.

*

ביז אַהער האָט דעמלט דערצײלט דער פּױלישער יונגערמאַן. װאָס סע װעט געשען שפּעטער האָט ער נישט געקאָנט װיסן. אַז חיים זאַלמען װעט האָבן דרײַ מאָל די געלעגנהײט פֿרעגן רבי שעפּסלען װעגן זײַנע שבתדיקע פֿאַרדינסטן האָט אים נישט געקאָנט אײַנפֿאַלן. און דאָך איז עס געשען. דאָס ערשטע מאָל װען איבער דעם ייִדישן לאָדז האָט געקיניגט דער מלך רומקאָװסקי. געשטאַנען אין דער רײ אָפּצונעמען די ראַציע ברױט זענען זײ בײדע, רבי שעפּסל און תּיכּף

נאָך אים חיים זאלמען וועבער. רבי שעפּסל האָט זיך א פּאָר מאָל אויסגעדרייט. ער האָט געפילט א פראגע וואָס שטעכט זיין רוקן. זיך איינגעקוקט האָט זיך אים געדראכט א באקאנט פּנים, אָבער ווער עס איז האָט ער זיך נישט געקאָנט דער־מאָנען. איז ער אָפּגעקומען מיט א גרימאַס, א שמייכל אזא. חיים זאלמען האָט אים יאָ דערקענט אָבער פרעגן, האָט ער נישט געפרעגט. צי נאָך אלץ ווייל ווער איז ער, חיים זאלמען וועבער, ער זאָל שטעלן אזעלכע קשיות רבי שעפּסלען, צי דערפאר ווייל נישט געוואָלט פארשעמען רבי שעפּסל דעם זיידענעם אים דער־קענענדיק אין דער ריי נאָך א ראציע ברויט, וועט מען קיין מאָל נישט וויסן. דאָס צווייטע מאָל זענען זיי געגאנגען, צוויי בינטלעך ביינער, אָנגעשפּארט איי־נער אין צווייטן, צו דער גאז קאמער. דאָס מאָל וואָלט ער אים אפשר יאָ געוועזן געפרעגט, האָט ער אים אָבער נישט דערקענט. דערקענט האָט ער רבי שעפּסלען ערשט דערמלט ווען זיי זענען צוזאמען ארויס מיטן רויך פון קרעמאטאָריעקוי־מען. דאָס מאָל האָט ער ווידער נישט געפרעגט. אפשר ווייל די פראגע האָט פארלוירן יעדן זין, אָדער גאָר ווייל אין איר נאקעטקייט האָט רבי שעפּסלס נשׁ־מה געקריגן א משונה קינגלעכן אָפּשיין און געסאמעוועט מיטן מלך רומקאָווסקי.

*

אויף א געווירעט פּאפּירל וואָס וועט ווערן א וועלט באקאנטער דאָקומענט:

ווען עס איז געקומען די טראנספּאָרטן פון ב... האָט זיך געפונען א רב(...) נאָהענטער קרייז האָבן זי אלע געוואוסט אז מען פירט זיי צום טויט דער רב איז אריין אין (...) מיט טאנץ און בעריונג ער האָט זוכה געווען צו שטארבן אויף קידוש השם. צוויי אונגערישע יידן האָבן געפרעגט איינעם פון די זאָנדער־קאמאנדאָ זאָלן מיר זאָגן וידוי? ער האָט געענטפערט יאָ, זיי האָבן דאן ארויס־גענומען א פלאש בראָנפן געטרונקען לחיים מיט גרויס פרייד. דאן האָבן זיי גע־צוואונגען מיט אלע קרעפטן דער פון די קאמאנדאָ ער זאָל מיט זיי מיטטרינקען ער האָט זיך געפילט (...) פארשעמט נישט געוואָלט מיטטרינקען. זיי האָבן אים נישט אָפּגעלאָזט דו מוזט נקמה נעמען פאר אונדזער בלוט מוזט דו לעבן זבכן... לחיים!

אומבאקאנטער מחבר

*

...פּנחס קומט! האָט עמעצער אויסגעשריגן און מע האָט זיך א לאָז געטאָן הערן נייעס, זיך דערוויסן וואָס עס איז געשען מיט די איבעריקע פון שטאָט.

פון דער שניידערישער שיל איז ער אוועק צוזאמען מיט אלע און געקומען דער ערשטער.

די שניידערישע שיל איז געווען א מין געטאָ אין געטאָ. ווען יידן האָבן אָנגעהויבן טראָגן דעם געלן מגן דוד איז די גאנצע שטאָט געוואָרן א געטאָ. איבעראל האָט מען זיי געמענגט באלעסטיקן, ארויסטראָגן אלץ פון שטוב, אויס־רייסן די בערד. שפּעטער ווען מע האָט אָנגעהויבן דעפּאָרטירן האָט עס אויסגע־זען א ביסל אנדערש, ווייל אויסרייסן די באָרד, אריינקומען ווי מלאכי חבלה אויסליידיקן די שטוב איז געוואָרן „באהיט גאָט פאר ערגערס". אוועקגעפירט האָט מען דערהויפּט יונגע מענטשן, צווישן די ווייניק עלטערע האָט זיך געפונען פּנחס. ווי אזוי עס איז געשען איז שווער צו וויסן. די ליסטעס האָט צוזאמענ־געשטעלט אן אינסטיטוציע וואָס מע האָט גערופן „קאָמוניטאטע". דאָס הייסט נישט פּינקטלעך אזוי א טייל איז געווען פארצייכנט פון די קאָמפּעטענטע מאכט־אָרגאנען; פאר דערפולן ביז דער באשטימטער צאָל איז געפאלן דאָס אחר־יות אויף אָט דער „קאמוניטאטע". איר צוזאמענשטעל, אויסגעוויילטע בעלי הבתים דורך די זעלבע מאכט אָרגאנען. נישט שטענדיק גרויסע צדיקים אָפּט מענטשן אָן איבעריקע סקרופּלען, מענטשן מיטן דגש אויף איך. פארשרייבן פּנחסן אויף דער ליסטע האָט געקאָנט פּונקט אזוי קאלמאנאָוויטש אָדער ראָזען, מע־ליקזאָן אָדער קאָזשאָקארו, צי אן אנדערע פּאָר פון די „בעלי בתים". אפשר האָבן אים גאָר פארשריבן זיינע אייגענע קינדער מיט זייערע טועכצן, מיט זייער פּרואוו אראָפּצוברענגען גאָט פון הימל און אים באזעצן אויף אן אנדער כסא הכבוד, אזעלכן וואָס האָט זיך זיי געדאכט פּאסיקער פאר א בורא עולם. אפשר גאָר ער אליין, טאקע פּנחס בכבודו ובעצמו, ווייל ער האָט א מינוט געמיינט אז זיי זיינען גערעכט, אז מע קאָן אים צווינגען דעם רבש״ע איבערחזרן דעם ורוח אלהים מרחפת, אים צווינגען שוועבן נענטער צום וועלט־תהו־ובהו און דערמיט זיך פאר־זינדיקט. זיי, די קינדער, נישט. זיי האָבן זיך נישט געקאָנט פארזינדיקן ווייל נאָר א גלייביקער קאָן ווערן א כופר בעיקר, אָבער א נישט גלייביקער... אייגנטלעך זענען זיי אויך גלייביקע. א משונה גלויבן אזא אין פלאכלאנד, אין אן אָקעאַן אָן כוואליעס, אין אן אליינזקן, איינמאָלעדיקן שטורעם נאָך וועלכן אלע און אלץ זאָלן זינגען א פאר זיי אלעמען נישט פארשטענדלעכע שירה. עיקר אין אן אינדערפרי איז מען געקומען און געזאָגט: קום! פאר פּנחסן איז עס נישט געווען א סורפּריז, ער האָט געוואַרט דערויף ער האָט געוואוסט אז כאָטש סע זענען פארביי איבער צוואנציק יאָר זינט ער געפינט זיך אין שטאָט איז ער געבליבן א פרעמדער, א גר. זיינע קינדער האָבן נישט חתונה געהאט מיט אָר־טיקע, זיי האָבן מער נוואנדערט ווי געבליבן אין שטאָט אזוי אז משפּחה־פאר־

צווייגוונגען האָבן זיך נישט געשאפּן און וואָרצלען נישט געשלאָגן. א סאָסנע
אין דעמבענעם וואלד שטארצט מיט א קאָפּ העכער, בויגן זי די ווינטן, שלאָגט
זי שטארקער דער רעגן. ער האָט נישט געפרעגט ווער זענען די וואָס באשטימען
און אויף וואָס פאָר א יסוד. אים איז געווען קלאָר אז אין דעם פאל איז עס
סיי ווי באשטימט. ווען מע האָט זיי געגעבן דאָס בייטשל זענען זיי געוואָרן, מעג
זיין אָן זייער וויסן, א געצייג אין פרעמדע הענט. און ווער קאָן זאָגן צי ווילנ-
דיק אָדער נישט ווילנדיק, טוען זיי א נישט יושרדיקע זאַך. איז דאָך בעסער
דער גורל זאָל פאלן אויף אן אלטן איידער אויף א יונג באשעפעניש. „איך בין
דאָך באמת נישט מער ווי א טרוקענע ברעוונע. אפּגעפאלן די צווייגן". אזוי
אז ער האָט גענומען דאָס פון אפריער צוגעגרייטע פּעקעלע, אוועק אין דער שניי-
דערישער שיל און זיך אוועקגעזעצט אין א ווינקל אויפן דיל. תשעה-באב.
געשעט א יונגער מענטש זאָל דערפילן דאָס געפאר, נישט קאָנען מער בא-
הערשן די נערוון, רופט אים פנחס, הייסט זיך זעצן און טרייסט אויף זיין
אויפן „וואָס איז דער אומגליק אזוי גרויס? ביסט א דערוואקסענער מענטש,
קיין מאָל פון שטאָט ארויסגעפאָרן. איז אָט גיט מען א מעגלעכקייט. א בילעט
וועט מען ביי דיר נישט מאָנען. ווער סע פאָרט קערט זיך אום. אוודאי איז נישט
לייכט. אזוי זיך אדורכפאָרן איז דען גרינג? וואָלט זיין גרינג, וואָלט זיין פשוט,
וואָלט תפילת הדרך נישט עקזיסטירט. יונגע מענטשן האָבן געקלעפּט צו זיין
ווינקל. אזוי דאָ אין דער שניידערישער שיל אזוי אין פראכט-וואגאָן מיט פאר-
ריגלטע טירן און פענצטער. דער וואגאָן האָט אָנגעוואָרפן א טויט-שרעק ווייל
סע האָט דערמאָנט אין די יאסער פּלומבירטע וואגאָנען (א געשיכטע וועגן
וועלכער מע רעדט ווייניק ווייל מע קאָן נישט אוועקשטעלן אן אומשולדיק פאָלק
לעבן מערדערישע). יענע געשיכטע איז געשען בעת דער יאסער שחיטה ווען
מע האָט געריצט אינסטינקטן, אצינד איז געווען שטיל. אין יאס האָט מען מער
נישט געשאָכטן כאָטש אזוי האָט דער וואגאָן געשראָקן מיט דער פינצטערקייט
מיטן גערוך פון בהמות און מענטשן קויט, מיטן אומבאוואוסטן ציל. לאנגזאם
האָט זיך אריינגעשלייכט א יאָדעשלעוואטע שטראלעכל ליכט, א ציטערדיקס
אזא. די ליכט האָט זיך געזאמלט נאָענט פון דאך און פאוואָלינקע גענידערט
איבער באוואקסענע שוין געלבלעכע פנימער און שטארע בליקן. „מע וואָלט
אפשר געדארפט אויסגעפינען א שפּעלטעלע, א קוק טאָן דעם וועג?" מיט זיין
פראגע האָט פנחס געשאפן א פארנומעניש. סוף כל סוף האָט איינער געפונען און
אָנגעזאָגט „פּערעוואל". „נו, וואָס האָב איך אייך געזאָגט? אומזיסט זיך גע-
שראָקן, יאס איז שוין לאנג געבליבן ארונטער". געטראכט האָט ער אז דער ער-
שטער לאגער זיינער — דאָרט וואו ער האָט באגעגנט דעם רויטן פרינץ, פראָ-

פּעסאָרן און אנדערע אינטעליגענטן — האָט זיך גערופן טשיק-סערעדאָ, אצינד פּאָרט מען איבער פּערעוואַל, אַלץ נעמען אזעלכע וואָס קלינגען פרעמד, נאָר די באַגלייטער, די זאַשאַנדאַרן זענען היימישע. געטראַכט האָט ער פּערעוואַל איז נישט ווייט פון סגוריצע דאָס שטעטל וועגן וועלכן מע דערציילט אז בשעת דער גרויסער אָפּענסיווע האָט מען עס אַרומגערינגלט, געהייסן די יידן זיך שטעלן נאַקעטע פאַר די טירן און די סאָלדאַטן באַפוילן שיסן. פּויערים פון די אַרו־מיקע דערפער האָבן געוואַרט סע זאָל זיך ענדיקן דאָס שיסעריי זיי זאָלן קאָנען זאַמלען די זאַכן פון די הייזער. האָבן זיך אָבער נישט אַלע געשטעלט פאַר די טירן, זוכן אין די קעלערס און אויף די בוידעמעס איז קיין צייט געווען האָט מען דאָס שטעטל אָנגעצונדן פון אַלע עקן און וויל אַרומגערינגלט מיט סאָל־דאַטן האָט מען די וועלכע האָבן זיך געפּרואווט ראַטעווען אָפּגעשאָסן (דערציילט האָט מען מיט „עס" און „מען" וויל מע קאָן ניט אוועקשטעלן אומשולדיקע אין איין ריי מיט מערדער.) געטראַכט האָט ער פּערוואַל איז נישט ווייט פון בעלץ, פון דער שטאָט וואו מע האָט געפּאָדערט פון די אַלטע פּני, פון דער אויסגע־קליבענער אָנפירונג צושטעלן הונדערט זאַלאָזשניקעס און די פּני האָבן געענט־פערט: צעטלעך מיט אַדרעסן מאַכן מיר נישט וויל אונדזערע הענט לייגן זיך נישט. ווען מיר זאָלן קאָנען עפּעס טאָן אויף אויסמיידן וואָלטן מיר געטאָן, אָבער מיר ווייסן אז מיר זענען אַליין, אז איר קאָנט מיט אונדז טאָן וואָס איר ווילט אַזוי אז טוט וואָס איר פאַרשטייט וויל נעמען קאָנט איר ווען איר ווילט. האָט מען זיי געזאָגט אז אויב אַזוי וועט מען נעמען טאַקע זיי. און זיי האָבן געענטפערט: די וואָפן זענען ביי אייך אין די הענט. האָט מען טאַקע אַזוי געטאָן, געשאָסן צו ערשט די פּני, פּשוטע יידן וועלכע האָבן מיט זייער דער־שאָסן ווערן באַשטעטיקט דעם נאָמען „פּני" (רעדן דערפון רעדט מען נישט וויל מע וויל נישט אוועקשטעלן אומשולדיקע אויספירער פון באַפעלן לעבן מערדער). אַזוי האָט געטראַכט פּנחס נאָר געזאָגט האָט ער: „מיט פאָרן דורכן לאַנד צו וועלכן איר האָט געשטרעבט, וואָלט מען הייסט עס געדאַרפט זיין צופרידן, דער־צו פירט מען אונדז בחנם". ער האָט געפּרואווט אויפמונטערן געמיטער און זיך דערשראָקן פאַר זיינע ווערטער. שפּילן מיטן גורל דאַרף מען נישט, ער איז א נישט שפּילעוודיקער, דער גורל. אצינד איז ער צוריקגעקומען, אצינד האָט מען אים געבראַכט אין שטאָט וואו פון זייניקע איז כמעט קיינער נישטאָ חוץ די צוויי שטיינער וואָס אויפן בית עולם איינער די העלפט פון זיין געגרינגדעטן שטאַם און אונטער דעם צווייטן א צווייג.ביידע שטומע אין זייער באַרעדעוו־דיקייט, אָדער פאַרקערט.

צופעליק האָט זיך אויפֿן וואָקזאַל געפֿונען אַ קאָמפּאַניע צוואַנגס־אַרבעטער. אַזוי איז דעמלט געווען אײַנגעפֿירט ייִדן האָט מען גענומען אויף צוואַנגס אַר־בעט. איינער פֿון אָט די ייִדן איז געלאָפֿן אָנזאָגן די בשורה אַז פּנחס קומט אַהיים און די בשורה איז געווען אַ גרויסע ווײַל ווי פֿאַרפֿרעמדט ער זאָל נישט זײַן האָט מען אים אַוועקגעפֿירט מיט היגע און קומען קומט ער פֿון דאָרט וואו זיי זענען נאָך אפֿשר געבליבן; עטלעכע פֿון אָט דער קאָמפּאַניע האָבן אים אָ־ראָפּגעטראָגן אויף זייערע הענט פֿון וואַגאָן, גײַן האָט ער קוים געקאָנט, און אַ־וועקגעזעצט אויף דער איינציקער צווייברעטערדיקער באַנק וואָס אויפֿן פּעראָן. זיצט ער און קוקנדיק אויף די געקומענע זעט ער די דאָרט געבליבענע. „נו", זאָגט איינער און פּנחס זעט נישט אים נאָר זײַן שוועסטער אַ יונג מיידל, דעם גאַנצן וועג אַהין האָט זי געגאָסן בלוטיקע טרערן געמיינט זי וועט דעם וועג נישט איבערטראָגן. „נו". העלפֿט אַ צווייטע, זי העלפֿט דעם ערשטן, זי מיינט ער האָט נישט גענוג שאַרף אַרויסגערעדט דעם „נו" איז ער נישט דערגאַנגען צו פּנחס'ס געהער, יעכצט זי אַרויס אירן, ווײַל אירער געהערט אַ טאָכטער, איר „נו" איז די מילך פֿון ברוסט, חבלי לידה, מאָזלען און פּאָקן, נישטגע־שלאָפֿענע נעכט פֿון האָפֿענונג און אַנטוישונג. נעמט זיי פּנחס אַרום מיט אַ מיל־דן בליק, רעדט קוים אַרויס: „מיט גאָטס הילף וועלן זיי אַלע אַהיים קומען", און פֿאַלט אַוועק חלשות.

אַהיים האָט מען אים געטראָגן ווי אַ הייליקייט ווײַל סע האָט זיך געוואָלט וויסן מער. ווען ער האָט געעפֿנט די אויגן און זיך אַרומגעקוקט איז אים אײַנ־געפֿאַלן: מה טובו אוהליך... האָט אָבער געפֿעלט דאָס וואָס האָט געדאַרפֿט זײַן דער באַווײַז אַז די דאָזיקע שטוב איז זײַן היים. דאָס איינציקע וואָס האָט איבער־געלעבט אַלע זײַנע וואַנדערונגען איז געווען אַ טולער סאַמאָוואַר, אַ מעשע־נער, אַ זייער, זייער פּשוטער טראָץ די צוועלף שטעמפּלען פֿון אויף פֿאַרשידענע אויסשטעלונגען געווינענע מעדאַלן. דער סאַמאָוואַר איז נישטאָ. עס האָט אים צוגענומען אַ שכן דעמלט ווען מע האָט געמעגט. ער איז אַרײַנגעקומען מיטן זעל־בן גאַנג ווי שטענדיק, ווי דעמלט ווען צירל פֿלעגט אים באָרגן אַ שיסל מעל, אָדער רופֿן שענקען אַ פּאָר אַלטע שיך; געגאַנגען אין ווינקל, גענומען דעם סאַ־מאָוואַר און אַוועקגעגאַנגען מיטן זעלבן גאַנג ווי שטענדיק, אפֿשר אַ ביסעלע זיכערער ווײַל דאָס מאָל האָט ער געטאָן אַ גערעכטע זאַך און נישט ווי אַנדערע מיט אַ דובינע, אָדער מיט אַ רייס טאָן די באָרד, אָדער גלאַט אַרײַנוואַרפֿן אַ פּאָר סטוסאַקעס. ניין, שטיל, געלאַסן, אָן געשרייען, אָן זידלערייען. שטיל ווי סע פּאַסט אַ לאַנגיאָריקן שכן...

— וואָס ברייעסטו? יאָ, דער טאַטע זיצט שוין ווידער דאָ. וואָס פארא נישט נעשטויגנס נישט געפלויגנס דעצייילסטו דאָ אָן?

מיין טאָכטער לאַכט. סע געפעלט איר אָן שיעור ווען איר זיידע נעמט מיך אויף דער העצקע. קוק איך אויף זיי א ביסעלע מבולבל פון פלוצימדיקן חוזק מיט וועלכן זיי הילן מיינע מידע ביינער, גיב א מיש די שמות, וויל זאָגן אז אין פארגלייך מיט דעם וואָס געשען אין רבי שעפּסלס קאנטן איז אפשר דאָ געווען א גן עדן, פארגעסט אז דאָס לעבן פון איינעם איז שוה א גאנצע וועלט.

# 9

— איך סאָלדאט, באָלדור...

געקומען איז ער אראָפּ דעם בולוואר, פארקערעוועט אויף דער וויקטאָריא גאַס, פארבייגעגאנגען לעבן דער גרויסער טעראסע פון רעסטאָראַן אויף וועל־כענס פירמע סע שרייבן זיך דריי אותיות — ראשי תיבות — א מאָדע וואָס האָט אים געוואונדערט צום הונדערטסטן אָדער טויזנטסטן מאָל אָבער אויסדרייענדיק דעם בליק צום קעגנאיבערדיקן רעסטאָראַן און אנטדעקנדיק אונטער דעם פרי־שן שיכט פארב די אלטע פירמע א געשריבענע מיט גרויסע בלאָק-בוכשטאַבן האָט זיך אים געדאכט אז אויך דאָס זענען געווען ראשי תיבות און פעסטגע־שטעלט אז סע וואָלט קיינעם נישט געארט ווען דער רעסטאָראַן זאָל געווען היי־סן „קאָמיסיע פאר אויספאָרשן פארדרייטע און שטומפּיקע ענינים" זיך אזוי ארום איבערצייגנדיק אז די דערשיינונג איז איבערהויפּט נישט וויכטיק האָט ער פארקערעוועט לינקס, אויפן געסל וואָס פירט צום קליין-קונסט טעאטער. דאָ האָט ער באגעגנט כמעט נאָז אין נאָז בארנאבעטען. דערזען האָט אים באָלדור ווען ער איז פארבייגעגאנגען לעבן רעסטאָראַן „בערלין" און נישט געפּרואווט געפינען פאר דער פירמע א באזונדערן באטייט זיך באגניגנדיק מיטן געדאנק אז זי קאָן האָבן דעם וואָס די שטאָט מיטן זעלבן נאָמען. בארנאבעטע איז אים אנטקעגנגעקומען א פארטראכטער, מיט א געבויגענעם קאָפּ, ציילנדיק זיינע איי־גענע דריבנע טריט צי גאָר עפּעס זוכנדיק, דערפאר האָט אים באָלדור נישט תיכף דערקענט. אָנגעקומען נאָענט האָט אין אים עפּעס א שעפּטשע געטאָן:

— איך סאָלדאט באָלדור...

בארנאבעטע איז געגאנגען מיט א געבויגענעם קאָפּ. ער האָט גאָרניט גע־זוכט. דאָס וואָס ער האָט פארלוירן — אויב ער האָט עפּעס אמאָל פארלוירן —

איז אויף טראָטואַרן נישט געווען צום געפינען. ער איז געקומען אהער זען די טאָכטער א שוישפּילערן אין קליין-קונסט טעאטער. האָט ער זי געזען. לאַנגע האָר דעקן צו די העלפט פון פּנים און ווייל אשיקע האָט זיך בארנאבעטען גע־דאכט אז א מענגע מייז האָבן דאָרט פארלייגט זייער נעסט, אז זיי הענגען איינע אין דער אנדערער אין א ווילד געיעג ווייל יעדע פון זיי וויל בייסן די ערשטע איר באק און דערפאר זעט אוים אזוי ווייס, אזוי געמוטשעט און פארצווייפלט די צווייטע, אָפּגעדעקטע זייט פּנים. בארנאבעטעס טאָכטער איז א באקאנטע אקטריסע, א באליבטע ביי די צושויער נישט נאָר ביי די וואָס קומען אין טעאַ־טער נאָר אויך ביי די טעלעוויזיע צושויער וועלכע איילן אהיים יעדעס מאָל ווען זי איז אין פּראָגראם. „סע שפּילט בארנאבעטע", באגריסט מען זיך אין איי־לעניש. די טאָכטער האָט באהאלטן איר פאָטערס נאָמען כאָטש זי האָט זייער גוט געוואוסט אז צו איר דערפאָלג קאָן דאָס נישט בייטראָגן, אָדער גאָר טאקע דערפאר. אויף אזא אופן באשטעטיקט זיך דאָס געפיל אז דער דער־פאָלג איז א ריין קינסטלערישער אן אומפּערזענלעכער און זיך פערסאָניפי־צירנדיק אין איר ווארפט ער א טייל — זאָל זיין נאָר אויפן סמך פון ירושה געזעץ ווייל אזעלעכס איז עס דאָס ירושה געזעץ — אויף אים, אויף איר טאטן נעבעך. זי האָט אן אָנגעגנעם קול, געשעטט צו מאָל סע זאָל קלינגען מעטאליש — א סערפּ אויף א שטיין — ווייסט דער עולם אז עס איז נישט איר שולד, אז שולדיק איז דער מיטן קלאנג און האלט אז אזא איינעם וואָלט מען געדארפט ארויפליינן שטראָף אָדער לכל הפּחות אויסזידלן בפני עם ועדה ווייל ער דער־לויבט זיך פּראָפאנירן אזא געטלעכע שטימע.

שיין איז זי נישט, אָבער אויך נישט מיאוס, איר געזיכט האָט א באזונדער איידלקייט; נישט די בלייכקייט פון מיד געוואָרן בלוט, ניין, קיין סימן פון עקרה־דיקן אדל. דאָס נאָבלע אויסזען שטאמט פון סטערפּ-בלאָ-געלבלעכקייט וואָס האָט געצויגן איבער איר נאָכלעסיק צעאקערט פּנים. די הארמאָניע פון גאנצן שטעקט איינגנטלעך אין דער הארמאָניעלאָזיקייט פון איינצלקייטן: די נאָז א ביסעלע צו לאנג (אוי ווי שלעכט דו קאָנסט זיין באשעפער! האָסט איר געקאָנט פאר־שפּאָרן דעם ציפּ — אמת נישט גרעסער ווי א שפּילקע קעפּל — אויפן לינקן נאָז פּלינעלע. אין טעאטער זעט מען דאָס נישט אָבער אין דער טעלעוויזיע ווען דעם עקראן פולט אוים נישט מער ווי א טייל פון איר פּנים דערשיינט די שפּור פון סקאלפּעל דווקא דעמלט ווען אירע אויגן — ליידיק ווי דער חלל, אָדער פול ביטערקייט ווי די ערד, הייבן זיך אָן דערווייטערן), דאָס מויל א ביסעלע צו ברייט, דער אויער (דער רעכטער, דער אויפגעדעקטער) א ביסעלע צו קליין. אצינד גייענדיק אויף דער גאס, זעט זי בארנאבעטע, איר פאָטער, אזא

זוי ער האָט זי געלאָזט אין פּאָאיע. זי האָט אים געאײלט א-
וועקגיין, זי האָט געמוזט ארויף אויף דער סצענע זאָגן איר רעפּליק,
נאָר איינע, א קורצע, נישט מער ווי איין וואָרט, א „יאָ" אָדער א „ניין", א צו-
זאָגנדיקן זיי געזונט, א ליגנערישן צוזאָג; א קורצע רעפּליק, נישט מער ווי איין
וואָרט וועלכן זי זאָל שענקען אזא וואָג אז איין זכרון פון צושויער זאָלן בלײַ-
בן — די רעפּליק און זי — גאנצע דרײַ און צוואנציק מינוט ביז דער צווייטער
רעפּליק אויך א קורצע. זי האָט געמוטשעט דער געדאנק ווי אזוי זיך באווײַזן
אויף דער סצענע אן אין קליינע טײלעכלעך צעדרויבלטע, פארנומענדיק די בי-
נע טריט בײַ טריט, אָדער אויספולן די סצענע ראפּטום, אומדערוואַרט אזוי אז
אלע אנדערע זאָלן בלײַבן און זיך באוועגן ערגעץ אויפן צווייטן פּלאַן, אין
הינטערגרונד. ניין! נישט אזוי; שווישפּילער, דעקאָר, ליכט, אלץ זאָל מען
זען דורך איר, זי זאָל זײַן א פירהאנג וואָס פארדעקט אלע, אָבער נישט לגמרי
ווײַל א דורכזיכטיקער. איר פּרעזענץ זאָל ווערן א נויטווענדיקייט וועלעכע מע
זאָל קיין איין אויגנבליק נישט פארגעסן, מע זאָל אויף איר וואַרטן מיט אומגע-
דולד ביז דער צווייטער רעפּליק. און ווען זי וועט נאָך א מאָל דערשײַנען —
אין טײלעכלעך אָדער אויפאמאָל, זי אליין ווייסט דאָס נאָך נישט, דעם ענטפער
וועט זי באקומען בײַ דער אלגעמיינער רעפּעטיציע מיט א פולן זאל צושויער,
דערפאר מוז זי צוגרייטן ביידע וואריאנטן — ווען זי וועט דערשײַנען זאָל זי
דערפילן אין אָטעם פון זאל יענעם „ענדלעך" וועלכן סע הויכט פון זיך א צום
ברעג דערשלאָגענער אויסגעמאטערטער שווימער מעסטנדיק דעם פארנעם פון
טויט, מיינענדיק אז ער איז געראטעוועט אויף אייביק. אלץ זאָל געשען אזוי
אז נאָך דעם פאלן פון פירהאנג, גייענדיק אהיים זאָלן די צושויער זי נאָך זען
א לאנגע צײַט, זיי זאָלן זאָגן נישט מער ווי בארנאבעטע, מיט אָפּגעהאקטן אָ-
טעם, און דער רעזשיסער מיטן דירעקטאָר זאָלן צעזעצט ווערן פאר פארדראָס
וואָס עס איז זיי נישט געלונגען, ווײַל אפילו אצינד ווען זיי האָבן איר געגעבן
נישט מער ווי צוויי רעפּליקעס, קורצע, אָנווערטיקע, אין משך פון דרײַ און צוואנ-
ציק מינוט, זאָל זי די שליוכע (נישט ווײַל זי איז, זיי ווייסן אז עס איז נישט
אזוי, נאָר אזוי רעדט זיך אראָפּ פון הארץ, אזוי דריקט מען בעסער אויס די
אייגענע שטימונג) אזוי אויסנעמען...

איר פאָטער האָט וועגן דעם אלעם נישט געוואוסט. ער האָט נאָר געוואוסט
אז זי זעט אויס קרענקלעך, אנעמיש, און אזא ברעכיקע ווי זי איז דאכט זיך אז
עפּעס מוטשעט זי און ער קאָן נישט מער ווי צוקוקן אן אומבאהאָלפענער, צוזען
ווי די איינציקע בארעכטיקונג פון זײַן לעבן, פון זײַן גאנצער עקסיסטענץ גייט
לאיבוד. איז ער געגאנגען מיט פארהויכטע אויגן — נישט פון טרערן, די צײַטן

ווען בארנאבעטע האָט געקאָנט וויינען זענען אוועק און די אין וועלכע ער וועט ווידער וויינען זענען נאָך נישט געקומען — מיט א געבויגענעם קאָפּ און זיך געשטעלט אַן אומגעלומפּערטע פראגע: ווער ביסטו אזוינס, בארנאבעטע? שוין א צייט אז ער ווייסט נישט פּינקטלעך ווער ער איז, פון מאָמענט ווען ער האָט פעסטגעשטעלט אז ער איז; נאָך קלאָרער, ווייטיקלעכער ערשט דערמלט ווען ער איז פארוואנדלט געוואָרן פון א לערער אין א גלח און נאָך מער זינט ער האָט געוואָלט זיך ווידער פארוואנדלען, גיין דעם זעלבן וועג נאָר אויף צוריק, אָדער קיין שום וועג נאָר פּשוט זיין דאָס וואָס ער איז אָדער געמיינט אז ער איז און נישט געקאָנט. ער האָט נישט געוואוסט אז זיין טאָכטער די אקטריסע, ווייסט וואָס סע געשעעט מיט אים און אז א טייל פון אירע באמיאונגען, איר שפּילן, איר ווילן זיך אויסצוטיילן פון אלע אנדערע, מיינט אויסטיילן אים, דעם איר אזוי טייערן, און אז אים פירנדיק צום ארויסגאנג פון טעאטער האָט זי געפילט [די זעלבע ליידיקייט ווי דערמלט ווען אויף דער פראגע פון אינסטרוקטאָר: ווער איז דיין טאטע חברטע בארנאבעטע? האָט זי געענטפערט אן אויסגעגלאָטער גלח, כאָטש זי האָט געוואוסט אז ער איז קיין מאָל נישט געווען א גלח און דערפאר נישט געהאט צוליב וואָס זיך אויסצוגלחן און אזוי טייער באצאָלן פאר א גלחישן צייט-אָפּשניט אין וועלכן ער איז עס נישט געווען; טראכטנדיק דערביי אז עס איז גוט וואָס עס איז אזוי ווייל ס'איז נישט מענטשלעך און נישט לערעריש זיך צו שפּילן מיט זאכן אין וועלכע אויב אפילו מע גלייבט נישט הייסט עס נישט אז מע מעג זיך דערלויבן פון זיי חוזק מאכן אָן חוזק צו מאכן פון זיך. און אזוי איז עס טאקע געשען און האָט געמוזט געשען ווייל כבוד איז ווערט נאָר דאָס וואָס איז עכט, סאמעראָדנע, און נאָר אויף דעם רוט די שכינה.

— איך סאָלדאט באָלדור וואסילע, שוועד...

בארנאבעטע האָט אים נישט געזען. זאָל ער אים געווען באמערקן וואָלט ער אים נישט געוועזן דערקענט ווייל די שבועה האָט באָלדור אָפּגעלייגנט נישט אינדיווידועל נאָר צוזאמען מיט דער ראָטע. דערפאר האָט אים בארנאבעטע נישט איבערגעשלאָגן ווען ער האָט געזאָגט „איך סאלדאט...״ זאָל ער געווען הערן וואָלט ער אים אפשר יאָ געווען איבערגעשלאָגן, וואָלט ער זיך געווען אין אים איינקוקן אזוי אז ער זאָל אים דערקענען, אז באָלדורס פּנים זאָל זיך קיין מאָל פארגעסן אין זיין זכרון. אפשר וואָלט ער אים געווען געזאָגט אז ס'איז נישט אמת, אז ער באָלדור איז נישט א פּשוטער זעלנער, אז ער איז עפּעס אנדערש; זאָל ער דאָס געווען זאָגן וואָלט דאָס אויך נישט געווען אמת ווייל באָלדור האָט געזאָגט אַן אמת וועגן וועלכן בארנאבעטע האָט נישט געקאָנט

ווּיסן. באַלדור איז פּאָדפּאָלקאָווניק, אפשר מאיאָר אָבער אויף קיין פאל קאפּי־טאַן. דער טשין וועלכן ער האָט געטראָגן איז געווען פון קאפּיטאַן אָבער באַל־דור האָט גוט געוואוסט אַז מע האָט אים קיין מאָל דעגראַדירט ער זאָל פּלוצים ווערן פון מאיאָר אָדער פּאָדפּאָלקאָווניק קאפּיטאַן. אין א געוויסן מאָמענט האָט געקאָנט געשען ער זאָל אליין אָפּרייסן די עפּאָלעטן אָבער אין צייט פון קריג געהערט עס צו די רעגלען פון שפּיל. מע איז נישט געצוואונגען זיך פאַר־שטעלן פארן שונא אלס דאָס וואָס מע איז. א זעלנער אין פלען איז נישט מער ווי א ציפער, אַן אומגליקליכער סאָלדאט וואָס פאלט אריין אין רשות פון שונא און פארקיילעכנדיק די סומע מאכט ער זי קלענער, נישטיקער. נישט אזוי אַן אָפיציר און דערצו א העכערער. דאָס איז א גאַנץ אנדערער ענין. פאלט ער אריין אין די הענט פון שונא, מעג זיין איינער אליין שטעלט מען זיך פאַר היג־טער אים א מאסע, א צאָל סאָלדאטן און אָפּיצירן וועלכע געגומענע אָדער נישט אין פלען הייבן זיי די מאָראל און דערמיט אליין ברענגט ער נוצן דעם פיינט. צוריקרעדנדיק האָט ער צו דעם אלעם נישט געטראכט. ער האָט נישט געזאָגט איך דער זעלנער, נייערט „איך סאָלדאט" און סאָלדאטן זענען אלע פון פּשוטן זעלנער ביז דעם מארשאל און אפילו גענעראַליסים, אויב זיי זענען. אויך דע־מלט ווען ער האָט געזאָגט „שווער" איז עס געווען אַן אמת. דעם גלח האָט ער נישט געקענט און דאָס איז נישט געווען וויכטיק, ווען ער האָט זיך אראָפּגע־לאָזט אויף די קני איז פאַר אים נישט געשטאַנען א גלח נאָר א טרעגער פון עפּעס הייליקס און כאָטש באַלדור האָט געצווייפלט אין הייליקייטן, ווען ער האָט געזאָגט „אזוי זאָל מיר העלפן גאָט" האָט ער דאָך געפילט א מין פאָרכטיקייט אָדער עפּעס ענלעכס.

— פּאָטערל, האָט איב באַלדור געפּרוווט אָפּשטעלן. נישט ווויסנדיק ווי ער הייסט האָט ער אים נישט געקאָנט אָנרופן ביים נאָמען.

בארנאבעטע איז געגאנגען ווייטער, ער איז נישט א פּאָטערל, ער וויל דאָס נישט זיין ווי נאָר ביי זיין טאָכטער און זי רופט אים נישט פּאָטער נאָר פּשוט טאַטע; און גאָטעניו, אויף וואָס פאר אַן אופן, אזוי ווי נאָר זי קאָן ארויסריידן אָט צוויי טראָפּן. די פּיין און פארצווייפלונג וואָס גריזשען אין זיין אָפּוועזנקייט פארשווינדן ווי נאָר ער באווייזט זיך. די סילאבן באקומען זייער עכטקייט; באַ־וואוסטזיניק זאָגט זי נישט פּא־פּא, זי וויל אים נישט זען אזא אויסגעליידיקטן ווי ער איז. אלץ וואָס געשען איז נישט אמת. רעדט זי ארוים דאָס וואָרט טאטע שאפט זי איר טאטן פונסנייַ אזעלכן ווי זי האָט זיך אים פאָרגעשטעלט אין זיין אָפּוועזנקייט, אזעלכן ווי זי האָט אים געקענט. און ער, ער גיט זיך אונטער, ער לאָזט זיך מאָדעלירן. אצינד איז אָבער נישט די טאָכטער די וואָס רופט אים

ַ זאָל מיטן כישוף פון איר קול גלייכן זיינע קרומע ביינער, לייטערן זיין בליק.

— פאַטערל! באַלדור האָט אים גענומען ביים אָרעם און בארנאבעטע האָט אויף אים לאנג געקוקט; דער געדאנק האָט געבלאָנדזשעט איבער פארדרייטע וועגן, פארלאָזנדיק פאלשע געזוכט דעם איינציקן וואָס וואָלט אים געקאָנט פירן צום אומבאקאנטן.

— איר האָט א טעות. כ'בין קיין גלח. ניין כ'בין נישט, האָט ער איבערגע-חזרט כדי אים, און אפשר אין יענעם מאָמענט זיך אליין, איבערצייגן.

— איר זענט נישט געווען אין דער מלחמה, הער...

— בארנאבעטע, האָט ער אויף גיך א זאָג געטאָן מיט דער האָפענונג אז אזוי וועט זיך אלץ אויפקלערן און האָט א טעות געהאט.

— באַלדור. ער האָט אויסגעשטרעקט א פריינדלעכע האנט. דער נאָמען בארנאבעטע איז אים פרעמד. ניין. ער דערמאָנט די שווישפילערן. אויך פאר אים וואקסן אויס די לאנגע האָר וואָס פארדעקן א העלפט פּנים און א בלאסער שטריך וואָס פאראייניקט לעבן מיט טויט; ער זעט ווי זי הייבט די ווייסע האנט; טראָגט דריי עטוואָס געבויגענע פינגער צו די אש-פארביקע האָר, די פינגער ציטערן, ראנגלען זיך מיט א נישט געזעענער וואָרנונג אז עס איז נישט גוט אזוי, אז זיי דארפן נישט טאָן דאָס וואָס עס איז זיי איינגעפאלן, מעגלעך די וועלט זאָל נישט פארטראָגן דעם אויסדריק וואָס די אש-גרויע האָר באהאלטן. קוקנדיק אויף בארנאבעטען האָט זיך באַלדור איבערצייגט אז עס איז אזוי, אז אזאַ אויסדריק איז שווער צו פארטראָגן.

— סע האָט מיר געדאכט מיר האָבן זיך באגעגנט ערגעץ אויפן פראָנט, האָט געלינגערט באַלדור.

— אויפן פראָנט? כ'דערמאָן מיך נישט. און עס איז געווען אמת.

— אפשר פארן אָפּפאָרן צום פראָנט?

— פאר דעם אָפּפאָרן? אפשר. סע זענען יאָרן זינט... די ווערטער האָבן זיך קוים אָפּגעריסן פון בארנאבעטעס ליפּן, דער רעשט פון דער גאס האָט זיי איינגעשלונגען, די אויגן זענען געקראָכן טיפער אין די לעבער, זיין אויסזען איז געוואָרן נאָך מער סקעלעטיש און פאר באַלדורן איז קיין ספק נישט גע-ווען אז דאָס איז ער.

עס איז באמת געווען ער...

...ער נעצט די ליפּן מיט דער צונג, פילט א געזאלצענעם טעם, כאַפּט זיך אויף פון שלאָף מיטן געדאנק צו א קאלט גלעזל פלוימען-בראנפן מיט א מאס-לינע „וואָלוואָ“. דער זאלץ-טעם איז פון דער זופּ וואָס מע האָט געבראכט מיט

צוויי שעה פארן אויסלעשן דאָס ליכט. מילך-נעפל ווייסט די פאָרטעטשקע פון
אונטן ארויף. שוין לאנג שטייט זיין בעט קעגנאיבער דער פאָרטעטשקע נאָר היינט
באמערקט ער צום ערשטן מאָל אז דאָס מאָרגן ליכט קומט פון אונטן. שול-
דיק דערין איז ווייזט אויס דאָס האלב-געעפנטע לעדל אונטערגעשפּארט מיט
א העלצל וואָס טיילט דעם ליכט פּירעק אין צוויי גלייכע טיילן. אפשר קומט שטענ-
דיק, ווינטער צייט, דאָס ליכט פון אונטן. נאָך אמאָל א לאנגער טאָג, טראכט
באָלדור פארלירנדיק א קרעכץ. אן אָפּגעדושעטער קרעכץ. ער קרעכצט נישט
ווייל דער טאָג איז צו לאנג. דאָס וועט געשען שפּעטער. אצינד האָט ער זיך
פארבענקט נאָך יענעם טאָג וועלכן ער האָט פארבראכט אין קאזינאָ לעבן א
פענצטער מיטן בליק צום ים. אויך דעמלט האָט א נעפל געקלעפּט צו דער שויב.
דער קעלנער האָט געבראכט א קאלט גלעזל פלוימען-בראָנפן, אויף א ווייס טע-
לערל מיט א גאָלדן זוימעלע נישט מער ווי איין מאסלינע „וואָלוואָ"; ער, באָל-
דור, צו יענער צייט לייטנאנט, האָט זיך איינגעהערט מיט געוויסער גרינגשעצע-
רישקייט צו די פּאָליטיש-פּראָווינציעלע ארויסזאָגעכצן פון צוויי וואָס זענען געזעסן
מיט צוויי טישלעך ווייטער און גערעדט צוויי מאָל צו ראשיק: ערשטנס — די
געוואוינהייט, ווייל פּראָווינציעלע און צווייטנס מע זאָל זיי הערן ווייל זיי האל-
טן אז זיי זענען חכמים. אייגנטלעך איז זיין בענקשאפט נישט צום קאזינאָ
וועלכן ער האָט מער קיין מאָל נישט באזוכט, און נישט נאָך דער „וואָלוואָ"-
מאסלינע, זי איז מער צו אלעם צוזאמען, צו דער אטאָמספער און אפשר נאָך
זיין אמאָליקן סאָציאלן שטאנדארט. קומט אים אויס מאָדנע די בענקשאפט צו
א צוזאמענשטעל וועלכן ער האָט אמאָל באטראכט מיט ביטול. דויערט נישט
נישט לאנג און ער פארלירט א נייעם קרעכץ, אויך דער א צוגעדושעטער פאר
מורא ער זאָל נישט פארראטן א ווייל נישט זעלנערישער. „ווי א שלום-מאכנ-
דיקער וואסערפאל", טראכט באָלדור וועגן מאָנאָטאנען כראָפּ וואָס גיסט זיך
פון אייבערשטן בעטל. ער מיינט אזא פארגלייך איז כדאי פארגעדענקען וועגן
עווענטועלע זכרונות. אפשר וועט ער זיי אמאָל שרייבן. אצינד קאָן מען נישט.
סע האָט קיין זין. אויב שוין יאָ וואָלט מען געדארפט שרייבן שיפרירט. א מענ-
גע זאכן קאָנען נישט געזאָגט ווערן צוליב זיין איצטיקער לאגע. עס איז גע-
פערלעך. „דעם זעלנער פון אייבערשטן בעטל שרעקן נישט סורפּריזן", אויף
אים ווארט נאָר די באפרייאונג. פאר אים איז טאָג און נאכט נישט מער ווי א
צייט וואָס רינט איבער זעקס טויזנט דריי הונדערט צוועלף פלעניקעס אין דער
ריכטונג פון זיך אומקערן אהיים. עס איז מעגלעך מאָרגן זאָל די צייט רינען אי-
בער נאָר זעקס טויזנט דריי הונדערט פינעף, ווייל ער נישט זיין, ער וויל אפילו
נישט צולאָזן דעם געדאנק אז ער וואָלט געקאָנט זיין צווישן די זיבן איבער וועלכע

די צייט וועט רינגען אנדערש, פאר זיי וועט דאָס אומקערן אויפהערן זיין א שטרע־בונג און אוודאי נישט א גרענעצשטיין. „ווי אזוי האָט געקאָנט געשען אז ביז איצט זאָל מיך קיינער נישט דערקענען, סע זאָל זיך נישט געפונען כאָטש איינער וואָס זאָל אנשרייבן, אהין וואוהין מע דאַרף. א מסירהלע, זאָגן אז דער זעלנער באָלדור איז נישט קיין זעלנער?" אפשר איז ער פאר דער צייט געוואָרן א זעלנער; אפשר ברענגט די געפאנגענשאפט צום זעלבן נענער, אָדער נאָך דער מאָמענט אין וועלכן מע גיט זיך אונטער, אין וועלכן מע ווערט געפאנגען, פארוואנדלט אין נישט מער ווי א ציפער לעבן א נאָמען.

ביז איצט האָבן זיי מיך געהאלטן פאר א העלד, אצינד אָבער זינט סע האָבן אָנגעהויבן די קורסן און זיי האָבן זיך דערוואוסט אז יעדער אָפיציר איז א פאשיסט און זיי זענען אנטי, אצינד איז מעגלעך סע זאָל זיך געפינען איינער וואָס זאָל אָנשרייבן. ס'איז אויך מעגלעך אז דאָס באשטיין מיט פארביסנ־קייט דערויף אז אין דער נאָענטער צוקונפט דארפן זיי ווערן אָפיצירן (ביי דעם געדאנק באווייזט זיך אין מויל־ווינקל א רעזיגנירטער שמייכל, אומבאַ־האָלפן שטייט מען אנטקעגן א פאטאליטעט וואָס חזרט זיך איבער), מעגלעך אז אָט די פערספּעקטיוו שטעלט אונדז אויף דער זעלבער מדרגה שאפנדיק א סאָרט סאָלידארישקייט. ניין, נישט שטענדיק באקומען זיך די דערוואַרטע רעזולטאטן. „מיט וואָס וואָלט איך מיך געקאָנט פאַרטיידיקן?" פרעגט זיך באָלדור און דרייט זיך איבער אויף דער צווייטער זייט. זיינע ארגומענטן זענען צו שוואך פאר אזא בית דין. קיינער וועט נישט גלייבן אז די אוניפאָרם וואָס ער טראָגט איז זיינע, אז ער האָט נישט אָפּגעריסן די עפּאָלעטן און האָט אויך נישט אויסגעטאָן א לעבע־דיקן אָדער טויטן סאָלדאט כדי אויסצובאהאלטן זיין אידענטיטעט. נישטאָ מיט וועמען צו רעדן וועגן באזונדערן געפיל וואָס מע האָט אָנטוענדיק אן אנאָנימען פידזשאק אָן עפּאָלעטן, אָן טשין סימנים. די מיליטערישע קאריערע האָט אים צום אָנהויב געפעלן און נישט נאָר צוליב די פּאווע־פעדערן; מיט דער צייט אָבער איז ער געבליבן מיט א פארנעפּלטן רעספּעקט פאר זיך מקריב זיין צוליב א פליכט־געפיל וואָס בארעכטיקט זיך מיטן היפוך פון דער מיליטערישער קא־ריערע.

„דאָס אנטי־געפּלאפּל איבערצייגט דאָך". ער וויל א רגע איינדרימלען איי־דער די מענאַפּאָגען וואָס אויף דעם קאמאנדאַ־געביידע־דאך וועלן אָנזאָגן אז עס איז טאָג, אז סע איז צייט אָראָפּשפּרינגען פון דער נארע. קאָן ער נישט איינ־שלאָפן, די געדאנקען זענען קלאָר און דאָ קומט אויפן רעיון אז דער זאַלץ־טעם איז נישט פון א „וואָלוואָ" מאסלינע נאָר פון חלום וועלכן ער זעט אצינד קלאָרער ווי אין שלאָף. געלאָפן איז מען צעשפּרייטע איבער אן אָנגעהויער גרויסן

שטח, א אומבאגרענעצטער סטעפּ, מיטן געווער אין די הענט, גרייט צום אטאק. ווייט, ווייט האָט זיך געזען דער ים. מעגאַפאָנען האָבן פאַרטיילט באַפעלן. ניין, נישט באַפעלן נאָר צוזאָגעכצן מיט אַן אויטאָריטאַרישער שטימע, אַן אויסער־געוויינטלעך ערנסטער אין ריטעם פון דזשאַז: לויפט, לויפט זין פון ערד (דאָ איז דאָס קול געוואָרן לייכט איראָניש און מע האָט נישט געקאָנט וויסן צי „זין פון ערד" מיינט אַן אידענטיטעט אָדער אַ פּערספּעקטיווע), בלייבט נישט שטיין! דאָס גליק איז נאָענט! ביי אָט דעם רוף פאַרלירן די קערפּער זייער וואָג, שפּרינ־גען איבער טעלעגראַף דראָטן, פליען ווי אַ היישעריק־וואָלקן, און אין שאָטן פון וואָלקן בליען דערנער אין דריי פאַרבן, דער עולם סווישטשעט פייגלדיק אַ הימן פון אייביקער באַהויפּטונג. פון דאָרט אויבן זעט מען הונדערטער אָדער טויזנטער קרייסערס, שווערע ווי געשטאָפּטע גענדז. ביים רוף צו גליק פאַר־פלייצט זיי אַ ווייסע שוים. זעט עס אויס מאָדנע, אָבער נאָר אַ רגע, ווייל תיכף פאַר־שטייט מען אַז גליק קאָן נישט זיין אַנדערש ווי נאָר ווייס, אַזוי איז דער בתו־לה׳ס חתונה־קלייד און אויך אירע תכריכים. פון שוים באַווייזט זיך אַ בראָנ־זירטע בתולה מיט צוויי ציגן־מילך ווייסע בריסטן, אויף דער רעכטער אַ שראַם — אַ צייכן פון ליידנשאַפטלעכער ליבע און אויף דער לינקער אַ זינד־בלום ביי די עקן רויטלעך און אין דער סאַמע מיט שימל־קאָליר. ער וויל זי באַרירן אָבער אין דעם מאָמענט פאַלן אַלע צוריק אַראָפּ אויפן אומענדלעכן פעלד און דאָס געלויף מיטן געווער אין די הענט ווערט נאָך ווילדער, נאָך ספּאַלאָשעטער און דאָס געשריי פון מעגאַפאָן קלאָרער: פאָרווערטס, פאָרווערטס צום דעראָבערן אומשטערבלעכקייט און אייביקע אָנערקענונג. דאָס קול זאָגט נישט וואו סע גע־פינט זיך די אומשטערבלעכקייט, ווייזט נישט אָן דאָס פּלאַץ פון אייביקער אָנ־ערקענונג, לויפט מען קוים כאַפּנדיק דעם אָטעם ווייל אַלע זענען איבערצייגט אַז עס איז גענוג לויפן כדי אָנקומען צו ביידע. זיי לויפן צו גאָרנישט טראַכטנ־דיק ווייל אַלץ זעט אויס נאַטירלעך און זעלבסטפאַרשטענדלעך ביז סע קומט אַנטקעגן אַן אַנדערע מחנה, אויך אַ צעשפּרייטע, אויך מיט געווער אין די הענט, געטריבן פון אַנדערע קולות. די אַנדערע זענען אין צאָל פּונקט אַזויפיל וויפל באַלדורס אַרמיי, אויך זיי פאַרלירן דאָס געוויכט ביים וואָרט גליק. די קולות מישן זיך אין איין שרעקלעך געברום, זיי פּראַלן צוזאַמען און פון צוזאַמענשטויס עקספּלאָדירט אַלץ, אַלע ווערן פאַרקוילט. אַראָפּגעפאַלענע זעען די ביקסן אויס פאַרפּראָשעטע. נאָר ער באַלדור בלייבט הענגען אין דער לופט, ער האָט נישט גוט געצילט, די אַנדערע זענען מיט איינעם ווייניקער און ער באַנעמט צום ערשטן מאָל דעם סוד פון נצחון און פילט זיין טעם בשעת די קרייסערס שיסן אָפּ זאַלפּן פון זיין כבוד וועגן. אַנטקעגן שפּאַנט דאָס פּרויענצימער מיט אָנ־

געצייכנטע בריסטן די רעכטע פון ליידנשאפט, די לינקע פון זינד, איס ציט די
לינקע, טוליעט ער דאָס געזיכט אין רויטלעכער וואַרעמקייט און דרינגט מיטן
בליק אין שימל קאליידאָסקאָפּ. דער מאמעס האנט גלעט זיין נאקן, וויל אוים-
פלאָנטערן מיט שוויים פארקלעפטע האָר. איינזאפּנדיק פּויל-זיסלעכן גערוך
זינקט ער אַלץ טיפער אין זינד, דאָס פארשפּראָכענע גליק דרינגט אין זייער
ביידנס פליייש. דער שראַם וואָס אויף דער צווייטער ברוסט עפנט זיך פּאמעלעך,
אָנגעטליעטע שווארצע בלוט-טראָפּן פאלן אויף דער ערד און קאטשען זיך ווי
צייטיקע טרויבן. א טראָפּן פאלט אויף זיין אָרעם שמעקט מיט געסמאלעטע פּע-
דערן. די בתולה שעפּטשעט: פארזוך, פארזוך פון זינדיקן, אייביקן גליק; ער וויל
זי ציען נעענטער צו זיך, שרייט אַן אויטאָריטאַריש קול: אכטונג, אכטונג, מיר
מעלדן דעם קריגס באריכט. אַלע שפּרינגען פון די נארעס. באָלדור כאַפּט זיך
אויף פון טיפן שלאָף פארגעסט אין זעלבן מאָמענט די „וואָלוואָ“ מאסלינעס,
דאָס פרויענצימער, איילט מיט אַלע צוזאמען צו דער וואַש-קאָרעטע, צו דער טעג-
לעכער גימנאסטיק, צום איינאָרדנען די דעק לויטן פּאָרגעשריבענעם סטאַס.
כאָטש ער האָט הינטער זיך א צוואַנציקיאָריקע מיליטערישע קאַריערע זעט אים
דעם פּראָגראַם אוים זינלאָז.

און ער איז נאָך נישט גערעכט.

אין דער צייט וואָס באָלדור האָט געאיילט צו דער וואַש-קאָרעטע הערנדיק
נישט זייער אויפמערקזאַם דעם קריגס-באריכט, האָט ערגעץ אנדערש, א מהלך
פון צוויי טויזנט אָדער צוויי טויזנט פינפהונדערט קילאָמעטער אויף מזרח, פאר-
נומען משה כהן אָדער משה טשוקאַלעאו אַן אָרט לעבן א טעלעגראַפן סלופּ
אויף וועלכן סע האָט געהאָנגען א מעגאפאָן און פון מעגאפאָן האָט געהילכט דער
זעלבער באריכט מיט א שטימע וואָס האָט אדורכגענומען מיט איר ערנסט. אויף
דעם פּלאַץ וואָס פארן רעקרוטיר צענטער איז טשוקאַלעו אָנגעקומען נאָך א
צוויישעהדיקן וועג וועלכן ער האָט אדורכגעמאכט פון קאַיאָר. דאָ באווייזט זיך
דער טאָג מיט צוויי שעה פריער ווי אין דער פּאָרטעטשקע פון באָלדורס באראַק.
דאָס פּלאַץ איז פול מיט מענטשן וואָס ווילן גיין פרייוויליק אויפן פראָנט. א
טייל איז געקומען גלייך פון דער ארבעט און זיך אוועקגעזעצט אויסרוען וואו
נאָר געפונען א פּלאַץ. משה טשוקאַלעו איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אין סלופּ,
ער האָט געפּרואווט זיך קאָנצענטרירן הערן וואָס דער ספּיקער מעלדעט האָט אים
געשטערט דער געדאַנק צום קלויסטער-גלאָק לעבן וועלכן ער גייט פארביי יעדן
אינדערפרי. ביז היינט איז קיין מאָל נישט געשען דער גלאָק זאָל קלינגען בשעת
ער גייט פארביי. דער פּלוצימדיקער גלאָקן-קלאַנג האָט ארויסגערופן א באַזונ-

דער געפּיל, גלייך ער וואָלט עפּעס אָנזאָגן און כאָטש ער גלייבט נישט דערין האָט זיך אים געוואָלט וויסן צי דער אָנזאָג איז צום גוטן אָדער נישט. משה טשוקאַלעו האָט נישט געוואוסט אז דער וואָס ציט דעם גלאָק איז אן אלטיטש־קער פון איבער ניינציק אזוי אז כדי ארויפקריכן די טורעם־טרעפּ און ציען דעם גלאָק צור געהעריקער צייט לאָזט ער זיך אין וועג מיט א צייט פריער. אין יע־נער נאכט איז אָבער עפּעס געשען אין דער גאלאקסיע אין וועלכער דער אלטער האָט זיך באוועגט; דאָס מייזל האָט נישט געפּישטשעט צום צווייטן מאָל, די קאץ איז נישט געלאָפן פון איין עק צימער צום צווייטן, די הין וואָס אונטערן בעט האָט נישט געביטן דאָס פּיסל, דער שטערן האָט נישט געקוקט דורכן קוי־מען צום קאלטן בערגעלע איש, אָדער די פּאָדאגרע איז איינגעשלאָפן. פאקט איז אז דער אלטער האָט פארשפּעטיקט, אָפּגערוט ווי שטענדיק א פירטל שעה אונטערן גלאָק און ערשט נאָכדעם אָנגעהויבן ציען דעם שטריק. ווען משה טשו־קאַלעו זאָל דאָס יאָ געוווּען וויסן וואָלט עס אפשר נאָך מער צעמישט זיינע גע־דאנקען.

„כ׳בין נישט א מעטים און אויך קיין מולאַט“, פלעגט משה זאָגן נישט אָן שטאָלץ. דאָס איז געווען איינע פון זיינע לעגענדעס וועגן זיך און זיין אָפּשטאם אין וועלכע ער האָט געגלייבט. „כ׳בין א היזיקער מישלינג וועלכן מע באמערקט נישט אויפן ערשטן בליק; מיט דער צייט ווען מע שטעלט פעסט, טאָלערירט מען. ס׳איז נישט א בפרהסיא טאָלעראנץ ווי מיט ממזרים (זינט די מלחמות האלט מען שוין נישט ממזרים פאר אויסגעשפּראָכענע ממזרים), נייערט א מאסקירטע און וואָס מער די טאָלעראנץ ווערט מאסקירט זעט זי אויס נאטירלעכער און איך אן אויסדערוויילטער“. ס׳איז אים געלונגען זיך אויפצוהאלטן אָדער געהאל־טן צו ווערן אויף דער גרענעץ פון קעגנזייטיקער פאראכטונג, דאָרט וואו סע דאכט זיך אז די פאראכטונג ווערט אנולירט. צו מאָל פלעגט זיך אים דאכטן אז ער פארוואנדלט די פאראכטונג אין איר אייגענעם קעגנזאץ. דאָס איז געווען זיין אינטימסטע איבערצייגונג. דער געדאנק אז ער וואָלט זיך געפינען אויף דער גרענעץ וואָס האָט אמאָל צעטיילט צוויי וועלטן און היינט גאָרנישט האָט געהערט דער סביבה אין וועלכער ער האָט געלעבט, א סביבה וואָס האָט זיך געגרייסט מיט א נישט עקזיסטירנדיקער דערגרייכונג. אָבער אין א טאָג האָט משה טשוקאַלעו געביטן די סביבה, אפשר האָט זיך געביטן די קאָניוקטור, און ביידע מחנות האָבן זיך מיט אים געוואָרפן אזוי אז ער איז געבליבן אין דער מיט. א סך האָט עס געוואונדערט אָבער נישט אים ווייל אין אים האָבן זיך — לויט זיין לעגענדע — קומולירט ביידע און אייגנצייטיק א סואווערענער ביטול צו ביידע. אפשר דערפאר האָט אים אין אזא מאָס געשטערט דער גלאָקן־קלאנג

זיך צו קאָנצענטרירן ארום דעם קריגס-קאָמוניקאט ווייל אויסגעמישט מיט אָט דעם קלאנג האָט די אויטאָריטאַרישע שטימע פארלוירן פון איר איבערצייגונגס־קראפט.

דער קאָמוניקאט האָט זיך לאנג געענדיקט און משה איז נאָך אַלץ געשטאנען אָנגעשפּארט אין סלופּ. סע האָט אים פארשאפן כמעט א סענסועל פארגעניגן צו פילן ווי די וויבראציע פון האַלץ מאכט גרויסע קרייזן, נישט געזעענע כוואַליעס פון אומרו און פארצווייפלונג. שוין צוויי וואָכן דער זעלבער ענטפער „פאר מענטשן אין אייער לאגע (נישט יעדן אירעצ מען) האָבן מיר נישט אינסטרוקציעס". העפלעך ציוויליזירט און קאלט. ער האָט צוזאמענגענומען דעם שיגעל ארום קערפער נישט ווייל סע האָט אדורכגענומען די קעלט נאָר זיך צו פארטיידיקן קעגן דער אינסטרוקציעסלאָזיקייט. ער האָט געפּרואווט פארטרייבן איר שרעקלעכע קילקייט וואָס מע קאָן נישט מעסטן מיט א טערמאָמעטער ווייל אזעלכער איז נישט פאראן. „אפשר איז דאָך פאראן אזא מעסטער" איז אים איינגעפאלן און ביי דעם געדאנק האָט ער אָנגעהויבן ציטערן ווי אָסיען בעז פאר א שטורעם.

„לייטנאנט טשוקאלעו", האָט זיך געטראָגן א קול איבערן פּלאַץ. אלע בליקן האָבן געזוכט דעם גערופענעם און האָבן אים לאָקאליזירט אָן מי ווייל דער איינציקער וואָס האָט נישט געזוכט איז געווען משה טשוקאלעו. דאָס קול פון מעגאפאָן האָט ער געפילט אין וויברירן פון סלופּ דאָך זיך נישט גערירט פון אָרט ווייל ער האָט זיך געוואָלט איבערצייגן אז אין אָט דער מאסע מענטשן — די בליקן האָבן געכפּלט איר צאָל — איז ער טאקע דער איינציקער משה און דערצו דער גערופענער. דערפאר האָט ער נישט געענטפערט אויף דעם ערשטן רוף פארלאָזט דעם סטאָלב ביים צווייטן באדויערנדיק זיין ווארעמקייט וואָס האָט אציגנד דערמאָנט אין די וואסערן פון טייך „טיי" אין א הייסן זומער טאָג.

— פון וואו קען דיך דער מארשאל ...סקי? טשוקאלעון האָט נישט אזוי איבעראשט די פראגע ווי די אָנוועזנקייט פון א גענעראל אין רעקרוטיר ביוראָ. ער האָט נישט געקאָנט פארשטיין ווי אזוי דער גענעראל איז אָנגעקומען. קיינער האָט אים נישט געזען אריינגיין; ער זאָל געווען ווארטן דאָ די גאנצע נאכט אויף אים, משה טשוקאלעו איז געווען שווער צו גלייבן אפילו נאָך דעם וואָס ער האָט געשטעלט די פראגע, כאָטש אין דער דאָזיקער לאגע איז עס נישט געווען אבסאָלוט אוממעגלעך.

— פון די פראָנטן... האָט געענטפערט משה מיט א שאלנדיק קול וואָס האָט זיך פּלוצים איבערגעבראָכן. ער האָט געוואָלט זאָגן: „פון די פראָנטן פון דער רעוואָלוציע" אָן ענטפער וואָס קלינגט שיין אויך אין די אויערן פון א גענעראל האָט

ער אָבער דערפֿילט אַ צווייפֿל: אַ נישט לאַנגסטיקע געשעעניש האָט אים צואוויסן געגעבן אַז די נאַטור פֿון פֿראָנטן ווערט אויפֿגעקלערט און באַשטעטיקט דורך דער געשיכטע נאָכדעמדיק, האָט ער מוותר געווען אויף כאַראַקטעריזירן די פֿראָנטן און זיך באַגנוגט מיט איבערחזרן שרייענדיק מיט אַלע כוחות „פֿון די פֿראָנטן" באַוואוסטזיניק אַז נאָר אַזאַ קול איז אימשטאַנד איבערצויגן. די אַלגעמיינע רעגל האָט זיך באַשטעטיקט דערווייזנדיק אַז אין דער אַרמיי זענען נישט נייטיק אויסנעמען צו באַשטעטיקן די רעגל.

— זעסטו האָט געזאָגט דער גענעראַל איגרעק (ביי משה׳ן וועט ער בלייבן מיט דעם נאָמען ווייל דעמלט ווען ער האָט אָנגענומען די פּאָזיציע „גלייכשטיין" און אָפּגעגעבן דעם ראַפּאָרט — כמעט שרייענדיק כדי אויסמיידן אומאָנגענעמלעכקייטן, אַ גענעראַל קאָן האָבן אַ נידעריק געהער, קריגס צייט געשעעט — ווער ער איז און וואָס סע האָט אים געבראַכט אהער, האָט דער גענעראַל נישט מער ווי אַ מאָך געטאָן מיט דער האַנט דאָס וואָס האָט געדאַרפֿט הייסן „רו שטאַנד" און משה האָט דערויף געענטפֿערט מיט אַ נייעם שטראַם שטיין, דאָס לעצטע פֿאַר דעם קאָמאַנדירטן רו שטיין, אָבער זיין נאָמען האָט דער גענעראַל נישט פֿאַרראָטן) זעסטו האָט דער גענעראַל געזאָגט דעם קאָמאַנדיר פֿון רעקרוטיר צענטער וועלכער האָט געענטפֿערט מיט אַ קלאַפּ פֿון די אָפּצאַסן וואָס האָט אָפּגעקלונגען אין צימער נישט איבערטריבן כדי סע זאָל זיך נישט שאַפֿן אַ פּלאָנטער אין די באַציאונגען ווייל זיין פֿונקציע איז אַ גרעסערע ווי דער טשין.

— לייטנאַנט טשוקאַלעו, האָט געזאָגט דער גענעראַל (ווידער שטראַם שטיין מיט אַ ביסעלע אַרויסגעשטאַרצטע אויגן פּונקט אַזוי פֿיל וויפֿל עס איז נייטיק אונטערצושטרייכן אַ געוואַקסענע אויפֿמערקזאַמקייט; אַ שטאַרקן קלאַפּ מיט די אָפּצאַסן ווייל עס איז נישט געגאַנגען אין אַן עצה אָדער מיינונג נאָר אין אַן אָרדער. טשוקאַלעון האָט די אינטואיציע קיין מאָל נישט אָפּגענאַרט און אָרדערס פֿאָדערן אַ געוויסן טומל, פֿויקן זענען נישט שטענדיק פֿאַראַן קאָמפּענסירט מען דעם רעש מיט קנאַפּל קלאַפּעריי) לייטנאַנט טשוקאַלעו, וועסט תיכף אָפּפֿאָרן אין דער הויפּט שטאָט וועסט זיך מעלדן אין אינסטיטוט נומער 66, אָדער 606, צי 666 אויסצופֿולן אַ וויכטיקע מיסיע פֿאַרן פֿאָלק און פֿאַר דער מענטשהייט. (עס איז אַ צייט ווען גענעראַלן רעדן וועגן פֿאָלק און מענטשהייט; אויב אַ ציוויל וויל רעדן וועגן זיי דאַרף ער אָנטאָן טאָקע מיט זייער צושטימונג אַ מיליטערישע אוניפֿאָרם פֿון גענעראַל אַרויף, דאָס הייסט פֿון ערשטן גענעראַל טשין ביזן לעצטן אויף דער לייטער פֿון דער דאָזיקער היעראַרכיע.) אויף יעדן פֿאַל האָט צוגעגעבן דער גענעראַל איגרעק און דאָס איז געווען אַ סאָרט הייימישקייט ווייל געווייינטלעך לאָזן גענעראַלן נישט צו דעם געדאַנק פֿון עווענטואַלי-

טעטן, אויף יעדן פאל קאָנסטו זוכן דעם אינסטיטוט אויפֿן פּלאַץ זארווע דאָרט וואו סע באַנעגענען זיך די גאַסן שאַכנע מיט באַכנע (מיטן אַקצענט אויפֿן צווייטן טראַף.)

אויפֿן אַנדערן טאָג איז משה טשוקאַלעו געווען אין דער הויפּטשטאָט אָנגעטאָן אין אַ נייער אוניפֿאָרם אין אַ הויז וואו די אָנגעוויזענע גאַסן באַגעגענען זיך אין וועלכן עס איז נישט געווען דער אינסטיטוט 66 אָדער 606 און אויך נישט אַן אינסטיטוט וואָס זאָל טראָגן אַן אַנדער נומער. מיט ברייט געעפֿנטע אויגן באַדעקטע מיט עכטן גלאַנץ פֿון יראת הכבוד (משה האָט זיך נישט דראָגירט) האָט ער געקוקט צו די צוויי בילדער קעגנאיבער וועלכע ער איז געזעסן מיט די הענט אויף די קני. אַ מאַן מיט אַראָפּגעלאָזטע וואָנציעס און אַ פֿרוי מיט קורץ געשוירענע האָר האָבן צו אים געשמייכלט גוטמוטיק.

— דו פּשוטער סאָלדאַט. האָט זיך צו אים געווענדט דער מאַן און באַמערקנדיק משהס פֿאַרוואונדערטקייט אַ לאַך געטאָן און פֿילדייטיק זיך איבערגעקוקט מיט דער פֿרוי. משהס רעאַקציע האָבן זיי דערוואַרט. דער טשין, די גראַדן, האָט געזאָגט דער מאַן פֿול חכמה, זענען פֿאַרבייגייענדיק. נייע נעמען דאָס פּלאַץ פֿון אַלטע, און נאָך נייערע פֿון די נייע. דער פֿונדאַמענט בלייבט דער פּשוטער נישט באַשטערנטער עפּאָלעט, דער איינציקער וואָס דויערט ווייל ער איז דער צייכן פֿון אונדזער אָנגעהעריקייט צו דער גרויסער אַרמיי. ער האָט אַ רגע געשוויגן, אַזוי פֿיל וויפֿל עס איז געווען נייטיק אַז משה זאָל באַנעמען דעם טיפֿן זין פֿון געזאָגטן. און ביידע, דער מאַן און די פֿרוי, האָבן געלאַכט מיט וואַרעמקייט. דורכדרינגען פֿון דער פֿייערלעכקייט פֿון מאָמענט האָט משה אַ דרוק געטאָן די הענט צו די קני און די פֿייכטקייט אין די אויגן האָט זיך נאָך מער געפֿייכט. סע האָט אים גערירט.

— נו, פּשוטער סאָלדאַט, זאָג דיין מיינונג. ווי מיינסטו, מעג מען אָנטרויען געווער, דעם געכטיקן שונא?

משה האָט געזען ווי אַ שווייגן ציט איבער דעם ברייטן צימער, קריכט אויף די ווענט, גידערט פֿון דער סטעליע און דריקט אויף די שלייפֿן מיט שווערע האַמערס, ער האָט זיי געקענט ביידע, אויף די בילדער האָבן זיי אַמאָל אויסגעזען שטורעמדיקע. היינט הייליקע. סע האָט זיך אים געדאַכט אַז מחמת דער פֿייכטקייט וואָס באַדעקט די אויגן. געוואָלט אַ וויש טאָן מיטן טיכל אָדער מיט דער דלאָניע אָבער נישט געוואָגט. ער האָט תופֿס געווען די מאָס פֿון דער פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט וואָס ליגט אויף אים און פֿאַרלוירן דאָס לשון. ווען ס'האָט אויסגעזען אַז אַלץ איז פֿאַרפֿאַלן, אַז נישט ער וועט זיין דער וואָס וועט צעשטערן דאָס שווייגעניש האָט ער זיך דערהערט רעדן. סע האָט אים געוואונדערט

די לייכטקייט מיט וועלכער ער געפינט ארגומענטן אויף אונטערצומויערן זיין מיי־
נונג וועגן דעם ווען און אויף וואָס פאַר אַן אופן מע קאָן אָנפּאַרטרויען נישט
נאָר געווער, נייערט כמעט פולקאָמענעם צוטרוי, ווייל פולקאָמענעם דאַרף מען
אייגנטלעך קיינעם נישט שענקען. סע האָט אים נאָך מער געוואונדערט זעענדיק
ווי דער מאַן הייבט דאָס טעלעפאָן־טרייבל און געפילט א שוואכקייט אונטערן
לעפעלע הערנדיק ווי ער חזרט איבער זיינע ארגומענטן דער העכסטער אינס־
טאנץ זי אָנרופנדיק ביים נאָמען פון זון און טאטן און דער נאָמען איז געווען
פון העכסטן און קלוגסטן פון אלע גענעראלן מיט וועלכע די געשיכטע האָט און
וועט זיך רומען. ער האָט געוואָלט זאָגן אמן, נאָר זיך באצייטנס געכאפּט אז
ס'איז נישט גענוג ווייל דאָס וואָס ער הערט איז די צושטימונג פון אוניווערס
צון א היסטאָרישן באשלוס.

פון דאָרט איז משה ארויס מיטן טשין פון קאַפּיטאַן.

אין לאַגער אין וועלכן סע האָט זיך געפונען באָלדור איז משה אָנגעקומען
דעם דריטן טאָג נאָך באָלדורס חלום און ער האָט אים דערקענט. צופעליק האָט
משה געדינט אין רעגימענט מיט וועלכן באָלדור האָט קאָמאנדירט א פּאָר יאָר
פאַר דער מלחמה.

— געפינען זיך דאָ אָפיצירן? האָט משה געפרעגט דעם לאַגער קאָמענדאַנט,

— אויף וויפל מיר ווייסן ביז איצט זענען אזעלכע נישט פאַראַן, האָט גע־
זאָגט דער קאָמענדאַנט מיט טיפן רעספּעקט וואָס איז נישט געווען פאַר מיַהם
טשין — נישט מער ווי קאַפּיטאַן און דער קאָמענדאַנט איז געווען מאַיאָר —
נאָר פאַר דער עפּאָלעטן־פאַרב. א פאַרב מיט א באַזונדערן באַטייט.

— אפשר וואָלט מען געקאָנט פאַרשאפן עפּעס צום טרינקען און פאַרבייסן?
איז משה גלייך צוגעטרעטן צום פאַרווירקלעכן זיין מיסיע. איך וואָלט איינגע־
לאַדן אויף א שמועס איינעם פון די קריגס־געפאַנגענע, פאַרשטענדלעך מיט אייער
דערלויבעניש. די לעצטע ווערטער האָט ער ארויסגערעדט מיט קוים באהערש־
טער איראָניע. אין די געציילטע שעהן האָט אין משהן ווידער אויפגעוואכט דער
טעם פון מאכט און ער האָט פון איר געזויגן מיט געשנורעוועטע ליפּן ווי אַן
עכטער נאשער. אזוי איז געשען אז ניין און זיבעציק שעה נאָכן מאָדנעם חלום
זאָל באָלדור זיצן אין א באַשיידענעם כמעט אימפּראָוויזירטן ביוראָ — נישט
ווייסנדיק פאַר וואָס נישט זייער קאַזיאָנעם — אנטקעגן אַן אָפיציר וואָס זעט
אויס העפלעך און נישט זייער, ציוויליזירט און נישט זייער. ערנסט און א בי־
סעלע ביטערע. דער אָפיציר האָט אים אָנגעבאָטן טאַרטינען מיט קאַוויאַר און
א געטראַנק מיט אַן אומבאשטימטן אָבער אָנגענעמען טעם. באָלדור האָט זיך

געלאָזט באהערשן פון דער װארעמקייט װאָס דער אלקאהאָל האָט פארשפרייט אין זיינע אָדערן, דער מאָמענט האָט אויסגעזען צו זיין א גליקלעכער.

— איר זענט נישט א פשוטער סאָלדאט, האָט פלוצים א זאָג געטאָן משה װען באַלדור האָט פאמעלעך געזופּט די קאװע.

— פאר װאָס מיינט איר דאָס? באַלדורס פראגע איז געװען פול זיכערקייט אין דער אטמאָספערע האָט ער זיך געפילט מער בעל הבית װי זיין מיטשמועסער

— דער אופן פון טרינקען די קאװע.

— דאָס הייסט? האָט באַלדור געפרעגט איבערלייגן.

— א פשוטער סאָלדאט, אין משהס קול האָט זיך דערפילט שנאה, האַלט נישט דאָס שעלעכל מיט צװיי פינגער, ער זופט נישט פאמעלעך, ער „קאָסטעט" נישט, ער טרינקט אויפאמאָל, הער קאָמענדאנט פון 417טן רעגימענט אין יאָר 1934.

„דאָך געמסרט" האָט א טראכט געטאָן באַלדור.

— הער מאיאָר, האָט טשוקאלעו גערעדט געלאסן, אן ארמיי אָן אָפיצירן עקזיסטירט נישט. עגאַליטאריסטישע באציאונגען — א שאָד װאָס אייך זענען נאָך פרעמד סיי דער באגריף סיי די אימפּליקאציעס — זענען נישט גינציק פאר אן ארמיי אפילו װען זי איז באזיגט.

— אונדזער ארמיי איז נישט באזיגט. באַלדור האָט אָפּגעשטויסן דאָס שעלעכל מיט א קורצער באװעגונג.

— נאָך נישט, האָט אונטערשטראָכן משה. ער האָט געלאָזט באַלדורן צייט ער זאָל קאָנען באנעמען דעם באטייט פון אָט די צװיי װערטער פאר א מאיאָר פון א פיינדלעכער ארמיי. אָבער, האָט פאָרגעזעצט משה שלומדיק, נישט דאָס איז װיכטיק. אייער פערזענלעכער אינטערעס און דער אינטערעס פון אייער לאנד — גלייבט מיר אז נאָר אזוי באטראכטן מיר די לאגע — איז צו בלייבן אן אָפיציר. האַלטן אייער פּרעסטיזש אויף דער געהעריקער הייך אויך אין די אויגן פון פיינד אין װעמענס הענט סע ליגט אייער גורל. דאָס קאָנט איר נישט לייקענען. איידער באַלדורן איז געלונגען געפינען א געהעריקע רעפּליק האָט זיך משה אויפגעהויבן פון בענקל און דאָס האָט באטייט אז דער שמועס איז פארענדיקט. ער האָט אָפּגעפירט באַלדורן צו״ר טיר און זי עפענענדיק געזאָגט: א דאנק.

נאָך א קורצער צייט האָבן זיך באװיזן צװיי באראקן פאר אָפיצירן. דער איבערשטער שכן װעמענס לייכטער מאַנאָטאָנער כראָפּ סע פלעגט זיך גיסן קאַיאָר װי א שטילער װאסערפאל איז געבליבן דער איבערשטער שכן אויך אין באַ-

ראק פאר אפּיציר‍ן וועלכע זענען נישט מער סינאָנים מיט פּאַשיסטן ביי די וואָס באַזוכן די קורסן אַנטי...

...אַלס יונגער לערער אויפן דאָרף האָט באַרנאַבעטע געקנעלט געשיכטע, די לאַנדס שפּראַך, געאָגראַפּיע און אַלעם איבעריקע. אַ צופרידענער וואָס יעדן אָסיען קומען אין ערשטן קלאַס נישט-וויסער און אַנהייב זומער לאָזן זיך אויף דער וועלט פון לעצטן — פון פירטן — וויסערס. אַזוי יאָר נאָך יאָר ווי די ערד דרייט זיך אַרום דער זון, די לבנה אַרום דער ערד, אַזוי ווי סע צוויטען די ביימער, סע צייטיקן פרוכטן. דער אייביקער קרייז מער אָדער ווייניקער קיי־לעבדיק, מער אָדער ווייניקער צוגעפּלעטשט, אָבער אַן אייביקער. ער האָט געקאָנט זאָגן מיט אַ געוויסטער פּינקטלעכקייט ווען ער וועט ווערן אַ טאַטע (מיטן ווייב האָט ער זיך שוין איינפאַרשטאַנען) אין וועלכער שול ער וועט שיקן דאָס קינד — אַ ייִנגל אָדער אַ מיידל איז נישט וויכטיק „ווייל מיר לעבן מער נישט אין מיטל־אַלטער" — סע וואָלט אוודאי געווען בעסער אַ ייִנגל „ווייל מענטשן זענען עגאָיסטן, ווייניקער קאָפּ-דאַרעניש".

באַרנאַבעטע האָט פעסטגעשטעלט אַז נאָך צוויי אָדער דריי יאָר ווערט דאָס וויסן פון די אַלצדינגסוויסער פון לעצטן קלאַס — איבערהויפּט ביי די וואָס בלייבן אין דאָרף העלפן אין בעל-הביתישקייט — אויסגעוועפּט, סע פאַרשווינדט לגמרי, זיי ווערן ווידער אַזעלכע נישט-וויסערס אָדער כמעט אַזעלכע ווי די וואָס קומען אין ערשטן קלאַס. די דערשיינונג איז אים פאַרגעקומען מאָדנע. ער האָט געפּרוּווט פאַרשטיין. דערגיין צי איז עס אַ קרענק אַזאַ וועלכער מע וואָלט געפינען אַ רפואה, אָבער וואָס מער ער האָט זיך געגריבלט האָט ער זיך איבער־צייגט אַז די דערשיינונג איז אַ נאַטירלעכע און שלום געמאַכט מיטן געדאַנק אַז ער, באַרנאַבעטע דער דאָרפס-לערער, קאָן זיי העלפן נאָר צווישן זיבן און עלף יאָר אין וועלכער צייט ער טוט אַלץ וואָס ער קאָן און אַז נאָך דעם... ער האָט אין דער זעלבער צייט פאַרשטאַנען אַז די וועלט איז אַזאַ ווי זי איז, אַז קיינער קאָן נישט טאָן מער ווי דאָס וואָס ער טוט. די איבערצייגונג איז געוואָרן אַן ענדגילטיקע ווען עס איז געבוירן געוואָרן דאָס קינד — אַ שוואַך מיידעלע — און די הויז דאגות האָבן זיך געמערט. אויפן רוף פון די קאָלעגן — וועלכע האָבן זיך גערופן קוזיסטן נאָך דעם לעגיאָנאַרן, האָבן אָרגאַניזירט פייערונגען, אָנדענקען, תפילות אין קלויסטערס, יאָרצייטן, כראָמען אין מאַנאַסטירן, גע־פלאַנצט צלמים אויף שליאַכן-קרייץ, לעבן קרעניצעס — האָט ער נישט געענט־פערט, נישט ווייל ער איז געווען קעגן, „אויב זיי טוען ווייסן זיי מסתם וואָס זיי טוען, איך גיב זיך דערמיט נישט אָפּ". ער האָט ליבערשט געפירט די קינדער

אויף אויספלוגן ארום דעם דאָרף. צו מאָל האָט ער גע׳לייענט א צייטונג. נאָך עטלעכע טעג פלעגט ער פעסטשטעלן אז אלץ בלייבט ווי געווען, ער איז קיין מאָל געווען צו פרא ער זאָל זיך פאָרשטעלן אז ער וואָלט אמאָל געקאָנט ווערן אנטי. דער קריג און נאָך מער די מאָביליזאציע האָבן אים געפונען א נישט צו-געגרייטן (ער האָט נישט געוואוסט אז אויך אנדערע האָבן געזאָגט אז די מלחמה איז פאר זיי געקומען אומגעריכט און אויסגעארבעט א וויסנשאפט וועגן סור-פריז-פאקטאָר אין קריג, א פאקטאָר וועגן וועלכן מע האָט ביז דעמלט נישט געהערט). ווען ער פלעגט לערנען מיט די קינדער געשיכטע און רעדן וועגן וועלט קריג איז אים נישט איינגעפאלן אז מע גנעט אים רופן דער ערשטער. ער איז געווען איבערצייגט אז א צווייטער וועט קיין מאָל נישט זיין. דאָס האָט נישט געפאסט צו זיין געדאנקען גאנג. אָדער סע האָט געפאסט פארקערט: „אויב ס׳איז פאראן א געדאנקען-גאנג ווי אזוי קאָן עס קומען צו א קריג. דערצו אן אלוועלט-לעכן נאָך אן אנדערן אויך אן אלוועלטלעכן?"

כל זמן זיין איינהייט איז געגאנגען פאָרווערטס האָט אים נישט באשעפ-טיקט דער געדאנק ביז וואנעט, נאָר גיכער ביז ווען. ווייל נישט זייענדיק פרא אָדער קענן, האָט אלץ אויסגעזען אבסורד און דאָס טעכטערל איז א שוואכענקע. אין בארנאבעטעס כאראקטער זענען אלע הנחות צו פארשטיין און זיך אָנאיי-גענען די אידייע אז די מענטשהייט וואָלט געקאָנט מוותר זיין אויף אזעלכע אבסורדיטעטן דערפאר האָט ער אזוי לייכט אָנגענומען פאר גוטע די ארגומענטן פון די לערער אין דער אנטי-שול וואו ער האָט זיך געפונען זינט א לענגערער צייט. ווען בארנאבעטע איז ארייינגעפאלן אָדער מע האָט אים גענומען אין פלען האָט ער געטראָגן די אָפּצייכענונגען פון א לייטנאנט. כאָטש ער האָט גאָר-נישט געזאָגט האָט מען דערקענט אז זיי געהערן א רעזערוויסט. יעדער האָט זיך דאָס געקאָנט פאָרשטעלן נאָר א קוק טוענדיק אויף אים. ער האָט אויסגעזען אן עכטער ציוויליסט. צו מאָל האָבן די טעזיסן און ארגומענטן פון די אנטי-פראָפעסאָרן אויסגעזען צו פשוטע (דער באטייט און פארנעם פון וואָרט סימ-פליסטיש איז אים נאָך געווען פרעמד). פלעגט ער זיך אוועקזעצן ערגעץ אין א ווינקל אָפּגעזונדערט פון אלעמען זוכן אנדערע ארגומענטן. מער איבערצייגנ-דיקע, געזוכט האָט ער אין זיך. ער האָט זיי געשפינט פון איינענעם אינגעווייד. מיט דעם פאָרעם פלעגט ער דערגענצן די נעץ דאָרט וואו זי איז געווען שוואַ-כער. אזוי ווי בארנאבעטע איז געקומען כמעט נישט וויסנדיק אין דער מלחמה און דערנאָך אין פלען אזוי איז ער אויך איצט נישט וויסנדיק געוואָרן דער אסיסטענט פון א פראָפעסאָר וועלכער האָט אים כסדר איבערצייגט אז זיין פלאץ איז לעבן פאָלק. בארנאבעטען האָט עס געוואונדערט, ער האָט נישט געקאָנט

פארשטיין ווי אזוי מע קאָן זיין לעבן זיך אליין. געפרעגט האָט ער נישט אפשר אויך דערפאר ווייל דעם פּראָפעסאָרס צושטייאיקייט האָט אויסגעשלאָסן לאָגיק. אצינד זוכט ער ארגומענטן לעבן א מיט בלומען באדעקט בערגעלע, נישט ווייט פון באראק.

די שול אנטי האָט גיין באראקן — דריי שורות צו דריי. דער וויים געפארבטער שטאכל־דראָט־פלויט פארלירט זיך אויף די וויים געקאלעכטע באראקן־ווענט אזוי אז אויפן ערשטן בליק באמערקט מען נישט אז דאָ איז א לאגער. צווישן לאנער און שול זענען פאראן אונטערשיידן. אויך דאָ זענען די בעטלעך גאָרנ־דיקע אָבער מיט אן אָפּשטאנד, אויף די מאטראצן זענען אויסגעשפרייט לייַ־לעכער. אויך דאָ זענען פאראן רעגלען: וויפל צענטימעטער סע דארף האָבן דער פאלד פון דעק, מיט וויפל טפחים דארף אראָפּהענגען דאָס ליילעך איבער דעם בעט־ברעג און וויפל פון די שטיוול מעג זיך ארויסזען פון אונטער דעם בעט. די רעגלען זענען מיליטערישע אָבער די ביכער און העפטן לעבן קאָפּ־קישעלע, די אויסגעגלעטע האנטעכער שאפן אן אנדער אמביאנץ. א געניט אויג אנטדעקט אפילו א געוויסע אינדיווידואליזירונג. אָפּגערעדט פון די קלאס־צימערן וואו מע הייבט די האנט אָדער צוויי פינגער, וואו די שטימען האָבן א גאנץ נייע ביינעוודיקייט. ווער קאָן דאָס בעסער באמערקן פון דאָרפס־לערער בארנאבעטע? געוואוינט צום פארמעסט צווישן שילער־קינדער איז אים שווער צו פארשטיין די קאָנקורענץ צווישן דערוואקסענע, סע זעט אוים א געיעג. „נאָך וואָס אייגנטלעך?“ פרעגט זיך בארנאבעטע. „דער חלום צו ווערן אָפיציר?“ דאָס טוט ער אצינד. ער זוכט ארגומענטן איבערצוצייגן די קורסאנטן אז אין דער צוקונפט דארפן זיי זיין די אָפיצירן פון דער נייער ארמיי וואָס וועט געשאפן ווערן, עס איז אים שרעקלעך שווער, ווייל אויב ער האָט גוט פארשטאנען איז די ארמיי א פאראזיטארער פּראָדוקט פון א פאראזיטארער געזעלשאפט. וואָלט זיין לאָגיש אז א נישט פאראזיטארע געזעלשאפטס־אָרדנונג זאָל נישט דארפן דעם פאראזיטארן פּראָדוקט! ווי זשע זעט עס אוים מיט די אָפיצירן? בעת ער זוכט ארגומענטן הרגעט ער בינען, סע זענען פעלדס־בינען, קיין גוץ ברענגען זיי נישט. זיי קאָנען נישט מער ווי עמעצן בייסן. ווי נאָר זיי דערנענטערן זיך הרגעט ער זיי. ער קוקט זיך נישט איין, זען צי זייער פליען האָט א ציל. זואָלט ער זיך געזוען צוקוקן וואָלט ער אפשר געזוען באמערקט אז אייניקע ברענ־גען שטיקעלעך גרינגע בלעטער. אנדערע קליינענקע האַלץ שטיקעלעך ווי ברויט־ברעקלעך וואָס קינדער פון אנדערטהאלב יאָר פּרואוון צעפּיצלן מיטן גאנצן ערנסט ווייל קליין ווי זיי זענען — די קינדער — זעט זיי אוים צו גרוים אפילו א מוראשקע פּיסל. די בינען ברענגען בוי־מאטעריאל צום פעסטיקן און

באדעקן די ווענטלעך. פלאסטערן גאלערייעס וואָס זיי סאפען אין בערגל; זיי בויען און בויען איבער דעם בינשטאָק. זאָל בארנאבעטע זיך געווען איינקוקן וואָלט ער געוועז באמערקט ווי זיי פארשווינדן אין בערגל און אז זיי קומען פון דאָרט ארויס מיט ברעקעלעך ערד וועלכע זיי צעשפרייטן ארום בערגל, מעגלעך אז אפילו ווען ער זאָל דאָס יאָ געווען באמערקט וואָלט ער אויך נישט געווען געטראכט אז הרגענען עטלעכע בינען קאָן זיין פאטאל פארן בינשטאָק און פאר פאוולידען, ווייל ער האָט זי נישט געקענט און וועגן איר עקזיסטענץ נישט געוואוסט. . .

שוין דריי טעג זינט פאוולידע האָט זיך באזעצט אין א נישע פון דער הויפט גאלערייע און די איינציקע באוועגונגען וואָס זי מאכט זענען אויף צוריק כדי זיך פארזיכערן אז די נישע פאלט נישט איין, די וואנט האָט זיך נישט גערירט. קיינער האָט זי נישט געלעכערט. נישט געמאכט א נייעם ארויסגאנג. זי וויל נישט ארויס פון בינשטאָק. ביז איצט איז איר עקזיסטענץ געווען די זעלבע אין ווי אויסער דעם בישנטאָק, די פארבראכטע צייט אויסער אים איז געווען א פארלענגערונג פון דער פארבראכטער אינגעווייניק. אצינד געפינט זיך אויף יענער זייט א וועלט וועלכע זי האָט — מע ווייסט נישט פאר וואָס — א נאָמען געגעבן פרייהייט און פאוולידע האָט מורא באקומען פאר דער וואָס זי אליין האָט א נאָמען געגעבן פרייהייט. די מורא איז אזוי גרויס אז סע דאכט זיך איר אז די בינען וואָס גייען פארביי ווילן איר דערמיט איינרעדן זי זאָל אויך קומען נישט צוליב זוכן א בלעטעלע, א שטעקעלע, אָדער גאָר בלומען-פּאָלען נאָר צוליב דעם אז זי זאָל ארויס אויף דער פריי. רופנדיק גיבן זיי זיך נישט אָפּ א חשבון פון דעם ווייל זיי לעבן ווייטער אין פארלענגערונג. די בינען האָבן באמערקט אז פאוולידע רירט זיך נישט פון דער גאלערייע האָבן זיי געטראכט סע געשעט. דעם צווייטן טאָג זענען זיי געוואָרן אויפמערקזאמער. האָבן באמערקט אז די אויגן אירע שטארצן מער ווי ביי אנדערע. זיי סאמעוועז מיט די אויגן פון באשעפעניש וואָס ליידט פון א קראנקייט וואָס מע רופט באַזעדאָוו (די דערשיינונג איז געווען באקאנט נאָר די בינען פון לאגער, פעלד-בינען באגעגענען נישט אָפּט מענטשן. אז זיי באגעגענען צופעליק איינעם וואָס ליידט פון באזעדאָווס קראנקייט מיינען זיי אז אזוי דארף זיין. אזוי זעט אויס דאָס מין באשעפעניש. פארגלייכן האָבן זיי נישט מיט וועמען, דאָ אין לאגער האָבן זיי אזא מעגלעכקייט, א פּראָפעסאָר פון דער אנטי-שול איז צופעליק באַזעדאָוו קראנק), זיי האָבן אויך באמערקט אז איר שטימע איז געוואָרן א באזונ-דערע. נישט שענער אָדער מיאוסער ווי ביי די אנדערע, נאָר מאָדנע. אז דאָס

איז א סאָרט קרעכצעלע האָבן זיי זיך נישט געקענט פאָרשטעלן ווייל ביי בינען איז עס אבסאָלוט נישט נאַטירלעך.

פאוולידע איז געזעסן ווי א קוואָטשקע, יעדער בינען-אויספלי האָט זי גע-גרוילט, יעדעס מאָל ווען א בין האָט פארלאָזט דעם בינשטאָק האָט זי דורכגענומען שרעק, זי האָט נישט געקאָנט באַנעמען זייער גלייכגילטיקייט ווען זיי האָבן זיך אומגעקערט זשומענדיקע, אָנגעלאָדענע מיט בוי-מאַטעריאַל. פעסטשטעלנדיק אַז דאָס וואָס אויסער דעם בינשטאָק רופט זיך פרייהייט האָט זי אויך תּופס געווען די געפארן וואָס זי אימפּליצירט און טאַקע דערפאר בשום אופן נישט געוואָלט ארויספליען. אין דריי טעג האָט זיך איר גוף באַלייגט מיט פלייש און פעטס. זי איז געוואָרן וויניקסטנס צוויי מאָל אַזוי גרויס ווי א געוויינטלעכע בין. אירע באַוועגונגען האָבן געשאַפן א לייכטע וויבראַציע וואָס האָט דערגרייכט אין אַלע גאַלערייעס באַאומרואיקנדיק די איינוואוינער פון בינשטאָק. איר שטימע איז געוואָרן גרעבער, סטראַשעדיק. די בינען האָבן זי אָנגעהויבן אויסמיידן און בויען א נייע גאַלערייע. זי אָנגרייפן, פרעגן, פאָדערן אַן אויסטייטש האָבן זיי נישט געוואַגט. ליבערשט אָפּזונדערן. ארומצוימען מיט א שיכט ווילד וואַקס. צוזאַמען מיט דער אָפּזונדערונג איז געבוירן געוואָרן דער געדאַנק אַז פאוולידע וואָלט געקאָנט זיין א געטין אָדער א נאָכוואוקס פון געטער. די אינטואיציע האָט זיי נישט אין גאַנצן אָפּגענאַרט ווייל פאוולידע האָט זיך אויפגעפירט מאָדנע, אירע מאַנירן האָבן אין זיך געהאַט עפּעס אויסטערלישס, פרעמדס. אפשר אויך מאָדנע ווייל קיינער ביז איר האָט נישט פארטיילט די איין און איינציקע וועלט אויף צוויי אַזעלכע פארשיידענע: איינע א לגמרי זיכערע און די צווייטע א טאָ-טאַל אומזיכערע. זיצנדיק אין איר נישע, גרויס ווי א ניסל שאָלעכץ, האָט פאוולידע געציילט די בינען וואָס לאָזן זיך אויף דער פרייער וועלט און די וואָס קערן זיך אום, זי האָט זיי געציילט טראַכטנדיק צום ריזיק וואָס זיי נעמען אויף זיך פארלאָזנדיק דעם בינשטאָק. זי האָט שוין לאַנג באַמערקט אַז נישט אַלע קערן זיך אום, אַז א געוויסע צאָל ווערט פארלוירן און געפּעסטיקט איר איבער-צייגונג אַז די וועלט וואָס זי רופט פרייע טראָגט אין זיך גרויסע געפארן. פאוולידע, די איינציקע פון בינשטאָק האָט אַזוי ארום פארשטאַנען אַז אין א ציבור ווי זייערע געהערן די פארלוסטן צום לעבן גופא, נאָך א באַווייז אַז זי איז נישט מער ווי די אַנדערע בינען: זי האָט פעסטגעשטעלט אַז ביי יעדן אויס-פלי גייען לאיבוד צוויי העכסטנס דריי בינען; הײנט אָבער, אויפן דריטן טאָג פון איר זיצן אין דער הייליקער נישע, האָבן זיך פון ערשטן אויספלי נישט אומגעקערט אַכט, פון צווייטן פופצן (סע זעט אויס אַז באַרנאַבעטע האָט זיך ספּעציאַליזירט) און פון דריטן, לעצטן, פופציק. עס איז געווען דער לעצטער

ווייל א דערשטוינטע האָט זיך פאוולידע אָנגעבלאָזן, באקומען א ריזיקן אויס־
מעסט, פארכאפּט פון א שרעקלעכער פאניק אָנגעהויבן ציטערן, דער ציטער
האָט צעטרייסלט די גאלערייעס, דער בינשטאָק איז צוזאמענגעבראָכן און באר־
נאבעטע האָט געזען ווי פון בערגל אין וועלכן ער האָט זיך אָנגעשפּארט ראָיעט
אוועק א בינען פאמיליע מיט א געוואלדיקן זשום. ער האָט געוואָלט דערגיין פון
וואנען זיי האָבן זיך אהער גענומען. אָבער דערצו קיין צייט נישט געהאט ווייל
עמעצער האָט גערופן: לייטנאנט בארנאבעטע!

דער רוף האָט אים געוואונדערט. דאָ איז ער געווען א קורסאנט ווי אלע
אנדערע אָדער העכסטנס א קורסאנט מיט אן אסיסטענט פונקציע און פּלוצים
רופט מען אים מיטן אלטן טשין אין וועלכן ער האָט כמעט פארגעסן, ווייל ער
איז א לערער. דער טשין איז געווען פארבונדן מיט א ספּעציעלער לאגע, מיט
אן אנאָרמאלער, דאָס הייסט פון קריגס־צושטאנד. אצינד אָבער איז ער אין
פלען. פאר אים האָט זיך די מלחמה געענדיקט און דער באגריף קורסאנט האָט
אין זיך עפּעס שלומדיקס, עפּעס פון ציוויל מענטשן אפילו אין אן אנטי־שול.
דאָך האָט ער זיך פאמעלעך גערירט פון אָרט, נאָך אמאָל א קוק געטאָן אין דער
ריכטונג פון די ראָיענדיקע בינען צווישן וועלכע פאוולידע האָט זיך נישט גע־
פונען, זי איז אומגעקומען אין ציטערניש וואָס זי אליין האָט גורם געווען. אָ־
בער בארנאבעטע האָט נישט געוואוסט וועגן פאוולידע און נאָך ווייניקער אז ער
קאָן זיין דער שולדיקער פאר דעם ראָיען פון די בינען, פאר זייער לאָזן זיך
אין א וועלט וועלכער פאוולידע האָט א נאָמען געגעבן פרייע און פאר וועלכער זי
האָט מורא געהאט. ער איז אוועק אין קאנצעלאריע ווייל דער רוף איז געקומען
פון דאָרט. אין קאנצעלאריע האָט ער געפונען דעם קאפּיטאן טשוקאלעו.

דאָס מאָל האָט מען נישט געשטעלט צום טיש קאווער, אפילו נישט
קאווע. טשוקאלעו האָט געהאלטן אז דער שמועס דארף געפירט ווערן ווי צווישן
גלייכע מיט כמעט דעם זעלבן טשין און מיט די זעלבע איבערציינגונגען.

— לייטנאנט בארנאבעטע, האָט ער געעפנט דעם שמועס מיט א פאלש אויפ־
ריכטיקן שמייכל. דו ביסט דאָך אן אונדזעריקער...

ביים וואָרט אונדזעריקער פילט בארנאבעטע א שאָק, פונקט אזוי ווי ער
קען נישט פארשטיין דעם באגריף „לעבן פאָלק“, קען ער אויך נישט פארשטיין
דאָס וואָרט אונדזעריקער, ער האלט זיך פאר א שילער פון דעם זעלבן לערער
און דער באגריף אונדזעריקער שליסט אויס, סע קומט אויס, מער א טאָלעריר־
טער, אויסנדיקער, אָדער א ביסעלע מער ווי נאָר א טאָלערירטער. געזאָגט האָט
ער גאָרנישט. קוקנדיק אויף טשוקאלעון האָט ער געזען אז אויך דאָס מאָל איז
לאָגיק איבעריק.

— די איינהייטן זענען גרייט, האָט געזאָגט דער קאפּיטאַן מיט א טאָן וואָס לאָזט נישט צו דיסקוסיעס נאָר אויספּולן אָרדערס און פליכטן. ער ווייסט און אויך דער מיטשמועסער מוז וויסן אז רעדן רעדט ער אין נאָמען פון דער זאַך און די זאַך דערלאָזט נישט דיסקוסיעס ווייל אין אַלגעמיין זענען זיי סטעריל. די לאַגע, האָט ער געזאָגט, אי די קאָנקרעטע, די היזיקע ווי אויך די אינטערנאַציאָנאַלע פאָדערט אז די איינהייטן זאָלן אָפּלייגן א באַזונדערע שבועה. דו וועסט פאָרן מיט מיר. סע פאָרן אויך אַנדערע קורסאַנטן. די פאָרמאַליטעטן וועט מען אויספּולן אויפן פּלאַץ.

...טראַכט באַרנאַבעטע צו יענעם פרימאָרגן קומט אַלץ אויס טשיקאַווע. צו ערשט האָט זיך געלאָזט הערן דער אויטאָריטאַרישער קריי פון אן אַלטן האָן, דערנאָך האָט א בלאָז געטאָן פון א הויכער טאָפּאָליע, פון קרויט־בלעטער האָבן זיך געקאַטשעט טוי־טראָפּן צו די וואָרצלען, הינט האָבן געהאַווקעט, א טיר האָט געסקריפּעט. א מאַן איז אויסגעוואַקסן אויף דער שוועל מיט א ציגייער אין מויל, א וועווריקל איז געבליבן שטיין געקוקט מיט קיילעכדיקע אויגן אויפן משונהדיקן באַשעפעניש און זיך געלאָזט געאיילט צו די אייגענע זוכענישן, א טרומייטער האָט געמאָלדן אז עס איז צייט אויפשטיין און דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן האָט זיך א גאָס געטאָן אין דער געוויינטלעכער קאָרעטע. צו ערשט זענען זיי אָנגעקומען צו אן אימפּאָזאַנטער געביידע אין דעם זעלבן הויף מיט א קלויסטער. פיר טורעמלעך אַלע ווי ציבעלעס — אן אָרטאָדאָקסישער הייסט עס. מע האָט זיי אַריינגעפירט אין א גרויסן זאַל. אויף די ווענט איקאָנעס, צלמים, גלחישע קליידער — אן אויסשטעלונג. א מוזיי איז עס נישט. אַלעס איז ניי. אויפגעלייגט האָט דער קאַפּיטאַן אָנגעקלאַפּט אין א טיר. ער איז אַריין, פאַרשפּעטיקט א קורצע צייט ווען ער איז אַרויסגעקומען איז ער נישט מער געווען אויפגעלייגט, א מאַך געטאָן מיט דער האַנט, א פאָרוואָורף דער וועלטס נאַרישקייט און איינגעשפּאַרטקייט, אָבער א פאָרוואָורף וועלכן מע דאַרף נישט דראַמאַטיזירן.

— דו באַרנאַבעטע וואַרט אונדז אָפּ אויף דער אכסניה. מיט דיר איז די זאַך פּשוטער. מיט די איבעריקע — די איבעריקע זענען געווען ניין און צוואַנציק קורסאַנטן פון פאַרשידענע אַנטי־שולן — איז עס א ביסעלע קאָמפּליצירטער. זיי מוזן נאָך אויספּולן אייניקע פאָרמאַליטעטן פאַר דער פּראָצעדור. די פּראָצעדור וועט זיין א קורצע. נאָך דעם פאָרן מיר ווייטער.

אַזוי האָט זיך באַרנאַבעטע דערוואוסט אז סע שטייט פאַר אים א א פּראָצעדור אָבער נישט אין וואָס זי באַשטייט. אז סע קאָן נישט זיין די רייד וועגן א יורידישער האָט ער זיך פאַרגעשטעלט ווייל אויב אַזעלכע וואָלט ער געדאַרפט זיין אָדער א באַשולדיקטער אָדער אן עדות און לויט זיין וויסן איז ער אין

גאַרנישט שולדיק און א געשעעניש וואָס זאָל פירן צו א פּראָצעס און עדות זאָגן האָט ער נישט בייגעוואוינט. א סך שפּעטער האָט ער זיך דערוואוסט אז די איבעריקע זענען אוועק מיטן קאפּיטאַן אין שטאָט זוכן מיידלעך וועלכע זאָלן זיין גרייט חתונה האָבן אויספולנדיק אלע פאָרמאַליטעטן אָבער נאָר פּראָ-פאָר-מאַ, נאָר אויף עטלעכע שעה אָדער גאָך ווייניקער, ווייל די חתונה נייטיקייט איז אייגנטלעך נישט געווען נייטיק. זי איז געווען נישט מער ווי דער רעזול-טאַט פון עמעצנס אייגנעשפּאַרטקייט אז די פּראָצעדור — נישט א יורידישע, פון א גאַנץ אנדער סאָרט אָבער נישט ווייניקער פּראָ-פאָרמא — זאָל פאָרקומען מיט פאַרהייראַטע מענער. נאָך דעם וואָס ער האָט זיך דאָס דערוואוסט האָט באַרנאַבעטע א צייט געטראַכט צי זענען די מיידלעך אויך געווען פון אנטי-שולן, שפּעטער אויף דעם געדאַנק מוותר געווען ווייל עס איז באמת נישט געווען וויכטיק.

די געשעענישן האָבן זיך אָפּגעוויקלט נישט פּינקטלעך ווי באַרנאַבעטע האָט זיך דערוואוסט. אז עמעצער האָט זיך איינגעשפּאַרט די פּראָצעדור זאָל אדורכגעפירט ווערן לויט אלע רעגלען איז געווען אמת, צוגעשריבן די איינגע-שפּאַרטקייט האָט מען נישט אַן אנדערן ווי פאַרפעניע דעם נשמות פאַרזאָרגער פון א זייער אלטער און בכבודיקער שטאָט און פון א גרויס פאָלק. אין יענעם אינדערפרי האָט זיך זיין הייליקער בליק אָפּגעשטעלט לענגער אויף איינער פון די איקאָנעס אין זעלבן זאַל אין וועלכן ער האָט אויפגענומען משה טשוקאַלעו. (צי משה טשוקאַלעו האָט זיך פאַר אים פאָרגעשטעלט מיט דעם נאָמען ווייסט מען נישט ווייסן). עס איז שווער צו וויסן צי האָט ער דאָרט געגעבטיקט ווי סע פלעגט צו מאָל געשען, אָדער ער איז געקומען פריער ווי געוויינטלעך — שלאָפ-לאָזיקייט איז א נאַטירלעכע דערשיינונג אין זיין עלטער. ער האָט געהאָפט צו געפינען ביי די איקאָנעס אן ענטפער אויף דער פראַגע: פאַר וואָס פאַרלאָזט די יוגנט די קירכע? צווישן יאָ, ניין און אפשר האָט אויפגעלויכטן א געדאַנק, אז ענטפער וואָס איז צו גיך פאַרביינגעפלויגן אז זיין אלטער שכל זאָל אים קאָנען אויפכאַפּן. ער האָט געוואָלט שעלטן די עלטער, זיך באַצייטנס באַטראַכט. אויך די עלטער איז נעגעבן פון גאָט און די שולד קאָן ליגן אין זיינע מער אָדער ווייניקער באַקאַנטע חטאים און ווי באַוואוסט טונקלען זינד די געדאַנקען. קוקנדיק פאַרקלערט אויף די איקאָנעס איז אים איינגעפאַלן אז די שולד קאָן ליגן אין זיי. זיי רופן נישט אַרויס קיין שום געפילן ביים מאָדערנעם מענטשן, זענען נישט אימשטאַנד אים אויף וואָס פאַר א סע זאָל זיין אופן צו באַאיינפלוסן. זיין בליק האָט פאַרטשעפּעט אויף א לענגערער צייט די איקאָנע וואָס שטעלט פאָר דעם דערלייזער אויפן באַרג-תבור, אן אָרעם בערגל איבער וועלכן סע הענגען צווישן

הימל און ערד דריי פיגורן, טעקלעך מיט כמארע־בייגל ארום די לענדן. דאָס האָט אים דערמאָנט אין אנדערע בילדער מיט מענטשן וואָס שוועבן. אין די צייטן ווען גאָר גרויסע מאָלערס האָבן זיך אינספּירירט פון די הייליקע שריפטן, אַז אין יענע צייטן איז די קירכע געווען שטרענגער און מיט מער קאָנסעקווענץ געהיט די טראַדיציעס. ער האָט פעסגעשטעלט אַז ער איז צו טאָלעראַנט. אין יענעם מאָמענט האָט עמעצער אָנגעקלאַפּט אין דער טיר, פּאַרפּעניע האָט גע־מיינט אַ קינסטלער, אַ מאָלער האָט זיך דערמאָנט אין קלויסטער. געווען איז עס טשוקאַלעו. דער אַלטער פּאַרפּעניע האָט געפּאָדערט די קאַנדידאַטן זאָלן זיין פּאַרהייראַטע אַזוי ווי די דאָגמע וויל. באַרנאַבעטע אַ באַווייבטער — דערצו אַ טעכטערל. אַ שוואַכינקס — האָט געקאָנט וואַרטן אויף דער אכסניה. האָט ער געוואַרט. שפּעטער זענען זיי ווידער געגאַנגען אין פּריערדיקן זאַל. טישוקאַלעו האָט ווידער געקלאַפּט אין טיר. איבערגעגעבן נאָר די חתונה צייגנישן — ווייזן די גטן האָט נישט געהאַט קיין זין — אַרויסגעקומען פון דאָרט מיטן אַלטן פּאַט־ריאַרך וועלכער האָט געזאַלבט אַלע דרייסיק — אַן אויסערגעווייינטלעכע פּראָ־צעדור, ספּעציעל פאַר קריגס־צייט און אַלע זענען פון דאָרט אַרוים מיליטערישע גלחים.

ווען באַלדור האָט באַגעגנט באַרנאַבעטען אויפן גאַס וואָס פירט צום קליין־קונסט טעאַטער האָט אים אַ שלאָג געטאָן די פאָרמול „איך סאַלדאַט באַלדור שווער" ווייל ווען דער גלח איז געקומען און ער מיט זיין איינהייט האָבן געקנייט אויף אָפּגעבן די שבועה האָט אים איבערראַשט דעם גלחס אויסדרוק. סע האָט אויסגעזען באַרנאַבעטע חלומט אָדער לעבט אין אַ קאָשמאַר. אין אַ געוויסער מאָס איז עס טאַקע אַזוי געווען. פון יענעם אינדערפרי ווען דער האָן האָט גע־קרייעט און אַלעם איבעריקע האָט באַרנאַבעטע ווייניק וואָס פאַרשטאַנען פון דעם וואָס געשעט און אויך פון דעם וואָס סע וועט געשען שפּעטער. דערפאַר האָט זיך איינגעקריצט זיין פּנים אין באַלדורס זיכרון און ער האָט אים דערקענט כאָטש פאַר דער צייט האָט עס זיך אומגעקערט צום געוויינטלעכן אויסדריק און פונסניי געביטן. אָבער אנדערש...

...ווען דער אינסטרוקטאָר האָט געפרעגט „ווער איז דיין טאַטע?" און דינה באַרנאַבעטע האָט געענטפערט „אַן אויסגעגלחטער גלח" איז זי נאָך נישט גע־ווען אַ טאַלאַנטירטע שוישפּילערין אַן אָנערקענטע אַלס אַזעלכע און באַליבטע אויך ביים פּובליקום וואָס דאַרף אַ באַשטעטיקונג פון דער עפנטלעכקייט. דאָס הייסט פּאָטענציעל טאַלאַנטירט יאָ, און נישט נאָר פּאָטענציעל. דאָס האָט גע־קאָנט זאָגן יעדער דירעקטאָר אָדער רעזשיסער אַזוי ווי זיי האָבן דאָס געטאָן

שפּעטער. צו יענער צייט האָבן זיי זי נאָך געהאַלטן אין רעזערוו. זיי האָבן זי געלאָזט זיך צייטיקן. קאָכן א צייט אין אייגענעם סאָק, זיי האָבן נישט געקאָנט דערלאָזן אז עפּעס א פּלאַמפּלעצל וואָס האָט נאָר וואָס פאַרלאָזט די שול זאָל זיך באַווייזן צוזאַמען מיט אָנערקענטע אַקטריסעס וועלכע האָבן „מיט שוויים. טרערן און בלוט געוואַשן די בינע-ברעטער“, וועלכע האָבן געטראָגן טואַלעטן מיט וועלכע זיי האָבן פאַסצינירט די בוקאַרעשטער צושויער און נישט נאָר די בוקאַרעשטער נאָר אויך די פּראָווינץ און ווי באַוואוסט איז די פּראָווינץ אָן איבערקלייבעריש. אזוי אז ווען דינה האָט געזאָגט „אן אויסגעגלחטער גלח“, איז אים אַלץ געוואָרן קלאָר און ער האָט זיך מיט איר מער נישט אָפּגעגעבן. פאַר אים איז דער ענין געווען דערלעדיקט און ער האָט רואיק געקאָנט אַרויס-טראָגן זיין פּסק-דין: אויפנעמען קאָן מען זי נישט.

דינה האָט נישט געזאָגט אז זי וויל אויפגענומען ווערן, שפּעטער ווען דער אינסטרוקטאָר, נישט פון אייגענער איניציאַטיוו נאָר אויף אָן אָנדייטונג פון העכער, וועט זי עצהן, וועט איר איינרוימען מיט טאַקט זי זאָל נישט מיינען אז עמעצער צווינגט זי, זיך איינצושרייבן וועט זי „צווייפלען“. דאָס וועט זיין דעם אינסטרוקטאָרס אויסדריק ווען ער וועט ראַפּאָרטירן וועגן זיין חודשלעכער אַרבעט; איר צווייפלען וועט ער דערקלערן דערמיט וואָס זי איז א קרענקלעכע, א פאַרשלאָסענע נאַטור, און וועט זיין גערעכט ווייל אַזעלכע זענען זיי די נאַ-טורן — פאַרשלאָסענע. אפילו די אָפענע זענען אויף זייער אופן פאַרשלאָסן.

עטלעכע יאָר האָט דינה געקענט איר פאָטער נאָר פון פאָטאָגראַפיעס און פון דער מאַמעס דערציילונגען. נאָך דעם האָט זי אים איבערהויפּט נישט גע-קענט. שפּעטער ווידער אָבער אין גאַנצן אַנדערש. בעת דער מלחמה און א צייט נאָך דעם האָבן א מענגע קינדער געקענט זייערע טאַטעס נאָר פון פאָטאָס. טאַ-טעס אויסגעטראַכטע פון מאַמעס וואָס האָבן נישט געוואָלט אז דאָס יינגעלע אָדער מיידעלע זאָל וואַקסן אין גאַנצן אָן (אַמאָל פלעגן אזוי געבוירן ווערן געטער און אָפּאָסטאָלן; אָבער דאָס איז געווען אַמאָל). ווען באַר-נאַבעטע האָט באַקומען דעם מאָביליזירונגס-בילעט איז דינה — א שוואַכנקע — אַלט געווען דריי יאָר. אין מיידעלעס זכרון וואָלט געווען געבליבן א פאַר-ווישט בילד פון א דאָרפס-לערער ווען די מאַמע זאָל נישט געווען מאַכן פון אים א לעגענדאַרן העלד. אפשר כדי זיך פילן באַשיצט אָדער ווייל אין צייט פון מלחמה „קאָן מען נישט וויסן“. אין די לעצטע מלחמה-יאָרן האָט זי שרעק-לעך געמוטשעט דער געדאַנק אז מע קאָן נישט וויסן און זי האָט אויפגעהערט דערציילן וועגן לעגענדאַרע העלדן; זיך אויסבאַהאַלטן מיט איר געוויין ווייל דאָס קינד איז א שוואַכס. אויפן בילד — א ליכטיק פּנים. די האָר פאַרקעמט אויף

צוריק — האָט בארנאבעטע אויסגעזען א מילדער. די מלחמה האָט געדראָלבעט זיינע שטריכן מיט א שטומפיקן דלאָט, געריסן שטיקער, איבערגעארבעט, אנדערש צוזאמענגעשטעלט. דינה פלעגט נעמען דעם גרויסן קאָפּ אין אירע דינע הענטלעך, קוקן אין זיינע אויגן געוואָלט אנטדעקן דאָס וואָס איר טאטע האָט אויפגעטאָן אין דער מלחמה. דעמלט פלעגט ער לאכן.

— וואָס זוכסטו? זי האָט נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערן. דאָס פלעגט געשען זעלטן, בארנאבעטע האָט פאר איר נישט געהאט צו פיל צייט. ער האָט זי נישט געהערט זינגען, רעציטירן. ער האָט קוים געוואוסט ווי אזוי סע קלינגט איר קול. ער איז געווען פארנומען: טיילן און ווידער-פארטיילן ערד, בויען און איבערבויען, מאָביליזירן און דעמאָביליזירן; וועגן מיידעלע — נאָך אלץ א שוואכינקס — איז נישט געבליבן צייט. ענדלעך ווען ער האָט באקומען צייט גענוג און וואָלט געוועון געהאט די געלעגנהייט זיך צו באקענען מיט זיין טעכטערל איז פאר אים די צייט געוואָרן די באדינגונג פון זיין נישט עקזיסטענץ און דערפאר איבעריק.

דאָס מאָל האָט דינה, פון הינטערגעהערטע שמועסן, געשאפן א ניי בילד. אין שטוב האָט זיך געדרייט א רעטעניש. בארנאבעטע פלעגט גיין און קומען. צו מאָל פלעגט ער גיין א נישט גערופענער, גרוים ביי זיך ווי א באזאָטלט פערד און צוריקקומען ווי דעמלט ווען ער איז געגאנגען א גערופענער. א מאָדנע גלאנץ אין די אויגן. די ליפּן אין אן אומאויפערלעכער באוועגונג.

— וואָס זיי ווילן? אפשר זענען זיי גערעכט. ווען ער פלעגט זאָגן „אפשר זענען זיי גערעכט", האָט בארנאבעטע נישט געמיינט אז זיי זענען אפשר גערעכט מיט דעם וואָס זיי זאָגן. קאטעגאָריש ניין. די אינפאָרמאציע — אן אנדערט מאָל וואָלט ער געזאָגט דאָס מסירהלע — איז געווען אן אמתע. נישט איין מאָל האָבן פאר אים געקניט גאנצע ראָטעס זאָגנדיק: „איך סאָלדאט... שווער... אזוי זאָל מיר העלפן גאָט"... נישט אמת איז געווען אז ער האָט געמאכט דערפון א סוד, אז אלץ וואָס ער האָט געטאָן — אָרגאניזירונגען און רעאָרגאניזירונגען און אלעם אנדערע—האָט ער געטאָן כדי באהאלטן, לייקענען זיין פארגאנגענהייט און דער עיקר דעם פאקט אז ער איז געווען א גלח זוכנדיק דערמיט צו דיסקרעדיטירן דאָס וואָס ווערט אויפגעטאָן אין לאנד. ער האָט כמעט פארגעסן יענעם פרימאָרגן וואָס האָט אָנגעהויבן מיטן האָן-קריי, זיך געענדיקט נאָך דעם וואָס אלע איינהייטן האָבן אָפּגעלייגט די שבועה און ער האָט אוועקגעוואָרפן דעם צלם, גענומען די ביקס, זי געטראָגן ביז די טאטרא בערג. אצינד ווען ער זוכט אן ענטפער געפינט ער נישט מיט וואָס צו דערקלערן וואָס האָט ער א דאָרפס-לערער געהאט מיט דער גאנצער געשיכטע? ס'איז געווען א היס-

טאָרישע נויטוועגדיקייט. נו, איז וואָס? ווער ביסטו בארנאבעטע זאָלסט לעזן היסטאָרישע נויטוועגדיקייטן? פון דער אבסורדער לאנגע איז ער געבליבן אן אויסגעשלאָסענער און מיט אן אייביקער פראגע: „ווער ביסטו אזוינער בארנא-בעטע?" געבליבן איז ער אויך מיט טרויער אין בליק. דער טרויער האָט זיך דאָרט באזעצט ווען ער האָט אנטדעקט א געוואלדיקן אמת. דאָס איז געווען די צווייטע אנטדעקונג נאָך יענער מיט די שילער פון לעצטן קלאס וואָס ווערן נאָך צוויי אָדער דריי יאָר פונקט אזעלכע נישט-וויסער ווי די וואָס קומען אין ערשטן. דאָס מאָל האָט ער אנטדעקט אז די לעבנס-בוכהאלטעריע איז א טאָפּל-טע. זי ווערט געפירט אויף צוויי שפּאלטן און דאָס וואָס ווערט פארצייכנט אין איינעם קאָן נישט אנולירט, אויסגעקויפט, אָדער קאָמפּענסירט ווערן מיט דעם וואָס מע שרייבט אין צווייטן. פּאסיוו בלייבט פּאסיוו. אפשר דערפאר האָט אים אזוי געוואונדערט וואָס מע האָט זיך פאררופן אויף זיין גלחות ווען מע האָט געקאָנט נעמען זיין ערשטע באוואוסטזיניקע אקציע, די בלינדע הינטלעך וואָס ער האָט געוואָרפן אין טייך. די מאמע האָט געזאָגט: זיי זענען צו פיל די צווינ זאָל זיי קאָנען האָדעווען, האָט ער געוואָרפן אין טייך בלינדע קיילעכלעך לעבן וואָס האָבן אין וואסער קוים א טרעפּע געטאָן. זיי האָבן קיין כח געהאט. דעם לעבן אין פלייש-קיילעכל האָט געפעלט די טויטע רישטאָוואניע וואָס זאָל עס ראטעווען.

דינה האָט זיך וועגן דעם אלעם דערוואוסט שפּעטער, אין לעצטן יאָר פּא-קולטעט נאָך דעם וואָס זי האָט אינטערפּרעטירט ראָלן פון העלדן וועלכע זע-נען פארכאפּט געוואָרן פון די געשיכטע מיל-שטיינער. דעמלט ווען זי האָט פאר-שטאנען אז דער שפּיל איז אומבארחמנותדיק. דעם טאטנס גורל האָט איר פא־שאפן א שטילן צער. אלץ וואָס זי טוט איז באגלייט פון א לייכטן טרויער. אפשר מיט דעם אונטערשיידט זי זיך פון אלע אנדערע אויף דער בינע. אפשר ווערן די צושויער פארכאפּט ביי איר באווייזן אויף דער סצענע פון אָט דעם טרויער שלייער.

אצינד האָט זי שוין געקאָנט לאנג קוקן אין טאטנס אויגן. ער האָט מער נישט געלאכט און זי האָט נישט געהאט וואָס צו אנטדעקן חוץ דעם אז ער איז מיט איר אפשר איינשטימיק: צו מאָל וואָלט מען געדארפט האָבן דעם כח אויסצומיידן דער געשיכטעס מיל-שטיינער. איבערהויפּט יענע וואָס בארעכטיקן זיך מיט זייער אומרעכט. אָבער ווי אזוי...?

היינט ווען ער איז זי געקומען זען אין טעאטער-פּאָאיע, האָבן זיי זיך לאנג איבערגעקוקט און נישט געפינענדיק עפּעס נייעס, עפּעס וואָס זאָל אָפּטאָן זייער טרויער האָט זי אים לייכט געשטופּט צום ארויסגאנג נישט צוליב דער קורצער

רעפליק וועלכע זי האָט געדאַרפט ברענגען צו דער רעפּעטיציע מיט דריי און צוואַנציק מינוט פאַר דער צווייטער, אויך אַ קורצע, נאָר ווייל זי האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן זיין לאַנגע וועלכע, ווי סע האָט זיך איר היינט געדאַכט, וועט שוין בלייבן אַזעלכע ביז זיינע אויגן וועלן זיך אויסלעשן און מע וועט אין זיי גאָרנישט לייענען.

דאָס מאָל האָט זי זיך אָפּגענאַרט, ווען זי איז אַרויס פון טעאַטער — די רעפּעטיציע איז אָפּגעלייגט געוואָרן — האָט זי דערזען איר פאָטער רעדנדיק מיט באָלדורן און ביידע האָבן געלאַכט ווי צוויי יינגלעך וואָס האָבן אָפּגעטאָן ווער ווייסט וואָס פאַר אַ שפּיצל. זי איז געלאָפן אין זייער ריכטונג — אַזוי גיך וויפל סע האָבן איר דערלויבט די קראַנקע נירן — און איז געבליבן דער־שטוינט זעענדיק אַז פון איר טאַטנס בליק איז פאַרשוואונדן, ווי מיט כישוף, אוועקגענומען געוואָרן, דער אומבאַוועגלעכער, דויערנדיקער. אייביקער טרויער.

— מיידעלע, טאָכטער לעבן, אַלץ איז דאָך געווען נישט מער ווי אַ ווערטל, און איך אַלטער נאַר האָב מיר נישט פאַרגעשטעלט.

באַרנאַבעטע האָט זיך אָנגעלענט אויף דער טאָכטערס אַקסל געטרייסלט פון אַ ספּאַסמאָדיש געלעכטער.

*

דאָ ענדיקן זיך פּאַפּירן, שמות, דערציילונגען וועלכע האָבן אויסגעזען פּנחסן וויכטיק צו גניזה. האָט ער זיי באַהאַלטן. אפשר איז ער געווען גערעכט. אפשר איז עס געגנוג פאַר דעם פון מלחמות און איבערקערענישן געמוטשעטן יאָר־הונדערט. אפשר ווייל ער האָט געמיינט אַז אין דעם גרויסן גערודער זענען פאַראַן אַ סך, אומצאָליקע וואָס זיך געפינענדיק אין סאַמע ברען פון געשעע־נישן בלייבן זיי האַלב־שטומע, שוויינגנדיקע כאָטש דאָס יאָרהונדערט איז זיי־ערס. אפשר האָט ער גאָר געמיינט אַז מיט זייער שווייגן טראָגן זיי די פאַראַנט־וואָרטלעכקייט פאַר די באַרעדעוודיקע.

אפשר... אפשר... אפשר...

# פראָלאָג צו עפּילאָגן

אוראייניקלעך האָט פּנחס נישט דערלעבט, אייניקלעך יאָ. און דאָס צוויי מאָל, דאָס ערשטע מאָל פאַר דער מלחמה, אין גאַנצן צוויי. א יינגעלע וואָס איז געקראָכן אויף דער באָבע צירל ווען דאָס הארץ האָט איר קוים געדינט און ער, פּנחס, האָט זיך געשראָקן דאָס קינד זאָל זי נישט דערשטיקן; און א מיידעלע וועלעכס סע האָט געהרגעט בעת דער מלחמה א דייטש אָדער אן אנדער פליער וועלכן מע האָט געגעבן אן אעראָפּלאַן און געזאָגט: מע מעג, אָט האָסטו א שפּי-לעכל, שפּיל דיך. און ער האָט זיך געשפּילט.

נאָך דער מלחמה האָבן זיי זיך געמערט, זעט האָט ער זיי ווייניק געזען ווייל צעוואָרפענע איבער טייכן און לענדער וועלכע האָבן נישט ליב פאַרעכצן, גע-גוג נע-ונדעט, זיצט אויף אייערע הינטנס און גיט אייך אָפּ מיט וואָס מע דאַרף. פאַרעריי איז פליאַטקעס און פליאַטקעס האָבן מיר פיינט. עס איז שווער צו זאָגן אז זיי זענען נישט גערעכט, ווער וועט איינשטעלן זיין כבוד און באהויפּ-טן אז פליאַטקעס געהערן צום מענטשלעכן וועזן? מע קאָן דאָך ווערן אויף חוכא-וטלילא אויף וועלטס געלעכטער.

נחת? ווי אזוי קאָן זיין נחת ווען מע איז אָפּגעריסן פון וואָרצלען און צווייגן. וואָלט ער געקאָנט שעפּן א ביסעלע נחת גלאַט אזוי, פון א וועלט וואָס לעבט דאכט זיך בעסער. מענטשן ליידן נאָך אלץ פון הונגער אָבער ווייניקער. סע זענען נאָך פאראן קאנטן וואו זיי גייען ארום נאקעט אָבער נישט אין גאנצן. באקומט אים דאָס אויך נישט.

געבליבן איז ער מיט צילקען אן אלמנה מיט א קינד דאָ, פּערל אן אלמנה מיט א קינד ערגעץ אנדערש, צוויי זין אויף דער ברייטער וועלט נאָר איין אורי דאָ א פארנומענער. ער מאכט גליקלעך א וועלט האָט קיין צייט א שמועס טאָן מיטן טאטן. דאָס אייניקל, די קלוגע, זי וועט אויפמישן שמועסן ווען פּנחס וועט בייזיין א יענעוועלטיקער און זאָגן א וואָרט וועט אויסקומען שווערער. דעם שמועס וועט זי אויפמישן ווען דאָס יאָרהונדערט וועט זיין צו ענדע, ווען נישט וויסנדיק וואָס צו טאָן דערמיט וועט זי זוכן א פּויער אים פרעגן: וועלכער איז

דער וועג קיין גליק לאנד — א פויער מוז וויסן. פון דעם וועט זי אייגנטלעך לאכן. ווייל א פויער, מיינט זי, ווייסט דעם דאָ דאָ. ער איז א גימל-ערדיקער אויפן שטח וואָס גיט אים ברויט, רו און מענטשלעכקייט — מעג זיין אין אָפּ-געריבענע שיאַקענע הויזן. פאר איר איז עס ווייזט אויס ווייניק.

געשעט — זעלטן, אָבער סע געשעט אויך ביי מיט דער וועלטס גליק פאר-נומענע — אז אורי זאָל לייענען דאָס בוך „יפתח און זיין טאָכטער“ ווייל ער זעט ווי די געשיכטע ווערט דערציילט אין שופטים, בעט ער: טאַטע, ווייז דאָס קאַפּיטל און פּנחס שפּאַרט זיך איין ווי אויף להכעיס, ניין און ניין. ביז אין א טאָג ווען ער איז מוותר אויף זיין איינגעשפּאַרטקייט, עפנט א תנכל אָבער, נישט דאָרט וואו אורי האָט געוואָלט.

— זיץ, זאָגט ער און וואַרט אורי זאָל זיך זעצן ווי אמאָל ווען ער איז גע-ווען זיין תלמיד. אצינד לייען!

סע זענען די לעצטע קאַפּיטלען פון שופטים, עס איז די שרעקלעכע גע-שיכטע וואָס הייבט אָן מיט: „ס'איז געשען אין יענע טעג ווען ישראל האָט קיין מלך נישט געהאַט“ און ענדיקט זיך מיט די ווערטער: „אין יענע צייטן איז א מלך אין ישראל נישט געווען און יעדער האָט געטאָן ווי עס איז געווען רעכט אין זיינע אויגן“; די געשיכטע מיט א זון פון לוי (וועמענס נאָמען עס ווערט נישט דערמאָנט ווייל אלע זין האָבן רעכט אויף גערעכטיקייט) וואָס איז גע-גאַנגען נעמען זיין קעפּס-ווייב פון בית לחם. זי איבערבעטן, איר מוחל זיין איר זנות און זי ברענגען אהיים. האָבן די זין פון גבעה וואו אים איז אויסגעקומען איבערצונעכטיקן געוואָלט אים, דעם זין פון לוי, דערקענען. האָט גבוי ביי זיי געהייסן דורכבויערן מיט זייערע גלידער דאָס וואָס איז ביז היינט אויף דער וועלט א פאַרברעכן. האָט מען זיי געגעבן זיך צום איזדיקעווען (ווייל די פון גבעה האָבן אין זיך שוין דעמלט געהאַט עסעסישע אינסטינקטן) דאָס קעפּס-ווייב וועלכע זיי האָבן געהרגעט מיט זייערע גלידער. און דער מאַן פון לוי האָט באַקומען מוט און אויסגעשריגן אויף א ווילדן אופן די אומגערעכטיקייט וואָס איז אָפּגעטאָן געוואָרן מיט זיין קעפּסווייב; האָט זיך פאַרזאַמלט ישראל אין צאָל פון פיר הונדערט טויזנט שווערד ציער צום באַשטראָפן די מערדער מיט דער שאַרף פון דער שווערד“.

אורי האָט געלייענט ווי אמאָל, מיט א ניגון, געמיינט דאָס וועט אים העלפן פאַרשטיין דעם טאַטנס ווילן און ער האָט נישט פאַרשטאַנען.

— שווער צו פאַרשטיין, האָט גערזאָגט פּנחס און אין זיין געוויינטלעכן לייכטן חוזק האָט זיך אריינגעפּלאָכטן א ביטערער פּאָדעם, אוודאי שווער. דאָס איז געשען אמאָל צוליב א קעפּס-ווייב. היינט צוליב זעקס מיליאָנען געשעט גאָרנישט עס איז לייכטער צו פאַרגעסן. שכחה פאַרדייעט מען אָן בויך גרימענישן.

# עפּילאָג א:

## א וויזיט

„טרויעריק קינדער, אף דער וועלט דער ברייטער, גראָמער, ביטער. מיט א משל כאָטש זיך קוויקן לאָמיר“.

א. שטיינבארג.

הארבסט. דער פרימאָרגן האָט זיך אויפגעהויבן אין זילבערן נעפּל. שלייכט זיך דאָס נעפּל דורכזיכטיק, דרייט זיך אין ברייטע ספּיראַלן איבער גאַסן, פּלעצער און מארקן. גאָלדן ווינקט עס פון די בערג. איבער דער שטאָט הערשט שטיל־קייט. צו פרי דער עולם זאָל זיך א לאָז טאָן מיטן געוויינטלעכן אימפּעט נאָכ־לויפן דעם שטיקל ברויט. דערוויל שלאָפט ער, דער עולם. פּנחס האָט גענומען שטילינקערהייט א פיס־בענקעלע, ארויס פון דושנע צימער אויפן הויף. אין צימער איז די לופט א דיקע, א הארטע און דערצו א שטינקענדיקע. פינעף נפשות אין איין צימערל איז צו פיל. אָפּגעוואוינט. צוויי מיידעלעך פון איבער צוועלף יאָר ליגן מיט ביזן האלדז פּארקאטשעטע נאכט־העמדלעך. ער שלייכט פּארביי לעבן זייער נישט צייטיקער נאקעטקייט, צו אלט זיך דערביי אָפּצושטעלן. אָבער שטערן, שטערט עס אים. א נישט אָנגענעם געפיל זיי זאָלן וויסן אז דער זיידע האָט זיי געקאָנט זען נאקעטע. מיידט ער דאָס אוים. דאָ אויפן בענקעלע שטערט ער קיינעם נישט. שוין איבער א וואָך זינט ער איז געקומען צו גאסט. געוואָלט זען דעם זון, די שניר, די קינדערלעך. נישט דאָס ערשטע אייניקל. יענץ איז געוואקסן אויף זיינע אָרעמס. געבליבן אליין נאָך צירלס טויט פלעגט ער זיך טרייסטן מיט דער קליינער צירעלע. איז זי אומגעקומען אין דער מל־חמה. אָנגעפלויגן, געשאָסן פון מאשינען־געווערן אויף אלעמען, נישט געזוכט ספּעציעל קיינעם. גלאט געשאָסן. אפשר האָבן זיי יאָ געזוכט. אפשר איז אזוי געווען אָנגעשריבן. אייגנטלעך איז דאָס מיט דעם אָנגעשריבענעם א נארישקייט; אלץ אָנשרייבן קאָן מען נישט. אפילו גאָט אויך נישט. „כ׳ווייס?“ צווייפלט ער

א רגע. א מיט גאָלד באַזוימט כמאַרעלע האָט א ווינק געטאָן גלייך סע וואָלט געסטראַשעט.

געקומען זען ווי סע לעבט זיך כילן. אפשר געוואָלט דערמיט פאַררעכטן א פעלער, די באַציאונג צו כילן איז נישט שטענדיק געווען די בעסטע. אים שטענדיק פאַרנאָכלעסיקט. אָפּגעקומען מיט: הע, כיל. ערשט שפּעטער ווען אלע זענען אוועק, ווען איין כיל איז געבליבן אין דער נאָענט, האָט ער זיך מער איינגעקוקט און אנטדעקט זיינע מעלות. געבליבן געטריי דער מלאכה נישט פאַרלאָזט די פאַבריק, זיך אַרויפגעאַרבעט צו דער מדרגה פון א ספּעציאַליסט אָן הויך-שול, אָן מיטל-שול, נישט מער ווי מיט אייגענעם פאַרשטיין: געלייענט, געשפּילט שימעלע סאָראָקער איז א שטאָט געגאַנגען כאָדאָראָם; א טאַלאַנט. א שאָד וואָס נישט אַריין אין דער „ווילנער". אויך דאָ איז ער אן אָנערקענטער ספּעציאַליסט. „נו. איז וואָס?" פרעגט זיך פּנחס מיט פאַרדראָס. אצינד לייענט ער ווייניקער כאָטש דאָס לאַנד איז א לייענעדיקס. גידול בנות לאָזט נישט, דאגות פּרנסה לאָזן נישט, און די פּרנסה? וואָלט ער זיך געדאַרפט אַריינלאָזן אין געשעפטן נישט זייער כשרע ווייל כשרע מאַכט מען נישט, קאָן ער נישט, זיין פאַך איז בינדן פּעדים מאַכן פון זיי געוואַנט. אוועקטראָגן קאָן ער נישט עס איז אים פרעמד. געגלייבט אז דאָ וואו אלץ ווערט געטאָן אין זיין נאָמען וועט מען זיך צו אים באַציען אַנדערש, וועט מען אים נישט שענקען כבוד ווייל דער כבוד וועט זיין זיינער, נישט ווי אַמאָל ווען דער כבוד און די פאַבריק האָבן געהאַט דעם זעלבן בעל הבית און דער בעל הבית פלעגט שענקען א טייל פון כבוד; דעמלט איז „זעצט אייך", „זייט מוחל" צי אפילו דער ענטפער אויפן „גוט מאָרגן" געווען א מתנה. אבער דאָ... האָט זיך אויסגעלאָזט א קליין צימערל פאַר פיר נפשות, קוים וואַסער אויף קאַשע און אויף קיינעם נישט ברוגז, קיינעם קיין פאָרוואָרף. אפילו נישט די אייגענע ברידער און שוועסטער. „און זיי?" זיי טראַכטן נישט דערצו; זיי איז אויך נישט בעסער. „זיי האָבן דאָס געוואָלט... שווער. צו שווער און צו אַלט צו פאַרשטיין". א לייכט ווינטעלע ברענגט א שטראָל. די שטאָט וואַכט אויף ווי דורך כישוף און דאָס לויפעניש נאָכן שטיקל ברויט הייבט אָן. „אן אָפּנאַרעריש אזא דאָס שטיקעלע ברויט. פאַלט אים איין, א שאָלטיק. לויפסט דעם נאָך און דאָס האַלט אין איין אַנטלויפן". אָט לויפט ער נאָך דעם שטיקל ברויט, גרויסע אויגן, צעשויבערטע האָר, שטענדיק געווען א שיינער, א שטאַלטנער. די געדאַנקען זענען שוין ביי די מאַשינען ער גיט דער געזעגלשאַפט אירס פון מאָמענט וואָס ער שפּרינגט פון בעט. „צי טראַכט ער אַמאָל אז מע האָט אים אָפּגענאַרט. אז סע וואָלט אים געקומען אַנטשעדיקונג? אפשר וואָלטן זיי, די עלטערע, אים געדאַרפט אויסצאָלן... יאָ, יאָ,

אויסצאָלן. אָבער פון וואָס?" ביי דעם געדאנק בליט דער ביטערער שמייכל און ער פרעגט די שניר: וואו איז דאָ, זיי מוחל, דער בית עולם?

— וואָס גאָר פּלוצים דער בית עולם? וועמען זוכט איר דאָרט? וואָס אזוי פרי? נעמט עפּעס קודם אין מויל.

— אויפן בית עולם איז כדאי צו גיין אויפן ניכטערן מאָגן, בארואיקט ער די שניר און דער שמייכל איז נאָך אלץ א ביטערער.

דער בית עולם איז אויסער דער שטאָט, גייט ער פאמעלעך איבער דער אמאָליקער יידישער גאַס. קוקט זיך איַין זעט עס אוים מאָדנע: נישטאָ קיין פּנים חדשות. עפּעס צו ענלעך זענען אלע אין זייער גרויקייט, צו ענלעך און צו פרעמד. פּלוצים שטעלט אים איינער אָפּ. רופט אים ביים נאָמען,

— זייט מוחל רבי פּנחס, אפשר קאָנט איר אריינקומען אויף א רגע. א ייד וויל זאָגן קדיש.

— קדיש? וואו? פּנחסן וואונדערט פון וואנען דער ייד קען אים אָבער יע־נעמס איילעניש לאָזט נישט צייט אויף זיך נאָכפרעגן.

— טאקע דאָ דערנעבן, ביי מיר אין שטוב.

— פאר וואָס גייט ער נישט אין שיל?

— אייער כיל האָט טאקע געזאָגט אז איר האָט ליב א ווערטל, אָבער ביי דער געלעגנהייט...

— זייט מיר מוחל. כ'האָב עס געמיינט ערנסט.

— כיל האָט אייך נישט דערציילט?

— וואָס זאָל ער מיר דערציילן?

— דער עולם איילט זיך. א סך צייט בלייבן איז נישט גלייך. פּנחס לאָזט זיך פירן. ווידער א קליין צימערל. ציבטיק. ווייזט אוים נאָר ער האָט געפעלט צום מנין. ווי נאָר ער טרעט אריבער די שוועל הייבט שוין אָן זאָגן איינער קדיש, שוין זענען אויסגעוואקסן גלעזלעך און בראָנפן. אין איילעניש ווינטשט מען דער נשמה אן עליה און שוין איז דער עולם צערינען.

— האָט אייך הייסט עס כיל גאָרנישט דערציילט.

— וואָס האָט ער מיר געדארפט דערציילן?

— גאָרנישט. ווייזט אוים אז טאקע גאָרנישט.

א פירשפראכיקער איז דאָ דער יידישער בית עולם. די גאנצע צייט יידיש (צוויי אותיות, אבי עפּעס) צום אָנהייב דייטש, נאָך דעם רומעניש און אצינד רוסיש. קעגנאיבער איז דער צווינטער; מיט ווייסע שטייַגדלעך באשאָטענע אלע־עס, מיט בלומען. באצירטע מצבות, מענטשן פּאָרען זיך ארום די קברים, יונג־וואָרג שניידט דאָס גראָז, גרוים כבוד גיט מען אָפּ די טויטע. אפשר א ביסעלע

צו פיל בלומען. „גלייך מע וואָלט זיי האַלטן אין איין פירן צום באַגרעבע־ניש“, פאַלט איין פּנחסן. ער זוכט דעם טויער וואָס פירט אויפן בית עולם. באַמערקט אַז דער פּלויט איז אַ הויכער פון געדיכט געקלאַפּטע ברעטער. וואונדערט אים וואָס מ׳האָט אַזוי אָפּגעשפּאַרט די מתים, קאָן נישט פאַרשטיין מיט וואָס זענען די יידישע מתים געפערלעכער פון די אַנדערע אַז מע זאָל דאַרפן פאַר־שפּאַרן. נישט ווייט פון טויער אַ ברייטע מיט שטיינער געפּלאַסטערטע אַלעע, צווישן די שטיינער וואַקסן גראָזן. „ווייזט אויס אָפּט קומט מען נישט אַהער. אַ סימן מע דאַרף נישט. אַז מע דאַרף נישט איז בעסער, זאָלן זיך יידן עלטערן“.
די מצבות פאַרוואַקסן מיט ווילדע שטעכערס. אַ שווערע שטילקייט הערשט אויפן בית עולם, אַ נאָר וואָס אַראָפּגעפאַלענע בלייערנע שטילקייט. ער וואָלט גע־קאָנט שווערן אַז דאָס האָט ער זי אָנגעבראַכט, אַז ביז זיין אַריבערטרעטן דעם טויער איז די שטילקייט נישט געווען, כאָטש איר פּלאַץ וואָלט דאָ געדאַרפט זיין אַ באַשטענדיקס. אָבער נישט אַזאַ בלייערנע. פון צווישן אַלטע שטיינערנע און הילצערנע מצבות קוקן אַרויס נייע, מאַרמערנע. וואונדערט עס אים ווידער. שווער צו פאַרשטיין ווי אַזוי עס איז געשען, אַזוי פיל יאָרן זאָל געווען וואַר־טן דאָס פּלאַץ אויפן פון פריער באַשטימטן בעל הבית? מאָדנע. אויף איינער פון די מאַרמערנע מצבות שפּרייט די פליגל אַ וואָראָנע, קראַקעט מיט איר אָנ־אַנגענעמען קול צוויי מאָל און פאַרשווינדט צווישן דיביימער. סע ברעכט אויס אַ געוויין.
— אַרויסוואַרפן זאָל עס אים, קלאָגט אַ יידענע לעבן אַ מצבה מיט שרעקלעך איבערצייגנדיקער אויפריכטיקייט. סע זאָל אים געווען אויסרייסן מיט דער גאַנצער משפּחה זיינער איידער זיי האָבן דאָס געטאָן.
— גענוג, שוין. ס׳איז אַ בושה פאַר מענטשן, פּרואווט זי שטילן אַ פרויען שטימע פון הינטער אַ בוים.
— זאָגט איר, ווענדעט זיך די וויינענדיקע צו פּנחסן, דאַכט זיך אַ פרעמ־דער. זאָגט איר אַן עלטערער מענטש צי איז אַזעלעכס געהערט געוואָרן. אַ בו־שה! זאָגט זי. מע דאַרף שרייען אַז דער הימל זאָל זיך שפּאַלטן. שפּאַלטן, זאָג איך? אַראָפּפאַלן און אַלץ צעקוועטשן ווי אַ טרוקענע זשאַבע און זי זאָגט אַ בושה! אַרויסוואַרפן מיינעם און אוועקשטעלן זיין טאַטנס מאַרמער! פאַר וואָס כ׳בעט אייך? ווייל ער איז פול מיט געלט. נו, און אַז געלט מעג מען שוין טאָ־קע אַלץ?
— שאַ, גענוג, בעט זיך ביי איר די צווייטע. דער ייד איז אַ פרעמדער, וואָס דערציילסטו אים אָן די אַלע מעשיות. אפשר פירט זיך ביי זיי נאָך נישט אַזוי. אפשר זענען נאָך ביי זיי מענטשן אַנדערש? וואָס זאָלן מיר אייך דולן מיט אונדזערע צרות? וועמן זוכט איר?

— וועמען דארף איך זוכן?

— פרעמדע זוכן דעם קבר פון אליעזר שטיינבארג.

פנחס דערמאָנט זיך אז מיט צוואַנציק יאָר צוריק האָט מען גערעדט וועגן שטיינבארגס לוויה, מע האָט געזאָגט די גאַנצע שטאָט איז ארוים באַגלייטן. מע האָט געזאָגט אז ער האָט איבערגעשפּאַנט קרילאָוון. „נישט א מומחה אין זיי־ערע שרייבעכצן אָבער וועגן קרילאָווס באַסניעס געהערט“, טראַכט פּנחס שפּאַ־נענדיק פּאַמעלעך צום אָנגעוויזענעם קבר. ער גייט נישט ווייל פרעמדע זוכן, ער גייט ווייל עס איז א היימישער. געוועזן אַמאָל צו גאַסט. „צירל האָט גערעשט געוויטלט זיך ביים געדאַנק אז שטיינבארג וועט אריבערטרעטן די שוועל“. א ווינקל פון מצבה איז באַשעדיקט. די באָרדאָ־פאַרב אָפּגעבליאַקעוועט, די אוֹ־תיות מיט זשאַווער פאַרטעלעך. אז ס'איז טרויעריק זעט מען. ווער סע זאָל זיך קווייקן זעט מען נישט. „א רייך פּאָלק זענען מיר ווייזט אויס, טראַכט ער אוועק־גייענדיק פונעם קבר, ס'איז דאָ פון וואַנען צום פאַרנאַכלעסיקן. צו פאַרלאָזן אין אייביקער שכחה, אין אומענדלעך פאַרגעסעניש. קינדער ווייסן נישט, עלטערע דאַרפן נישט. א רייך פּאָלק, גייט לאיבוד האַרט נישט. פאַרוואַקסן מיט שטע־כערס און ווילד גראָז. קיינער קומט נישט רייניקן“.

יאַפּאַן איז פאַר אים אן אַבסטראַקטער באַגריף. דאָס איינציקע קאָנקרעטע זענען די אונטערוואַסער שיפן פון אָנהייב יאָרהונדערט, יענע וואָס האָבן אָנגע־טאָן צרות דעם צאַרישן קריגס־פלאָט. צי אין יאַפּאַן זינגט מען ווייסט ער נישט. צו ווייט יאַפּאַן. זאָל ער געוועזן וויסן מער וועגן דעם ווייטן לאַנד וואָלט ער זיך אפשר געוועזן דערוואוסט וועגן „הייקו“, וועגן קאָנצענטרירטער פּאָעזיע וועגן דריי ווערטער תפילה. וואָלט אים אפשר געוועזן געקומען צום געהער:

„די גאַנצע משפּחה צוגאַסט אויפן בית עולם
ווייסע האָר,
שטעקנס אין די הענט. אָנשפּאַר“.

אן אַנדער אופן פון „זיך קווייקן לאָמיר“. דאָ פעלט נישט דער אָנשפּאַר. מע קומט ווי ניט ווי אויס אָן אים. מע שאָקלט זיך פאַרביי, אן אייביק בלאָנ־דזעניש אָן אן אָנשפּאַר.

— כיל. פרעגט ער ווען דער זון קערט זיך אום פון דער אַרבעט. כיל, זאָג מיר כ'בעט דיך וואָס איז אזוי פאַרוואָרלאָזט דער בית עולם?

— וועלכער? כילן וואונדערט די פּלוצעמדיקע אומגעלומפּערטע פראַגע.

— דער יידישער.

— ס'איז דען א בית עולם? א משוגעת איז עס, א מאָדנע מראַמערנע אויסשטעלונג. פאַר וועמען?

— אהא. מאַכט פנחס. יאָ, יאָ. ווייזט אויס אז דאָס איז עס.

# עפּילאָג ב:

## קאַלעא וואַקאַרעשטי

גייט אורי איבער דער גאַס וועט זי א דרייפּאַכיקע, א דרייגאָרנדיקע. אַראָפּגעקומען פון א קליין שטעטל א דערשראָקענער איז ער אַריינגעפאַלן אין דער דאָזיקער רעשיקער, מעת-לעתידיקער, פּיראַונצוואַנציק-שעהדיקער גאַס וועלכע האָט זיך אַרויסגעוויזן א חוט-השדרהדיקע. פון איר האָבן זיך געצווייגט ריפּן. יעדע ריפּ א וועלט און אַלע צוזאַמען א יידישע, איין גליק יעכיעל. נישט זיין ברודער כיל, אַן אַנדערער און ווי אויף להכעים אויך א קערשאָווער. פונקט ווי זיין טאַטע נאָר א שפּעטערדיקער שוין אַן אַלץ ווייסנדיקער. מיט אים איז אורין אויסגעקומען וואַנדערן איבער גאַס און געסלעך. מיט זיין הילף האָבן זיי זיך אַנטפּלעקט קלאָרער, בולטער. אורי, א דערשראָקענער האָט געזוכט אַן אָנשפּאַר, א וואַנט. יעכיעל ווידער, א גרויסשטאָטישער, האָט זיך געקאָנט דערלויבן שלעפּן די פּיס אויפן טראָטואַר אָדער אויף מיט גאַס און לאָזן שוועבן דעם קאָפּ אין דער לופטן, אויסשפּירן דעם יאַריד. אַזאַ איז דעמלט געווען די גאַס, אַלץ אויף דער גאַס. שוסטער, שניידער מיטן גאַנצן קלאַפּער-געצייג, יונגע פּויערים הענדלער מיט קאַראַמיסלען און צוויי פלאַכע קיילעכדיקע קויבערס אָנגעלאָדענע מיט רויטע טאָמאַטן, באַרן און עפּל, סמעטענע, בלומען-קרויט, קעז און פּוטער, גרינער סאַלאַט און געשרייען טויב צו מאַכן א וועלט אויוונס אויף וועלכע סע פּרעגלען זיך פרישע שטיקער חזיר און רינד פלייש. דער רויך פּאַרדעקט א האַלבן הימל. קעשענע גנבים, פּראָקסענעטן, פולע קרעטשמעס מיט סוחרים, פּויערים, מעקלערס, שדכנים און גלאַט ליידיק-גייער; צו מאָל א מאָלער מיט פון כל-ערליי פאַרבן פאַרהאַרטעוועטע הויזן. דערווייל טרינקט ער אויף באָרג ביליקן ווייַן, גאָט וועט באַשערן אַרבעט וועט ער באַצאָלן. אָט פאַרצווייגט זיך א געסל. אין געסל א שטיבל מיט בענק, מיט אַן ארון קודש. יידן מיט באָרד און פּאות דא-

זוענען דריי מאָל א טאָג וואַרטן אפשר וועט עמעצער קומען צום רבין. קומען קומט מען אין עת צרה, אין א צייט אזא וואָס ווייכט דאָס הארץ. וועט דער עמעצער עפּעס געבן. אויב נישט יעדן באַזונדער איז כאָטש אַלע צוזאַמען אויף א טרונק בראָנפן מיט צוביסן. וועט מען אָנווינטשעווען; און דאָ א צווייטס מיט א פירמע וואָס זאָגט אָן אז ערגעץ אין איינעם פון די צימערן וואָס אין טיף פון הויף וואוינט א מוכר ספרים וועלכער באָרגט ביכער אויף פּראָקאַט צווישן זיי אויך יידישע.

פאַלט צו די נאַכט שלעפט מען ניי־מאַשינען און שוסטער־בענקלעך אין ענגע צימערלעך, פאַרשווינדן די קאַראַמיסלעך; אין די קרעטשמעס ווערט גראַמער, קומען שרייבער, פּאָעטן און אַקטיאָרן א שמועס טאָן ביי א וואַרעמען טיש, דער פאַרבער בלייבט ווייטער ביי זיין טישל. אצינד וואַרט ער נישט אויף פּרנסה. אצינד איז ער ביי זיך, מיט זיין עולם, א פאַרבער איז א סאָרט שפּיל־פויגל און שפּיל פייגל קערן זיך אָן, האָבן א שייכות, זענען א טייל פון פּאָעזיע און קונסט. אויף דער גאַס באַווייזן זיך ברענענדיקע ליכטלעך, קופּקעלעך יידן שפּרינגען אנטקעגן דער לבנה מיט פאַרמאַכטע אויגן, זאָגן כך לא יוכלו כל אויבי, זאָגן דאָס אין איילעניש ווייל זיי ווילן אצינד נישט וויסן, אָדער וויסן באמת נישט אז דער פיינד לויערט, אפשר ווייל דאָס יאָר איז פון די דרייסיקער און אפשר ווייל זיי זענען געוואוינט דער שונא זאָל לויערן, פון צייט צו צייט נעמען קרבנות צום שטילן זיין דורשט אזוי ווי דער ים און דער טייך טוען יע־דעם יאָר אוועקרויבנדיק א מענטשן אין זייערע טיפענישן. זיי איינעם, דער פיינד וויפל סע געלינגט אים. לאָמפּאַדאָרן צינדן זיך אין עטלעכע ריפּן־געסלעך באַקומען זיי א יום־טובדיקן אויסזען, א קאַרנאַוואַלמעסיקן; שטאַרק געפאַרבטע מיידלעך שטייען ביי האַלבאָפענע טויערן פון וועלכע עס גיסט זיך בעז־שמעקנ־דיקע, העלבלויע מוזיק. צווישן זיי איינע א שוואַרצנקע מיט ליכטיק גרויע אויגן. א קליינענקע. יעכיעל, זאָגט אורי, זע נאָר ווי שיין זי איז! און זי מיט א פלוצימדיקן ערנסט: שיין זאָגסטו? שיין בין איך געווען. געפלעפּט ניורעט זיך אורי אין יעכיעלס אפּיטרופּסות ווייל ער איז א גרויסשטאָטישער און אלצ־דינגס וויסנדיקער: א יידעשקע, א יידיש מיידל גאָר? שטאַמלט אורי, און זי מיט כעס און ביטול: יאָלד, דו האָסט נישט געלערנט חומש? און יעכיעל ווי א דערציער: געלערנט, זאָרג נישט, געלערנט, נאָר זיך נישט געכאַפּט אין וואָס סע גייט. ער וועט אונטערוואַקסן, וועט ער זיך דערוויסן. אפשר גיסטו אים אי־בער אויף מיינע הענט? לאָז מיך אים א לערן טאָן, שלאָגט זי פאָר מיט גרויס ערנסט און אורי דערשרעקט זיך כאָטש צען טויזנט טייוואָלאָנים ציען אים, שרייען אויף אלע קולות גיי, גיי! אין דעם פאַרטויבנדיקן רעש דערטראָגט זיך ווי

אין חלום יעכיעלס געלאסענער ענטפער: לאָז אים אָפּ, ער איז פון יענע... ביי וועלכע סע קאָן זיך אויסלאָזן מיט א בראָך.

— און מיין בראָך? הונט איינער! צווישטשעט דאָס מיידל צווישן די ציין מיט אמתער שנאה. גיט א ווולגארן שפיי, דרייט זיך אוים צום טויער, אָבער נאָר א רגע, און דאָס וואָס זי זאָגט נאָך דעם זיך אויסדרייענדיק פון טויער מיט א שרעקלעך פייערל אין די אויגן וועט אורי קיין מאָל נישט פארגעסן. זיי מיר מוחל, פארגעסן א שפּאס טאָן. סע געשעט. זיי מיר מוחל, און פארשווינדט אויף יענער זייט טויער אויף אייביק.

*

פנחס דאוונט אין דער מלבים שיל. נישט ווייט פון פּלאַץ וואו סע באַגע־געגנען זיך א מענגע גאסן און געסלעך. א קליין פּלאַץ געקאָוועט מיט א געמיש פון טראַמוואי־רעלסן. דאָ מאכט דעם גרעסטן רעש דער ניינצנטער טראַמוואי, איז עס א חידוש ווייל בייטן פון אריינקום ביזן ארויספאָרן פון קליינעם פּלאַץ, בייט זיך גאָרנישט. נישט מער ער פארקערעוועט פון דודעשטי אויף וואקארע־שטי, גאסן וואָס סאמעווען ווי צוויי טראָפּן וואסער — ביידע יידישע. פנחס בלייבט אין שיל שפּעטער ווייל ער דאַוונט מיט צוויי פּאָר תפילין. היינט נאָך ובא לציון ווען ער האָט אויסגעטאָן די ערשטע פּאָר תפילין. רבינו רש׳ים און זיך געגרייט אָנטון רבינו תם׳ס איז אריין א פארסאפּעטער א יונגערמאן. גיך אָפּגעזאָגט קדיש, מורא געהאַט ווייזט אוים ער זאָל נישט בלייבן אָן א מנין, כאָטש לעצטנס זענען די שילן געפּאַקטע. נאָכן אָפּזאָגן קדיש געפּרואווט דער־ציילן פאר וואָס ער האָט פארשפּעטיקט. זיך געוואָלט א פּנים אנטשולדיקן, מע זאָל נישט מיינען אז א וואָך נאָך שלושים שוין פארגעסן אין דער מאמען; אָדער נאָר געמוזט אראָפּרעדן פון הארץ, טיילן מיט מענטשן דאָס וואָס האָט אויף אים געמאכט אזא רושם. כ׳בין געגאנגען, זאָגט ער, שערן די האָר, סליענטן זיצן, ווארטן, סע זאָל קומען זייער ריי. זיץ איך אויך. לעבן מיר א יונגערמאן. מע זעט א שווינער, לאָז איך אים מיט זיין שווייגן. פון צייט צו צייט ווארף איך פונדעסט־וועגן א קוק. אזוי איז עס. זעט מען א שווייגער דאכט זיך ער טראָגט מיט זיך א סוד און ווי ווייניק נייגעריק מע זאָל נישט זיין, ווי שטארק מע זאָל וועלן נישט קריכן יענעם אין דער נשמה ווארפט מען דאָך א קוק, אפשר וועט ער אויפדעקן א ווינקעלע. אויף די בענקלעך מענטשן פון פארשיידענער עלטער און די שערערס שערן. פאלן ווייסע האָר, גרויע, רויטע, בלאָנדע, שווארצע, ווייכע, גלייכע, דראָדלדיקע, געקרויזטע, אשיקע, שפּרייטן ארום יעדן שער־בענקל.

די שערערס טרעטן זיי. גאָר נישט. אזוי איז אין א שערעריי. א לערן־יינגל קוקט זיך איין צום מייסטערס ארבעט ער וויל פארגעדענקען מיט וועלכן פינגער ער בייגט דעם אויער ווען ער ארבעט אויס א פאה, איבערהויפט א שפּאנישע, ווייל זיין אופן געפעלט אים מער ווי אלעמענס. עס איז א באזונדער איידל באַרירן דעם עלאסטישן אויסוואוקס. פלוצים כאפּט ער זיך ווי פון שלאָף, גייט אין צווייטן צימער, קומט צוריק מיט א בעזעם און הייבט אָן צוזאמענקערן די האָר. ער הייבט אָן פון שער־בענקל וואָס לעבן דער טיר. דער שכן מיינער דער שווייגער, קוקט ווי די האָר פון א יינגעלע — שווארץ זיידענע מישן זיך מיט די פון אן עלטערן מענטשן. די אויגן לעפל גיבן א ציטער, בלייבן פארגליווער־טע, אויסגעברייטערטע און דער בליק א צוגעקאָוועטער צום בעזעם. אזוי ווי ער זיצט לעבן מיר, אונדזערע עלנבויגנס באַרירן זיך, פיל איך ווי דורך אים גייט א ציטער, דער בעזעם האָט פלינק א קער געטאָן ארום דעם דריטן שער־בענקל צוזאמענגעהויפט א בערגעלע רויטלעכע האָר דאָס צוגעפירט צום שווארץ־גרויען, אויסגעמישט, דאָס בערגעלע איז געוואָרן גרעסער און דער בעזעם האָט עס געפירט ווייטער צום פירטן מיט אשיק־געקרויזטע. מיין שכן איז געוואָרן בלאס. דער ציטער האָט זיך פארוואנדלט אין קאָנוואולסיע, דער בליק שטאַר, מיט דער לינקער האַנט ווייזט ער צום בערגעלע האָר און די ליפּן שעפּטשען: מע שערט שוין ווידער. שוין ווידער שערט מען, אזוי ביז סע רייסט זיך פון אים א יעבע וואָס רירט אויף דעם זאַל, רייסט זיך אויף דער גאַס: ניין! ניין! כ'וויל נישט! גענוג! גענוג!

מע האָט אים אָפּגעפירט... געווען אין אוישוויץ...

— מע זאָל אָפּגעהיט ווערן, זאָגט א ייד און איילט צום ארויסגאַנג.

— איז מען דאָך נישט אָפּגעהיט געוואָרן, גיט א וואָרטשע דער שמש.

פנחס האָט אָנגעטאָן די צווייטע פּאָר תפילין מיט נישט זיכערע באַוועגונ־גען. עס איז אויסגעקומען איבעריק. געזאָגט מיט א האַלב קול עלינו, געשעפּ־טשעט היום יום רביעי. זיך געכאַפּט אז עס איז א טעות, אז עס איז גאָר דינסטיק, פארשטאַנען אז דערפאר וויל אויפן הארצן איז וואָכעדיק, צי גאָר ווייל נאָך אלץ געגלייבט אין אל נקמות און אָפּלייגנדיק רבינו תם'ס תפילין געפרעגט דעם שמש. דעם זעלבן וואָס האָט א וואָרטשע געטאָן: „איז מען דאָך נישט אָפּגעהיט געוואָרן", טאַקע דעם שמש פון מלבים שיל:

— נו?!

האָבן זיי זיך לאַנג איבערגעקוקט שווייגנדיקע און ווען דער שמש האָט מער נישט אויסגעהאַלטן פנחסעס בליק האָט ער אראָפּגעלאָזט זיינעם ביז פּנ־חסעס שיך און ווייל א שוסטער געעצהט פארריכטן. ניין, אויף דער פראַגע איז

זוייזט אוים קיין ענטפּער נישטאָ. נעמט פּנחס דריי פּירטל יאָרהונדערט — פון זועלכן מער ווי צוויי דריטל געהערן דעם איצטיקן — אויף דער פּלייצע און טוט זיך אָן א כוח זיי ארויסטראָגן אויף דער גאַס. ארויסנייענדיק פון שיל-הויף קוקט ער זיך ארום זען צי שטייט עמעצער אויפן ווינקל. נישט ווייל ער טראכט אז דאָס וואָלט געקאָנט מיינען אויך אים. גלאט אזוי. כדאי צו וויסן. די שילן זע־נען נאָך אלץ געפּאקטע. די ערשטע צייט האָט מען זיך געדרעדלט ארום לעבנ־געבליבענע, הויט און ביין געהילט אין אָפּגעריבענע גרויע דעקן אָדער אין גע־שטרייפטע קליידער, געוואָלט וויסן ווי אזוי עס איז געשען. און יענע, די לעבנג־געבליבענע, האָבן אויפגעהיט דאָס ביסעלע חיונה וואָס אין זיי ענטפערנדיק מיט שווייגן. א שרעקלעך שווייגן מיט אין טיפע לעבער פארקראָכענע אויגן און אין און ארום די אויגן א נאָך טיפערע מורא. אצינד זעט מען זיי נישט מער. אפשר ווייל געביטן די קליידער צי זיך אויסגעהויכט ערגעץ אין חלל. געבליבן איז די מורא. כאָטש אָן שום בארעכטיקונג. מע איז ווידער מחדש די לבנה, ביי לא יוכלו שפּרינגט מען מיטן געדאנק אז די שונאים זענען פאריאָגט אויף אייביק. אזוי זאָגן אויך די אמאָליקע שטערנזעער, די וואָס זענען אמאָל אראָפּגעקומען אין שטאָט און געפלאָכטן בייטשן. אצינד זענען די בייטשן געפלאָכטענע.

די גאַס איז נישט מער אזא רעשיקע ווי געווען. פּויערים הענדלער מיט קאראמיסלעך זעט מען נישט. שוסטער און שניידער זיצן נישט מער מיטן קלאַ־פּער-געצייג ביז אויף דער מיט גאַס. אויך די גאַסן-מיידלעך זענען פארשוואונ־דן. אויף פּאסאדן הענגען רויטע לענטעס באשריבענע מיט ווייסע בוכשטאבן, לאָזונגען פאר די וואלן. אויף אייניקע ווענט הענגען בילדער פון די קאנדידאטן צום נייעם פארלאמענט. איינס פון די בילדער זעט אוים פּנחסן באקאנט. קוקט ער דערויף מיט פארזשמורעטע אויגן. פארטשעפּעט זיך אין עפּעס דער לינקער פוס און ער פאלט שיער אוועק אויפן טראָטואַר.

— דער טויט זוכט אים אין דער היים און ער דרייט זיך אויף די גאַסן, שרייט א יינגעלע אויף רומעניש. די מוטער באשטראָפט אים מיט א פּעטשל, ווייל דאָס קינד איז גערעכט. שיער נישט אראָפּגעוואָרפן פון טישל די וואזע. א קרישטאָלענע, ברויט אויף א וואָך אָדער אויף נאָך מער. מע זאָל נאָר גע־פינען דעם קונה.

— לאָזט אים, זאָגט פּנחס מיט א שולדיקן שמייכל. פון וואנען ווייסטו וואו דער מלאך המות דרייט זיך איצט?

— א קינד, פארענטפערט די מוטער א נישט שמייכלענדיקע. און איר, וואָס קוקט איר אויף די דעבער? איר קאָנט דאָך פאראומגליקן זיך און אנדערע,

זאָגט זי און פנחס פאַרשטייט אז זי איז פאַרביטערט, א סימן זי האָט אפילו קיין גרימאסע צום לאַכן נישט געמאכט ווען ער האָט געהאלטן ביי פאַלן. געוויינט־לעך אין אזעלכע פאַלן לאַכט מען. גייענדיק פאמעלעך ווייטער זעט אים די גאס אויס א מארק. א מאָדנע מארק, דעם אמאָלעדיקן יאריד האָט ער נישט געקענט יענער איז געווען א לעבעדיקער, דער איז א מין ביי־נאכט־אויפן־אלטן־מארקע־דיקער און עס איז נישט צום וויסן צי א תחית־המתימדיקער אָדער אחרית־הימימדיקער. קרומע טישלעך. בענקלעך, בעטן מיט ארויסשטארצנדיקע פרוזשי־נעס, שאפעלעך מיט איין טירל, מער מויל־לעכלעך ווי האָלץ, א טערקיש קאווע־מילעכל, א צוקערגיע, דריי קישן, א פארפישטער מאטראַץ, שרעקלעכע אָרעמקייט א בושה אויף דער גאס ארויסשטעלן. לעבן די אלע זאכן זיצן אויסגעמאטערטע פנימער, ווארטן אויף קונים.

די ביינער ציען צו אן אנדער זועלט, דאכט זיך סע וואָלט צייט געווען די מינוט זאָל קומען. דאכט זיך דאָס קינד איז געזעצט. מע וואָלט געדארפט גיין אהיים. אפשר ווארט ער טאקע דאָרט דער מלאך המות. סע קאָן אים נמאס ווערן ווארטן, ער קאָן אוועק. מע וואָלט זיך געדארפט צואיילן. זענען די טריט שווע־רע און דער מארק א טשיקאווע. פאלט אים איין די געשיכטע מיט דעם שווייגנדיקן, מיט דעם וועלכן די האָר האָבן צערודערט, באקומט דער מארק אן אנדער אויסזען, א באאומרואיקנדיקער. ער וואָלט געוואָלט אָפקומען מיט א „לאָפנען זאָל עס“, האָט ער זיך אָפגעווינט און וועמען זאָל מיינען דער לאָפנען זאָל עס?

— וואָס זאָגט איר דערויף, רבי פנחס? שלאָגט אים איבער די געדאנקען אן אויסגעשטרעקטע האנט. מע פאָרט, מע האלט אין איין פאָרן.

— שייך מע פאָרט?

— לאָזט אָפּ ווערטלעך. שטיבער, איינגעזעסנקייט, פריינד, געבורטס־אָרט, היים.

— אויב היים, פאר וואָס זשע פאָרט מען?

— הייבט זיך אָן א מעשה! און דער ייד שטרעקט ווידער אויס א קלעפער־דיקע האנט.

א מאָדנע מארק, טראכט פנחס. הויבט דעם בליק צו די דעכער, קוקט זיך ווידער איין צו די בילדער פון די פארלאמענט־קאנדידאטן איינער פון די קאנ־דידאטן זעט אויס א באקאנטער. ער דערפילט א שוואכקייט עס איז ווייזט אויס צייט עפעס נעמען אין מויל אריין, לאָזט ער זיך אהיים, דאָס הייסט צום זון, צו אורין. קיין מאָל זעט מען אים נישט. ער גייט אוועק מיט דער נאכט און קומט נאָך חצות, „א מענטש וואָס ארבעט אזוי פיל, פאלט אים איין, האָט קיין

צייט צום טראכטן, ווייסט ער מסתם נישט וואוהין זיינע טועכצן פירן". דער גע־
דאנק צו אורין ברענגט אויפן זין די אנדערע קינדער. ווען סע קומט צו אל־
טערן דערמאָנט ער זיך ווער סע וואָלט געקאָנט זיין דער וואָס אויפן בילד, אַ סך
זוכן דאַרף ער נישט. אָט איז אויף אַ קרומער מיט סטאָלבעס אונטערגעשפּאַרטער
וואנט דאָס בילד. דער קאנדידאַט איז משה כהן אָדער משה טשוקאלעו, וועלכער
טראָגט אצינד אַן אנדער נאָמען.

— אזוי גאָר... זיך דערשלאָגן הייסט עס... ער פאַרגעסט פון שוואכקייט
ביים הארץ, עסן איז צייט, עסן פאַרשפּעטיקט מען נישט. ער קוקט צום יידן וואָס
זיצט אויף אַ דרייפיסיק בענקל לעבן קאַווע־מילעכל. ווייזט אוים דאָס לעצטע
שטיק פון גאַנצן האָב און גוט. ער פרעגט אים צי מעג מען זיך צוזעצן אַ רגע
אָפּרוען.

— אַ פראַגע? ענטפערט דער ייד, אוודאי מעג מען. פאַר וואָס זאָל מען
נישט טאָרן? ער גיט זיך אַ הייב. דאָס דרייפיסיקע בענקל קערט זיך איבער. שוין
ווידער פאַלט עס כורעים, אַ מאָדנע געשיכטע דערמיט, ווי נאָר כ'הייב מיך אויף
פאַלט עס אוועק.

— סע פעלט אַ פיסל, גיט פנחס צו פאַרשטיין די סיבה.

— איר האָט מיר אנטדעקט אמעריקע, אוודאי פעלט אַ פיסל. שוין לאַנג
אַז סע פעלט. אַז אַ בענקל מיט פיר פיסלעך קערט זיך נישט איבער ווייסט יע־
דער איינער, נאָר וואָס איז צום רעדן. זעצט אייך אויף דער שוועל. די שוועל
איז נאָך ביי מיר אַ גאַנצע.

— אַ דאַנק פאַר גאַסטפריינדלעכקייט, פנחס לאָזט זיך שווער אַראָפּ. קוקט
צום יידן גלייך ער וואָלט וועלן אַראָפּלייענען פון פנים זיין געשיכטע.

— וואָס קוקט איר ווי אַ האָן אין בני אדם, פרעגט דער ייד. כ'בין נישט
אַ סידור.

— מע זעט... איר פאָרט ווייזט אוים.

— סע ווייזט נאָר אוים. פאָרן וויל איך אָבער־פון וועלן ביז קאָנען...

— ס'הייסט קאָנען?

— איר זענט אַ פרעמדער? פון וואַנען קומט איר?

— ניין, נישט קיין פרעמדער, דווקא אַ היזיקער.

— וואָס זשע זענען עס פאַרא קשיות? ווערט דער ייד ברוגז.

— איר זענט גערעכט, פּרוּווט אים פנחס איבערבעטן. נישט אַלע קאָנען
נישט אויף איין אופן.

— זעט איר, איר ווייסט דווקא יאָ. פאַר וואָס זשע פרעגט איר?

— איך פרעג אויף אייער אופן נישט קאָנען.

— אהא. מאכט דער ייד און דער עכא פון זיין נעלעכטער קלינגט אויף צו־ דיק אין די ליידיקע צימערלעך. איר הערט דאס ווידערקול? צוליב דער קאן איך נישט פארן, כ'קאן דערפון נישט פטור ווערן. כ'מוז דאס פאררעכטן. הערט אייך איין סע דרינדרשזעט, סע האט ערגעץ ווייזט אויס א שפעלטעלע. אלץ אויס־ פארקויפט, אלץ אויפגעגעסן, געבליבן מיט פונקט אזוי פיל וויפל מע מעג מיטנעמען. לאזט זיך אויס די שטוב איז נישט א גאנצע. זי האט א דרינדזש און איבערלאזן מוז מען זי א גאנצע, אזוי זאגט משה טשוקאלעו, אונדזער קאנ־ דידאט. אונדזערע עלטערן און עלטערס עלטערן, זאגט ער האבן דא געלעבט, געגעסן, זאגט ער, היזיק ברויט. אז זיי האבן דערויף געארבעט עבודת פרך, זאגט ער נישט. איר ווייסט דאך וואס דאס הייסט. אייך דארף מען דאך נישט איבערזעצן. איר זעט נישט אויס צו זיין א מאדערן רב'ל ווען מען מע דארף טאלמעטשן. דאס ווידערקול פון זיין געלעכטער קלינגט ווידער אויף צוריק און פנחס איבערצייגט זיך אז סע האט טאקע א דרינדזש. אז זיי, אונדזערע זיידעס און עלטער זיי־ דעס, זענען אויסגעריסן געווארן געשטארבן פאר הונגער דריי מאל א טאג, דאס זאגט ער נישט דער נייער צדיק אונדזערער רבי משה טשוקאלעו. איז ווייל זיי האבן דא געלעבט, געגעסן ווען זיי האבן געהאט היזיק ברויט מוז איך איבער־ לאזן די שטוב א נייע אן א פגימהלע, ווי מיינט איר, דער פרייז פאר דעם קאווע־ מילעכל וועט דערויף קלעקן?

...גייט אורי איבער וואקארעשטי איז די גאס א דרייפאכיקע, א דרייגארנ־ דיקע. דער ערשטער האט צערודערט זיין קליינשטעטלדיקייט, דער צווייטער איז אים כמעט אן אומבאקאנטער. דער דריטער רופט ארויס א מאדנע פארדרים־ לעכקייט, עס איז א בלאנדזשען אין נישט שלמות. אפשר געדארפט באצייטנס א קוק טאן. זיך פארטראכטן. אט, באלדור דאכט זיך אין גאנצן א פרעמדער, האט ער געפונען פאר נייטיק פרעגן, טאקע אורין. וואס געשעט? פאר וואס לויפן זיי שוין ווידער? זאג, דו האסט קיין מאל נישט געטראכט דערצו? זיך שלאגנדיק פאר א היים האסטו זיי אויסגעשלאסן? אורי איז אים דעמלט אפגעקומען מיט א צווידייטיקן שמייכל.

אצינד. ווען סע געשעט ער זאל בלאנדזשען איבער וואקארעשטי זעט די גאס אויס א דרייגארנדיקע. אויפן ניוואָ פון דריטן הענגט אן אומפארשטענד־ לעכער ענטפער אויף פראגעס מיט אנדערע פראגעס. ביז ווייזט אויס אז אנ־ דערש האט נישט געקאנט זיין...

# עפּילאָג ג:

## א גרוס

טייערער פריינד,

די קאָרעספּאָנדענץ מיט דיר איז מיר נייטיק ווי דאָס לעבן און דו ביסט קארג. שרייבסט אזוי זעלטן. מיר דאכט אז מיט דיר פארשטיי איך מיך אמבעסטן פּאָרט אדורכגעמאכט א שטיק וועג צוזאמען. אויב נישט לאנג אין צייט איז עס געווען, אזוי ווי מע זאָגט היינט „דעפינירנדיק". אָדער ווי מיר פלעגן זאָגן „שטעמפּלדיק". סע האָט מיך זייער בארירט דיין איבערלעבעניש. כ'קאָן נישט פארשטיין. ביז אצינד האָב איך געמיינט אז אין דעם זין זענען די קעפּ אָפּענערע און אזעלעכס קאָן נישט פּאסירן. א מענטש קומט מעבר לים אויף קבר-אָבות און קאָן נישט זען די עלטערן! טשיקאווע. פארשטענדלעך אז פון א באזונדערן פאל קאָן מען נישט מאכן אויספירונגען. שווער איז דעם וועלכן סע טרעפט... דיין שמועס מיט איר. אויסגעצויגן אויף א גאנץ יאָרהונדערט איז געוואגט, אָבער אָפּרעדן פון וואגן קאָן מען נישט. אָבער די ענגדע, דאָס אומקערן זיך צור העלפט פון יאָרהונדערט, צו דעם „אוישוויצער בארג האָר וואָס עלטערט זיך" האָט אויף מיר שרעקלעך געווירקט, דעם שלאָף פון צוויי נעכט האָסטו ביי מיר דערמיט אוועקגערויבט. כ'האָב געזען, געהערט און געפילט דאָס עלטערן זיך פון דעם בארג האָר, זייער לאנגזאם גרוי ווערן, דאָס לעבעדיקע שורשן פון הונדערטער טויזנטער טויטע. כ'שטעל מיר פאָר ווי דאָס האָט געווירקט אויף דיין טאָכטער איבערהויפּט ווייל דו שטעלסט זי פאָר אלס אן עמפּינדלעכע. א זייער סענסיבלע (אנטשולדיק מיר דעם פּראנצוזיזם.). כ'מיין אז אזעלעכס טוט מען נישט אין אלגעמיין און אוודאי נישט מיט דער אייגענער טאָכטער; מע קאָן דאָך, חס וחלילה, אראָפּ פון זין נאָר ביים געדאנק אז ערגעץ לעבט א בארג

האָר ווייטער זיין אייגן לעבן, אָן די וואָס האָבן זיי געטראָגן, געגערט, און מיט זיי...

אָבער נישט-וועגן דעם איז איצט די רייד. נישט דער איז דער גורם פון מיין היינטיקן בריוו. איך וויל און מוז מיך מיט דיר טיילן וועגן א זאַך וואָס שיינט מיר צו זיין אונדז ביידע צום הארצן. כ'האָב מיך, אָדער מע האָט מיר דערמאָנט אונדזער געמיינזאמען אָפּשניט ווען מיר זענען נישט געווען צוזאמען... דו וועסט פארשטיין... דו מוזט...

...ניין, אויף קינסטלערישע אָוונטן בין איך נישט געווען. אפשר ווען מע זאָל געווען רופן וואָלט איך יאָ געגאנגען. האָט מען נישט גערופן. דאָס הייסט, עס איז נישט פּינקטלעך אזוי. דעמלט האָט מען נישט געקאָנט רופן אפילו ווען מע זאָל געווען וועלן. אין יענע חדשים איז דער פראָנט געווען ווי באוועגלעכע זאמדן. דער חילוק איז נאָר וואָס דער פראָנט האָט נישט נאָר איינגעשלונגען אין נאָר אויך אויסגעשפּיגן פון קרייז. אנעקן, דעם טשעך האָט ער דאכט מיר איינגעשלונגען. כ'האָב אים מער נישט באגעגנט און ער איז געווען אזעלכער וואָס אויב מע באגעגנט מוז מען אים באמערקן. די געלע באָרד, די שווארצע אויגן, דער גאנג — צוויי פּיס טראָגן א פון בראָנז געגאָסענעם טול און איבער אים א באוועגלעכער פויגל-קאָפּ. איז ער געלאָפן איבער די אָקאָפּעס, געפּרואווט איבערשרייען די קאַנאָנאַדע, דעם גיהנום רעש פון אעראָפּלאנען. געוואָלט איבערצייגן זיך אליין אז א מענטשלעך קול איז שטארקער פון שטורעם און אז א רוף צו באזינונג מוז גובר זיין שוואכקייטן, אויך מענטשלעכע. איז ער ווייזט אוים געבליבן דאָרט איינגעשלונגען פון די אקאָפּעס לעבעדיקערהייט ווייל אונטער די קלעפּ פון הארמאטן האָבן זיי זיך געקרישלט. אָבער שפּעטער האָט מען אויך נישט גערופן. ווייזט אויס דערפאר האָב איך נישט געהאט די געלעגנהייט מיך צו באקענען מיט דער שיינקייט פון שפּאנישע פרויען. אז איינער דימיטראף אדער דימיטריעף האָט געשאָסן א דאָקטער אישטוואן ראָט מיטן אייגענעם רעוואָלווער האָב איך געהערט. אז קיש און שמיט האָבן געשריגן געוואלד און דערפאר איבערגעפירט געוואָרן אין אן אנדער איינהייט ווייס איך. אז אנדערע האָבן פּרינציפּיעל געשוויגן ווייס איך אויך. כ'האָב דאָס אַלץ פארגעסן ווייל נישט מער ווי געהערט, היינט נאָך פערציק יאָר האָט מיך אין דעם דערמאָנט א דערציילונג פון א שפּאניע קעמפער. ער האָט אויך דערמאָנט אין די צוויי הארמאטן. אָט שטייען זיי כמעט הונדערטיעריקע. פארלוירענע אויפן פעלד נישט ווייט פון היגאָכאָסא דעל דוקע. גרויסע, שווער באַרייפטע רעדער אינמיטן א בלינדע אָנגעהויערע רער, א דענקמאָל דער מענטלעכקייט וואָס שפּייט נישט צום באפרוכפערן נאָר צום טויטן. געבן זיי און נאָך אזעלכע מכשירים האָבן מיר געשפּאנט

איבער שפּאַנישע בערג און טאָלן צו זייען פרידן-בלומען, מאָן, און טוי-גלעקלעך פאַר פרויען וועגן וועלכע מע האָט געזאָגט אז זיי זענען שיינע.

פּשוטע סאָלדאַטן האָבן מיר נישט געטראָגן רעוואָלווערס. אָפּשיסן זייטיק איז מיט א לאַנגער ביקס שווער, מע איז צו נאָענט. מיט א רעוואָלווער איז עפּעס אַנדערש. די וועלכע האָבן געטראָגן רעוואָלווערס האָבן דאָס צו מאָל געטאָן. מיט אָדער אָן עדות. דעמלט ווען מע האָט עס געטאָן מיט עדות האָט עס זיך גערופן „האָנער“ און ווען אָן האָט עס געהייסן מאָרד, אָדער קאַמף וועגן מאַכט און מאַכט הייבט אָן נאָענט פון מאַכטלאָזיקייט.

א מיידל האָב איך יאָ אמאָל באַגעגנט. טראַכט איך צו איר דאַכט זיך א שיינע. באַטראַכט איך זי דאַכט זיך גאָר נישט קיין שיינע, סע האָט אויסגעזען אז אונטערן לאַנגן קלייד זענען די פיס נישט זייער גלייכע. דערפאַר באַהאַלט זי זיי. געקומען איז זי שעמעוודיק מיט קוים די ערד באַרירנדיקע טריט, נישט ווייט האָט זיך געוועלבט איינע פון די שענסטע שטעט אין דער וועלט, אפשר נישט ווייל טאַקע אזא שיינע ווי ווייל די איינציקע. זי רופט זיך נאָך היינט וואַלענסיאַ און האָט עד היום א פּלאַסאַ דע טאָראָס. דעמלט האָט זי געהאַט אין די פאָרשטעט און ארומיקע דערפער פלאַק-באַטערייעס, דאָס הייסט לופט-שוץ קאַנאָנען אזעלכע האַרמאַטן וואָס האָבן זיך אָנגעקערט מיטן פאָרשפּיל פון גענעראַל-שטאַבן צו דער צווייטער וועלט-מלחמה. איינעם אזא קאַנאָן האָבן באַדינט קיש מיט שמיטן. נישט אליין. מיט אַנדערע וועלכע האָבן געגעסן טשעכיש שאָפּספּלייש. פלעגט זי קומען מיטאָג-צייט זען צי איז געבליבן עפּעס פאַר איר ברידערל. ווען מע האָט איר געגעבן פלעגט זי פרעגן מיט שרעק צי איז נישט אמאָל פון א טשעכישער שאָף און מע האָט נישט געקאָנט וויסן צי די שרעק איז פון רחמנות אויף די הינט, צי גאָר ווייל סע האָט זי געעקלט. געזען האָב איך זי נישט מער ווי א שעה. צוזאַמען אין א גרוב האָבן מיר פאַרבראַכט עטלעכע לעבנס. סע האָט זיך דערהערט דער גערויש פון א הידראָ-אַוויאָן. די באַטערייעס האָבן געשאָסן. ווען סע זענען געפאַלן די באָמבעס האָבן מיר זיך געוואָרפן אין נאָענטסטן גרוב. דער סווישטש פון די באָמבעס איז געקראָכן איבער חוט-השדרות. זענען מיט ביידע אומגעקומען און ביידע אויפגעשטאַנען תחית המתים כדי צו פילן דאָס צווייטע וואָיען פון משוגענע הינט, איין באָמבע איז געפאַלן גאָר נאָענט האָבן מיר געהערט דעם פאַל און דעם אויפרייס איינגעשרומפּענע ווי צוויי מוראשקעס, אפשר נאָך מער. ביז דעם פאַלן פון אַנדערע האָט אונדז געוואונדערט אָדער געשראָקן אונדזער גרייס. אזעלכע גרויסע קאָנען זיך נישט פאַרטיידיקן. אזוי עטלעכע מאָל ביז פון הימל האָט גענידערט א שרעקלעך פוסט שטילקייט, א פינצטערע. געהערט האָט מען נאָר דאָס גערויש פון

פלעדער-מייז פליגל, דער זעלבער וואָס פון לופט-שוץ-גראנאטן שפּליטער, אזוי ביז די שטילקייט האָט געשראָקן מיט אן אומענדלעכער אבסאָלוטקייט. דעמלט האָבן מירביידע נאריש געשמייכלט. אירער איז געווען חן. זי האָט אויף גיך פארריכט דאָס קליידל, דאָס געצויגן איבער די פיס מיט פארשעמטע באוועגונגען און איך האָב נישט געזען צי זענען זיי טאקע נישט זייער גלייכע. אפשר איז מיר נישט איינגעפאלן, ווייל דער שמייכל און די שעמעוודיקייט זענען מיר גע-זוען באקאנטע, היימישע.

— דו שעלטסט זיי אפילו נישט.

— כ'האָב פאר זיי צו מורא אויף צו קאָנען שעלטן, קיין טראָפּן העלדישייט געפינט זיך נישט אין מיר.

זי איז געוואָרן די העלדישסטע און שענסטע פון אלע פרויען. עד היום. אויך אצינד קאָן איך נישט זאָגן צי די שפּאנישע פרויען זענען טאקע אזעלכע שיינע ווי מע זאָגט, אז זייער שמייכל כישופט און פאראליזירט געדענק איך און סע טוט מיר באנג.

— טאטע, אזעלכע זאכן דערציילט מען נישט דער אייגענער טאָכטער.
— ביסט דאָך שוין א גרויסע.
— כלעבן ביסט א טיפּש.
ביי דיר.. טייערער פריינד, וועל איך אפשר נישט אויסזען א טיפּש.

אורי
נאָוועמבער 1978

# צווייגן צו א בוים
# אָרער
# עפּילאָג צו עפּילאָגן

הײנט קום איך צו דיר טאַטע, א זוניקער. זע נאָר ווי זי שײַנט די זון אונ-דזערע. עס איז נישט דאָס ערשטע אור-אייניקל דײַנס, מיר דאכט אָבער אז דאָס אײנציקע וואָס סאמעוועט אזוי פיל מיט דיר, מיט דער דינאסטיע. א די-נאסטיע וואָס ציט זיך פון דעם יאָרהונדערט צום פּאָריקן און דערמיט אויך פארקערט. דײַן סוד וואָס האָסט אָנפאַרטרויט דער באָבע צירל אז צווייגן קאָנען נישט נאָר נערן די פון בוים געשלאָגענע וואָרצלען נאָר זיי אויך באנייען, איז מקוים געוואָרן.

דײַן אייניקל האָט זיך מיישב געווען, א נעם געטאָן דאָס יאָרהונדערט ביי דער טשופּרינע, זיך אײַנגעקוקט און באמערקט אז עס איז נישט א סוף נאָר נאָר אן אָנהויב, ווײַל יעדער מאָמענט איז א נײַער בראשית, און בראשית שאפט וועלטן.

האָב איך עס געבראכט מיט מיר זאָלסט נישט בלײַבן ביים זוכן א קוויקע-ניש אין א משל, נאָר אין לעבן גופא. די בלאָע אייגעלעך זאָגן אָן לויטערע הימלען, פריש געאקערטע פעלדער, רישטעוואַניעס א וואלד, שפּרודלדיקע קוואלן פון פארשטענדעניש און שלום.

און מענטשן וועלן זיך ליב האָבן און פארווירקלעכן יעדן טאָג מיט פרײדיקער מי, מיט ווערדע און כבוד זייער יאָרהונדערטער אלטן חלום...

און אזוי וועט זײַן.

# אינהאלט

ערשטער טייל: אָנהויב אין חלום.................. 5
צווייטער טייל: מצבות, דערציילונגען, שמות און
פאראנטעזן .......................... 99
דריטער טייל: עפּילאָגן.................... 247
פּראָלאָג צו עפּילאָגן .................. 249
עפּילאָג א — א וויזיט.................. 251
עפּילאָג ב — קאלעא וואקארעשטי........... 256
עפּילאָג ג — א גרוס ................. 264
צווייגן צו א בוים אָדער עפּילאָג צו עפּילאָגן .. 268

## פונעם זעלביקן מחבר זענען דערשינען:

**זומערדיקע נעכט**
(דערציילונג אין רומעניש), בוקארעשט 1970.

**צו פיל אין איין וואָך**
(דערציילונגען) בוקארעשט, 1974.

**צוויי נאָוועלעס מיט א שמייך**
(דערציילונגען) בוקארעשט, 1977.

לעקטאָר: וואָלף טאמבור
טעכנישער רעדאקטאָר: שטעפאן לעפּאָיעוו
הבחור הזעצער: צוקי צוקערמאן

דרוק-פעיק דעם 30.06.1979, דערשינען 1979.
טיראזש: 65+40+370. פאָרמאט 54/16×84.
פאפיר טיפּ A 50,4-100×80. טיפּאָגראפישע
בוינן 17,00 פארלאַג-בוינן 15,60

באשטעלונג נר. 156
פּאָליגראפישע אונטערנעמונג דער „13טער
דעצעמבער 1918“ בוקארעשט, גרינאָרע אלעקס-
סאנדרעסקו-גאס נר. 93—89, סאָציאליסטישע
רעפּובליק רומעניע

HAIM GOLDENŞTEIN

# SECOLUL TĂCERII

EDITURA KRITERION — BUCUREŞTI, 1979

